יונה ראָזענפעלד

# איינער אַליין

אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן

אין צוויי טיילן

הויפּט־פאַרקויף:
מאַקס נ. מייזעל
ניו יאָרק

# א

ווי ס׳לאָזט זיך אַמאָל אויף אַ לאַנגער צייט געדענקען דער ערשטער בליק פאַר אַ שטורעם־אויסברוך, אַזוי האָט זיך אין מיין זכרון טיף איינגעשניטן מיין באַלעבאָס׳ שמייכעלע, וואָס האָט אַ בליק געטאָן אויף זיין פּנים, ווען מיין ברודער האָט מיך אַריינגעפירט צו אים אין טאָקעריי־ווערקשטאַט אַריין און געפרעגט, צי׳ער באַדאַרף האָבן אַ לערן־יונג. זייענדיק אונטערשטעטיק אין מיין וואוקס אַנטקעגן ס׳רוב יינגלעך פון מיין עלטער, האָב איך מיך אָנגעשטויסן וואָס אָט דאָס שמייכעלע זיינס באַדייט. און ווען ער האָט זיך אין אַ ווײַלע אַרום אַ זאָג געגעבן צום זון זיינעם, וואָס איז ניט ווייט ביי אַ צווייטן וואַרשטאַט געשטאַנען, ער זאָל כאַפּן אַ קוק אויף מיר און זען וואָס פאַר אַ לערן־יונג מ׳האָט אים געבראַכט, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך האָב קיין טעות ניט געמאַכט, און האָב גלייך געוואָלט נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און אַנטלויפן.

דאָ אָבער האָט מיין ברודער גענומען איינצוריידן דעם באַלעבאָס, אַז איך בין אַ קרעפּטיק יינגל, כאָטש איך בין אַזוי קליין געוואַקסן. אוודאי, אַנטקעגן אים, מיין ברודער, בין איך אַ גאַנצער העלד געווען. ער איז נאָך געווען קלענער פון מיר, דער ברודער מיינער, און נאָך אַ קאַליקע דערצו. ער האָט נעבעך געהאַט זיין אייגנס צוויי האָרבעס, איינעם פון הינטן און דעם צווייטן פון פאָרנט, און טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ קאַליקע, האָב איך שוין ניט געקענט זיצן ביי אים לענגער אויף קעסט, ווי איך בין געזעסן. און וויסנדיק, אַז דאָס האָט אַ פּיסקעלע, האָב איך מיך אָנגענומען מיט געדולד: אפשר? אפשר וועט זיך אים איינגעבן איינצוריידן דעם באַלעבאָס, ער זאָל מיך יאָ צונעמען, אָט פּונקט ווי אים גיט זיך אָפּט איין איינצוריידן אַ קונה, ער זאָל עפּעס קויפן ביי אים, כאָטש יענער באַדאַרף גאָרניט.

דער באַלעבאָס און דער בן זיינער האָבן פאַרגעזעצט די אַרבעט זייערע, וואַרפנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק און אַ קוק אויף מיר. איך האָב געקוקט אויפן יונג און אויף זיינע מוסקולן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די העמד־אַרבלען, וואָס זיינען געווען פאַרקאַטשעט כמעט ווי ביז די אַקסלען אַרויף. נאָך אַ לענגערער פויזע האָט דער באַלעבאָס איבערגעריסן די אַרבעט, אָנגעוויזן אויפן זון אויף זיינעם און געזאָגט:

— איר זעט? אָט אַזעלכע־אָ באַדאַרפן מיר האָבן צו אונדזער רעמעסלאָ! (מלאכה).

— מ־מ־מע! — האָט מיין ברודער מיט אַ טאָן פון רעזיגנאַציע אַ מעקע געטאָן, קוקנדיק מיט קנאה אויפן יונג און אויף זיינע מוסקולן, און דערביי אַ וואונק געגעבן צו מיר, אַז הייסט עס, מיר קענען זיך שוין פאַרנעמען. ער האָט זיך טאַקע גלייך געגעבן אַ קערעווע אויס מיטן פנים צו דער טיר, אָבער דאָ האָט דער באַלעבאָס ביי אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז אייך איינגעפאַלן גראָד צו אַ טאָקער אים צו פירן?

— ווייל די מלאכה געפעלט מיר, — איז דער ברודער מיינער אַרויסגעקומען מיט זיין ענטפער.

האָבן זיך דער טאַטע מיטן זון געפילט געשמייכלט. דאָס איז געווען צו דערקענען אָן דעם, ווי זיי האָבן זיך איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער זון זיך אָפּגערופן צום טאַטן צו זיינעם בזה הלשון:

— וואָס אַרן סי נעמען ייִנגל, פראָב וואָס? סי זעען סי טויגן, סי טויגן, סי ניט טויגן, סי ניט טויגן.

איך בין געווען איבערראַשט צו הערן אָט דעם גרויסן בופלאַקס צו ריידן מיט אָט דעם צעקאַליעטשעטן לשון. אין אָדעס איז עס ניט געווען קיין זעלטנהייט, אַז אַ ייד זאָל ניט קאָנען ריידן קיין יידיש, אָבער ביז דעם האָב איך נאָך ניט געהאַט דאָס גליק מיט אַזעלכע זיך צו טרעפן פנים אל פנים, אַזעלכע זיינען דאָך ניט געווען אַבי־ווער... נו, האָב איך געמיינט, אַז דאָ האָב איך אַזעלכן פאַר זיך, און האָב שוין ניט געוואוסט אויף וואָס אים מער מקנא צו זיין, צי אויף זיין קאָנען די אַרבעט, צי אויף זיין ניט קאָנען יידיש ריידן (ווייל דאָס איז דאָך געווען אַ באַ־

ווייז, אַז זיין מאַמע־לשון איז רוסיש. ערשט ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער נעבעך געווען אַ כבד־פּה און ער האָט גערעדט רוסיש נאָך ערגער ווי יידיש).

בקיצור, נאָך אָט דעם זיך זאָג אָפּ, וואָס דער יונג האָט זיך געגעבן צום טאָטן צו זיינעם, האָט דער באַלעבאָס ווידער און אָבער מיך גענומען באַטראַכטן און מעסטן פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף, אונטערשמוכנדיק מיט אַ געוויסער פאַר־לעגנהייט, ווי ער וואָלט ניט געקאָנט באַשליסן וואָס צו טאָן. צולעצט האָט ער אַ הויב געטאָן ביידע אַקסלען זיינע און גע־זאָגט צו מיין ברודער מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט געוואָלט, אַז ער, מיין ברודער, זאָל מיט אים האָבן איינזעעניש פאַר זיין ניט חשק־האָבן מיך צונעמען אין דער לערע:

— נו, זאָגט איר אַליין, ווי קאָן מען נעמען אַזאַ קאָץ און אַוועקשטעלן ביים וואַרשטאַט? — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — איר וועט מיך וועלן פאָלגן? פּירט אים בעסער אַריין צו אַ שמוקלער, אַ שמוקלער איז ניט קיין שווערע אַרבעט.

מיין ברודער, וואָס האָט זיך, קאָנטיק, שוין געהאַט מייאש גע־ווען, אַז ער וועט עפּעס קאָנען מאַכן מיטן באַלעבאָס, האָט זיך גע־ווענדט צום זון צו זיינעם, וואָס האָט אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו אונדז, און האָט אים פאַרגעלייגט, ער זאָל אקאָרשט פּרואוון אַ נעם טאָן אַ האַנט מיינע, און זען וואָס פאַר אַ „מאָץ" איך האָב אין די הענט. און דאָ גלייך האָט ער אַ כאַפּ געטאָן די רעכ־טע האַנט מיינע און געגעבן אַ שטעק צום יונג און געזאָגט:

— נאַראָטשנאָ! (אומיסטנע) גיט אַ נעם אויף טשיקאַ־ווען דאָס הענטל זיינס, וועט איר זען, וואָס פאַר אַ קרעפּקע הענטל ער האָט, כאָטש ווי איר קוקט אים אָן איז ער אַזוי קליין...

דער חברה־מאַן האָט פּאַרווירט און איינצייטיק איראָניש אונטערגעשמוכעט און זיך געקווענקלט, צי זאָל ער עס טאָן צי ניט. ערשט דער באַלעבאָס האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דער פאַרלעגנהייט:

— פּטור נו... אַן עבירה די צייט!... — און גלייך נאָך

דעם צו מיין ברודער: — איר וועט מיך וועלן פאָלגן? איר פירט אים בעסער אַריין צו אַ בייטעלע־מאַכער. ס׳איז אַ ליאַכקע אַרבעט.

— מילא, — האָט מיין ברודער אַ פאַרצווייפלטער אַ מורמל געטאָן און סאַרקאַסטיש צוגעגעבן: — איך וועל מיר שוין אַליין אַן עצה געבן...

— זיי זיינען גערעכט! — האָט זיך פּלוצים אַ ניי קול דער־הערט — וואָס באַדאַרפסטו זיי געבן עצות, וואוהין צו פירן דאָס ייִנגל. פאַר דיר טויג ער ניט, האָסט געזאָגט, אַז ער טויג ניט? האָדי, גענוג!

דאָס האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע, באַווייזנדיק זיך פונם טונקעלן פאָרהייזל אַרויס. און הגם נאָך דעם לעצטן זאָגעכץ, וואָס דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגעזאָגט, איז האָב איך שוין ניט געקאָנט האָבן קיינע אויסזיכטן, איך זאָל אָנגענומען ווערן פאַר אַ לערן יונג, איז האָט אויף מיר אָט די רואיקייט, מיט וועלכער די באַלעבאָסטיטשקע האָט דאָס געזאָגט, געמאַכט אויף מיר אַ שוידערלעכן איינדרוק. אויך אויף מיין ברודער האָט עס דעם זעלבן איינדרוק געמאַכט: דאָס איז געווען צו דערקענען אינם בליק, וואָס ער האָט אויף איר אַ וואַרף געטאָן, און אינם זאָג אַריין, וואָס ער האָט איר אַריינגעזאָגט:

— וואָס־זשע ס׳קאָסט אייך טייער?...

אויפן אויסקוק האָט זי אויסגעקוקט דווקא אַ פיינע ייִדענע. אָט פון יענעם סאָרט ייִדישע ווייבער, וואָס אַלץ איז ביי זיי געוואויגן און געמאָסטן, און אויך די ייִדישקייט זייערע איז אַ געוואויגענע און געמאָסטענע. דאָס איז געווען צו דערקענען אינם באַרעט, וואָס זי האָט אויפן קאָפּ געטראָגן. אַ באַרעט, — ווער ס׳ווייס וואָס דאָס איז, באַשטייט פון גאָלע לעכער, און פון די לעכער קוקן, פאַרשטייט זיך, די האָר אַרויס, אָבער צווישן די לעכער זיינען פאַראַן פעדים (נו געוויס, אַנדערש וואָלטן די לעכער ניט געהאָט ביי וואָס זיך צו האַלטן). איז אָט די פעדים פאַרדעקן שוין יאָ דאָ און דאָרטן די האָר. איז וואָס מיינט עס? דאָס מיינט יוצא־צו־זיין אי פאַר גאָט אי פאַר לייט... די לעכער און די האָר, וואָס קוקן פון די לעכער אַרויס,

זייגען באַטירלעך פאַר לייטן, און די פעדים, וואָס פאַרדעקן די האָר דאָ און דאָרטן, זייגען פאַר גאָטס וועגן. וואָס שייך די אויערן, וואָס זי האָט געלאָזט אַרויסקוקן פונם בארעט אַרויס, פאַר וועמעס וועגן זי האָט זיי געלאָזט אַרויסקוקן, דאָס איז שוין שווער צו וויסן... סיידן צוליב די אוירינגלעך, אַנדערש וואָלט מען דאָך די אוירינגלעך ניט אַרויסגעזען...

— היידאַ! — האָט מיין ברודער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט מיר, און איך האָב מיך איינס און צוויי אַ דריי אויס געטאָן צו דער טיר, לעבן וועלכער מיר זייגען טאַקע געשטאַנען. אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך פון יענער זייט־טיר, וואָס די אויבערשטע העלפט איז געווען אַ געגלאָזטע, אַ באַווייז געטאָן אַ מיידלש פנים, אויסגעצירקלט פון אַ שאַל אַרויס, וואָס דאָס מיידל האָט אויפן קאָפּ און אויף די אַקסלען געטראָגן. און אַן עפן געטאָן די טיר, האָט זי געגעבן אַ וואָרף אַראָפּ די שאַל פון זיך, און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ קאָפּ מיט שוואַרצע קאַפּריז־נע האָר, און צוויי קורצע, האַרט פאַרפלאָכטענע צעפּ פון הינטן. און אַ בליץ געטאָן אויף מיר און אויף מיין ברודער, מיט די צוויי ציגיינערישע אויגן, האָט זיך אַ חווק־שמייכעלע אויף אירע רעליעף־געשניטענע ליפּן באַוויזן, און ס׳האָט מיט ביטול אַ פרעג געגעבן:

— שוין, ס׳קומט אונדז שוין פּאָזדראַווען (גראַטולירן) מיט אַ נייעם אוטשעניק? (לערן־יונג).

דאָס האָט מיך געגעבן אַזאַ בורע אויף, אַז איך האָב אינ־סטינקטיוו אַ פאַרמאַך געטאָן און אַ שטייף איין אַ פויסט און אים געגעבן אַ שטרעק אויס צום בחור, אָט צו דעם זעלביקן, וואָס מיין ברודער האָט פריער אַ ווײַלע פאָרגעלייגט, ער זאָל נעמען פּרואוון עפענען די האַנט מיינע און זאָל זען, וואָס פאַר אַ קרעפּטיק יינגל איך בין. דער האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט, און נאָך אַ ווײַלע קווענקלעניש, האָט ער אַריינגע־כאַפּט די האַרט פאַרשלאָסענע פויסט מיינע און זיך פאַר־נומען זי צו עפענען.

די מויד, ניט וויסנדיק וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט אַ צעשטרייטע צוגעקוקט וואָס דאָ קומט פאָר, און אין דער צייט

וואָס יענער האָט זיך געבריה׳ט מיר צו עפענען מיין האַנט, האָט זי זיך ברייט אונטערגעשמוכעט מיט די ברייטלעכע ליפּן מיט אירע, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי קאָנען צו־נעמען אַ סך קושן, און נאָך מערער געבן... איך האָב מיר גע־טראַכט: „חזק ואמץ״, שוין גלאַט אַזוי זיך, אַט נאָר צוליב איר אַליין, ווייל קיין האָפענונג צוגענומען צו ווערן אין דער לערע נאָך דעם שיינעם קבלת פנים, וואָס איך האָב געקריגן, האָב איך שוין ניט געהאַט, נאָר צוליב דער מויד אַליין, פאַר דעם חוזקדיקן שמייכעלע, וואָס זי האָט געגעבן, ווען זי האָט מיך דערזען, און פאַר דעם פרעגעלע, וואָס זי האָט אַ פרעג געטאָן, צי זי קאָן שוין גראַטולירן מיט אַ נייעם לערן־יונג... אמת, איך האָב טאַקע געפילט, אַז איך פיל שוין קיין האַנט ניט, אַז איך פיל שוין אַ ווייטיק, ניט קיין האַנט אין דעם בחורס הענט, וואָס האָבן געדריקט מיין האַנט, און געריסן די פינגער ווי מיט אייזערנע קלעשטשעס, ווי גלייך אים וואָלט שוין ניט אַזוי געגאַנגען אין דעם, ווי מיין שוואַכקייט צו באַ־ווייזן, נאָר זיין גבורה. און צולעצט, ווען ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט שוין מיט מיר גאָרניט נישט מאַכן, האָט ער באַפרייט די האַנט מיינע, און מיט אַן אומבאַהאָלפן שמייכעלע אַ מורמל געטאָן:

— ס׳האָט מאָץ! (קראַפט).

— נו? — האָט מיין ברודער אַ פרעג געגעבן דעם באַ־לעבאָס, אַ באַלויכטענער פון מיין זיג, ניט פאַרדעכטנדיק, אַז מיין פּלוצלימדיקער אַרויסשפּרונג צו באַווייזן זיך מיט מיין גבורה, איז גאָר געווען אַדאַנק דער מויד... אָבער ווען ער האָט עס אַ פרעג געגעבן, איז מיר אויכעט איינגעפאַלן: „אפשר טאַ־קע?״. צי איך האָב געהאַט די כוונה, צי אַן אַנדערע, מיין כוח האָב איך דאָך באַוויזן!...

— נו, מילא, ברענגט אים! — האָט דער באַלעבאָס, קווענקלענדיק זיך אין אַ ווײַלע אַרום געענטפערט.

— ווען זאָל איך אים ברענגען? — איז מיין ברודער גלייך אַרויסגעקומען מיט דער צווייטער פראַגע זייער בגילופנ־דיק.

דאָ האָט דער באַלעבאָס אַ קוק־געוואָרפן אויף דער באַלע־באָסטע און אויפן טעכטערל. באַמערקנדיק, ווי די ערשטע האָט געמאַכט אַ זויער פּנים, און די צווייטע האָט זיך אַ קרים גע־טאָן, איז קאָנטיק געווען אויף זיין פּנים, אַז ער האָט שוין ווידער חרטה, אָבער דרייען צוריק האָט ער שוין, קאָנטיק ניט געקאָנט און האָט זיך אָפּגערופן אין אַ ווייַלע אַרום:

— כ׳ווייַ... וואָס איז דער חילוק ?...

— איך וועל אים ברענגען מאָרגן ! — האָט זיך מיין ברו־דער גלייך אָנגעכאַפּט אָן יענעמס ענטפער.

קיין ענטפער איז ניט געקומען. אָבער שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט ניט געענטפערט, אַז ניט — איז דאָס שוין גע־ווען אַן ענטפער אויף יאָ, ווייל ווען ער וואָלט ניט געוואָלט, וואָלט ער זיך זיכער ניט געשעמט צו זאָגן, אַז ער וויל ניט. און ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ווען מיין ברודער וואָלט זיך ניט צוגעאייַלט און מיך ניט געגעבן אַ כאַפּ אַרויס און אַ טאַסקע אַרויס פון דאָרטן, וואָלט עס געווען געקומען דערצו. אַפילו נאָך די גבורות, וואָס איך האָב באַוויזן. און מיין ברודער האָט עס קאָנטיק פאַרשטאַנען, ווייל ווען מיר זיינען שוין געווען פון יענער זייט טיר, האָט ער זיך מיר צופיל געיאָגט וואָס גיכער זיך אַרויס־צוכאַפּן פון הויף אַרויס. ערשט, ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען פון יענער זייט טויער, האָט ער פאַרלאַנגזאַמט דעם שפּאַן און אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט:

— וואָס־וואָס, קיין האָניק וועסטו ביי זיי ניט לעקן !

אמת, אַז ער איז גערן געווען מיך אַרויסצופּטרן, אָבער אַ ברודער איז ער דאָך געווען, און ס׳האָט אים ווי געטאָן דאָס האַרץ פאַר מיר, זעענדיק פאָראויס, אַז איך וועל ביי „זיי" קיין האָניק ניט לעקן. ער האָט אָבער גלייך חרטה געקריגן און צוגעגעבן:

— אַלע באַלעבאַטים זיינען סוקינע סינעס, סוואָלאָטשעס, מערזאַווצעס ! (אויסוואורפן, געמיינע ברואים).

— אפשר טאָקע צו אַ בייטעלע־מאַכער ? — האָב איך אַ פרעג געגעבן, און אין גערדאַנק האָב איך געהאַט ניט אַזוי די

שווערע אַרבעט, וואָס דער באַלעבאָס האָט אַזוי אָנגעשראָקן, און ניט אַזוי דאָס, וואָס דער באַלעבאָס האָט געזאָגט „ווי קאָן מען אַזאַ קאַץ אָוועקשטעלן ביי אַזאַ ווארשטאַט”, נאָר דער מוידס ביטול־שמייכעלע, וואָס איז ניט אַראָפּ פון אירע ליפּן די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב זיך דאָרטן געפונען... מיין ברו־דער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און צולעצט אָנטשלאָסן געזאָגט:

— דאָס איז כאָטש אַ רעמעסלאָ! דאָ, אַז דו וועסט זיך אָנ־סטראַדאַיען (זיך אָפּמוטשען) אַ דריי צי פיר יאָר, וועסטו כאָטש וויסן, אַז דו האָסט אַ מלאכה אין די הענט; און אַ בייטעלע־מאַכער? וואָס איז אַ בייטעלע־מאַכער? ס'איז קיין מלאכה ניט — און אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָט ער צוגעגעבן: — סיי־ווי־סיי קיין קאָנטראַקט (אָפּמאַך) וועל איך דאָך באַלד ניט שרייבן מיט אים... וועסט זען!... אויב ס'וועט דיר דאָרטן זיין שטאַרק שלעכט, וועסטו צו יעדער צייט קאָנען אַוועקגיין! — ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — איך זאָג דיר פריער: גוט וועט דיר אין ערגעץ ניט זיין!

און ערשט צולעצט, ווען מיר זיינען שוין צוגעקומען צום טויער, וואו מיין ברודער האָט געוואוינט, איז ער שטיין געבליבן און אַ זאָג געגעבן:

— פון מיינעט־וועגן, אויב דו ווילסט, קאָן איך דיך צו־פירן צו אַ בייטעלע־מאַכער! איך האָב מיינעם אַ באַקאַנטן בייטל־מאַכער, ביי וועמען איך קויף די סחורה... אויב דו ווילסט...

— זאָל שוין זיין! — האָב איך מיט יאוש פאַר זיך אַ מורמל געטאָן...

דאָס איז דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מיין שיינעם ראָמאַן.

איצט וועלן מיר אַריבערגיין צום צווייטן, און איבערגעבן וועגן דעם צווייטן אַריינטריט מיינעם אין זייער גבול, און וואָס פאַר אַ קבלת פנים איך האָב געהאַט, ווען איך האָב מיך גע־בראַכט־צוטאַסקעוועט מיט אַ קליין פּעקעלע מיינס, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ פּאָר העמדער, אַ קליין יאַסיקל, אַ פּאָר תפילין

מיט אַ קליין סידורל און אַ וואַטענע קאַפּאָטע, וואָס הגם ס'איז שוין געווען קיל אין דרויסן (נאָך ימים טובים), האָב איך זיך געשעמט זי צו טראָגן.

ב

ווען אַן אורח ווייזט זיך דאָס ערשטע מאָל אין אַ שול און מ'וויל אים געבן אַן עליה, פרעגט מען ביי אים ווי אַזוי ער הייסט. פּונקט אַזוי האָט די באַלעבאָסטע, גלייך ווי איך בין אויפן צווייטן טאָג אַריבערגעטראָטן די שוועל פון „ראַבאָטשע", ביי מיר געפרעגט, ווי אַזוי איך הייס און מיך גלייך מכבד געווען מיטן אַרויסטראָגן די פּאַמאַיניצע. און וואָלט זי מיך געווען אָנגערופן ביים נאָמען, וואָלט פאַרשטענדלעך געווען, נאָך וואָס זי האָט געוואָלט וויסן דעם נאָמען מיינעם. איז אָבער די מעשה, וואָס ניט דאָס מאָל, און ניט שפּעטער, און קיינמאָל ניט, האָט מען מיך ביים נאָמען ניט גערופן, נאָר „דו", און אויב אַזוי, טאָ צוליב וואָס האָט זי דאָס גלייך אויפן אָרט נויטיק געהאַט צו וויסן ווי אַזוי מ'רופט מיך?

נאָך דעם כיבוד האָט מיך דער באַלעבאָס „פאַרבעטן" אונטערן וואַרשטאַט און מיר געהייסן אים „צו דרייען" (דרייען דאָס ראָד מיינט עס), און כאָטש קיין מלאכה איז דאָס ניט, אָט דאָס דרייען דאָס ראָד, און וויבאַלד ניט קיין מלאכה, איז שוין פאַרשטענדלעך, אַז דאָרטן איז ניטאָ וואָס צו קאָנען, און טאַקע דערפאַר, וואָס צו קאָנען איז דאָרטן ניטאָ וואָס, האָט דער באַלעבאָס גלייך מיך גענומען פּיטקעווען, פאַרוואָס איך קאָן ניט אָט דאָס, וואָס ס'איז ניטאָ וואָס צו קאָנען, אין דער צייט, וואָס ניט אין דעם האָט זיך געהאַנדלט, נאָר אין דעם, וואָס איך בין ניט געוואוינט געווען צו פיזישער אַרבעט. איך האָב עס דעמאָלט אויך פאַרשטאַנען און אויב איך האָב עס פאַרשטאַנען, טאָ ווי האָט ער עס געקאָנט ניט פאַרשטיין?

און נאָך מער ניט פאַרשטענדלעך איז מיר געווען זיין

אָנפּאַלן אויף מיר, ווען ער האָט מיך שפּעטער מיט אַ שעה אָנדערהאַלבן געשיקט איינצוקויפן אייניקע מאַטעריאַלן, וואָס זיינען נויטיק געווען צו דער אַרבעט. איך האָב איינעם פון די מאַטעריאַלן פאַרביטן אויף אַ צווייטן, וואָס האָט געהאַט אַן ענלעכן נאָמען. ער האָט מיר געהייסן ברענגען „אומרע״, האָב איך געבראַכט „מומיע״. מן הסתם האָב איך דאָס וואָרט הערנ־דיק דאָס ערשטע מאָל, ניט ריכטיק אַרויסגעבראַכט. נו האָט מיר יענער, וואוהין דער באַלעבאָס האָט מיך געשיקט די מאַטעריאַלן איינקויפן, געגעבן די רויטע פאַרב אויפן אָרט פון דער ברוינער; האָט ער דאָס באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז דאָס האָט געקאָנט טרעפן, טאָ פאַרוואָס איז מיר געקומען „קעצענער מוח״, פאַר־וואָס ?

ס׳איז טאָקע אַ קליייניקייט, און אוודאי, אוודאי אַ קליינ־קייט קעגן די פיל נגישות, וואָס איך האָב סיי פון אים, סיי פון „זיי״ געהאַט שפּעטער אויסצושטיין, אָבער, אַז מ׳דער־הערט אַזאַ קאָמפּלימענטל, נאָך איידער דו האָסט זיך באַוויזן אָנצוואוואַרעמען, ווי מ׳זאָגט, אין זייער גבול, האָט עס אויף מיר געמאַכט זייער אַ פיינלעכן איינדרוק.

דעם צווייטן כיבוד האָב איך דעם זעלבן טאָג אַריינגעקריגן פונם באַלעבאָס׳ טעכטערל. פאַרנאַכט איז דאָס געווען, ביי שקיעה, ווי פּאָעטן זאָגן, האָט זי מיט אַ וואונקעלע מיר געגעבן אַ רוף צו זיך, באַווייזנדיק זיך אויף דער שוועל פון האַלב־טונקעלן פאַר־הייזל, וואָס האָט געפירט אין קאָרידאָר אַריין (וואו די ראַבאָטשע איז געווען), און אַזוי גלייך ווי איך בין אַהינצו אַריינגעקומען, האָט זי געגעבן אַ שטעל אַוועק אַ פּיסל אויפן טאַבאָרעט, וואָס איז שוין דאָרט געשטאַנען צוגעגרייט, און אַריינגערוקט אַ האַנט צווישן די צוויי ווייט אָפּגעשיידטע פיס, צונויפנעמענדיק דאָס אויי־בערשטע קליידל מיטן הינטערשן, האָט זי מיר געגעבן אַ וויז אַן אויף דער פושקע שו־וואַקס מיט די בערשטלעך, וואָס זיינען אויפן טאַבאָרעט געלעגן, און אַ זאָג געטאָן:

— נעם, פוץ מיר אָפּ די שיך !

האָב איך געעפנט די פושקע שו־וואַקס, האָב אַ פּאָר מאָל אַריינגעשפּיגן אין איר, און דערביי געקוקט אויפן פּיסל,

וואָס איז געשטאַנען אויף דער טאַבאָרעטקע. אַ שייך־געפּורעמט קליין פּיסל, אָבער אַ שנאה האָב איך גלייך צו דעם דערפּילט... יאָ, איך האָב טאַקע דערוואַרט, אַז איך וועל דאַרפן פּוצן ביי מיינע באַלעבאַטים די שיך, אָבער איך האָב ניט דערוואַרט, אַז דאָס זאָל שוין קומען, און, אַז די ערשטע מיך מכבד צו זיין מיט דער מלאכה, זאָל זיין דעם באַלעבאָס' טעכטערל, און דער עיקרשט פּוצן די שיך אויפן פּוס...

— גענוג דיר צו שפּייען! — האָט זי מיט שטירדעס אויסגערופן.

יאָ, איך האָב טאַקע געשפּיגן אין פּושקע אַריין, מער ווי דאָס איז נויטיק געווען... נו, יאָ, וואָס וועל איך איר גיין זשאַ־לעווען אַביסל שפּייעכץ, ווען זי האָט זיך אַזוי פיין „געשטעלט" קעגן מיר פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט ?... איך האָב גוט איינגעריבן דאָס „שמיר־בערשטל" אין דער שוואַרצער פּליסי־קייט און זי האָט פאַר דער צייט ענגער צונויפגענומען דעם גרויסן „גענעץ", וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן די צוויי פונאַנ־דערגעשיידטע פּיס, און ווען איך האָב מיך פאַרנומען צו שמירן דעם שוך אירן מיט דער לאַנגער כאַליעווע, האָט זי אַכטונג געגעבן, איך זאָל ניט פאַרקריכן צו ווייט און ניט אויסשמירן איר דעם זאָק. יאָ, זי האָט מיר טאַקע געוואָרנט:

— שמיר מיר נאָר ניט אויס דעם זאָק, שמיר מיר נאָר ניט אויס !...

אַלזאָ האָבן מיר שוין דריי כיבודים, און איצט קומען מיר צו אַ פערטן, מיט וועלכן דעם באַלעבאָס' בן האָט מיך מכבד געווען דעם זעלבן טאָג, נאָכדעם ווי זיי האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט. איך האָב גענומען צורוימען די ראַבאָטשע. דעם באַלע־באָס' זון איז דערביי געווען, מיך געלערנט און צוגעוויזן ווי און וואָס צו טאָן. צולעצט האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ קוואָרט וואַסער מיט אַ ליקע, איך זאָל באַגיסן די פּאָדלאָגע, אַז ס'זאָל קיין שטויב ניט פאַלן ביים קערן. קיין גרויסע תורה שטעקט דאָ ניט, נאָר אים איז ניט געווען „געשוועלן" ווי איך טו דאָס, האָט ער אַרויסגענומען די ליקע מיט דער קוואָרט וואַסער

פון מיינע הענט און מיך מכבד געווען מיט אַ קאַלט בעדל הינ־טערן קאַלנער. יאָ, ס׳איז טאַקע געווען אַ שפּאַס, אָבער ווען מען וואַלט עס אים געטאָן, וואַלט ער יענעם אַ ביין צעבראָכן.

אַז ס׳איז אַ גרויסע קללה, ווען דו פאַלסט אַריין אין אַ פרעמדער שטוב, און די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין דער פרעמדער שטוב, פאַרהאַלטן זיך פרעמד צו דיר, — דאָס באַ־נעמען אַלע. נאָר באַהיט און באַשירעמט זאָל מען ווערן פון אַזעלכע היימישקייטן ווי די, וואָס מיינע לייט האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין אָנגעקומען צו זיי. באַנעמען וועלן דאָס די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק פאַרן צאַרישן רוסלאַנד צוגענומען ווערן אין מיליטער־דינסט. זיי איז גוט באַקאַנט די היימישקייט, מיט וועלכער זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן אין קאַזאַרמע, אַזוי גלייך, ווי זיי זיינען אָנגעקומען אַהין, ווען דער „דיאַדקאָ" האָט זיי גלייך באַשטעלט צו טאָן שמוציקע אַרבעט, און אַלע איבעריקע סאָלדאַטן האָבן זיך פאַרהאַלטן צו זיי אַזוי צערעמאָניעלאַז, ווי זיי וואָלטן שוין לאַנג־לאַנג באַקאַנט געווען מיט די, וואָס האָבן אָקאָרשט די שוועל פון קאַזאַרמע אַריבערגעטראָטן און געוואוסט, אַז צע־רעמאָניען זיך מיט די נאָר וואָס אָנגעקומענע, איז ניטאָ וואָס.

אָבער דאָס איז נאָך גאָרנישט אַנטקעגן דער היימישקייט, וואָס מיר איז אַרויסגעוויזן געוואָרן די זעלבע נאַכט נאָכן ערשטן טאָג, וואָס איך בין אַהין אָנגעקומען. אַזאַ „היימישקייט" שעמט זיך אַפילו צו באַווייזן אַ ווייב פאַר אַ מאַן די ערשטע צייט פון זיי־ער חתונה, און אַ מאַמע פאַר אַ זון שעמט זיך עס צו טאָן און אַ טאָכטער פאַר אַ טאַטן. ווען וואָס דאָ האַנדלט זיך? אָט וועגן „קליינקייטן", וואָס די גרויסע מענטשן האָבן געטאָן אין קיך, וואָס איז געווען אָפּגעצאַמט פון פאַרהייזל, וואו איך האָב מיך באַלייגט שלאָפן, מיט אַ דין אָפּגעשאַליעוועט ווענטל, און האָבן אפילו ניט געמאַכט די מינדסטע אָנשטרענגונג צו טאָן שטילער דאָס, וואָס זיי האָבן דאָרט געטאָן. מילא, די מענער וואָלט מען נאָך געקאָנט פאַרגעבן, איין מאַנספּאַרשוין פאַר אַ צווייטן באַדאַרף זיך ניט שעמען... אָבער די „ווייבער"? דאָס מיינט די מאַמע מיט איר טעכטערל?... זיי האָבן ניט איינגעזען, אַז זיי באַדאַרפן

זיך שעמען. וואָסי, אַ לערן־יונג איז דען אַ מענטש ? כבהמה נדמו... שעמט מען זיך דען פאַר אַ בהמה, צי פאַר אַ פערד צו טאָן די „מענטשלעכע זאַך” אין שטאַל, פאַר פערד־בהמה אין די אויגן ?...

מיין מקום־מנוחה האָט מען מיר אָנגעוויזן אויפן סטאָליאַר־נעם וואַרשטאַט, (טאַקע סטאָליאַרנע, ניט טאָקאַרנע. ווי עס קומט צו אַ טאָקער אַ סטאָליאַרנער וואַרשטאַט, וועט מיר נאָך אויס־קומען צו ריידן), דער וואַרשטאַט האָט מיר געדינט פאַר אַ טיש, וואו איך האָב געפּראַוועט מיינע וואָכעדיקע, שבת און יום־טוב־דיקע סעודות בייטאָג. טאַקע אויף דעם זעלבן וואַרשטאַט האָב איך אויפן צווייטן טאָג געטראָפן אַ האַלבן לאָבן שוואַרצן ברויט. און די באַלעבאָסטע האָט מיר געלאָזט צו וויסן, אַז די פּאָרציע ברויט באַדאַרף איך האָבן אויף אַ גאַנצן טאָג. אָט די אומפאַרשעמט־קייט פון אויסטיילן דעם לערן־ייִנגל דאָס שטיקל ברויט, האָב איך עס געהאַט אַ פאַרבייסן נאָך דער אומפאַרשעמטקייט, וואָס אָט די כאָליערעדיקע יידענע האָט לגבי מיר אַרויסגעוויזן ביי־נאַכט...

אויף דער צווייטער נאַכט האָב איך זיך געפּרואווט באַלייגן אין „ראַבאָטשע”, אָבער אויף דער דריטער נאַכט האָב איך געמוזט איבערבעטן מיין כבוד און זיך צוריק באַלייגן, וואו איך האָב מיר די ערשטע נאַכט באַלייגט. ווייל די ווערק־שטוב איז באַ־שטאַנען פון אַ גרויסן געגלייזטן קאָרידאָר, און אַזוי ווי ס'איז שוין געווען נאָך ימים טובים, און די אייזערנע הרובע, וואָס מ'האָט שפּעטער־צו אַריינגעשטעלט, איז נאָך ניט געשטאַנען, איז דאָרטן געווען קאַלט ווי אין דרויסן. דערצו־נאָך איז אויף אַ טאָקאַרנעם וואַרשטאַט ניט באַקוועם צו ליגן, אפילו אוממעג־לעך. נו, האָב איך זיך אויף דער דריטער נאַכט צוריק אַריבערגע־טאַסקעט אין פּאָרהייזל אַריין, וואָס ס'האָט כאָטש געהאַט די מעלה, וואָס דאָרטן איז געווען וואַרעם ווי אין אַ אויער.

אַרום און אַרום האָט עס, ווי ס'איז צו זען, גאָר ניט לאַנג גענומען, איך זאָל דערזען, וואָס פאַר אַ דאַליע מיך דערוואַרט דאָרטן ביי זיי, און וואָלט איך זיי גענומען אויף פּראָבע, ניט

זיי מיך, וואָלט איך די ערשטע פּאָר טעג מיט זיי געקאָנט שלאָגן כּפּרות. איז אָבער די צרה, וואָס זיי האָבן מיך אויף דער פּראָבע גענומען, ניט איך זיי. און כאָטש איך האָב שוין פון ערשטן טאָג געזען, אַז קיין האַניק, ווי מיין ברודער האָט גע־זאָגט, וועל איך ביי זיי ניט לעקן, האָב איך דאָך געזען אַלץ צו טאָן, איך זאָל געפינען ליטזעליקייט אין זייערע אויגן. טראַ־גיש, אַ יאָ? אָבער נאָך טראַגישער איז, ווען איינער וויל זיך פאַרקויפן און מ׳וויל אים ניט קויפן... און פון דער טראַגע־דיע האָב איך דאָך געוואוסט... און געהערט פון מיין ברודער: אַז אַלע זיינען זיי „סוקין סינעס, סוואָלאָטשעס, מערזאַווצעס״, איז האָב איך מיר געטראַכט, וואָס קאָן זיין בעסער פון ערגער? לאָמיר פריער זען, צי איך וועל מיך אויסטויגן צו דער מלאכה, און נאָכדעם, נאָכדעם וועלן מיר שוין זען!

---

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף דער צייט, ווען דער באַלעבאָס זאָל מיך באַשטעלן צום וואַרשטאַט און זען, צי איך בין „גאָדיען״, צי ניט. און ווען ס׳איז אַוועק איין וואָך און אַ צווייטע, און ער האָט עס ניט געטאָן, האָב איך ניט אָנגעהויבן פאַרשטיין אויף ווען וואַרט ער. און וואָס מער ס׳איז אַוועק אַ וואָך, אַלץ מער האָב איך מיך געוואונדערט: איך בין דאָך צוגענומען געוואָרן אויף „פּראָבע״, איז נאָך מיין פאַרשטאַנד־נאָך וואָלט ער באַדאַרפט געוווען, נו, זאָל זיין ניט דעם ערשטן טאָג, איז אויפן צווייטן, צי אויפן דריטן טאָג מיך איינשפּאַנען אין וואַרשטאַט און זען, צי איך טויג, צי איך טויג ניט. ער אַליין, ווי איך האָב עס באַנומען, האָט עס באַדאַרפט גערן זיין צו וויסן, ניט ווינציקער פון מיר. און אפשר נאָך מערער: ווייל ער איז דאָך אַזוי זיכער געווען, אַז איך וועל ניט טויגן, וואָלט דאָך געווען ניט מער ווי באַטיר־לעך, נאָך דעם, וואָס איך בין אים אָנגעוואָרפן מיט גוואַלד, ער זאָל מיך אויספּרואוון און מיך משלח זיין, נאָכדעם וואָס

ס׳וועט זיך האָבן אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט מיך ריכטיק „אָפּ־געשאַצט״.

אַזוי איז אַוועק איין וואָך, אַ צווייטע, אַ דריטע און אַ פערטע, און לא יזכר ולא יפּקד, ניט ס׳רעדט ווער, ניט ס׳דערמאָנט ווער וועגן דעם ציל פון מיין אָנקומען צו זיי. ס׳איז ווי יעדער פון זיי וואָלט זיך געטראַכט : מילא — נו, זאָל זיך וואַלגערן אַ יינגל, בפרט נאָך, אַז מ׳האָט מיט אָט דעם יינגל געקאָנט פאַרשטופּן אַלע לעכער, און צווינגען צו טאָן כל עבודת פּרך סיי אין „ראַבאָטשע״, סיי אין שטוב. אין „ראַבאָטשע״ האָב איך „צוגעדרייט״ דאָס ראָד אַמאָל ביים באַלעבאָס, אַמאָל ביים באַ־לעבאָס׳ זון (עס ווענדט זיך, ווער ס׳האָט געהאַלטן אַ שווערער שטיקל אַרבעט אין די הענט), און נאָכדעם, ווי די אַרבעט איז אַוועקגעלייגט געוואָרן, האָב איך באַדאַרפט צורוימען די ווערק־שטוב און אַראָפּטראָגן די שפּענדלעך אין „סאַראַי״ (געלער) אַריין. גאַנץ פרי איז מיין עובדה געווען צו באַנעצן די שטריק, וואָס זיינען דורך דער נאַכט לויז געוואָרן, און אָנשמירן די וואַר־שטאָטן, אַ חוץ, וואָס דער און יענער האָבן מיך אין פאַרשידענע גענג געשיקט. אין שטוב ווידער, האָב איך געוואַשן די פּאָדלאָ־געס, געשייערט די טעפּ אין קיך, געוואַשן דאָס געפעס, געשיילט קאַרטאָפליעס, נאָכגעטראָגן דעם קאָשיק דער באַלעבאָסטע אין מאַרק אַריין און פון מאַרק.

בקיצור, ליידיק בין איך ניט געשטאַנען. און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב דאָרטן געאַרבעט ווי אַן עבד כּנעני, האָט מען מיר דאָך אַלץ געגעבן צו פילן, אַז איך בין אַן אומ־זיסטער עסער (אַ דאַרמאָ־יעדניק). יאָ, מ׳האָט עס מיר פּשוט און פּראָסט געזאָגט אויף יעדן שריט און טריט. נו, לאָמיר אויף אַ ווײַלע דערלאָזן, אַז די אַלע זאַכן וואָס איך האָב דאָרט געטאָן, האָבן גאָרנישט־נישט די ווערט געהאַט, איז וואָס בין איך דאָ שולדיק געווען ? האָט ער דאָך, דאָס באַלעבעסל מיינס, מיך גע־קאָנט באַשטעלן ביים וואַרשטאַט און מיך אויסלערנען די אַרבעט, וואָלט איך פאַרשפּאָרט צו זיין אַן אומזיסטער עסער !

און ווי ווייט איך בין געווען נוצלעך פאַר זיי, סיי דעם ווייבערשן פּאָרל אין שטוב, סיי דעם מאַנסבילישן אין „ראַבאָ־

טשע״, קאָן מען זען דערפון אַליין, וואָס זיי האָבן אָפט געפירט אַ קאָנקורענץ צווישן זיך, ס׳הייסט דאָס ווייבערישע פּאָרל מיטן מאַנסבילישן, איבער מיר. ס׳האָט זייער אָפט געטראָפן, אַז ווער פונם ווייבערישן פּאָרל, אַמאָל די מאַמע, אַמאָל דאָס טעכטערל, זאָל מיך אַרויסשלעפּן פון אונטערן וואַרשטאַט, אַלץ איינס צי איך האָב צוגעדרייט ביים באַלעבאָס, צי ביים זון, און אַמאָל פּונקט פאַרקערט: האָט מיך אַמאָל דער, אַמאָל יענער אַרויס־געשלעפּט פון שטוב אַרויס, אָפּגעריסן מיך פון מיין אַרבעט, וואָס איך האָב דאָרטן געטאָן, און מיך באַשטעלט דרייען דאָס ראָד.

צום־מיינסטן האָט עס געטראָפן אין די פרייטיקס, ווען די „ווייבער״ האָבן געוואָלט וואָס־גיכער פאַרטיק ווערן מיט זייער אַרבעט, געוואָלט זי וואָס גיכער אַרויסענדיקן. ווייל די טעג זיינען געווען קליינע, און צו אַלדי־שוואַרצע יאָר איז מען נאָך געווען פרום אויך. אויף דער באַלעבאָסטיטשקע האָט די הויט געברענט, זי זאָל ניט פאַרשפּעטיקן מיטן ליכט־בענטשן, און דער באַלע־באָס — אויף אים האָט די הויט געציטערט, ער זאָל אַמאָל ניט מחלל־שבת זיין. באַלעבאָס און באַלעבאָסטע האָבן זיך אפילו איין מאָל שיעור ניט צעהרגעט איבער מיר, געשלעפּט מיך פון איינעם צום אַנדערן. די באַלעבאָסטע האָט מיך געשלעפּט צו איר אַרבעט אין קיך, און דער באַלעבאָס, ווידער, (איך בין דע־מאָלט געשטאַנען און אים „צוגעדרייט״), האָט מיך נאָך יעדן שלעפּ, וואָס זי האָט מיך געגעבן, אַ שלעפּ געטאָן אויף צו־ריק...

אַ פיינע סצענקע, אַ יאָ? איז ווען אַמאָל אויסגעקומען צו זען, ווי צוויי ווייבער רייסן זיך איבער אַ האָן, וואָס אַ פויער־טע האָט געבראַכט אין שטעטל אַריין צו פאַרקויפן (אַלס מציאה, פאַרשטייט זיך). נו, איך האָב עס יאָ געזען. יאָ, ביי אונדז אין שטעטל, אויף אַ יאַריד, האָב איך עס געזען, נאָך פריער, איידער אָט די אָקאָרשט־איבערגעגעבענע סצענקע איז פאָרגעקומען מיט מיר, און טאַקע דעמאָלט, ווען דאָס איז מיט מיר פאָרגעקומען, האָב איך מיך דערמאָנט אָן דעם האָן, ווי ער האָט זיך, נעבעך, געקלאַפּערט צווישן די פיר הענט פון די צוויי ווייבער, ווי ער

האָט געמאַכט קולות און ווי די פעדערן זיינען פון אים געפלויגן... דער איינציקער אונטערשיד צווישן מיר מיט דעם האָן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון מיר זיינען קיין פעדערן ניט געפלויגן און איך האָב ניט געשריגן. איך האָב אפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן.. גאָרניט, ווי איך וואָלט דערביי ניט געווען...

יאָ, איך האָב דען געהאַט אַן אַנדער ברירה ? ווען איך וואָלט געשריגן, וואָלט מיר דען עפּעס געהאָלפן ? נו, האָב איך געשוויגן, און זיך געהאַלטן אַזוי ווי מיט מיר וואָלט עס גאָרניט צו טאָן... זיך געהאַלטן, הייסט עס, נייטראַל, הגם ביי זיך בין איך עס ניט געווען. איך בין אַלע מאָל, אָט ווען זיי האָבן זיך גענומען רייסן איבער מיר, האָב איך גיכער געוואָלט בלייבן ביים באַלעבאָס, כאָטש דאָס ראָד דרייען איז געווען פיל שווערער ווי די מלאכות, וואָס זי האָט מיר פאַרגעבן אין שטוב, צי אין קיך. ווי דאָס ראָד דרייען איז קיין מלאכה ניט געווען, האָט עס דאָך פאָרט געהאַט אַ שייכות מיטן פאַך... אָבער זיי האָבן ביי מיר ניט געפרעגט, ווייל דאָס וואָלט דאָך געמיינט איבערגעבן דעם לערן־יונג די ברירה, און ווייזן „אים" אַזאַ וועג, וואָס דאָס וואָלט איינצייטיק געמיינט „אים" באַווייזן, אַז „ער" קאָן האָבן אַ דעה איבער זיך, דאָס האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט !...

בלויז איין מאָל, איין און איינציק מאָל, האָט יאָ אַזאַ זאַך געטראָפן, אָבער דאָס איז געווען ביי אַ גאַנץ אַנדער זאַך. דאָס איז געווען, ווען די עלטסטע, חתונה־געהאַטע, טאָכטער און די שנור פונם עלטסטן חתונה־געהאַטן זון, האָבן זיך צופעליק צוזאַמענגעטראָפן, און צופעליק מיט איין „פראָסבע" (ביטע), אַז דער באַלעבאָס זאָל זיי „אַנטלייען דאָס יינגל" (מיט די ווערטער) אויף אַ פאָר שעה. (צו וואָס דיביידע ווייבלעך האָבן מיך באַדאַרפט „אַנטלייען", איז דאָ ניט וויכטיק). אַלזאָ, איז דאָ מיר יאָ איבערגעגעבן געוואָרן די ברירה, איך זאָל גיין מיט וועמען פון די צוויי ווייבלעך, איך וויל.

אַזוי האָט געפסקנט די באַלעבאָסטע. אַזאַ שעלמאַ ! איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי וויל זיך דאָ אויסדרייען פון דער אומאַנגענעמער סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר איר,

און ניט לאַנג געטראַכט, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל גיין מיט יענער, מיט וועלכער מ׳וועט מיר הייסן. סיי־ווי־סיי, האָב איך אַנדערש האַנדלען ניט געקאָנט און טאַקע ניט געוואָלט. ס׳איז גענוג געווען, איך זאָל זיך דערוויסן, אַז דאָס איז זייערע אַ שנור און די צווייטע אַ טאָכטער, איך זאָל האָבן צו זיי די זעלבע „סימפּאַטיע", וואָס איך האָב געהאַט צו שווער און שוויגער פון דער שנור, און צו טאַטע־מאַמע פון דער טאָכטער (צו דער טאָכטער נאָך מער סימפּאַטיע...) און אויב מיר איז שוין יאָ איבערגעגעבן געוואָרן די ברירה, זאָלן זיך אַלע דריי שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט !...

אַזוי האָט עס זיך גערוקט איין וואָך נאָך דער צווייטער, און וואָס מער ס׳איז אַוועק אַ וואָך, אַלץ זיכערער בין איך געוואָרן, אַז איך וועל מיט דעם „פּרואוו" ניט געפּרואווט ווערן. איי, צוליב וואָס האָט ער מיך פאָרט צוגענומען, און צוליב וואָס האַלט ער זיך מיט מיר ? איז דאָס גאַנץ פּשוט : ווייל קיין אַנדערער האָט זיך ניט געמאַכט. ווי איך האָב זיך שפּעטער, אין אייניקע וואָכן אַרום, דערוואוסט, איז פאַר מיין אָנקומען צו „אים" (צי צו „זיי") אַוועק פון „אים" (צי פון „זיי") אַ לערן־יונג. אַוועק, מיינט עס נאָכדעם, וואָס ער האָט זיך „אויסגעדינט זיין סלוזשבע" (יאָ, פיר יאָר „סאָלדאַטסקע סלוזשבע"), באָך וועלכן דער באַלעבאָס האָט געהאַלטן אין איין נאָכזאָגן שבחים סיי וועגן זיין אַרבעט („צען סטאָן פּיס אַ טאָג געריסן") און סיי וועגן זיין „פּאָסלושנעקייט" (געהאָרכזאַמקייט, צי אונטערטעניקייט, זאָל עס מיינען). יאָ, ער האָט וועגן פיל אַנדערע לערן־יונגען אויך גערעדט און אויך פיל מאָל דערמאָנט איינעם אַ לערן־יונג, וואָס האָט געטראָגן מיין נאָמען, און יענער איז שוין גאָר געווען אַזוינס ווי אַזעלכעס !... און ווייל זיין נאָמען, וואָס איז אויך געווען מיינער, איז זייער אָפט דערמאָנט געוואָרן, און מיינער וואָס איז אויך געווען זיינער, קיינמאָל ניט, האָב איך געפילט אַ מאָדנע, אומבאַשרייבלעכע אייפערזוכט צו אים... קיין איין נאָמען פון די אַלע גוטע און וואוילע לערן־יונגען, איז ניט אַזוי אָפט דערמאָנט געוואָרן ווי יענער, וואָס האָט מיין נאָמען געטראָגן. עפּעס ווי אויף צו להכעיס, ווי זיי וואָלטן אויסן געווען

צו באַווייזן, אַז צוויי קאָנען טראָגן איין און דעם זעלבן נאָמען, און דאָך זאָל איינער זיין לויטער גאָלד, און דער צווייטער זאָל באַשטיין פון גאָלע פסולת...

ג

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען איך האָב גענומען אַראָפּטראָגן אין קעלער אַראָפּ אַ זאַק שפּענדלעך, וואָס איך האָב ניט באַוויזן נאָך דער אַרבעט אַראָפּצוטראָגן, ווייל ס'איז געווען אַ ביטערע קעלט אין דרויסן, האָט דעם באַלעבאָס' זון, וואָס האָט זיך אָקאָרשט ביים וואַרשטאַט באַשטעלט און זיך פאַרנומען שליפן דאָס געצייג, — האָט ער צו מיר אַ ווינק געגעבן מיטן קליינעם קעפּל מיט זיינעם, וואָס תמיד איז עס געווען געשוירן, און ווען איך בין שטיין געבליבן מיט מיין גרויסן האָרב אויף די פּלייצעס, האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— סי וייס, באַלעבאָס סי היינט שיקן ברודער!

שיקן נאָך מיין ברודער האָט עס געמיינט. וואָס שיקן נאָך מיין ברודער, ווען שיקן? דאָ האָט די שטומע ליעלע שוין אינגאַנצן קיין לשון ניט. אָפּגעזאָגט דאָס אָפּגעזאָגטע און שוין, מער וויל ער גאָרנישט זאָגן. און ווען איך בין גאָר צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער אָפּגעדרייט דאָס פּנים זיינס פונם פייערדיקן ביימעלע, וואָס האָט געשטראָמט פונם שטיין אַרויס פונם שליפן דאָס שטיקל געצייג און ביין אַ זאָג געגעבן:

— דו סי ווי יענער... יענער ווען סי אים געבן אַ פינגער, סי וויל די גאַנצע האַנט, דו סי אויך אַזוי... איך זאָגן סי שיקן היינט ברודער, ניג (גענוג).

גערעכט איז ער אפילו געווען. איך האָב באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז אויב שיקן נאָכן ברודער, איז מסתמא וועגן שרייבן דעם אָפּמאַך. ווייל אויב משלח זיין מיך, איז קאָן מען דאָס אָן דעם ברודער אויך. יאָ, איך האָב טאַקע אַנדערש ניט פאַרשטאַנען, אָבער ס'האָט זיך מיר דאָך ניט געלאָזט גלויבן: ווי אַזוי קאָן דער באַלעבאָס נעמען שרייבן דעם אָפּמאַך, אַז ער האָט מיך

קיין איין־איינציק מאָל ניט אויסגעפּרואווט, צי איך וועל מיך אויסטויגן צו דער אַרבעט, צי ניט, שוין אָפּגערעדט פון זייער שלעכטער באַהאַנדלונג. זאָל דאָס מיינען די „פּראָבע", זעען, צי איך וועל אויסהאַלטן די נגישות זייערע ?... דער שוואַרץ־יאָר ווייס זיי... איין זאַך האָב איך געוואוסט, — איך האָב די גאַנצע צייט דאָס גענומען פאַר דעם איינציקן סימן, — אַז זיי רעכענען ניט מיך צו לאָזן ביי זיך, אַז זיי האַלטן מיך בלויז אויס נויט, ווייל זיי האָט זיך די גאַנצע צייט ניט „געמאַכט" קיין אַנדערער, און דאָ פלוצים...

איך האָב כאַפּ־לאַפּ אַראָפּגעטאָסקעט דעם זאַק מיט שפּענד־לעך אין „סאַראַי" (קעלער) אַריין, אים געגעבן אַ שיט אויס, און אַ טרייסל אויס דאָרטן, און ווען איך בין אַריינגעקומען אין „ראַבאָטשע", האָב איך זיך פּנים אל פּנים באַגעגנט מיטן באַ־לעבאָס, וואָס האָט זיך אָקאָרשט נאָכן אַרומוואַשן זיך די באָרד צעקעמט, און דער האָט מיך גלייך געלאָזט הערן:

— וועסט נאָך דער אַרבעט געבן אַ שפּרונג צו דיין ברוּ־דער, און וועסט אים זאָגן, אַז מאָרגן ניין אַזייגער אין דערפרי זאָל ער צוקומען אין „רעמעסליענע אופּראַווע", וועלן מיר שרייבן דעם „קאָנטראַקט".

אַזוי גלייך ווי דער באַלעבאָס האָט מיר איבערגעגעבן אָט די בשורה טובה, האָב איך אַ ניס געטאָן, און די באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיך אין דער צייט אין קיך געפּאָרקעט, האָט דערהערנדיק דעם ניס מיינעם, בקול רם געלאָזט הערן, אַז דאָס איז אַ גוטער סימן. אָבער זאָל מען ניט מיינען, דאָס זאָל האָבן געמיינט, אַז דער גוטער סימן איז פאַר מיר. פון וואַנעט איך ווייס עס ? נו, איז עס מיר ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זי האָט אויסגעטייטשט מיינעם אַ ניס צום גוטן. ווען איך האָב אַ ניס געגעבן אויף דער „פולער וואָך", האָב איך געהערט, ווי זי האָט געזאָגט, אַז ס'וועט שוין זיין אַ גוטע וואָך. נו, איז וועמען האָט זי געמיינט, ווער וועט עס האָבן די גוטע וואָך ?... אַי, וואָס דער ניס איז מיי־נער, נו איז וואָס ? אויב איך האָב באַלאַנגט צו זיי, איז אויך דער ניס מיינער זייערער. ווי שטייט דאָרטן געשריבן ? „אני שלך וחלומותי שלך"...

ווי איך האָב אויפגענומען די בשורה, מיט וועלכער דער באַלעבאָס האָט מיך מזכה געווען גאַנץ פרי אויפן ניכטערן האַרצן ? אָט פונקט ווי אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז אָפּגעזעסן אין טורמע אַ צייט ביזן משפט, ווען ער דערהערט פונם ריכטער, אַז ער איז אויף אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַראורטיילט „צו זיצן". וואָס הייסט, איך האָב דאָך אַרויסגעקוקט אויף דעם, איך האָב דאָך געוואָלט אָנגענומען ווערן אין דער לערע ! נו, וועל איך דאָ ברענגען אַ צווייטן משל, אַ משל מיט אַ מיידל, וואָס האָט זיך אָנגעקוקט מיט אַ חתן, און דער חתן האָט געזאָגט, אַז ער קאָן זיך אויפן אָרט ניט באַשליסן — יאָ, צי ניין, אַז ער מוז פריער אַ שטיקל צייט „אַרומגיין" מיטן מיידל און נאָכדעם וועט ער זען, און דאָס מיידל, ניט קיין גרויסע צאַצקע, ווי מ'קאָן פאַרשטיין, האָט בלית ברירה מסכים געווען צו דעם פאָרשלאָג, און ס'איז אַוועק אַ וואָך, און צוויי און דער בחור איז צו איר „ני — בע, ני — מע", פאַרהאַלט זיך צו איר אַזוי, ווי זי וואָלט גאָר קיין מיידל ניט געווען, און באַהאַנדלט זי גאָרניט מעשה קאַוואַליער. איז זי דאָך זיכער, אַז פונם שידוך וועט שוין גאָרנישט ווערן, אַז היינט צי מאָרגן וועט ער איר לאָזן הערן, אַז דערפון וועט גאָרנישט אַרויסקומען. ערשט אין איינעם אַ שיינעם טאָג לאָזט ער איר וויסן, אַז גרצה, אַז ער איז וויליק מיט איר צו שרייבן תנאים.

דאַכט זיך גוט, האַ ? אָבער מקנא זיין אָט דעם מיידל אויף אָט דער גוטסקייט באַדאַרף מען ניט, ווייל אויב זי איז קיין אידיאָט ניט, אָט דאָס מיידל, קאָן זי שוין זען, וואָס פאַר אַ דאָליע זי קאָן דערוואַרטן ביי אָט דעם פאַרשוין. אַז מה־דאָך ער האָט זי נאָך איידער וואָס ווער ווען געקאָנט אַזוי שיין באַהאַנדלען, טאָ וואָס קאָן זי שוין פון דעם זעלביקן דערוואַרטן נאָך דער חתונה ?

אין דער זעלבער לאַגע האָב איך זיך געפונען, ווען איך האָב פון באַלעבאָס' כשרן מויל אָט די בשורה דערהערט, און מיר איז אפילו, נאָך דער גרויסער בשורה, דורכגעלאָפן אַ געדאַנק באַצייטנס צו פאַרנעמען האַק און פאַק און אַוועקגיין. ווייל איך האָב

דאָ געלערנט אַ פשוטן קל וחומר: מה־דאָך מ׳האָט מיך ביז די „תנאים" געקאָנט אַזוי באַהאַנדלען, טאָ וואָס וועט שוין זיין נאָכדעם, וואָס איך וועל זיין צוגעבונדן צו זיי מיט הענט און פיס? אָבער דער געדאַנק, אַז ס׳וועט ערגעץ ניט זיין בעסער, האָט מיך אָפּגעהאַלטן דערפון.

איך האָב געוואַרט, אַז דעם זעלבן טאָג, וואָס דער „קאָנטראַקט" איז געשריבן געוואָרן, זאָל מיך דער באַלעבאָס באַשטעלן ביים וואַרשטאַט. איך האָב עס דערפאַר אַליין שוין געקאָנט דערוואַרטן, ווייל דער „קאָנטראַקט" איז געשריבן געוואָרן דינסטיק (ניין, וואָס דען אין אַנדער טאָג וועט ער גיין טאָן אַזאַ וויכטיקע זאַך), איז האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז די התחלה פון נעמען מיר „צואווייזן" די אַרבעט, זאָל אויך פאָרקומען אין דעם זעלבן טאָג, אָבער איך בין ניט געווען שטאַרק איבערראַשט, וואָס דאָס איז ניט געשען. נו, יאָ, כאַפּ־לאַפּ, וואָס איז די איילעניש? בפרט, אַז מיטוואָך איז אויך ניט קיין שלעכטער טאָג, און טאַקע אַ גוטער, ווייל אין דעם פערטן טאָג פון דער וואָך האָט גאָט די זון באַשאַפן און „געזען, אז ס׳איז גוט", איז דאָך אין דעם טאָג פון „כי טוב" אויך ניט שלעכט עפּעס אָנצוהויבן. אָבער דער טאָג מיטוואָך איז אויך אַוועק מיט גאָרניט, און מיט דאָנערשטיק וואָס הערט זיך?

דאָנערשטיק, נאָך מיטאָג, האָט דער באַלעבאָס, איידער ער איז געגאַנגען זיך צושפּאַרן נאָכן עסן, ווי ער פלעגט עס טאָן אַלע טאָג, האָט ער געזאָגט צום בן צו זיינעם:

— וועסט אַראָפּגיין מיט אים אין „סאַראַי" (קעלער) אַריין און וועסט אים צוליכטן, און דאָרטן אים ווייזן וואו צו „דאָביווען" דאָס קליינע וואַרשטאַטל.

ס׳האָט מיר אַ זעץ געגעבן דאָס בלוט אין פּנים אַריין, ווען איך האָב די ווערטער דערהערט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען מיר שוין ביידע געווען אין דעם „סאַראַי", וואָס איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען, כאָטש איך בין דאָרטן געווען אַ טאָג־טעגלעכער באַזוכער פאַר די צוויי און אַ האַלבן חודש, וואָס איך בין דאָרטן אָפּגעווען ביזן „קאָנטראַקט" שרייבן. איך בין אַלעמאָל געגאַנגען אין דער פינצטער און דאָס מאָל אין דער באַגלייטונג

פון דעם „עמוד אש”. זען איז טאַקע ניט געווען דאָרטן וואָס, אויב ניט רעכענען די שטובּיקע שמאָכטעס און פיל זאַכן, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער „ראַבּאָטשע”, און דעם גרויסן באַרג שפּענדלעך, וואָס האָט אין אַ זייט דערגרייכט ביזן רויט־ציגלדיקן „אונטער־חלק” פונם הויז; „געשמעקט” האָט דאָרטן מיט אונטער־ערדישקייט, אָבער ניט מיט קיין ערד, ווייל ס'איז ניט געווען אונטער דער ערד, נאָר אונטער דעם הויז, וואוהין עס איז קיינמאָל קיין ליכט און קיין לופט ניט צוגעקומען. אַן ענלעכן ריח קאָן מען פילן אין אַ „סקלעפּ” פון טויטע, וואָס האָבן שוין אפילו אויפגעהערט טויט צו זיין, ווייל קיין זכר פון די טויטע איז שוין אויך ניט געבליבן, בלויז דער ריח פון שטענדיקער פאַרגליווערטקייט און פון אייביקער פינצטערניש, וואָס קאָן זיך זיין טויט אָן טויטע, האָט זיך דאָרט געשפּירט מיט אַ געמיש פון ווילגאָט און פון פאַרשיידענע שרצים און רמשים, וואָס פלאָדיען זיך אין אַזאַ אַטמאָספערע, ווי אַ שטייגער, מייז, ווערים און „סאָרעקנאָזשקעס” (פּערציק פיסלדיקע ברואים) און אַנדערע ווידמעניש.

אין דעם מקום בין איך עס געווען אַ טאָג־טעגלעכער באַזורכער (און אַמאָל אפילו צוויי מאָל אַ טאָג), און איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז דאָרטן, אונטערן באַרג שפּענער, געפינט זיך עס מיין „באַשערטע”, דאָס מיינט, דער וואַרשטאַט, וואָס איך האָב טאַקע גלייך, ווי מיר זיינען אַהינצו אַראָפּגעקומען, זיך פאַרנומען צו גראַבלען און צו זוכן אין דעם שפּענדלדיקן באַרג. דער באַלייכטער מיינער, ווערמעס עובדא ס'איז געווען מיר צו באַלייכטן, איז זיך געשטאַנען מיטן ליכט אין דער האַנט און די פאַרע, וואָס איז געגאַנגען פון זיינע נאָזלעכער, האָט געהאַלטן איינגעהילט דאָס ליכט־פלעמל אין אַ געדיכטן נעבל.

אָבער ניט נאָר צו באַלייכטן מיר, כדי אַרויסצובאַקומען די וואַרשטאַטישע אברים, איז זיין אַרבעט געווען, נאָר אויך „צו באַלייכטן די צוקונפט” מיינע. עפּעס ווי ער וואָלט דאָ אין דעם מקום בלויז געפונען דאָס פאַסיקסטע אָרט פאַר דעם, האָט ער זיך פאַרנומען צו שטראָפן מיך און מיר אָנצואווייזן, אַז איך בין ניט דאָס, וואָס אַ לערן־יונג באַדאַרף זיין, און אויב איך

דענק ווייטער צו גיין אין די דרכים, וואָס איך בין ביז אַהער געגאַנגען, וועט ניט זיין גוט מיט מיר.

אין וואָס עס זיינען באַשטאַנען די חטאים מיינע, וואָס איך בין ביי זיי באַגאַנגען, האָט ער ניט געזאָגט. פאַרקערט, — איך האָב זיך דאָך געהאַלטן נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער. סיידן אפשר ווען איך האָב אין איינצלנע פאַלן באַקו־מען טויבע אויערן, ווען דאָס שוועסטערל זיינס האָט מיר גע־הייסן עפּעס טאָן, און ווען די באַלעבאָסטע האָט מיר געהייסן שיילן קאַרטאָפליעס, האָב איך מיך אַמאָל ניט הערנדיק גע־מאַכט.

האָב איך אים אויסגעהערט און געשוויגן, פאַרזעצנדיק די אַרבעט מיינע פון טאָפּן און זוכן אינם באַרג שפּענער די וואַר־שטאַטישע אברים. דערטאַפּט איין אבר און אים אַרויסגעשלעפּט, האָב איך גענומען זוכן אין טאָפּן אַ צווייטן, און דערביי שרעק־לעך געליטן פון דער ווילגאַטנער קעלט, וואָס איז מיר ביז ווייַ־טאָג פאַרגאַנגען אין די שפּיץ פינגער. יאָ, אויך די רייד זיינע, די קלאָמפּערשט גוטע ריידעלעך זיינע, האָבן מיר קיין גרויסן נחת ניט פאַרשאַפט. נאָך זיינע רייד איז אויסגעקומען, אַז מ'האָט מיר געטאָן אַ גאַנצע טובה, וואָס זיי האָבן צולעצט באַ־וויליקט צו שרייבן דעם קאָנטראַקט, און דערביי מיר פאַרגע־וואָרפן, אַז דער ברודער האָט ניט גוט געהאַנדלט, וואָס ער האָט געוואָלט אַריינרעכענען אין די פיר יאָר (אויף פיר יאָר איז דער קאָנטראַקט געשריבן געוואָרן) די פּאָר חדשים, וואָס איך בין אָפּ־געוועזן ביי זיי.

— ס'אַלע פּוילישע מיינען סי־קלוג זיינען, ס'מיינען נאַרן קען!

דאָס איז געווען אויפן חשבון פון מיין ברודער, וועלכן ער האָט איין און איינציק מאָל געזען, און אין אַ ווילע אַרום דירעקט אַריבער צו מיר:

— דו אויך סי האָבן פּוילישע שטיק! דו סי־גיין מיט דיין קעפּעלע! דו בעסער אָוועקוואַרפן פּוילישע שטיק דיינע... דו אויך האָב ליב פּאַקאָסטן טאָן, איך סי־זען!...

אינטערעסאַנט, וואָס ביי דער האַלבער צונג בין איך געווען פאַררעכנט פאַר אַ פּוילישן און ביים טאַטן ביי זיינעם בין איך געווען פאַררעכנט פאַר אַ ליטוואַק. ניט איך בין, צו יע־נער צייט, וואָס דאָ רעדט זיך, קיינמאָל אין פּוילן ניט געווען. און מיין פוס האָט נאָך קיין איין מאָל ניט געהאַט באַטראָטן ליטע־לאַנד.

זייענדיק פאַרטאָן אין דער אַרבעט, וואָס איך האָב דאָרטן געטאָן, און פאַרטראַסקעט פון די רייד פון זיינע, האָב איך פאַר־געסן, אַז איבער מיין קאָפּ געפינט זיך דער שטיינערנער „אונ־טער־חלק" פונם הויז. איך האָב געכאַפּט אַ בוצקע אין קאָפּ אַריין. און אַ טאַפּ געגעבן דאָס אָרט, וואו איך האָב דעם קלאַפּ גע־קריגן, האָב איך אָנגעטאַפּט אַ פייכטע קלעפּעדיקע וואַרעמקייט און דאָ גלייך אים אַ ווייז געטאָן די רויט־באַפלעקטע פינגער, פון וואָס איך אַליין האָב אַ קנאַפּן וועזן געמאַכט. ער אָבער האָט זיך אַ פאַרקרים געטאָן און צו מיין גרויס איבערראַשונג האָט ער דאָ אין דעם, וואָס איך האָב מיך דעם קאָפּ מיינעם צעמזיקט, האָט ער אין דעם איינגעזען אַ באַשטעטיקונג אויף זיינע רייד, אַז איך בין אַ פאַקאָסטניק, און ער האָט זיך אַ זאָג געגעבן:

— איך ס'נאַר־וואָס זאָגן סאַ פאַקאָסטניק!...

וואָס דאָס מיינט? גאַנץ פשוט: אַז איך האָב מיך בכיון דעם שאַרבן מיינעם צעממיתטט בכדי... בכדי וואָס? פון אים זאָל איך אַזוי וויסן!

און דאָ איז מיר איינגעפאַלן: אויב ס'איז שוין יאָ אַזוי, וועל איך דיר שוין טאַקע עפּעס אָפּטאָן אַ שפּיצל. איך האָב אים גלייך, אַזוי ווי ער האָט זיך דאָס מאמרל אָפּגעזאָגט, האָב איך מיך געגעבן אַ קער איבער און ואיננו, איך בין ניט קיין היגער. דער יונג שרייט, רופט מיך (ביים נאָמען), אָבער איך הער ניט... ער נעמט זיך דראַפּען אויפן באַרג שפּענער, איך מאַך מיך כלא־ידע... און וואָלט איך שוין שכל געהאַט און אויסגעהאַלטן די „חלשותדיקע ראָלע" מיינע ביזן סוף, און טאַקע אים לאָזן זיך באַברען מיט מיר, וואָלט זיך אַלץ געענדיקט בכי טוב, איז וואָס האָב איך געטאָן? אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך דערלאַנגט צו מיר

און מיך אַ טאָרקע געגעבן, האָב איך זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף מיט אַ קוויטש, און איך האָב דאָ גלייך אַריינגעכאַפּט אין פּיסק אַריין.

דאָס איז געווען די ערשטע גאָב, וואָס איך האָב אַריינגע־קריגן, און, ס׳איז אַזוי באַשערט געווען, אַז אָט די ערשטע „גאָב" זאָל איך אַריינקריגן דווקא אין דעם „ערהאַבענעם" מאָמענט, אויף וועלכן איך האָב די גאַנצע צייט מיט אַזוי פיל אומגעדולד אַרויסגעקוקט. ס׳איז איבעריק, מיין איך, צו זאָגן, אַז די שמחה מיינע איז שוין פאַרשטערט געוואָרן, און נאָך מער: ווען מיר זיינען אַרויפגעקומען אויבן און ער האָט זיך פאַרנומען פאַר מיינעט־וועגן צונויפצושטעלן דעם וואַרשטאַט, האָב איך געהאַט אַזאַ געפיל, ווי ער וואָלט פאַר מיר אַ מזבח אויפגעשטעלט, אויף וועלכן איך אַליין וועל זיין דער קרבן, און איך אַליין האָב אים נאָך צוגעהאָלפן, אָט דעם מזבח פאַר מיר צונויפשטעלן. איך האָב עס געטאָן מעכאַניש, אָט ווי איינער, וואָס ווערט פאַראורטיילט צום טויט, ווערט געצוואונגען, ער זאָל נאָך העלפן אויפשטעלן די תליה פאַר זיך.

ווען דער וואַרשטאַט איז שוין געשטאַנען אַ צונויפגעשטעל־טער, האָט זיך דער באַלעבאָס באַוויזן פון זיין „צושפּאַרן זיך". און, ווי אַלעמאָל, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין בייטאָגיקן דרימל, האָט ער איצט אויך געהאַט אַ פּנים פון אַ גזלן. אויב דאָס גאַנצע פּנים זיינס האָט ניט געהאַט אַזאַ „פּנים", איז אַ האַלבער, אָט די זייט, אויף וועלכער ער האָט דעם „צושפּאַר" זיינעם געכאַפּט. די באַק האָט געפלאַמט, די באָרד איז געווען פאַרדרייט ווי פון אַ זאַוואָרוכע, און דאָס אויג איז געווען אָנגע־צונדן, האָט געבליאַסקעט מיט רויטער חרטה, צי אויף זיין צו־לייגן זיך, צי אויף זיין אויפשטיין; און פּונקט ווי אַ חיה ווערט פאַראַליזירט פון שרעק, ווען זי דערזעט דעם משחית אירן, אַזוי בין איך פאַרשאַלאַפּיעט געוואָרן, ווען איך האָב אים אַזעלכן דערזען. און ווי ער האָט זיך דערנענטערט צום וואַר־שטאַטל, וואָס איז נאָר וואָס צונויפגעשטעלט געוואָרן, אַזוי האָב איך זיך גענומען אָפּרוקן, און האָב אַזוי אויסגעמאַרקירט, אַז ווען ער איז צום וואַרשטאַט צוגעקומען, בין איך אים געבליבן פון

הינטן. איך האָב צוגעקוקט, ווי ער האָט מיט דער האַנט אַ דריי און אַ פּרואוו געטאָן דעם „פּריטשיפּניק" פון אויבן, אַ דריי געטאָן מיטן פוס דאָס ראָד פון אונטן, און זיך איבערצייגט, אַז דער וואַרשטאַט איז אין פולער אָרדענונג, האָט ער צו זיך אַ מורמל געטאָן:

— נו, זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!...

און אפילו מיר קיין קוק ניט באַוויליקט. נו, יאָ, ער האָט דען מיך אין זינען געהאַט דערביי, ווען ער האָט אָט דעם וואונטש אַ ווינטש געטאָן? און אויב אפילו יאָ, איז דאָס זיכער געווען ניט מער (ס׳מיינט דאָס אין זינען האָבן מיך) ווי איינער, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל איינגעשפּאַנט דאָס פערדל, וואָס ער האָט נאָר וואָס איינגעהאַנדלט, אין שפּאַן, און ער גיט זיך עס אַ ווינטש־צו. האָט ער דען דערביי אין זינען משתתף צו זיין דאָס פערדל זיינס צו דער ווינטשעוואַניע צו זיינער?

מילא, ווי אַזוי דאָס זאָל ניט האָבן געווען, האָב איך גע־מיינט, און איך בין געווען זיכער, אַז אָט, אָט וועט ער מיך שוין נעמען אין שפּאַן אַריין. נו, יאָ, אין וואָס קאָן נאָך זיין אַ מניעה? אַז דער קאָנטראַקט איז שוין געשריבן, און דער וואַר־שטאַט שטייט שוין פּיקס־און־פּאַרטיק און ער שטייט ביים וואַרשטאַט, און איך שטיי הינטער אים מוכן ומזומן, טאָ וואָס פאַר אַ מניעות קאָנען נאָך זיין, אַז דאָס זאָל ניט זיין? נו, האָב איך אָבער „געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס" (כאָטש דער באַלעבאָס איז דערביי געווען). ער האָט זיך גלייך, ווי ער האָט זיך אָפּגעוואונטשעוועט די „גוטע שעה", אָפּגעקערעוועט פונם וואַרשטאַט, און איז זיך אַריין אין שטוב, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געלאָזט הערן די שטימע זיינע:

— —שיק אים —פאַרען טיי, שיק אים!

און גלייך נאָכדעם האָט זיך אויף דער טיר פון פאָרהייזל באַוויזן „דאָס טעכטערל" מיטן גרויסן קופּערנעם טשאַיניק, און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, ווי זי וואָלט מיר דערמיט גע־וואָלט אָנדייטן, אַז אפילו נאָכדעם ווי איך וועל שוין באַשטעלט ווערן ביים וואַרשטאַט, וועט אַלץ בלייבן ווי געווען, אַז קיין

גרעסערער מיוחס וועל איך ביי איר ניט ווערן, האָט זי טראָנ־צוואָטעו אַ זאָג געגעבן:

— גיי פּאַרע טיי, גיי!

האָב איך געמיינט, אַז נאָכדעם, ווי דער באַלעבאָס וועט זיך אָנזשליאָקען מיט טיי, וועט ער זיך פאַרנעמען מיר „צו אָנווייזן" די אַרבעט. נו, האָב איך ווידער געמאַכט אַ טעות! און אויף מאָרגן? ווייס־איך, ס'הויבט זיך גאָרניט אָן! ערשט אויף דער צווייטער וואָך, דינסטיק...

אָבער דאָס איז שוין אַ ניי קאַפּיטל מיט נייע צרות און נייע אינקוויזיציעס, און מיר וועלן דאָס טאַקע לאָזן אויפן קו־מענדיקן קאַפּיטל.

ד

געדענקט מען דאָך זיכער, ווי איך האָב פריער באַשריבן די היימישקייט, מיט וועלכער מ'האָט מיך אויפגענומען אַזוי גלייך, ווי איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל זייערע, און ווי זיס און ליב ס'איז מיר געווען אָט די היימישקייט, וואָס זיי האָבן מיר אַרויסגעוויזן. נו, וויל איך דאָ איבערגעבן וועגן אַ מער־אינ־טימערער היימישקייט, וואָס דער באַלעבאָס האָט מיר אַרויסגעוו־ויזן, ווען ער האָט זיך פאַרנומען מיר „צוצואווייזן" די אַרבעט. טאַקע אַזוי גלייך און טאַקע איינצייטיק ווי ער האָט זיך פאַרנו־מען מיך צו לערנען די אַרבעט, האָט ער מיר אָט די אינטימ־קייט געוויזן.

אין וואָס איז זי, אָט די אינטימקייט, באַשטאַנען? פשוט כמשמעו: מיט האַלטן מיך אַרומגענומען און מיט דריקן די הענט מיינע. איז וואָס מיינט עס? ס'מיינט, אַז דער וואָס לערנט וועמען אָט די מלאכה, מוז ער אים האַלטן אַרומגענומען און האַלטן די הענט יענעמס אין זיינע און אָנפירן מיטן שטיק געצייג.

ווייס איך ניט, ווי ווייט ס'איז דעם בעל דבר מיינעם אָנ־גענעם געווען (צי ניט אנגענעם) אָט דאָס האַלטן מיך אין זיינע

אָרעמס און דאָס קוועטשן די הענט מיינע אין זיינע. איך ווייס נאָר, ווי מיר איז דאָס געווען דערווידער. איך ווינטש עס ניט דעם ערגסטן שונא צו טועם־טעם זיין אַזאַ טעם, ווי זיך געפינען אין די אָרעמס פון אַ מענטשן, וואָס איז דיר דערווידער. יאָ, אין דער צייט, וואָס ער האַלט דיך אַרומגענומען, זידלט ער דיך, קריגסט אַלע ווײַלע אין טאַטן און אין דער מאַמען אַריין און מיט אַ רוסישן „מי שברך" אַלס צולאָג.

דאָס האָב איך גלייך ביי דער ערשטער „לעקציע" אָנגעהויבן אַריינצוקריגן. פאַרוואָס, פאַרוואָן? ס'האָט אפילו געהייסן, אַז מיט די אַלע זידלערייען איז ער ניט אויסן געווען מיך, אַלנפאַלס ניט דירעקט מיך. דאָס איז געגאַנגען אויפן חשבון פון די יונגען, וואָס ער האָט געהאַט פאַר מיר. ווי אַזוי איך ווייס עס? ווייל ער האָט געזידלט און געשימפּט בלשון רבים, און קיינעם וועט דאָך ניט איינפאַלן, אַז ער האָט מיך „געאירצט".

— אַ רוח אין זייערע פאָטער און מוטער אַריין! גיב זיי צו פרעסן און צו טרינקען גיב זיי, און דערנאָך, וואָס האָט מען פון זיי, וואָס?

רעדט זיך עס פון די ערשטע פאָר „לעקציעס". שפּעטער איז ער איבערגעגאַנגען דירעקט צו מיר מיט זיינע זידלערייען, און נאָך שפּעטער האָט ער מיך שוין אָנגעהויבן אונטערצושטורכען מיט אַן עלנבויגן, מיט אַ בריק הינטן אַרומעט אין „אונטן", און דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרן אין דער צייט, ווען ער האָט מיך געהאַלטן אַרומגענומען, און געהאַלטן מיינע הענט אין זיינע.

ניט בעסער איז דאָס מיר געגאַנגען מיט די איבעריקע דריי. און אויב אַפילו בעסער פון דער באַהאַנדלונג, ווי דער ייד האָט מיך באַהאַנדלט אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך „פאַרנומען" מיט מיר, איז דאָס אָבער געווען פיל ערגער ווי זיי האָבן מיך באַהאַנדלט פאַרן קאָנטראַקט שרייבן. דערעיקרשט האָבן מיט מיר אָנגעהויבן צו פערעבענדעווען דאָס ווייבערשע פאָרל. ווען זיי וואָלטן פריער אַזוי געווען געהאַנדלט קעגן מיר, וואָלט איך זיי מוחל געווען די גליקן. דאָ אָבער האָב איך מיר שוין גאָרניט געקאָנט העלפן. און בלית ברירה האָב איך מיך געמוזט באַנוצן מיט גאַנדיס מעטאָדע, פון פאַסיוון ווידערשטאַנד. שפּע־

טער־צו האָב איך אפילו יאָ אָנגעהויבן צו ווידערשפעניקן אין זיי, אָבער מיט קליניקייטן. אָט, אַ שטייגער, האָב איך אויף אַ גאַנץ באַשיידענעם אופן אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן מיין פּראָ־טעסט אַנטקעגן דער מלאכה פון קאַרטאָפליעס שיילן, מיט וועל־כער די באַלעבאָסטע האָט מיך מזכה געווען. איך האָב געלאָזט „פּאַרכעס״, ניט אויסגעדליבעט די „ווערים״, און אַמאָל האָב איך געקאָנט געבן אַ שייל אַראָפּ אַזאָ שאָלעכטס פון אַ גרויסער קאַרטאָפליע, אַז זי אַרויס אַזוי גרויס ווי אַ נוס. ס׳איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז זי, די באַלעבאָסטע, האָט מיר צוגעשטעלט אַ בענ־קעלע פאַרן באַלעבאָס, מיך פאַרספּראַוועט, אַז איך טו איר צולהכעיס, אָבער דער באַלעבאָס האָט עס דווקא ניט גענומען שטאַרק ערנסט (קאָנטיק, ניט געהאַלטן דאָס פאַר וויכטיק). דער־פאַר האָב איך זיך אָפּגערעכנט מיט איר אויף אַ בלוטיקן אופן, און טאַקע מיט מיין אייגן בלוט. וואָס דאָס מיינט? איך האָב מיך איינמאָל צעשניטן אַ פינגער, טאַקע ביי דער שיינער מלאכה ביי אירער, האָב איך אָפּגעשפריצט די וואונט פון קיך מיט מיין בלוט. דאָס איז שוין געווען אַן ערנסטער ענין. דאָ האָט די כלבטע שוין געקאָנט באַשיינפּערלעך באַווייזן, אַז איך טו איר צולהכעיס, און איך האָב טאַקע ארייגעכאַפּט אַ כמאָל אין פּיסק אַריין. אָבער ס׳האָט זיך מיר געלוינט. ווייל פון דעמאָלט אָן בין איך פריי געוואָרן פון אָט דער בזיונדיקער אַרבעט.

וואָס שייך דער מויד, האָב איך עס מיט איר געמאַכט אויף אַ מער אָפענעם אופן; ווען זי האָט מיר געהייסן עפּעס טאָן, צי ווען זי האָט מיך ערגעץ געשיקט אַ גאַנג, האָב איך זיך געמאַכט ניט הערנדיק. צי איך האָב גאָר געזאָגט, אַז איך וועל פרעגן ביים באַלעבאָס, צי איך זאָל טאָן, וואָס זי הייסט מיר (צי גיין וואוהין זי שיקט מיר). נאַטירלעך איז אַלעמאָל געקו־מען אַן ענטפער אויף יאָ, און איך האָב עפּעס אַנדערש ניט דערוואַרט. אָבער דאָס האָט מיך שוין ניט געאַרט. ווייל דאָס האָט שוין געמיינט, אַז איך פאָלג דעם באַלעבאָס, ניט איר.

פאַרשטייט זיך, אַז זי איז געווען אויף מיר אש להבה. אָט די סאָרט חברה, די מיידלשע חברה מיין איך, די אָקאָרשט רייף־געוואָרענע, זיי זיינען, ווער ס׳ווייס, גוואַלדיק אַמביציעז,

האָט עס איר זײער געקראַבעט, װאָס איך איגנאָריר די באַ־פעלן אירע (אמת, אַז זי האָט אַלעמאָל אױסגעפירט, װאָס זי האָט געװאָלט, אָבער דאָס איז דאָך שױן געקומען דורך אַ צװײטער פּערזאָן און זי איז בײ מיר געבליבן מיט אַ נאָז) און ס'איז קײן װאונדער ניט, װאָס זי האָט זיך אָפּגערעכנט מיט מיר פאַר אַט דעם װידערשפּעניקן מײנעם אָן איר, און זי האָט שױן געקריגן געלעגנהײטן מיט מיר זיך אָפּצורעכענען. אַט אַ שטײגער, האָט זי געקאָנט (אַזױ רעדט זיך עס „געקאָנט", זי האָט טאַקע געטאָן, װאָס זי האָט געקאָנט) מיר אַרײנװאַרפן די „פּאָלאָװאַי־שמאַטע" אין פּנים אַרײן, װען זי האָט מיך אַרײנגערופן אין שטוב אַרײן, איך זאָל װאַשן די פּאָדלאָגעס.

דאָס איז קלאָמפּערשט אין שפּאַס געטאָן געװאָרן. אָבער אַזעלכע שפּאַסן האָב איך איר געקאָנט װינטשן, זי זאָל פּראָװען מיט איר באַשערטן, װאָס איר װעט באַשערט זײן... דעסגלײכן פלעגט זי מיך פון צײט צו צײט „אָפּפּאָכען" מיטן נאַסן בעזעם, װאָס זי האָט מיך געשיקט אין הױף אַרײן, איך זאָל אים אײנ־נעצן בײם קראַן, צי זי האָט מיך גאָר געגעבן אַ פּאָרסקע אָפּ מיט דער אײז־קאַלטער סאָדע־װאַסער פונם סאַפּאָן, װען איך האָב אַזעלכן צו מיטאָג געבראַכט.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז פון װעמען דו זאָלסט ניט באַהאַנדלט װערן שלעכט, איז דאָס ניט גוט, נאָר באַהאַנדלט װערן שלעכט פון אַ מײדל, דאָס איז שױן גאָר... „שלעכט". און ס'קאָן נאָך זײן ערגער פון שלעכט, װען אַ מײדל איזדע־קעװועט זיך אין דיר, װאָס זי, דעם באַלעבאָס' טעכטערל, האָט געטאָן, װען איך בין מיט איר אױג אױף אױג גע־װען, איך מײן, װען איך האָב מיך דאָרטן אין שטוב זיך געראַטשקעװעט אױף אַלע פיר און געװאַשן די פּאָדלאָגע. זי האָט געטאָן אַ קלײניקײט: זי האָט צוגעלײגט דאָס נעזל פון איר שוך צו מײן נאָז, טאַקע ממש צוגעלײגט און מיר אָנ־געװיזן, אַז דאָ האָב איך ניט גוט אױסגעװאַשן די פּאָדלאָגע און אַז דאָרטן האָב איך ניט גוט אױסגעװישט. און װען זי האָט שױן גאָרניט געטאָן, האָט זי זיך גלאַט געדרײט פאַר מיר און אָנגע־רירט מיט דער זױם פון קלײד דאָס פּנים מײנס. געזאָלט האָט

דאָס מיינען, אַז זי מיינט עס ניט, אַז זי האָט מיך אפילו ניט אין זינען, און, אַז טאַקע דערפאַר האָט זי מיך באַמערקן ניט געקאָנט, און פריער און שפּעטער ניט געוואוסט, אַז דאָס קליידל אירס באַרירט מיך...

ס'איז מיר אַזוי אויך געווען וויסט און פינצטער, איך מיין טוענדיק די אַרבעט, וואָס איז ניט פאַר אַ ייִנגל, אָבער נאָך שווערער איז די אַרבעט מיר געפאַלן, פון איר זיין דערביי און פון איר דרייען זיך הין און הער... איך האָב מאָמענטנווייז געפילט, אַז ניט נאָר דערנידעריקט עס מיך גייסטיק, נאָר אפילו פּי־זיש... יאָ, ווען זי האָט זיך פאַר מיר געגעבן אַ דריי פאַרביי און אַ ווייע געטאָן מיר אין פּנים אַריין מיטן קליידל, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז אַן איינשרומפּעניש איז אויף מיר גע־קומען. ווייל דאָ האָב איך שוין „דערפילט" דעם אייגענעם יחוס אירן, דעם מיידלשן, וואָס האָט זיך מיר געגעבן אַ טראָג אין נאָז אַריין פון אונטערן קליידל... און דערשנאַפּט אָט דעם „יחוס", האָב איך ערשט דאָ דערפילט די גאַנצע נישטיקייט מיינע...

אַזוי אַרומעט איז שוין ניט די אַרבעט פון וואַשן פאָדלאָ־געס ביי זיי געווען דאָס ערגסטע, נאָר די מיידלש־אינקוויזיטאָ־רישע שטיקעלעך, וואָס אָט די מויד האָט מיר בעת איך בין מיט דער אַרבעט געווען פאַרנומען, געטאָן. און אויב איך האָב ניט געקאָנט פּראָטעסטירן אַנטקעגן אָט דער אַרבעט, האָב איך אוודאי און אוודאי ניט געקאָנט פּראָטעסטירן קעגן אָט די אַלע „געוונגעלעך" אירע. דערפאַר אָבער בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון די האָלאָבליעס (און דאָס איז טאַקע געווען דער ערשטער אַרויסשפּרונג מיינער) ווען זי, אָט די מויד, האָט מיך אין איינעם אַ פּרייטיק „איינגעלאַדן", איך זאָל זיין איר באַגלייטער אין מאַרק אַריין, וואָס דאָס מיינט איר נאָכטראָגן דעם קאָשיק. יאָ, איך האָב עס טאַקע געטאָן פאַר דער באַלעבאָסטע אַלע פּריי־טיק, אָבער ווי ניט אנגענעם דאָס איז מיר ניט געווען צו טאָן פאַר דער באַלעבאָסטע, איז דאָס מיר פאַר דער מויד געווען טויזנט מאָל מער אומאנגענעמער. ס'איז אַ גרויסער חילוק, ווען דו גייסט מיט אַן עלטערער ייִדענע און טראָגסט איר נאָך דעם קויש, צי ווען דו טוסט דאָס אייגענע פאַר אַ מיידל אין דיינע

יאָרן (אפשר איז זי געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר, צי מיט אַ האַלבס).

דאָך האָב איך געמאַכט אַ שווייג און טאַקע גלייך אַרויפֿ־געכאַפּט אויף זיך דאָס טיזליקל, וואָס מיין ברודער האָט מיר געהאַט געשענקט, און וואָלט זיכער אויך שפּעטער געמאַכט אַ שווייג, ווען זי וואָלט מיר נישט דאָ גלייך, נאָך איידער איך האָב די טיר געעפֿנט, איבערגעגעבן דעם קויש, דעם ליידיקן קויש אין די הענט אַריין. דאָ האָט זיך גלייך אָנגעצונדן אין מיר אַ העליש פֿייער: מילא, פֿון צוריק טראָגן דעם קויש, פֿונם מאַרק, וואָלט איך נאָך פֿאַרשטאַנען, אָבער אַ ליידיקן קויש קאָן זי דאָך אַליין טראָגן. אפֿילו אויף דער באַלעבאָסטע בין איך געווען אש להבה פֿאַר דעם נאָכטראָגן איר דעם ליידיקן קויש, און אויב איך האָב ניט געוואָגט יענער עפּעס צו זאָגן וועגן דעם, האָב איך דער שוין יאָ געוואָגט, און טאַקע אַזוי גלייך ווי מיר זיינען אַרויסגעקומען פֿאַר יענער זייט טויער האָב איך אַ בורטשע געטאָן:

— דעם ליידיקן קויש קאָנט איר דאָך אַליין טראָגן!...

זי האָט מיר גלייך אויפֿן אָרט אַ וואָרן געטאָן, איך זאָל מיט איר קיין שטוקעס ניט פּראָווען, אַ ניט קערט זי זיך שוין אום אַהיים און דערציילט דעם באַלעבאָס. האָב איך פֿאַרשטשי־מעט די ציין און געמאַכט אַ שווייג, און מיט טריט, ווי מ׳איז מלווה אַ מת, מיט אַזעלכע טריט האָב איך מיך געלאָזט גיין נאָך איר. איך בין אַלע ווײַלע געבליבן „הינטערשטעליק״. וואָס מער אַ רגע, בין איך אַלץ ווייטער פֿון איר געוואָרן, ביז די מויד האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס צו מיר און שפּאָטיש אַ פֿרעג געטאָן:

— אפשר שטייט דיר ניט אָן צו גיין מיט מיר?

און דאָ איז מיר איינגעפֿאַלן, נאָך אָט דער פֿראַגע, וואָס זי האָט מיר אַזוי קידער־ווידערדיק אַ שטעל געטאָן, אַז ס׳איז נאָך עפּעס אַ שטיקל גליק, וואָס איך בין אין דער מויד ניט פֿאַרליבט. ווייל וואָס וואָלט געווען, ווי וואָלט איך זיך דעמאָלט געקאָנט פֿילן, ווען איך וואָלט געווען „פֿאַרליאַפּעט״ אין איר און וואָלט דעמאָלט איר באַדאַרפֿט נאָכטראָגן דעם קויש, דע־מאָלט וואָלט דאָך שוין גאָר געווען אַ גרויסער בראָך צו מיר! ווייל וואָס קאָן דען נאָך זיין אַ גרעסערע שטראָף, ווי ווען דו

ביזט פאַרליבט אין אַ מיידל און דו באַדאַרפסט איר נאָכטראָגן דעם קויש אין מאַרק אַריין... נו, האָב איך אין דעם שוין געזען אַ שטיקל טרייסט.

ווי אַזוי מיר האָט געקאָנט איינפאַלן זיך צו טרייסטן מיט דעם גליק (מ'שטיינס געזאָגט, אויך אַ גליק!), וואָס איך בין אין דעם מיידל ניט פאַרליבט? דאָס מיינט דאָך, איך האָב גע־וואוסט, אַז מ'קאָן זיך אין דעם מיידל פאַרליבן, טאָ ווי אַזוי האָב איך עס געקאָנט וויסן ניט זייענדיק פאַרליבט אין איר?

אַ שאלה איז דאָס טאַקע, און אַ האַרבע שאלה, אָבער קיין ענטפער אויף איר קאָן איך ניט געבן. בין איך שוין אפשר דע־מאָלט ניט גלייכגילטיק געווען צו איר, און איך האָב עס אַליין ניט געוואוסט? מיר גלויבט זיך עס קוים. פאַרוואָס מיר גלויבט זיך עס ניט? ווייל איך האַלט, אַז ליבע איז גאָרניט אַזוי בלינד, ווי ס'איז אָנגענומען צו מיינען. ליבע האָט אויגן, צי זי „זעט" אָן אויגן, אין וועמען מ'קאָן זיך פאַרליבן און אין וועמען ניט. אמת, ס'טרעפט זייער אָפט, וואָס איינער (צי איינע) פאַרליבט זיך ניט אין זיין (צי איר) גלייכן, אָבער ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז עפּעס אַ שטיקעלע האָפענונג, אַ קליין, אַ פּיצל־ברעקעלע, איז יאָ ביי אים (צי ביי איר) געווען... יאָ, ס'איז אפילו גענוג, אַז יענער (צי יענע) זאָל טראַכטן, אַז ס'וועט גאָרנישט ווערן דערפון, אָבער מיין טיפסטע איבערצייגונג איז, אַז וועגן אַבסאָ־לוטע אוממעגלעכקייטן טראַכט מען ניט, ס'הייסט, אפילו וועגן די אוממעגלעכקייטן טראַכט מען ניט. טראַכט דען ווער וועגן דער דער אוממעגלעכקייט זיך אַרויפצודראַפּען אויפן הימל? און במילא קומט שוין אַזוי אויס, אַז אין יעדער אוממעגלעכקייט, אויב מען טראַכט נאָר וועגן איר, איז שוין פאַראַן אַ שטיקל, אַ ברעקל אויסזיכט אויף מעגלעכקייטן... והא ראיה: אָט האָב איך דאָך וועגן דער מויד, וועגן וועלכער דאָ רעדט זיך, אפילו וועגן דעם ניט געטראַכט.

טאָ ווי קומט עס טאַקע, וואָס מיר איז דאָך איינגעפאַלן אָט דער געדאַנק, איך מיין אָט דאָס טרייסטן זיך, וואָס איך בין אין דער מויד ניט פאַרליבט?... האָט דאָך, נאָך מיין אייגענער טעאָריע נאָך אין דעם „ניט" שוין געשטעקט אַ שטיקל, צי אַ

פּיצל „מעגלעכקייט". נו, איז ניט אַנדערש, אַז זי אַליין האָט מיך מיט איר פראַגע אַרויפגעשטויסן אויף דעם געדאַנק. ס'מאַכט ניט אויס, וואָס די פראַגע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוליב שפּאַס. און ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַזאַ פראַגע זאָל קאָנען אַוועקגעשטעלט ווערן צו איינעם (צי צו איינער), וואָס איז ניט דיין גלייכן... אָבער דאָ איז דאָך ווידער די זעלביקע מעשה: זי האָט זיך דערמיט אַליין מיט דעם ווען באַוויזן, אַז איך בין ניט איר גלייכן, האָט זי זיך דערמיט אַליין שוין געגעבן אַ „גלייך"־צו צו מיר... אַנדערש וואָלט מיר דאָך אָט דער געדאַנק ניט איינגעפאַלן, איך מיין, אָט דאָס דערפרייען זיך מיינס, וואָס איך בין אין דער מויד ניט פאַרליבט!...

איך בין געשטאַנען אַ היפשן שטח ווייט אַוועק פון איר און געשפּרייט מיין בליק אויף די מיט שניי פאַרטאָפּטשעטע גאַסן, און אויף די בערג צונויפגעשאַרטן שניי, וואָס זיינען געלעגן צווישן דיביימער ביי דער זייט פון די טראָטואַרן. געקוקט אויף די שליטעלעך, וואָס זיינען געפלויגן הין און צוריק, און אויף די מענטשן, וואָס האָבן אויף און אָפּ געשפּאַצירט אין וואַרעמען וואטאַלטאָג פון זייער וואַרעם זיין אַנגעטאָן אינם קאַלטן וועטער. איך האָב מיך געפילט אַזוי אומגליקלעך סיי מיט דעם גליק מיט מיינעם, וואָס איך בין אין דער מויד ניט פאַרליבט, סיי פון דער קעלט. איך בין געשטאַנען צונויפגעקוצערובעט, די הענט אין אַרבל פאַרשטעקט, און אויף הענט און אַרבל איז דער ליידיקער קויש געהאַנגען, וואָס איז מיר אַזוי שווער געווען מיט זיין ליידיקייט...

— דו גייסט, צי ניין? — האָט זי באַפוילעריש געפרעגט.

— איך וועל גיין אָנטאָן מיין וואַטענע קאַפּאָטע — האָב איך אַ מורמל געטאָן.

איך האָב נאָך געהאַט מיין אייגנס אַ וואַטענע קאַפּאָטע, וואָס איך האָב מיט זיך פון דערהיים געבראַכט, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן מיר אויפגענייט. איך האָב זי אָבער ניט געקאָנט טראָגן, ווייל זי איז געווען צו לאַנג. טאַטע־מאַמע האָבן מיך געוואָלט באַוואָרענען, איך זאָל זי וואָס לענגער טראָגן, האָבן זיי

געהייסן דעם שניידער, ער זאָל זי וואָס לענגער מאַכן, אָבער אין אַדעס האָב איך מורא געהאַט מיט איר זיך צו באַווייזן, אַז די אַדעסער זשוליקעס זאָלן מיך מיט שטיינער ניט באַוואַרפן. איצט אָבער איז דאָס מיר ווינציק אָנגעגאַנגען, ווייל קיין גרעסערע חרפה ווי צו גיין מיט אַן אויסגעפּוצטער מויד און איר נאָכ־טראָגן דעם קאָשיק, קיין גרעסערע חרפה, דאַכט זיך, האָט שוין ניט געקאָנט זיין.

דערהערט וואָס איך וויל גיין טאָן, האָט די מויד זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר מיט איר גאַנצן יונג־מוידישן אימפּעט און צוגעקומען צו מיר, האָט זי מיר מיט דראָעניש און וואָרעניש געלאָזט הערן, אַז זי וועט ניט גיין מיט מיר, ווען איך וועל מיר אָנטאָן אָט דאָס מלבוש. איך האָב איר אַ ווייז געטאָן אויף מיינע פּיס און געזאָגט צו איר:

— און גיין מיט אַ יינגל, וואָס טראָגט ווייבערשע שיך, שטייט אייך אָן?

איך האָב געטראָגן איר מאַמעס שיך, וואָס די מאַמע אירע האָט זיך געהאַט צעבראָכן דאָס האַרץ און מיר געשענקט, ווייל פון מיינע האָבן שוין געהאַט די פינגער אַרויסגעקוקט. אמת, מ׳האָט מיר געוואָלט אָנועקשענקען אַ פּאָר שיך פון איינעם פון די צוויי מאַנסבילשע בולגאַטשעס, אָבער זיי זיינען אויף מיר אַזוי גרויס געווען, אַז ס׳וואָלט אוממעגלעך געווען צו גיין אין זיי. נאָך דעם האָט זי אַליין, די מויד, מיר געוואָלט אַוועקגעבן אירע אַ פּאָר שיכעלעך, וואָס זיינען שוין דווקא יאָ געווען אויף מיין מאָס, אָבער אַזעלכע עלעגאַנטע, אַז מ׳וואָלט מיך נאָכגע־לאָפן אין די גאַסן, ווען איך וואָלט זיך מיט זיי באַוויזן. דערפאַר זיינען די באַלעבאָסטעס שיך געווען מער צוגענגלעך. דאָס זיי־נען געווען פון יענעם סאָרט שיך, וואָס עלטערע ווייבער טראָגן, ניט קיין הויכע אָפּצאַסן, און ניט קיין שמאָלע נעזעלעך, און דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך געקאָנט וואַרפן אין די אויגן אַריין, זיינען געווען די מעשענע קולקעס און די בענדלעך, מיט וועלכע די שיך האָבן זיך פאַרשנורעוועט.

ווען איך האָב איר אַ ווייז געטאָן די שיך, האָט זי זיך צע־

שמייכלט, אָבער זי איז דאָך פּעסט באַשטאַנען אויף דאָס אירקע, אַז איך וועל מיר די קאַפּאָטע מיינע ניט אָנטאָן, אָבער דווקא ווייל זי האָט עס אַזוי שטאַרק ניט געוואָלט, בין איך באַשטאַנען אויף דאָס מייניקע. האָט זי גענומען רייסן דעם קויש פון מיינע הענט, טענהנדיק, אַז אויב אַזוי, וויל זי מיך אינגאַנצן ניט האָבן, וועט זי שוין גיין אַליין אין מאַרק, אָן מיר. איך אָבער האָב איר דעם קויש ניט געוואָלט געבן, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז גלאַטיק וועט עס מיר ניט אָפּגיין.

און דאָ גייען מענטשן אויף־און־אָפּ, און יעדער איינער וואַרפט אַ קוק אויף אונדז. איינער און אַ צווייטער וואַרפט אפילו אַ קוק אַריין אין קויש אַריין מיט פאַרדאַכט... אין אָדעס האָט דאָס אויך געקאָנט טרעפן, אַז אַזאַ האָלעדריגע ווי איך, זאָל זיך פאַרגינען אין מיטן העלן טאָג... איך ווייס ניט, צי מיט קוישן האָט אַזעלכעס ווען געטראָפן, אָבער רעדיקולן האָבן מאַרעוויכערס געריסן פון די ווייבערשע הענט אַרויס, און ס׳איז ביי מיר צו גלויבן, אַז ווען דער קויש וואָלט ניט געווען קיין ליידיקער, וואָלטן אָט די פאַרבייגייער, וואָס האָבן געכאַפּט אַ קוק אין קויש, זיכער געקאָנט חושד זיין, אַז איך האָב אים ביי איר אַרויסגעריסן און זי פירט אָן אַ קאַמף מיט מיר פאַר איר אייגנטום.

— דו וועסט מיט מיר קיין שטוקעס ניט פראַווען! — האָט זי מיט צאָרן אַריינגעדויבעט אין מיר — מיינסט, איך קען דיך ניט ? ביזט אַ צולהכעיסניק... אָבער איך בין ניט די באַלעבאָסטע, האָסט זיך אומיסטנע דעם פינגער צעשניטן, זי זאָל דיר מער ניט געבן קיין קאַרטאָפליעס שיילן. און מיר ווילסטו דאָ דערציילן אַ מעשה, אַז דיר איז פלוצים קאַלט געוואָרן... גיב מיר דעם קויש, גיב מיר, און דו קאָנסט זיך גיין, און דו וועסט שוין דיינס קריגן !

— ווטשאָם דיעלאָ, באַרישניאַ ? (וואָס איז געשען פריילין ?) — האָט אַ פאַרבייגייענדיק עלעגאַנט בחורל אַ פרעג געגעבן, געבנדיק אַ לייג צו די רעכטע האַנט צו זיין ברוין פאַרטערן קוטשמעלע, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ שטריימל, און די „באַרישניע" האָט אויפן בחור אַ ליכטיקן קוק פון הינטער דער

וואַלקע אַרויסגעוואָרפן, און קאָנטיק געכאַפּט, אַז דער יונ־גערמאַנטשיק זוכט דאָ אַ געלעגנהייט מיט איר באַקאַנטשאַפט צו שליסן, האָט זי געענטפערט:

— ניטשעוואָ... עטאָ נאַש מאַלטשיק! (גאָרנישט, ס׳איז אונדזער ייִנגל).

דאַכט זיך גאָרנישט געזאָגט, אַ יאָ? פונדעסטוועגן האָט זיך מיר עפּעס געגעבן אַ קער איבער אינווייניק, ווען איך האָב אָט די ווערטער דערהערט. ווען די זעלבע ווערטער וואָלט די באַלעבאָסטע געזאָגט, צי דער באַלעבאָס, צי אפילו דער בן זייערער, וואָלט עס ניט געמאַכט אויף מיר אַזאַ פיינלעכן אייג־דרוק. אָבער ווען אַ מיידל זאָגט עס, אַ מיידל אין דיין עלטער, גיט זיך אַזוי אַזאַ זאָג אָפּ „דאָס איז אונדזער ייִנגל״, איז דאָס עפּעס אַזעלכעס... מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי ווייט דאָס האָט געווירקט אויף מיר, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן דער גאַנצער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט מיינער און געגעבן אַ לאָז אַרויס דעם קויש פון מיינע הענט און גענומען דראָלעווען ווי אַ יונג ביקל, ווען דאָס קריגט פּלוצים אַ שטעכנדיקן ביס פון אַ בייזער פליג. אָפּ־געלאָפן אַ היפּש שטיקל וועג, בין איך שטיין געבליבן. נו, יאָ, טאַקע, וואָס איז דאָס פאַר אַ לויפעניש, און וואוהין איז דאָס לויפן? און האָב טאַקע געמאַכט „השיבנו באַזאַד״, און אָנגעיאָגט דאָס מיידל, האָב איך געוואָלט נעמען ביי איר דעם קויש, אָבער זי האָט מיך אָפּגעטריבן פון זיך, ווי מ׳טרייבט אָפּ אַ הונט. איך האָב מיך געלאָזט גיין ווי איינער, נו, ווי איינער, וואָס איז פאַר אַ קורצער צייט אַוועק פון זיין היים און ווערט פּלוצים געוואויר, אַז ער איז אַ נשרף און האָט שוין ניט וואוהין צו גיין און גייט דאָך פאָרט אַהין, וואו ער האָט זיין היים געהאַט, כאָטש ער ווייס, אַז ער וועט דאָרטן טרעפן אַ גרויסע בראַך, ניט קיין היים. פונקט אַזוי האָב איך זיך געלאָזט צו מיין היים צו גיין, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז דאָרטן וואַרט אויף מיר אַ גרויסער פאַהיבעל.

צוגעקומען צום טויער, בין איך שטיין געבליבן. איך האָב אַזוי מורא געהאַט אַריינצוגיין. אמת, איך האָב געוואוסט,

אַז ביי זיי דאָרטן ווייס מען נאָך פון גאָרניט, אָבער זיי וועלן גלייך פאַרשטיין, אַז איך האָב דער טאָכטער זייערע עפּעס אָפּגעטאָן, און זיי וועלן גלייך צושטיין צו מיר מיט שאלות, וואָס איך האָב מיך פּלוצים באַוויזן, און וואָס איך זאָל ניט האָבן צוגעטראַכט, וועט עס ניט טויגן, ווייל אומקערן זיך האָב איך ניט באַדאַרפט אונטער קיינע אומשטענדן.

איך בין געשטאַנען אין געהאַקטע וואונדן און געקוקט ווי דוואָרניקעס האָבן צוגויפגעשאַרט דעם פרישן שניי, וואָס איז אויסגעפאַלן ביינאַכט. און אים צוגעשאַרט צו די פאַרטונקלטע בערג שניי, —וואָס זיינען פון דער זעלביקער חברה, וואָס פאַסן אויף די הויפן, צונויפגעשאַרט געוואָרן פון פריערדיקע שנייען. ס׳איז מיר געווען קאַלט, כאָטש שטאַרק קאַלט איז אין דרויסן ניט געווען, אָט ווי עס ווערט אַלעמאָל מילדער דאָס וועטער נאָכדעם ווי אַ שניי פאַלט אויס. אָבער פאַר מיר, ס׳הייסט פאַר מיין שטימונג און דאָסגלייכן פאַר מיין „הילוך" איז גענוג קאַלט געווען. איך האָב געקוקט מיט גרויס קנאה אויף די מענטשעלעך, וואָס שפּאַצירן זיך אַזוי געמיטלעך, און אויף דאָס קליינוואַרג און גרעסערע פון קליינוואַרג, וואָס האָבן איינס דאָס אַנדערע אויף שליטעלעך געשלעפּט, און אויף מיידלעך און יינגלעך האָב איך געקוקט, וואָס האָבן זיך מיט שניי־קוילן אַרי־בערגעוואָרפן. איינער אַ גרויס־גופיקער פאַרשוין, אָנגעפּעלצט אין אַ בערענעם פוטער, האָט געפירט אַ גרויסן הונט אויף אַ קייטל און אַלע האָבן נאָכגעקוקט אָט דעם בערישן מענטש, ווייל זייער זעלטן האָט מען געזען, מען זאָל טראָגן אַזאַ פוטער מיט דעם פעל פון אויבן. און איך האָב ניט געוואוסט, וועמען פון זיי מקנא צו זיין, צי דעם הונט, צי דעם פריץ, וואָס האָט אים געפירט.

נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת, האָב איך מיך מיישב געווען, אַז ס׳וועט זיין בעסער פאַר מיר, ווען איך וועל פאַרקערעווען דעם דישל אויף צוריק. זי אַליין, אָט דער וואָס האָט מיך מיט־גענומען איך זאָל איר נאָכטראָגן דעם קויש, האָב איך שוין טאָ־קע ניט געזען, איך האָב אָבער געוואוסט די ערטער, וואו די מאַמע אירע האָט איינגעקויפט אַלע בויטיקע זאַכן, וואָס זיי האָבן בויטיק געהאַט פאַרן טאָג־טעגלעכן געברויך. איך האָב מיך

טאַקע אַ לאָז געטאָן מיט דעם וועג, וואָס האָט אַהינצו געפירט, און ס'איז מיר ניט שווער אָנגעקומען אָפּצוזוכן דעם פאַרלאָרע־נעם אוצר מיינעם. דערפאַר אָבער איז מיר אָנגעקומען מיט גרינגע ווערים איידער זי האָט באַוויליקט מיר איבערצוגעבן דעם קויש. איך האָב אָבער געמאַכט אַ גרויסן טעות, מיינענדיק, אַז איך וועל דערמיט פאַרריכטן דאָס, וואָס איך האָב קאַליע גע־מאַכט. אַזוי גלייך ווי זי האָט די טיר פון „ראַבאָטשע" געעפנט, האָט זי געעפנט דאָס פּיסקעלע אירס, און דערציילט וואָס פאַר אַ וועג איך האָב מיט איר אָפּגעפּראַוועט, און דער באַלעבאָס, ניט פרעגנדיק ביי מיר, צי האָב איך וועגן דעם ענין עפּעס צו זאָגן, האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ דעמבענע פלאַנקע, און זיך פאַרנומען צו דרעשן די ביינער מיינע. אָבער ניט אין דעם שלאָגן אַליין שטעקט די גאַנצע טראַגעדיע. די הויפּט טראַגעדיע פאַר מיר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די קלעפּ האָב איך געקריגן דורך דער מויד...

אוי וויי וואָס פאַר אַ חרפה דאָס איז!... און דערפאַר האָב איך מיט די ציין פאַרשטשימעט, און וויפיל דער אַלטער ימח שמוניק האָט ניט געלייגט אין מיר, האָב איך קיין פּיפּס ניט געטאָן, אַזוי, אַז די באַלעבאָסטיטשקע האָט עס שוין ניט געקענט פאַרליידן, אָט דאָס שווייגן מיינס, און האָט זיך אָפּגערופן:

— אַ פּיטיינע הונט דאָס איז!...

## ה

צווישן יאָ און ניין איז זיך דערווייל דער ווינטער אַוועק. הגם די ווינטערדיקע קעלטן האָבן נאָך אָנגעהאַלטן, און זאַווערוכעס און שנייען האָבן זיך אָפּט געוויזן פון ווינטער־זייט, וואָס ווערט אָנגערופן צפון; אָבער פון צייט צו צייט האָט זיך אַ מילד ווינטעלע פאַרגנבעט, וואָס האָט אַריינגעמורמלט אין דרויסנדיקייט, אַז דער פרילינג שטייט שוין נאָענט. יאָ, אויך די באַדייטנד־גרעסערע טעג און די קלענערע נעכט האָבן עס גע־לאָזט פילן. צי האָב איך מיך געפרייט מיט דער דערנענטערונג

פון פרילינג ? אוי, ניין ! דאָס איז די גרעסטע פּלאָג פאַר אַ מענטשן, ווען ער באַדאַרף זיך מיט עפּעס פרייען און ער פרייט זיך ניט. די פּלאָג האָב איך דעמאָלט איבערגעלעבט, פאַרשטעלנדיק זיך, ווי איך וועל עס באַדאַרפן זיין גאַנצע טעג פאַרשפּאַרט אין „ראַבאָטשע" און ווי אַ פויגעלע פון אַ שטייג אַרויסקוקן אין דרויסן אַרויס און אַליין זיין צוגעבונדן צום וואַרשטאַט.

אָבער דאָס וואָלט נאָך אַלץ געווען צו דערליידן, ווען איך וואָלט כאָטש געהאַט די אָוונטן פאַר זיך. איז אָבער די גאַנצע צרה, וואָס אין די אָוונטן בין איך פונקט אַזוי געווען צוגעבונדן צו דער „ראַבאָטשע" ווי בייטאָג, און ווען איך האָב זיך געוואָלט אויף אַ ווײַלע אַרויסכאַפּן פאַרן טויער, האָב איך באַדאַרפט נעמען די דערלויבעניש פון מיינע באַלעבאַטים, וואָס איך האָב זייער זעלטן געקריגן. ס'איז ביי זיי געווען איינגעפירט, אַז אַ לערן־יונג האָט תמיד באַדאַרפט זיין אויף זיין פּאָסטן, ווייל אַ לערן־יינגל — האָט ניט נאָר באַדאַרפט אַרבעטן, נאָר אויך באַדינען די באַלעבאַטים זיינע. איז ווי קאָן מען זיך עס אויפהויבן אין מיטן־דרינען און אַוועקגיין ? טאָמער באַדאַרף מען אים ערגעץ שיקן אַ גאַנג, צי וואָס ? און בכלל וואוהין האָט עס און וואוהין באַדאַרף עס אַ לערן־יונג גיין ? בלויז שבת נאָך מיטאָג האָב איך געקריגן אַ פּאָר פרייע שעה „צו גולייען" (פאַרברענגען). איז אויכעט האָב איך שוין פיר אַ זייגער באַדאַרפט זיין אויפן אָרט, ווייל פיר אַ זייגער האָב איך באַדאַרפט גיין „פאַרען טיי" (פאַרען טיי האָט געמיינט ברענגען אַ טשייניק וואַסער פון טראַקטיר) און נאָכדעם ? נאָכדעם האָב איך באַדאַרפט בלייבן היטן די „ראַבאָטשע", ווען זיי זיינען זיך דאָרטן אַוועק שפּאַצירן, צי מ'איז גאָר ערגעץ צו גאַסט געגאַנגען.

היטן די „ראַבאָטשע". אייגנטלעך איז אין „ראַבאָטשע" ניט געווען וואָס צו היטן, אויב ניט רעכענען דאָס געצייג, וואָס פאַר אַ גנב, ער זאָל עס גנבענען און גיין פאַרקויפן, האָט עס קיין ווערט ניט געהאַט. וואָס שייך די שטוב, האָט מען זי פאַר מיר פאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער. האָט מען דאָך הינטער מיין נאָז צוגעשלאָסן די טיר די גאַנצע צייט, ווען איך בין אין פאָרהייזל געשלאָפן. און וויפיל מאָל מ'איז ביינאַכט געגאַנגען אין קיך

אַריין אָפּגעבן דעם עמער אַ וויזיט, איז די טיר אויפגעשלאָסן געוואָרן און צוריק פאַרשלאָסן געוואָרן, ווען מ׳איז צוריק אַריין. אַזוי, אַז איך האָב דאָ געהאַט אי דעם „כבדהו״ (וואָס מ׳האָט מכבד געווען מיט דער מוזיק דאָרטן) און מיטן „חשדהו״. און איך וואָלט נאָך דערצו געקאָנט צורעכענען דעם גרויסן כבוד, וואָס די מאַמע און די טאָכטער האָבן זיך באַוויזן אין די איינע העמדער, וואָס דאָס האָט מיך ניט ווינציקער געקאָראָבעט, ווי דאָס אויפשליסן און פאַרשליסן די טיר הינטער מיין נאָז.

צוזאַמען מיט דער דערנענטערונג פון פרילינג, האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו פילן דער צופלוס פון אַרבעט. גלייך נאָך פורים האָט זיך אַפילו שוין אָנגעהויבן צו ווייזן פאַר־פּסחדיקע אַרבעט. איך מיין אַזאַ סאָרט אַרבעט, וואָס איז מיטן יום־טוב פּסח געווען פאַרבונדן. דאָס זיינען געווען קראַגנען, הילצערנע קראַגנען צו וויין־פעסער, וואָס די וויין־שענקער האָבן באַצייטנס שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן אויף פּסח, און מיין באַלעבאָס איז דאָס געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין אָט דער אַרבעט. אַז מ׳זאָגט אַ ספּעציאַליסט אין אַ געוויסער אַרבעט, מיינט עס, אַז די אַרבעט איז אַ „ספּעציאַלנע״, און דאָ איז עס טאַקע אַזוי געווען. אפילו דעם בן זיינעם האָט ער זי מורא געהאַט צו פאַרטרויען. און פון מיר, פון מיר איז דאָך אָפּגערעדט. איך האָב, בכלל גענומען, קיין פאַרשריט אין מיין אַרבעט ניט געמאַכט, און אַנדערש האָט עס דאָך ניט געקאָנט זיין. ווי שטייט דאָרטן, „ולא הקפדן למד״ (דער בייזער קאָן נישט לערנען), אַז דער באַלעבאָס, ווען ער איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג, און געהאַט האָט ער זי אַלע טאָג נאָך דעם, וואָס ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין נאָך־מיטאָגדיקער צושפּאַרעניש, האָט ער זיך אָפּגעקליבן אָט די בייזע שעה צו קנעלן מיט מיר און פאַר איין וועגס האָט ער שוין געהאַט צו וועמעס קאָפּ אויסצולאָזן די שלעכטע שטימונגען זיינע. אונטער אַזעלכע אומשטענדן, ווען איבער דיין קאָפּ האַלטן זיך אין איין שיטן קללות און זידלערייען און מ׳וואַרפט דיר אַלע מינוט דעם טאַטן מיט דער מאַמען פון די קברים אַרויס, קאָן דיר שוין די אַרבעט אין קאָפּ אַריין ניט קריכן...

וואָס איז שייך די קראַגנען, וועגן וועלכע דאָ רעדט זיך,

האָט ער מיך יאָ מזכה געווען מיט צו־שניידן און צו־שפּאַלטן די לענג און די גרעב, וואָס די קראַנען האָבן באַדאַרפט האָבן, דערנאָך זיי אַרומטעסען, און נאָכדעם, אויפן וואַרשטאַט שוין „אָפּבאַלוואַנעווען“ און זיי אים צושטעלן מיט דער גרעב, וואָס זיי האָבן שוין באַדאַרפט פאַרבלייבן. אָבער אין דעם האָט קיין גרויסע תורה ניט געשטעקט.

די אַרבעט האָט אפילו ניט געקלעקט אויפן גאַנצן טאָג, נו, איז די איבעריקע צייט האָב איך אים „צוגעדרייט“, און כאָטש דאָס „דרייען“ איז אין דער מלאכה געווען די שווערסטע אַרבעט, און אַז מ׳האָט דיר צוגעדרייט האָסטו געקאָנט אַרויסגעבן צוויי מאָל אַזוי פיל אַרבעט, ווי ווען דו האָסט אַליין באַדאַרפט דרייען דאָס ראָד, האָט דאָך אָט דער כלבניק געהאַלטן אין איין בורטשען:

— האַלט זיי, אָט די פאַרשיווצעס (דאָס מיינט די לערךיונגען), לערן זיי די מלאכה, לערן זיי, געב זיי צו פרעסן און צו טרינקען געב זיי, און אַז ס׳קומט צו עפּעס, איז ניטאָ קיינער אין דערהיים!

אַ וואָך נאָך פּורים האָט זיך אויך אין שטוב אָנגעהויבן צו רודערן מיט פאַר־פּסחדיקער אַרבעט. ס׳איז טאַקע צו פרי געווען דריי וואָכן פאַר פּסח מאַכן אַ „זאכיט“ אין שטוב, נאָר די אַנדערטהאַלבן ווייבער האָבן קאָנטיק געוואָלט אויסנוצן די שיינע וועטערן. די צייט פון יאָר איז, ווי באַוואוסט, זייער אַ קאַפּריזנע. דריי וואָכן פאַר פּסח, און אַמאָל נאָך פריער, קאָן „כאַפּן“ שיין און שפּעטער, זאָל דער הימל אָנהויבן כליאַסקען מיט גרייפּעלעך, מיט האָגלען, צי גאַנץ פּשוט מיט שנייען, און אַזוי ווי זיי האָבן זיך אָן מיין הילף ניט געקאָנט באַגיין (צי ניט געוואָלט)), האָבן זיי מיך אָפּט אָפּגעריסן פון דער „אַרבעט“, מיט וועלכער איך בין באַהילפיק געווען דעם באַלעבאָס און אַזוי אַרומעט איז צווישן זיי, דאָס הייסט צווישן דעם ווייבערשן פאָרל מיטן באַלעבאָס, אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ איבער מיר. ער האָט געטענהט, אַז זיין אַרבעט איז ביילכער, און די באַלעבאָסטע האָט געטענהט, אַז זייער אַרבעט איז ביילכער, און גע־

סטראַשעט, אַז אויב ער וועט ניט לאָזן דאָס יינגל זיי אַרויס־העלפן אין זייער אַרבעט, וועט זי צונעמען אַ „מענטשן״.

דאָך ווען עס איז געקומען ערב יום טוב, האָט מען מיך גע־וואַלט באַגיטיקן פאַר מיין שווערער פראַצע, און מ׳האָט מיך געוואָלט מזכה זיין מיט אַ „פידזשאַק״ פון ... יאָ, פון וועמען ער זאָל האָבן געווען, פונם באַלעבאָס, צי פונם בן פון זיינעם, האָט ער זיך געקאָנט אַרויפפּאַסן אויף מיר ווי אַ שטייגער אַ בערישע פעל אויף אַ קאַץ; און אויב זיי האָבן ערנסט געמיינט, אַז איך וועל אָט דעם געשאַנק אָננעמען און דאָס טראָגן, באַ־ווייזט עס אָן איבעריקן מאָל ווי אַזוי זיי האָבן געקוקט אויף מיר, און וואָס פאַר אַ פנים איך האָב ביי זיי געהאַט. אמת, אַז דער הילוך מיינער איז געווען זייער אַ שענדלעכער. איך האָב דאָך נאָך אַלץ געטראָגן דאָס פאַראָסינען קאַפּאָטקעלע פון דער „טשאָרטעווער קאָזשע״ (אַזאַ שטאָף, וואָס קאָן קיינמאָל ניט צע־ריסן ווערן), וואָס טאַטע־מאַמע האָבן מיר געהאַט געמאַכט (און דאָס מיינט, איידער זיי האָבן מיך פאַר אַ קיילעכדיקן יתום גע־מאַכט). די פאַראָסינעווע קאַפּאָטע איז אפילו ניט געווען אַזוי לאַנג ווי די ווינטערדיקע קאַפּאָטע מיינע, דערפאַר אָבער איז זי שוין געווען מער אָפּגעטראָגן (דאָס נעמלעכע רעדט זיך וועגן די הויזן פון דער זעלביקער סחורה) אָפּגעבליאַקעוועט, און געהאַט אַ פנים ווי גראָז, וואָס ווערט אויפן וואָרצל פאַרטריקנט. (ווען איך האָב זיך געוואָלט דערמאָנען וואָס פאַר אַ קאָליר די פאַראָ־סינע האָט אַמאָל געהאַט, האָב איך אונטערגעהויבן אַ לאַץ). חוץ די אַלע מעלות, איז זי נאָך געווען היפשלעך ברודיק און אַזוי פאַרשמאָלצעוועט, אַז מ׳האָט געקאָנט אויספּרעגלען אַ פּוד שמאַלץ פון איר. אַזוי ווי זיי האָבן זיך געקליבן, ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, מיך צו באַזעצן מיט זיך ביים טיש, צום סדר איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז פאַר זיי איז שוין קיין חילוק ניט געווען, וואָס איך זאָל ניט האָבן אויף זיך, אַבי זיי זאָלן מיך ניט האָבן ביי זייער יום־טובדיקן טיש אין מיין הלבשה.

דאָס איז געווען ערב פסח, גאַנץ פרי, צווישן אַכט און ניין אַזייגער, ווען איך האָב מיך געראַטשקעוועט אויף אַלע פיר און געוואַשן די פּאָדלאָגע אין „ראַבאָטשע״. אין דער צייט האָט

זיך די באַלעבאָסטע באַוויזן מיטן שײנעם אוצר און געגעבן אַ זאָג:

— אַ־נו־קאַ, קום נאָר אַהער!

ווען דאָס וואָלט געווען די מויד, וואָלט איך ניט געווען צוגעגאַנגען, ווײַל איך וואָלט עס זיכער אָנגענומען, אַז זי וויל דאָ מאַכן אַ קאָמעדיע מיט מיר, אָבער אַז זי אַלײן, די באַלע־באָסטע, רופט, קאָן מען קײן דבר אחר ניט זײַן, קאָנסטו זיך שוין ניט אָפּזאָגן. האָב איך טאַקע, אַזוי גלײַך ווי איך האָב דערהערט דעם רוף אירן, אויסגעדרײט די שמאַטע אין עמער אַרײַן, אַרומגעווישט מיט דער זעלביקער שמאַטע די הענט ביז העכער־אַרויף די עלנבויגנס, און בין מיר טריט־בײַ־טריט צוגע־גאַנגען צו „זײַ", צו איר און צום „פּידזשאַק", וואָס זי האָט גע־האַלטן אין אירע הענט אַ ברײט־צעשפּרײטן. אַזוי גלײַך ווי איך בין צו צו „זײַ", האָב איך געמאַכט „בואי בשלום" און אַרײַן מיט בײדע הענט אין די אַרבל־לעכער. אײנצײטיק האָב איך דערפילט דער באַלעבאָסטעס הענט, וואָס האָבן זיך מיטן רעקל אַרויפגעכאַפּט אויף מײנע אָרעמע שמאַלינקע אַקסלעלעך און פאַרבליבן דאָרטן ליגן מיטן „פּידזשאַק" וואָס איז אויף מיר גע־בליבן הענגען. איך האָב דערפילט, ווי אָט די הענט ציטערן און טרײסלען זיך, ווי זי וואָלט דאָס קדחת באַקומען, שליקערצלעך פון אַן אײנגעהאַלטענעם געלעכטער האָבן מײנע אויערן אויפגע־כאַפּט. אַזעלכע שליקערצלעך ווי אַ הון לאָזט אַמאָל הערן פון זיך, ווען זי כאַפּט אַן אַ פול העלדזל מיט פּראָסע און קאָן עס ניט אַראָפּשלינגען.

זי האָט זיך געקאָנט האָבן די בעסטע כוונות, די באַלע־באָסטע. ווײַל נאָך אַלעמען קאָן מען דאָך אַ יידישע נשמה ניט קראַצן. פאָרט אַזאַ גרויסער יום טוב און דאָ בײַ זײ געפינט זיך אַן אָרעם יידיש ײנגל, אַ קײלעכיקער יתום, האָט זי געוואָלט לכבוד אָט דעם גרויסן יום טוב מיך מזכה זײַן מיט דעם רעקל. זי האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפן. ווען זי האָט דערזען אויף מיר דאָס מלבושל, האָט זי זיך געמוזט צעלאַכן, און עס איז זײער פײַן און לײַטיש פון איר זײַט, וואָס זי האָט געוואָלט אײנהאַלטן דאָס געלעכטערל. אָבער אַפילו אָט דאָס אײנגעהאַל־

נער געלעכטערל איז, קאָנטיק, דערהערט געוואָרן אין שטוב, און דאָ איז טאַקע גלייך געקומען צולויפן דאָס טעכטערל אירס, און זי האָט שוין ניט געפונען פאַר נויטיק איינצוהאַלטן דאָס געלעכטער, ווען זי האָט מיך דערזען אינם ברודערס פּידזשאַק. איך האָב זיך דאָ גלייך געגעבן אַ דריי אויס צו איר מיטן פראָנט מוכן ומזומן אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס שיינע געשאַנק, אָבער זי האָט מיך דאָ געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי ביידע לאַצן און שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, האָט זי מיט באַנומענע קולות זיך פאַרנומען צו רופן דעם ברודער אירן:

— איציק־איציק, ציציק!

דער גערופענער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג רופן. ער איז גלייך אַריינגעלאָפן, האַלטנדיק אין אַרויפציען אויף זיך די שלייקעס פון די נייע הויזן, פון דעם נייעם קאָסטיום, וואָס דער שניידער האָט אים צוריק מיט אַ פּאָר טעג געבראַכט, און אויך ער האָט זיך גענומען שטיקן פון געלעכטער. די באַלעבאָסטע, זי האָט שוין אַפילו ניט געלאַכט, אָבער דער מאַמע־בויך האָט זיך ביי איר געהויבן און דאָס איז שוין קענטיק געווען מער אויס נחת, וואָס די קינדערלעך אירע האָבן פאַרגעניגן. זי האָט אָבער איינצייטיק, ווי איך באַנעם עס איצט, אויך איינגעזען אָן עוולה אין דעם געלעכטער אין זייערן, ווייל זי האָט זיך איין מאָל און אַ צווייטן אַ פּרואוו געטאָן דאָס פּאָרעלע אַרויסצושטויסן פון פאַרהייזל אַרויס, אָבער זיי האָבן זיך ניט געלאָזט. ער אפשר וואָלט זיך יאָ געוועזן געלאָזט, נאָר דאָס שוועסטערל האָט אים צוגעהאַלטן מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער האָט זי מיך איינגעהאַלטן, איך זאָל דערווייַלע ניט אַראָפּוואַרפן דעם פּידזשאַק פון זיך. צולעצט האָט זי מיך געגעבן אַ כאַפּ אַרונטער אונטערן אָרעם, און אַ זאָג געגעבן צו מיר מיט געבעט:

— קום, איך וויל דער באַלעבאָס זאָל דיך זען!

דאָ האָבן זיי שוין ביידע, אי די מאַמע, אי דער ברודער, זי גענומען אָוועקשלעפּן פון מיר, די מויד לאָזט זיך שלעפּן, אָבער מיך לאָזט זי ניט אָפּ. זי גיט זיך אָבער און ווידער אַ דריי, און כאָטש צו אַ מכה זי צולייגן, אַזוי גוט איז זי צו מיר און מיט טרערן אין די אויגן (פון לאַכן) בעט זי זיך

ביי מיר ווידער און אָבער, איך זאָל אַריינגיין מיט איר אין שטוב אַריין און זיך ווייזן פאַרן באַלעבאָס. דאָס מאָל האָב איך געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט זי ניט פאָלגן, אָבער, איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס, איך האָב געלאָזט זיך איינבעטן פון איר, און זי האָט מיך „פאַדרוטשקי״ (אונטערן האַנט) אַריינגעפירט אין שטוב אַריין.

אין שטוב איז שוין געווען פסחדיק. דער באַלעבאָס אַליין האָט שוין אויך אויסגעקוקט ווי אַן אויסגעכשרטער, ווייל ער איז ערשט ניט לאַנג פון באָד געקומען. ער איז געווען ראָז. די באָרד זיינע סימעטריש געשוירן, און די שפּיץ באַקן זיינען געווען רונדיק אויסגעגאָלט און אַדאַנק דעם האָבן זיי אויסגעזען פּוכקער, פעטער. בקיצור, אַ יום־טובדיקער, הגם אויפן קאָפּ האָט ער נאָך געטראָגן דאָס וואָכעדיק היטל מיטן לאַקירענעם דאַשעק, מיט וועלכן ער איז ביים וואַרשטאַט געשטאַנען און דאָס פרישע העמד איז געווען צעכראַסטעט און ס׳האָבן אַרויסגעקוקט גרויע האָר פון דער ברוסט.

ער איז געזעסן ביי אַ קליין, קיילעכיק טישעלע, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט מיט אַ שטיק פּאַפּיר און זייער ערנסט גע־קייט די לעצטע חמצדיקע סעודה, און ס׳האָט זיך געדאַכט אַז ניט צוליב עסן עסט ער, נאָר ווייל מ׳וועט שוין באַלד ניט טאָרן עסן דאָס וואָס ער עסט, און דערפאַר טאָקע איז אַ מצווה צו עסן, דערביי זיך זייער געהיט, אַז ס׳זאָל ניט אַראָפּפאַלן קיין ברעקל אויף דער ערד פון דעם וואָס ער עסט...

— טאַטע, זע־נאָר! קוק אים נאָר אָן! — האָט די מויד אַ פריידיקע אויסגערופן, אַזוי גלייך ווי זי האָט מיך אין שטוב אַריינגעשלעפּט. אָפּשטעלנדיק זיך און מיך אַ פּאָר טריט ווייט אַוועק פון אים און פונם טישעלע, ביי וועלכן ער איז עוסק גע־ווען אין מצות „עסע״ (עשה).

— האָסט שוין מער ניט וואָס צו טאָן? — האָט ער אויף איר אַ ברומקע געטאָן, וואַרפנדיק אויף איר אַ ביסטרען קוק פון אונטערן לאַקירענעם דאַשעק אַפּיר.

און מאָדנע, וואָס דווקא דאָ, דערפילנדיק אָט די מענטש־לעכע (צי יידישע) נאָטקע, האָט עס מיך געגעבן אַ בורע אונטער, און איך האָב מיך געגעבן אַ ריס אַרויס פון דער מויד אָון מיך

אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. אָבער איידער איך האָב באַוויזן אַרויס־צוואוואַרפן אַ פוס פון יענער זייט שוועל, אַ־אַ, די מויד האָלט מיך שוין ווידער. וואָס נאָך אַ שטייגער קאָן זי וועלן, נאָך־דעם ווי זי האָט זיך שוין אָנגעלאַכט און נאָך־דעם וואָס זי האָט מיך שוין באַוויזן פאַרן טאַטן פאַר אירן? ניין, זי וויל נאָך, אַז איך אַליין זאָל זיך זען, און טאַקע דאַ גלייך מיך געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי אַ האַנט און מיך גענומען שלעפּן צום שפּיגל, ביי וועלכן די באַ־לעבאָסטע איז געשטאַנען מיטן בן מיט אירן און אים געהאַלטן אין אויסבינדן דעם שניפּס, ווי זי פלעגט עס אים טאָן אַלע שבת אין דער פרי, ווען ער האָט זיך אויסגעפּוצט און זיך געקליבן אַוועקצוגיין. מיך צוגעפירט — ריכטיקער געזאָגט — צוגעשלעפּט צום שפּיגל, האָט זי ווידער געגעבן אַ שיס אַרויס אַ געלעכטער, און גוט־ברודעריש (צי גוט־שוועסטעריש) אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מיין אַקסל און געזאָגט אין מיין אָפּשפּיגלונג אין שפּיגל אַריין:

— אַלע האָבן דיך געזען. קוק זיך אויכעט אָן!

און ס'איז טאַקע געווען וואָס אָנצוקוקן. ווען איך וואָלט ניט געוואוסט, אַז דאָס בין איך, וואָלט איך ניט געוואוסט, אַז דאָס בין איך. עפּעס אַ פאַרזעעניש. אַנטקעגן גרויסן, ברייטן, לאַנגן „פּידזשאַק" איז די קליינקייט מיינע נאָך גרעסער געוואָרן... יאָ, אינם גרויסן „פּידזשאַק" האָב איך אויסגעקוקט אי גרויס אי קליין און אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען אַזאַ איינדרוק, אַז די קליינקייט מיינע איז פאַרגרעסערט געוואָרן... ביז די קני האָט מיר דער „פּידזשאַק" אָנגעשפּאַרט, ס'האָבן בלויז אונטן אַרויסגעקוקט שטיקלעך פיס, און אויבן דאָס גערגעלע מיינס, מיטן צעשויבערטן קעפּל מיינעם.

און אַפילו די אויגן מיינע האָבן עפּעס אַנדערש אויסגעקוקט. האָט ווער אַמאָל געזען די אויגן ביי אַ קאַץ, ווען זי ווערט באַפאַלן פון אַ הונט, ווי זיי פינקלען און גלאַנצן, אַזוי האָבן מיינע אויגן געפינקלט און געגלאַנצט מיט האַס און שנאה...

— צערייס געזונט! — האָט די מויד אַ זאָג געטאָן צו מיר.

און אַזוי ווי זי האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט, האָבן די הענט מיינע געגעבן אַ כאַפּ אָןביידע לאַצן און געגעבן אַ פליק און

אַ שינד אַראָפּ זיי, און גלייך נאָך דעם האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ האַנט מיט פינף פינגער אין באַק אַריין.

— דו ס'קען נעמען פּידזשאַק און ניט נעמען — האָט זיך אָפּגערופן דער זעלביקער, וואָס האָט מיר באַוויליקט דעם פּאַטש צו געבן — דו, סי רייסן האָט ניט פּראַוו...

ו

אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרניט געווען און גאָרניט פאָרגעקומען, האָט דער באַלעבאָס אַרום צוועלף אַזייגער, ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיין אַרבעט, מיר געגעבן אַ זיבעציקער (צוואַנציק קאָפּיקעס) איך זאָל גיין אין באָד אַריין און אויף אָפּצושערן זיך, און אויך די באַלעבאָסטע האָט זיך דאָס האַרץ צעבראָכן און מיר געגעבן אַ שטיק זייף, איך זאָל זיך גוט אַרומזייפן. זי האָט מיר טאַקע געזאָגט:

— נאַ דיר אַ שטיק זייף, נאַ דיר, וועסטו זיך דאָרטן גוט אַרומזייפן.

פאַרבראַכט אין באָד אַ שיינע פּאָר שעה, און פאַר די פּאָר שעה האָב איך פון זיך די זיבעטע הויט אַראָפּגענומען. זיך גע־וואַשן, זיך געשמיסן, און ווידער זיך געוואַשן און ווידער זיך גע־שמיסן, און געהאַלטן אין איין פליוכען אויף זיך שעפעלעך וואַ־סער, און האָב אַפילו באַוויזן צו כאַפּן אַ פיינעם דרימל דאָרטן.

אמתע עולם הזה געהאַט די פּאָר שעה, וואָס איך האָב אין באָד פאַרבראַכט. אָבער ס'איז מיר „אויסגעפּאַלן באָקאָם", ווען איך בין אַרויס פון באָד און אַריין אַהין וואו מ'טוט זיך אויס און וואו מ'טוט זיך אָן און באַדאַרפט צוריק אַריינקריכן אין דעם שיינעם „גאַרדעראָב" מיינעם. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געהאַט איבערצובייטן, איז דאָס העמד, און טאַקע בלויז דאָס העמד! וואָס שייך גאַטקעס, האָב איך זיי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט... נו, איז דאָס עפּעס אַ גוטער טעם, אַ? אַריינצוקריכן אַן אויסגעפּאַרעטער, אַן אַרומגעוואַשענער אין די זעלביקע „תחתונים", אין וועלכע איך בין ביי דער אַרבעט געשטאַנען און

געטאָן כל עבודת פרך, און וואָס דאָרטן אין די הויזן האָט זיך געטאָן, לאָז איך שוין איבער צו דער פאַנטאַזיע פונם „קורא נכבד"...

אמת, מיט גאַטקעס וואָלט עס אויך ניט געטויגט. אָבער אויפן מאָמענט וואָלט עס דאָך אָנגענעמער געווען, ווי אַריינצושפּרינגען אין דעם שמוציקן אומגליק. „מ—מ—ס, אַ בראָך, אַ ריס, אַ ציפּ זאָל זיי געשען", האָב איך אויף אַ קול אויסגעשריגן. ווען זיי וואָלטן מיר בעסער געשענקט אַ פּאָר גאַטקעס, אויפן אָרט פונם פּידזשאַק, וואָלט איך עס דאָך געקאָנט איצט אָנטאָן, און וואָלט ניט באַדאַרפט שלעפּן אויפן ריינעם לייב די שמוציקע הויזן!

איך בין אַריין צוריק אין באָד מיט די הויזן, זיי איבערגע־קערט אויף דער לינקער זייט, האָב איך גענומען אַ זאַדיק שעפעלע וואַסער און מיטן פּאַטשיילכל וואָס איך האָב מיך געהאַט אַרומ־געוואַשן, האָב איך געטונקען אין דער קאָכעדיקער וואַסער און גוט אַדורכגעריבן די נוטן, און בין אַרויס פון באָד מיט צוויי נאַסע „לאַמפּאַסן".

ערשט ווען איך בין „אַהיים" געקומען האָב איך דאָרטן געטראָפן אַ גרויסן „סיורפּריז", וואָס איז פאַר מיר, אין דער צייט ווען איך בין אין באָד געווען, צוגעגרייט געוואָרן: אַ טור־זשורקעלע מיט אַ פּאָר הויזן און אַפילו אַ העמד (אָבער קיין גאַטקעס איז אַלץ ניט געווען).

ניט אומזיסט זאָגט מען, „דעם מענטשנס גאָב, כאָטש נעם באַגראָב". איין פּאָר גאַטקעלעך ווען זיי, די יעניקע, וואָס האָבן זיך די הערצער צעבראָכן און דאָס אַלץ געגעבן, וואָלט שוין גוט געווען.

און געגעבן האָט עס, ווי איך האָב מיך אָנגעשטויסן, די עלטערע טאָכטער, די מאַמע פונם גימנאַזיסטל פון אירן, דאָס מיינט פונם עלטסטן אייניקל פון מיין באַלעבאָס. איך ווייס גאָר ביז היינטיקן טאָג ניט, ווער דאָס האָט זיך אויסגעפּאָ־זעוועט פאַר מיר און ווער ס'האָט עס פאַר מיר געבראַכט.

סיי־ווי־סיי, ס'וואָלט שוין געקענט זיין גוט אָן די גאַטקעס אויך, ווייל די הויזן זיינען דאָך געווען ריינער פון מיינע (אַפילו נאָך דעם וואָס איך האָב זיי אין באָד די באָד געגעבן). דאָ אָבער

ווען איך האָב גענומען באַטראַכטן די טוזשורקע, האָב איך דער־זען, אַז זי איז אַן קנעפּלעך, און ווי ס'איז געווען צו דער־קענען האָט מען זיי טאַקע אָקאָרשט אָפּגעשניטן, און דאָס האָט שוין געטויגט אין דער ערד. ווי קען מען דאָס טראָגן אַ טו־זשורקע ניט פאַרשפּיליעט, (אַ רעקל קאָן מען נאָך גיין ניט פאַר־שפּיליעט אָבער אַ טוזשורקע ניט) איז מילא, וואָלט איך זיי דאָרטן, די יעניקע וואָס האָבן אָפּגעריסן די קנעפּלעך, געקענט געווען מוחל זיין, ווייל די קנעפּ זיינען געווען זילבערנע (צי געזילבערטע) און גימנאַזיסטישע, וואָס איך וואָלט סיי־ווי ניט געקאָנט געווען טראָגן, יאָ, אָבער צונייען אַנדערע קלאַפּאַטשעס וואָלט מען דאָך געקענט!

ווען איך בין אַזוי געשטאַנען און באַטראַכט די טוזשורקע, האָט זיך דאָס מאַמזעלכל אַריינגעוויזן אין „ראַבאַטשע", שוין אַן אויסגעסטראָלצטע לכבוד יום־טוב, און האָט זיך אַזוי בגלופנדיק אַ פרעג געגעבן ביי מיר:

— נו, שוין אָנגעמאָסטן?

— וואָס זאָל איך גיין מעסטן וואָס? — האָב איך אַן אָנגע־דראָלטער אָפּגעפרעגט — איך וועל עס דען קאָנען אָנטאָן? ס'איז דאָך קיין קנעפּלעך ניטאָ אויף דער טוזשורקע!

— טאָ וואָס וועט זיין?

איך האָב איר ניט געענטפערט, וויסנדיק, אַז ווען זי וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט זי שוין געוואוסט וואָס מ'באַדאַרף טאָן און ניט פרעגן ביי מיר קיין עצות. הגם איך האָב ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זי וויל עס ניט טאָן. איך וואָלט עס זייער גוט פאַרשטאַנען ווען ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן מיינס אַ מלבוש, מיאוסט זי זיך דאָס אין די הענט צו האַלטן, צי זי וואָלט עס גלאַט געהאַלטן פאַר אַ פחיתת הכבוד פאַר זיך און פאַר אַ באַלעבאָס טאָכטער, אַז זי זאָל פאַרן לערך־יונג אַזאַ אַרבעט טאָן. דאָ אָבער איז דאָך עפּעס אַנדערש, דאָ...

— וואָס שווייגסטו — האָט זי צודרינגלעך אַ פרעג געגעבן נאָך אַ קורצער פויזע.

אויפן אָרט פון צו ענטפערן איר, האָב איך גענומען דאָס טוזשורקעלע און דאָס צונויפגעלייגט און דאָס אָפּגעלייגט אַן אַ

זייט... זי האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, און האָט מיט אַ „ירגזון“ אַ זאָג און אַ פרעג געטאָן:

— און דו מיינסט אַוודאי, אַז דו וועסט אַזוי זיצן מיט אונדזביים טיש אין דער שיינער „אובראַניע“ דיינער?

אָט אין וואָס ס'האָט זיך געהאַנדלט!... מילא קיין תרעומות דערפאַר האָב איך אויף זיי ניט געקאָנט האָבן. וואָס שייך מיך וואָלט איך זיי מוחל געווען די טובה, איך וואָלט ליבערשט גע־פראַוועט דעם סדר דאָרטן וואו איך „פראַווע“ די „סדרים“ מיינע אַלע טעג און נעכט פון אַ גאַנץ יאָר. אָט ווי פיינלעך דאָס וואָלט מיר געווען, וואָלט עס מיר פיל אַנגענעמער געווען ווי זיצן ביי איין טיש מיט די מענטשן וואָס שפייען מיר טאָג טעגלעך אין פנים אַריין.

— אַוודאי וועל איך ניט קענען! — האָב איך שטעכעדיק און פריידיק אויסגערופן און דערביי שוין געגעבן אַ לייג־צו די הויזן מיטן העמד צו דער טוזשורקע, אויסן זייענדיק איר צו באַ־ווייזן, אַז איך באַדאַרף דאָס אַלץ אויף כפרות.

אין דעם מאָמענט האָט זיך די באַלעבאָסטע באַוויזן אַ פאַר־פאַליעטע און אַ צעטראָגענע, און אַרונטערגעשטעקט אַ האַנט אונ־טערן פאַרטעך אין וועלכן זי איז געווען פאַרשפּאַנט, האָט זי פון דאָרטן אַרויסבאַקומען אַ זילבערנע מטבע און געזאָגט:

— נעם, זונעלע, געב אַ שפרונג אויף איין פוס און ברענג מיר ליכט, „פירער“, קרעסטאָוויקאָווס' אָבער אויף איין פוס, דו הערסט? ווייל מ'באַדאַרף שוין באַלד ליכט בענטשן.

הערסט אַ מעשה? „זונעלע“... ניט מער און ניט ווינציקער... און אַלץ אין זכות פון יום טוב... און דאָך בין איך געווירט גע־וואָרן פון אָט דער ווענדונג אירער צו מיר, אַזוי ווייט געוואָרן גערירט, אַז ניט נאָר אויף איין פוס בין איך גרייט געווען דורכצו־פירן די שליחות אירע, נאָר אָן איין פוס אויכעט... איך בין גרייט געווען אַפילו צו פליען און איר ברענגען וואָס זי האָט מיר געהייסן, און ווען איך בין מיט די ליכט געקומען, האָב איך שוין געטראָפן די טוזשורקע מיט אַלע פיר קנעפלעך אָנגעניייט...

***

„כל ימי עני רעים" שטייט ערגעץ געשריבן. פרעגט זיך דאָרטן און וואָס הערט זיך מיט שבתים און יום טובים? ענטפערט מען דאָרטן, אַז אַזוי ווי דער אָרעמאַן דאַרט און קוואַרט אַ גאַנצע וואָך, איז פאַרשאַטן אים די גוטע מאכלים, וואָס ער עסט שבת און יום טוב, און אַזוי אַרומער האָט שוין דער אָרעמאַן אַלע טעג שלעכטע.

אַנטקעגן וואָס דאָס איז צו רייד געקומען? אַנטקעגן דער סדר נאַכט (צי ביידע סדרים) וואָס איך האָב מיט מיינע לייט ביי איין טיש געפּראַוועט. „שלעכט", שייך שלעכט. דער טעם פון זיצן ביי פרעמדע טישן איז גוט באַקאַנט, אָבער אַזאַ פרעמדן טיש און מיט אַזעלכע פרעמדע מענטשן, מיט וועלכע דו געפינסט זיך שוין העכער אַ האַלב יאָר אונטער איין דאַך און דו האָסט נאָך קיין זכיה ניט געהאַט צו זיצן אין שטוב ביי זיי, און דאָ פּלוצים באַזעצט מען דיך מיט זיך ביי איין טיש, און באַזונדערס נאָך דער קאָמעדיע וואָס מ'האָט מיט דיר אָפּגעפּראַוועט ערב יום טוב און דעם פּאַטש וואָס דו האָסט אַריינגעקראָגן צום שלוס פון דער קאָמעדיע, ווייל איך מ'זאָל זיך פאַרשטעלן, וואָס איך האָב געקענט פילן פון דעם גרויסן כבוד, וואָס מיר איז צוגעטיילט געוואָרן. אפשר די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק דינסטן און משרתים צו זיין, עסן אַ גאַנץ יאָר ביי די פּאַמאָיניצעס, און זיי זיינען פאַרבעטן געוואָרן צו די סדרים צו די באַלעבאַטימס טישן, אפשר זיי וועלן דאָס קאָנען באַנעמען, הגם מיין פּאָזיציע וואָס איך האָב ביי מיינע לייט פאַרנומען, איז געווען אַ פיל־ ערגערע.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ, איך האָב דאָרטן געהאַט נאָך אַ צרה, אַזעלכע, אויף וועלכער איך האָב זיך שוין גאָרניט געריכט, הגם איך וואָלט זיך אויף איר יאָ באַדאַרפט געוועז ריכטן. איך מיין, צו האָבן דאָס גימנאַזיסטל ביים טיש, אין וועמעס גאַרניטערל איך בין געווען אויסגעסטראָצלט, הגם אָט דער חברהמאַן האָט זיך געהאַלטן זייער קאָרעקט און זיך געסטאַרעט, ווי עס איז אויף אים קענטיק געווען, אין מיין זייט ניט צו קוקן, דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן פון זיינס אַ ברודערל, אַ קליין נפשל פון אַ יאָר פיר, צי פינף. אָט דער קליינער חברה־

מאַן האָט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון מיר, און ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס וואָס אַלע האָבן געקאָמאַנדעוועט מיט אים, ער זאָל אויף מיר ניט קוקן, און מער פון אַלע האָבן גע־קאָמאַנדעוועט מיט אים טאַטע־מאַמע:

— סמאָטרי סיודאַ (קוק אַהער) — האָט אים דער פאָטער עטלעכע מאָל דראָענד געזאָגט אָנווייזנדיק אויף די מענטשעלעך אין דער הגדה, און די מאַמע זיינע האָט אים געהייסן קוקן אויף איר צירונג, מיט וועלכן זי איז געווען באַהאַנגען און באַקלאַנגען, אָבער דער קליינער חברהמאַן האָט קענטיק מער אינטערעס געהאַט צו קוקן אויף מיר ווי אויף די מענטשעלעך און אויף די זאַכן, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אים אָנגעוויזן. יאָ, שוין דאָס אַליין וואָס יעדער איינער האָט אים ניט געלאָזט קוקן אויף מיר, האָט גע־קענט שאַפן אין אים דעם אינטערעס בעסער אויף מיר צו קוקן.

ס׳איז געווען דעם באַלעבאָס זון מיט דער שנור מיט די אייניקלעך, און די טאָכטער מיטן איידעם און מיט צוויי יאַטלעך אַרום און אַרום אַ צופלוס פון אַכט מענטשן און ס׳איז געווען ששון ושמחה ביים טיש, און ווען ניט די פערצן „ארבע כוסות" (אַלע צוזאַמען זיינען מיר טאַקע געווען בלויז דרייצן, נאָר מיט אליהו הנביאס כוס האָט שוין אויסגעמאַכט פערצן כוסות) און ווען ניט די מצות אויפן טיש און די צוויי „פירער" ליכט, וואָס האָבן אין די צוויי פראַזשעטענע לייכטער געברענט, וואָלט מען עס געקענט אָננעמען פאַר אַ פאַמיליען יום־טוב.

דער טיש איז געווען אַ קיילעכיקער, און במילא איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז דאָרטן וואו דער באַלעבאָס איז געזעסן, איז געווען דער אויבנאָן, און דאָרטן וואו איך בין געזעסן איז געווען דער „הינטן־אָן". דאָס גימנאַזיסטל האָט געפרעגט די פיר קשיות אין רוסיש, און נאָך דעם, ווי ער האָט די פיר קשיות אָפּגעפרעגט, האָט מען אים „געפּאַטשט בראַוואָ" און דאָס מומ־קעלע זיינס איז אַריין אין אַזעלכע קעלבערנע התפעלות, אַז זי האָט אים אַריבערגערופן צו זיך, ער זאָל זיך לעבן איר באַזעצן (פריער איז ער לעבן זיינע טאַטע־מאַמע געזעסן) און אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך לעבן איר באַזעצט, האָט ער זיך פאַרנומען „צו קוצקען" מיט איר. גאָר צום אָנהויב האָט ער זיך פאַרנומען איר

צו רייסן ביי די צעפּ. האָט זי די צעפּ אירע פאַרוואָרפן פון פאָרנט, איז ער ניט נתפּעל געוואָרן און האָט זיי געריסן פון דער פּראָנטאָווער זייט. שפּעטער האָט ער פון זיין קאָפּ אַראָפּגעכאַפּט דאָס גימנאַזיסטישע היטל זיינס מיטן גערב, און האָט אויף איר קאָפּ געגעבן אַ טו אָן, האָט דאָס מומקעלע אַראָפּגעכאַפּט פון איר קאָפּ דאָס היטל און האָט עס אים געגעבן אַ טו אָן און אַ רוק אַריבער איבער די אויערן, נו, האָט ער שוין דערפאַר געכאַפּט אַ „שטיקל זילבער" פון טיש און איר אַריינגעוואָרפן אין בוזעם אַריין...

איך האָב טאַקע געקוקט אין מיין הגדה אַריין, אָבער איך האָב גאַנץ גוט געזען, ווי דאָס פאָרעלע אַרבעט מעשים, אין דער צייט, וואָס די איבעריקע מאַנסבילן האָבן דערציילט די נסים פון יציאת מצרים... און הגם דאָס זאָל האָבן געווען דאָס לעצטע וואָס מיר איז דאָרטן אָנגעגאַנגען, איז עפּעס האָב איך דאָך געפילט אַ פריקרעקייט זעענדיק דאָס, און ס'האָט מיך מאַגנעטיש געצויגן אַהין, צו זיי צו קוקן...

אָט דער נחת, וואָס איך דערצייל דאָ, האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז וואַנען מ'האָט געזאָגט די הגדה, אָבער טויזנט מאָל ערגער איז געוואָרן ווען ס'איז געקומען צו דער אַכילה. איך האָב אין יעדן ביסן, וואָס איך האָב אַראָפּגעשלונגען, געהאַט דאָס געפיל אַז איך שלינג אַראָפּ אַ שטיק בזיון. מאָמענטנווייז האָב איך געפילט, אַז די קישקעס אין בויך גיבן זיך מיר אַ דריי איבער, און דער גאַנצער אַפּעטיט (ניט געגעסן פון אינדערפרי־אָן) איז ביי מיר אַזוי ווי מיט די הענט צוגענומען געוואָרן, און ווען איך האָב דאָס ערשטע לעפל יויך גענומען צום מויל, האָט מיר די האַנט אַ ציטער געטאָן און איך האָב מיר געגעבן אַ כליאָפּע אָפּ די געשענקטע טוזשורקע, און דער קליינער ממזר, דער זעלביקער, וואָס האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון מיר, האָט זיך צעליאַרמט מיט קולי־קולות:

— גרישקאַ, גרישאַ, גרישקאַ, סמאָטרי (קוק) טוואָיאַ (דיין) טוזשורקאַ!... — — — — —

ז

איך האָב שוין אַזוי פיל דאָ דערציילט וועגן זיך און האָב ניט דערמאָנט אַז איך בין אַ כהן. איך וואָלט עס אויך ווייטער ניט דערמאָנט, ווייל איך האַלט עס ניט פאַר וויכטיק, אָבער אַדאַנק דעם וואָס איך האָב אויפן צווייטן טאָג אָפּגעפּראַוועט מיטן באַלעבאָס מיט מיינעם אַ קאָמעדיע, אין שול, אַדאַנק דער כהונה מיינער, מוז איך עס איצט דערציילן. (סיי־ווי־סיי וואָלט איך עס געמוזט דערציילן ביי אַ צווייטער קאָמעדיע, וואָס איך האָב שפּעטער מיט אים אָפּגעפּראַוועט דורך דער כהונה דורך מיינער).

דעם ערשטן טאָג יום טוב, אינדערפרי, האָט מיך דער באַ־לעבאָס מיטגענומען מיט זיך אין זיין שול אַריין, וואו ער האָט געדאַוונט, און איך בין אים באמת דאַנקבאַר געווען דערפאַר, ווייל אַזוי גלייך ווי איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל פון שול, איז די מורא מיינע פאַר אים אַזוי ווי מיט די הענט צוגע־נומען געוואָרן.

פאַר וואָס דאָס איז געווען אַזוי, מיין איך וועט יעדן איינעם זיין פאַרשטענדלעך. ראשית, וואָס דער באַלעבאָס מיינער איז דאָרטן בטל בששים געוואָרן, אַ ייד ווי אַלע יידן און האָט פאַר־נומען די „שטאָט" זיינע אין דרום זייט, ווייט אַוועק פון מזרח וואו עס זיינען געזעסן גרעסערע מיוחסים פון אים (איך האָב טאַקע ניט געוואוסט, ווער די יידן זיינען, וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין שול, נאָר איך האָב פאַרשטאַנען, אַז וויבאַלד זיי פאַרנעמען דעם אויבנאָן, זיינען זיי גרעסערע מיוחסים פון אים). אַלזאָ האָב איך גלייך דערזען, אַז קיין גרויסער „יאָ טעבע דאָם" איז ער דאָרטן ניט, און קיין בן תורה, ווי דאָס קען אויך זיין ניט קיין מזרח־ייד, איז ער אויך ניט געווען. דאָס איינציקע מיט וואָס ער האָט „אַרויסגעשיינט" איז געווען דער שטענדער זיינער, וואָס האָט געהאַט אַ גאַליאַרקעלע פון אויבן (מעשה ידיו, פאַרשטייט זיך). חוץ די אַלע זאַכן, איז עס דאָך גלאַט געווען פאַר מיר אַ היימישע אַטמאָספערע, כאָטש איך בין אין דער שול

געווען דאָס ערשטע מאָל. ווייל אַ שול ווי אַלע שולן (צי ווי ס׳רוב שולן), אַן ארון־קודש מיט די עשרת הדברות פון אויבן. אָפּענע פּאָליצעס מיט ספרים, וואָס האָבן פאַרנומען אַ שטיק וואַנט פון מעריב־זייט און אַ שטיק וואַנט פון דרום־זייט. אַ בעלעמער, אַ „כיור" אויף די הענט זיך צו וואַשן באַלד ביים אַריינגאַנג, הענגלייכטער, בליך־לאָמפּן, אַ זייגער. צוויי אויוונס (צי הרובעס ווי מען רופט עס ביי אונדז) און צוויי הינטער־אויוונס, וואו עס זיינען געשטאַנען אַ פּאָר אָרעמעלייט און זיך געקראַצט... בקיצור, אַ שול ווי ס׳רוב פון דעם סאָרט שולן. און ס׳איז ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז ווען מ׳פּאַלט אַריין אין אַ היימישער אַטמאָס־פערע, זאָל מען זיך דערפילן היימיש, און זיך אויפפירן ווי אַ היימישער.

האָב איך זיך טאַקע גלייך, ווי איך בין אַריינגעקומען אין שול אַריין, גענומען פירן מעשה היימישער. ראשית האָב איך מיך גענומען מאַכן הקפות אַרום בעלעמער, און איטלעכס מאָל, וואָס איך בין פאַרבייגעגאַנגען די זייט, וואו מיין באַלעבאָס האָט די שטאָט זיינע פאַרנומען, האָב איך געקוקט אויף אים בענים רמות, און דאָס סידורל מיינס, וואָס איך האָב נאָך געהאָט אַלס אַ זכר פון דער היים, האָב איך געהאַלטן אין האַנט און אַליין געדאַווענט אויף אויסנווייניק, און דווקא אויף אַ קול, אין דער צייט וואָס אין זיין גבול האָב איך קיינמאָל ניט געוואַגט אַ הויך וואָרט אַרויסצוריידן.

אָבער דאָס דערצייל איך אַזוי זיך דרך אגב, און איצט וועלן מיר טאַקע צוטרעטן צו דער עצם זאַך, וועגן וועלכן איך האָב אין אָנהויב פון דעם קאַפּיטל געמאָלדן.

ווי באַוואוסט דאַרף אַ כהן דוכענען, און אָנהויבן צו דו־כענען באַדאַרף ער ווען ער הויבט אָן צו לייגן תפילין, און צום דוכענען באַדאַרף מען האָבן אַ טלית.

נו, איז ביי וועמען זאָל איך אים נעמען? געוויס ביים באַ־לעבאָס. פאַרוואָס דווקא ביי אים? אָט טאַקע דערפאַר, ווייל איך בין זיכער געווען, אַז ער וועט קיין חשק ניט האָבן מיר אים צו געבן; פאַרוואָס? אָט פאַר דער זעלבער אורזאַך, וואָס ער וואָלט מיר קיין זאַך פון זיך ניט געגעבן אָנצוטאָן

אויף זיך... איך האָב אָבער געוואוסט, אַז ער וועט ניט וואַגן מיר אָפּצוזאָגן, ווייל וועלכער ייד קען זיך עס אָפּזאָגן פון צו געבן אַ כהן דעם טלית זיינעם?

בקיצור, גלייך נאָך קדושה פון דער צווייטער שמונה עשרה בין איך צוגעגאַנגען צום באַלעבאָס און זיך אַ מורמל געטאָן צווישן מויל און די ציין:

— באַלעבאָס... איך וועל ביי אייך בעטן, איר זאָלט מיר געבן דעם טלית!

ער האָט געגעבן אַ ראַטשע אויס אויף מיר די אויגן, מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן:

— וואָסי, ביזט אַ כהן?

קאָנטיק, אַז דאָס האָט זיך ניט געקאָנט פּאָטופּיען אין זיין מוח... ער האָט זיך טאַקע געקאָנט וויסן, אַז אַ ליאַדע ווער קען זיך זיין אַ כהן, אָבער אַז דאָס קאָן אויך זיין זיין לערך־יונג, דאָס איז שוין פּאַר אים געוועזן אומדערוואַרט... ווייל עפּעס איז עס דאָך, אָט דאָס מין כהונה, און אויב עפּעס, טאָ ווי קען עס געמאָלט זיין, אַז דער נישטיקער לערך־יונג זיינער זאָל קאָ־נען זיין עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער קאָן ניט זיין?

באַמערקט אָט די איבערראַשונג זיינע, און געזען, אַז ער האָט זייער קיין חשק ניט מיר צו געבן דעם טלית, בין איך אַרויס מיט אַ צווייטער באָמבע:

— איר זענט אפשר אַ לוי, באַלעבאָס?

ס'איז טאַקע אַ יידישלעכע פראַגע, אָבער דאָך אַ פאַמיליאַרע, און ניט געוואוינט צו פאַמיליאַרישקייט פון מיר, האָט ער מיר מיט אַ „ירגזון" געגעבן אַ פרעג אָפּ:

— וואָסי, וואָס באַדאַרפסטו דאָס וויסן?

— וועט איר מיר אויפגיסן! — איז גלייך געקומען דער ענטפער מיינער.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז אויך דאָס איז אים באַוואוסט געוועזן, אַז וואָס שייך אָט דער „זאַך", מעג מען פאַרבויגן דעם יחוס, אַז אַ ייד אַ בעל תקיף אויב ער איז אַ לוי קען ער „באַדינען" כ'ווייס דאָרטן וואָס פאַר אַ יידן אַ כהן ווען ס'האָלט פאַר ברכת כהנים, צי אַ „מזרח־ייד" זאָל אויפגיסן אויף די הענט פון

אַ הינטערן אויוון ייד, צי כ׳ווייס דאָרטן אַ יונג צוציקל, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן צו לייגן תפילין, זאָל אים אָן עלטערער ייד „באַדינען“, און דאָך האָט ער, דאָס באַלעבעסל מיינס, גע־קוקט אויף מיר ווי ראַבטשיק אויפן טאָטן, ווען ער האָט עס דערהערט.

דערווייל האָבן זיך שוין די כהנים געצומען רוקן פון „ארבע פנות העולם“ פון „מזרח“ און פון „מערב“, פון „דרום“ און פון „צפון“ צום האַנט־פאַס. יידן אין פאַרשיידענער עלטער, יידן מיט בערד און אָן בערד און ייגגלעך און בחורימלעך, וואָס עס איז זיי נאָך קיין בערד ניט געוואַקסן, און מיט זיי און פּאַר זיי, און צווישן זיי די „משרתים“ זייערע. ביי קליינוואַרג האָבן זיך געשלעפּט שטיקער טליתים מיט כנפות און ציצית איבער דער ברודיקער פּאָדלאָגע, און אויך פון דער באַנק, אויף וועלכער מיין באַלעבאָס איז געזעסן, האָט שוין דאָ געפעלט אַ ייד, דאָרטן אַ ייד, וואָס זיינען אַוועק צום האַנט־פאַס, און די באַנק האָט אויס־געקוקט ווי אַ קאָם מיט אויסגעבראָכענע ציין, דער חזן ביים עמוד רייבט דאָרטן די צווייטע שמונה עשרה. ער שטייט ניט דער חזן, וואָס שטייט ביים עמוד, ער יאָגט, אָט האַלט ער שוין ביי „ותחזינה“ און איך שטיי נאָך אַלץ לעבן באַלעבאָס, און איך ווייס נאָך אַלץ ניט וואו איך האַלט מיט אים, צי וועט ער מיר געבן דעם טלית צי ניט, און איך גיב אים אַ מונטער אויף:

— באַלעבאָס !...

דער ייד האָט זיך נעבעך געגעבן אַ שייל אויס פון טלית אַרויס און איז געבליבן שטיין אַ בחוריש פאַרשמעלטער (ווי יע־דער ייד קוקט עס אויס ווען ער וואַרפט אַראָפּ דעם טלית פון זיך) און אַליין, נעבעך, מיר אים אויף די אַקסלען פאַרוואָרפן, און איך זאָל עס הערן אַ פּיפּס פון אים. (אַ שאָד נאָר וואָס איך האָב ניט געקענט זען, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט געהאַט ווען ער האָט עס געטאָן...) ערשט ווען איך בין צוגעקומען צו אים מיטן טלית נאָכן דוכנענען האָב איך געזען, ווי ער האָט גע־שמייכלט נאַריש און אומבאַהאָלפן, און איך האָב צו אים געזאָגט:

— איך האָב אייך אויך אין זינען געהאַט, באַלעבאָס !...

און אַ צווייטע קאָמישע זאַך האָב איך דעם באַלעבאָס אָפּגע־שפּילט דעם צווייטן טאָג חול המועד.

איך מוז אָבער פריער אַרויסקומען מיט אַ שטיקל הקדמה, איידער איך נעם עס דערציילן, אַנדערש וועט דער ברייטער עולם ניט וויסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און מיין אַרבעט וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפן.

אַלע יידן, אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן קיינמאָל ניט גע־דאַוונט, ווייסן אַז רעליגיעזע יידן דאַוונען אין תפילין, אָבער ניט אַלע ווייסן, אַז שבת און יום־טוב איז מען פטור פון תפילין־לייגן, אַז אַפילו האַלטן זיי (אום שבת) הייסט מוקצה (וואָס מ׳טאָר ניט באַרירן) און אַז פאַראַן ווידער אַזעלכע טעג, וואָס מ׳מעג יאָ און מ׳מעג ניט דאַוונען אין תפילין און דאָס זיינען די חול המועד־טעג פון פסח און פון סוכות. ווער ס׳טוט ניט קיין מלאכה חול המועד, איז פטור און ווער ס׳טוט יאָ עפּעס אַ מלאכה איז מחויב צו דאַווענען אין תפילין. און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָבן געקאָנט אויספירן בלויז די פאַרמעגלעכע, און באַזונדערס האָבן זיך די גאָר פרומע יידן דערפון אויסגע־היט און גאָר באַזונדערס, די כלי קודש. יאָ, זיי איז דאָס גרינגער אָנגעקומען ווייל זיי האָבן אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר אויך גאָרניט געטאָן, און די אַלע לייט האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די יעניקע, וואָס האָבן געדאַוונט אין תפילין, ווייל דאָס האָט שוין באַוויזן, אַז זיי האָבן מחלל יום טוב געווען (וואָס על פּי נויט האָט מען עס יאָ געמעגט) און ס׳איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז די גרויסע מצווה פון תפילין־לייגן האָט זיך גאָר אין אַן עבירה פאַרוואַנדלט, און וואָס אַ ייד איז פרומער געווען, האָט ער זיך געזען אויסהיטן פון דער עבירה, ס׳הייסט פון דער מצווה וואָס איז געקומען דורך דער עבירה פון חילול יום טוב...

מיין באַלעבאָס, ווי ס׳רוב עם הארצים, איז געווען אַ גרוי־סער טומאהניק, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז דאָס זאָל האָבן ביי אים אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ער זאָל זיך אויסהיטן פון צו־טאָן אַ מלאכה חול המועד. אַפילו ביי פרומערע יידן בעלי מלאכות האָט מען חול המועד געאַרבעט. דאָ אָבער, אין דער „טאָקאַרנער״ פאַך, האָט מען בלית ברירה די גאַנצע אַכט טעג פסח ניט

געאַרבעט, ווייל טאָקאַרגע אַרבעט האָט געמוזט פּאָליטורט ווערן און פּאָליטור איז חמץ, און פאַר חמץ האָט אַן אָדעסער ייד, אַפילו ניט קיין פרומער, געציטערט פּונקט ווי פאַר יום כפור.

האָט זיך אָבער באַדאַרפט מאַכן, אַז דעם ערשטן טאָג חול המועד זאָל אַריינפאַלן אַ „ווייס" ביסל אַרבעט (דאָס מיינט, וואָס מ'האָט ניט באַדאַרפט פּאָליטורן), און דאָס באַלעבעסל מיינס האָט זיך פאַרקאַטשעט די ווייסע אַרבל און געמאַכט דאָס „וויי־סע" ביסל אַרבעט (מיט מיין הילף, פאַרשטייט זיך), און האָט אַ גליקלעכער אַנגעשפּיגן אין די פאַר רובל וואָס ער האָט פאַר איר, טאָקע דעם זעלבן טאָג, אָפּגענומען. נו, אַוודאי האָט ער זיך געקענט שעצן גליקלעך, ווייל דאָס איז געווען אַזוי ווי גע־פונען. וואָלט געווען ניט מער ווי רעכט, ער זאָל מיר שענקען אַ פאָר קאָפּיקעס אויף ניס. אמת, איך האָב אים נאָר געהאָלפן מיט „צודרייען", דאָך, ווי נעמט מען עס ניט אַרויס אַ פּיאַטאַקל און מ'זאָגט ניט: נאַ, אָט האָסטו אויף ניס, ווען גאָט האָט דיר צוגעשיקט אָט דאָס אומדערוואַרטעט פאַרדינסטל!

און ווי שטייט דאָרטן געשריבן „לא יחרץ כלב לשונו", איך האָב אַפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן אויף דער חזירשער האַנד־לונג אויף זיינער. דערפאַר אָבער האָב איך אויפן צווייטן טאָג גאַנץ פרי זיך אָפּגערעכנט מיט אים, ווען איך האָב אים דערזען שטיין און דאַווענען אין טלית און תפילין. וויסנדיק וואָס פאַר אַ למדן דאָס איז, האָב איך דאָ דערזען פאַר זיך אַ מעגלעכקייט אַריינצושטעלן דעם יידן אין ראָסל אַריין, און האָב אים גע־פרעגט, צי באַדאַרף איך אויך דאַווענען אין תפילין.

אייגנטלעך האָב איך שוין די תפילין מיינע געהאַט לאַנג פאַר־לייגט, און דעם „קרעדיט" דערפאַר איז געקומען טאָקע אים אַליין, דעם באַלעבאָס מיינעם. ער איז מיר אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן, אַז איך „מאַלע" זיך צו לאַנג, ביז וואַנעט איך האָב זיך אינגאַנצן אויפגעהערט „צו מאַלען". דערפאַר, קאָנטיק, האָט ער אויסגעראַטשעט אויף מיר די אויגן, ווען איך בין דאָ פּלוצים מיט אָט דער פראַגע אַרויסגעקומען.

— וואָסי? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, און דערביי אַ בייזן

קוק אויף מיר געוואָרפן פון אונטערן „של ראש" אַרונטער, וואָס איז אים אויף די ברעמען געלעגן.

— איך וויל דאַוונען ! — איז געקומען מיין ענטפער.

— נו, דאַוון ! ווער לאָזט דיך ניט ?

— וויל איך וויסן, צי באַדאַרף איך דאַוונען אין תפילין, צי אָן תפילין ?

ווי ווייט דאָס האָט אים געקענט אָנגייען, קאָן מען זיך פאָרשטעלן דערפון, וואָס דער אייגענער בן זיינער האָט קיינמאָל די תפילין ניט אָנגעמאָסטן, און דער בן איז געווען אַ געטרייער, געהאָרכזאַמער זון, און ס'איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז ווען דער טאַטע וואָלט אים געהייסן דאַוונען וואָלט ער געדאַוונט. און דאָט האָב איך זייער גוט געוואוסט, אָבער איך האָב דאָ געזען פאַר זיך אַ מעגלעכקייט אים אַריינצוקריכן אין די ביינער ווי איך פלעג עס אָפט טאָן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ יידישן ענין. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פערדל, אויף וועלכן איך האָב געקאָנט אַרויספאָרן און אַזוי אַרומער זיך באַווייזן, אַז איך בין ווייט ניט אַזאַ גאָרניט ווי זיי מיינען. איך האָב מיך אַפילו אַמאָל דערלויבט אַריינצושטעקן די נאָז מיינע אין טעפל אַריין, אָנווייזנדיק דער באַלעבאָסטע, אַז זי מאַכט ניט כשר דאָס פלייש, ווי דאָס פאָדערט דער דין, און ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזעלכע זאַכן, האָט מען נעבעך געמוזט מאַכן אַ שווייג, און איך בין דאָך מער ווי דאָס ניט אויסן געווען.

געזען, אַז איך טרעט ניט אָפּ פון אים, און וואַרט אויף זיין ענטפער, האָט ער זיך אַ מורמל געטאָן:

— זעסט דאָך וואָס איך טו, וואָס פרעגסטו, וואָס ?

און געמיינט, אַז ער איז שוין פאַרטיק מיט מיר, איך אָבער האָב אים ערשט דאָ אַ נעם געטאָן אויפן צימבל ! און גלייך אים אַ פרעג געטאָן, צי איז דאָס דרייען דאָס ראָד אַ מלאכה צי ניט, אויב ס'איז אַ מלאכה, באַדאַרף איך יאָ דאַוונען אין תפילין און אויב ניט...

איך ווייס ניט, צי האָט ער זיך אָנגעשטויסן וואוהין איך שיס דאָ, צי האָט ער גלאַט ניט געוואָלט מיך באַוויליקן מיט קיין

ענטפער: מיר איז דאָס אָבער אין לעבן געגאַנגען, ווייל אָט די פראַגע איז מיר גוט געלעגן אין די ביינער, איך האָב אים דאָ גלייך גענומען צו דערקלערן אַז דאַווענען אין תפילין ווען מ׳באַדאַרף דאַווענען אָן תפילין איז אַ גרעסערע עבירה ווי ווען מ׳דאַוונט גאָר אינגאַנצן ניט. אָבער קיין ענטפער אויף דער פראַגע האָב איך ניט געקראָגן, ווייל אין דעם מאָמענט האָב איך דערהערט ווי דער סאַמאָוואַר, וואָס איך האָב דאָרטן אין קיך אויפגעשטעלט, האָט אָנגעהויבן צו לויפן, בין איך אַריין אין קיך (די פראַגעס האָב איך אים געשטעלט געפינענדיק זיך אין „ראָבאָטשע״ און ער איז געשטאַנען אין טלית און אין תפילין ביי איינעם פון די צעפראַלטע פענצטער, וואָס זיינען אַריין אין „ראַבאָטשע״ אַריין). איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דעם „לויפנדיקן״ סאַמאָוואַר, בין מיט אים אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין און דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיטן בן מיט זיינעם פנים אל פנים. ער איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף און האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך אַריין זיך וואַשן, מיט אַ פאַרוואָרפענעם האַנטוך אויף אַן אַקסל. ער האָט גלייך אַ פרעג געטאָן ביי מיר אַן אָנגעדראָלטער:

— וואָסי, וואָס דו דאָ דרייען דעם באַלעבאָס מוח, וואָס?

גיי דערצייל אים! גרעסערע ידענים פון אים אין יידישקייט וואָלטן ניט אָנגעהויבן צו וויסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. סיי־ווי אַפילו ווען ער וואָלט געוואוסט, וואָלט איך געקענט געווען כאַפּן פון אים אַזאַ טראָג, אַז איך וואָלט אים געהאַט צו געדענקען. ער איז אַלע מאָל גרייט געווען מיך דורס צו זיין, ווען איך האָב דעם טאַטוסיו זיינעם אַ נעם געטאָן אויפן צימבל, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ יידישן ענין און יענער האָט אַרויסגעוויזן אומבאַהאָלפנקייט.

איך האָב ניט געענטפערט דעם בן אויף דער פראַגע אויף זיינער און מיך געלאָזט אַוועקגיין, אין דעם מאָמענט אָבער האָט דער באַלעבאָס געגעבן אַ קריי אויס דעם „לא לנו״ פון הלל, און איך האָב ניט געקענט אָפּהאַלטן דעם יצר הרע, איך זאָל אים ניט זאָגן, אַז חול המועד פסח זאָגט מען בלויז „האַלב״ הלל, ניט

„גאַנץ". ער האָט נעבעך געגעבן אַ ריס איבער, אָט פונקט ווי אַ האָן גיט אַ רייס איבער דעם קריי זיינעם, ווען מ'גיט אים אַ יאָג אין מיטן דרינען. דאָ איז כמעט ווי אין מיר אַריין דער פאַרטרעטער זיינער, און מיך אַ שמייס געטאָן מיטן האַנטוך איבערן קאָפּ, האָט ער מיט אַ דראָענדיקן קול געזאָגט:

— דו שוין ווידער דאָ מיט דיינע פוילישע שטיק?

איך האָב מיך אָפּגעטראָגן, און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערהערט דער באַלעבאָסטעס קול:

— וואָסי, וואָסי־דאָ־וואָס גאַנץ פּרי?

און דאָס זונדל האָט געענטפערט:

— סי ווייס ניט וואָס? סי רב... סי מיר האָבן אַ רב — מיר אין שטוב.

און דערהערט די ווערטער, האָב איך מיך געגעבן אַ שטעק אַריין אין איינעם פון די פענצטער און אויסגערופן בקול רם:

— אַ רב... אַוודאי אַ רב... מיין טאַטע האָט טאַקע געמיינט, אַז איך וועל זיין אַ רב... ווען ער וואָלט ניט געשטאָרבן, וואָלט איך טאַקע געווען...

קיינער האָט אויף דעם ניט געענטפערט. די באַלעבאָסטע מיטן אַנטבלויזטן קאָפּ, וואָס איז זעלטן געווען צו זען, מיטן פאַרדרייטן קובליק אין דער מיט, וואָס האָט געשטאַרצט ווי אַ קוימענדל, איז צוגעגאַנגען צום בופעט און פון דאָרטן אַרויסגענומען איין גלאָז נאָך דער אַנדערער און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. דער בן אירער איז צוגעגאַנגען צום סאַמאָוואַר און אים פאַרטושקעוועט מיט אַ שטיקל פּאַפּיר, דער באַלעבאָס האָט פאַרגעזעצט דאָס דאַוונען זיינס און צו דער זעלבער צייט האָט זיך פון איר חדר מיוחדל דאָס מאַמזעלכל באַוויזן אַ האַלב נאַקעטע, דאָס מיינט אינם בלויזן הינטער־ראָק און מיט נאַקעטע הענט און מיט טיף אויסגעשני־טענעם בוזעם אַרויס. דער בן, דער ברודער אירער, איז דאָ געגעבן אַ גיי צו צו מיר און מיר באַפוילן איך זאָל אָפּגיין פון פענצטער, און דאָס שוועסטערל האָט געוואָרפן אויף מיר אַ „קנאַסעלע", געגעבן אַ שטופּ אָפּ דעם ברודער און געזאָגט צו אים:

— אַ געשעפט האָב איך מיט אים!...

און ווי געוואָלט אויפן אָרט דעמאָנסטרירן ווי ווייט אמת עס איז דאָס וואָס זי זאָגט, איז זי טאַקע דאָ אַזוי גלייך צו־געגאַנגען צום פענצטער און זיך אָנגעשפּאַרט אָנם פענצטער־ברעט און געגעבן אַ שטעל אָן די שוואַרצע גלאַנציקע אויגן ווי מ׳וואָלט זיי נאָר־וואָס אויסגעפּאָליטורט, צו זון און ליכטיקייט, וואָס האָט דעם גאַנצן קאָרידאָר פאַרגאָסן, און האָט מיט התלהבות אויסגערופן:

— אוי ווי שיין אין דרויסן איז!

איך האָב געוואוסט, אַז זי האָט מיך אין דער ערד, נאָר אויף אַזאַ מין אופן האָט זי עס נאָך קיינמאָל ניט באַוויזן ווי זי האָט דאָס מאָל באַוויזן באַווייזנדיק זיך פאַר מיר מיט די אָפענע בריסטן. איך האָב מיך דערפון געפילט זייער געטראָפן און מיר געגעבן אַ שפּרייז צו צום צווייטן פענצטער, ביי וועלכן דער באַלעבאָס איז געשטאַנען און זיך געמאָליעט, און אַ פרעג געטאָן ביי אים מיט מיין גאַנצן אימפּעט:

— נו, באַלעבאָס?...

— וואָס ווילסטו, וואָס, הינטישער ליטוואַק? — האָט ער מיט גרויס צאָרן אויסגערופן.

דעם אמת געזאָגט האָב איך אַליין שוין ניט געוואוסט וואָס איך וויל פון אים. אַלנפאַלס האָב איך אין דעם מאָמענט ווען איך האָב ביי אים אַ פרעג געטאָן „נו, באַלעבאָס״, אינגאַנצן גע־האַט פאַרגעסן, וואָס איך האָב פון אים געוואָלט. אין מיינע רעיונות האָב איך געזען פאַר זיך דאָס טעכטערל מיט די ליכטיקע בריסטן מיט אירע, ערשט שפּעטער אַ ווײַלע האָב איך מיך דערמאָנט וואָס איך האָב פריער געהאַט געוואָלט פון אים, און גענומען שטאַמלען:

— איך וויל... איך וויל פרעגן ביים באַלעבאָס צי... איך האָב זיי געפרעגט און זיי האָבן מיר ניט געזאָגט, צי איך באַ־דאַרף דאַוונען אין תפילין צי ניט?

— דו מיינסט, ס׳איז דיר אין שול מיינסטו, דו „סאָבאַטשי״ (הינטישער) ליטוואַק דו?

דאָ האָט זיך שוין די גאַנצע „טראַיקע״ (אַלע דריי) פאַר־

אינטערעסירט וואָס איז פאָרגעקומען אין שול, ער אָבער האָט ניט געענטפערט (יאָ, וואָס האָט ער געקענט ענטפערן?) און אין זיין ניט ענטפערן האָבן קאָנטיק אַלע איינגעזען, אַז עפּעס איז „דאָרטן" פאָרגעקומען זייער ערנסטעס, איז שוין דער בנאָק מיט דער באַ־לעבאָנדיע, זיינען זיי שוין ביידע צוגעשטאָנען צו מיר, איך זאָל זיי זאָגן וואָס פאַר אַן עוולה איך האָב דעם באַלעבאָס אין שול אָפּ־געטאָן, און אַ קוק געגעבן אויף דער מויד, מיטן געקלאָרעוועטן ראָזעווען, „פון פאָרנט" אירן, האָב איך געגעבן אַ בעלעבעטשע אַרויס:

— איך בין אַ כהן!...

האָבן זיך אַלע דריי אָנגעקוקט. יאָ, זיי האָבן געקענט וויסן וואָס אַ כהן איז, אָבער דאָס האָט זיי ניט געקענט קלאָ־רער מאַכן וואָס דאָס האָט צו טאָן מיט דער עוולה, וואָס איך האָב דעם באַלעבאָס אָפּגעטאָן, און געפרעגט ביי מיר וואָס דאָס האָט צו טאָן מיט דעם וואָס איך האָב דעם באַלעבאָס דאָרטן אין שול אָפּגעטאָן, האָב איך געגעבן אַ מורמל אַרויס:

— איך האָב ביי זיי געבעטן דעם טלית...

— ס'איז ביי מיר צו גלויבן — האָט זיך דער באַלעבאָס אָפּגערופן אָפּלייגנדיק די תפילין — אַז ער איז גאָר קיין כהן ניט, אָט דער פאַרשיוועץ?

— וואָס וויל איצט? — האָט זיך דער בן געווענדט צו מיר אַן אָנגעצונדענער, און איך בין בלית ברירה אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער:

— איר האָט געזען ווי דער באַלעבאָס האָט נעכטן גע־דאַוונט אָן תפילין?

— נו, איז וואָס איז דיין באָבעס דאגה? — האָט זיך די באַלעבאָסטע אָפּגערופן דורכשפּיזלענדיק מיך מיט אירע שטע־כעדיקע וואָראָנע אויגעלעך.

— מיר סי בייסן העגט! — האָט זיך דער בן אָפּגערופן און האָט זיך אין אַ רגע כמימרא באַוויזן לעבן מיר אין „ראָ־באָטשע" און איז געווען מוכן ומזומן מיך מקיים פסק צו זיין, אָבער די באַלעבאָסטע האָט זיך גלייך אָפּגערופן:

— גיי אַוועק פון אים, איציקל!

אַוועק איז ער ניט, אָבער די הענט זיינע האָט ער איינ־געהאַלטן, און אָנקוקנדיק מיך ווי אַ הונט קוקט אָן אַמאָל אַ קאַץ, ווען ער וויל זי דורס זיין, האָט ער אַריינגעזאָגט אין פענצטער אַריין:

— וויפיל סי רעדן מיט אים און בעטן זי זאָל אַוועקוואַרפן פוילישע זיינע שטיק, ער סי האַלט זיי!...

און אָפּגעזאָגט אָט דעם פּסוק, האָט ער זיך געגעבן אַ קראַץ מיט אַ פּאָר פינגער אין דער דלאָניע פון דער רעכטער האַנט אין דער לינקער, אויסן־זייענדיק דערמיט צו באַווייזן, ווי „סי בייסן אים הענט" אויף צו דערלאַנגען מיר. איך האָב מיך טאַקע גענומען אַוועקצושאַרן פון אים און דערמיט וואָלט זיך עס זיכער געווען געענדיקט, דאָ איז אָבער דאָס טעכטערל אַרויס־געפאָרן:

— ער מיינט, אַז דער באַלעבאָס איז אים איך, מיינט ער, ער מיינט, מיטן באַלעבאָס קאָן ער פּראָווען אַזעלכע שטוקעס ווי מיט מיר!

אפילו ווען זי וואָלט געווען אָנגעטאָן, וואָלט מיך אויך גע־קענט אַרויסברענגען פון געדולד אָט דאָס „קנייטל" אירס, וואָס זי האָט געפונען פאַר נויטיק צוצולייגן, אָבער ווען אַ באַקעטע צי אַ האַלב באַקעטע מויד מאַכט אַזאַ אַרויסטריט קעגן דיר, איז דאָס גאָר אַ באַזונדער פאַרדראָס און ווייטאָג. איך האָב דאָ ווידער זיך אַ ווענד געטאָן צום באַלעבאָס, בקול רם:

— איך וויל וויסן, איך וויל וויסן וויל איך...

אָבער איך האָב ניט באַוויזן צו זאָגן וואָס איך וויל וויסן, ווייל אין דעם מאָמענט האָט געגעבן אַ גיי צו צו מיר דער פאַר־טרעטער זיינער, דעם באַלעבאָס, און מיך געגעבן אַ כאַפּ אָן, בייביידע אויערן און מיר אַריינגעפּרעגט מיט רציחה אין פּנים אַריין:

— וואָס וויל וויסן וואָס אַ?

— לאָז אים אָפּ! — האָט דער באַלעבאָס זיך געלאָזט הערן

— זאָל ער גיין אין דער ערד מיטן קאָפּ!

איך האָב אינגאַנצן אַ צעדרימדזשדיקטער אויסגערופן:

— איך וועל דאַווענען אין תפילין!

— דאַווען, ווער דערדאַווענט, ווער לאָזט דיך ניט! — האָט די באַלעבאָסטע זיך געלאָזט הערן, און איך גלייך נאָך איר:

— אין תפילין וועל איך דאַווענען, ווייל איך האָב גערדרייט דאָס ראָד און דרייען איז אויך אַן אַרבעט.

און דאָ גלייך בין איך צו צום ווינקל פון דער „ראַבאָטשע" וואו מיין גאַרדעראָב האָט זיין מנוחה געהאַט, אַרויסגעכאַפּט די תפילין פון דאָרטן און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך בקול רם געלאָזט זיך הערן מיט דער ברכה פון תפילין לייגן:

„ברוך אתה אדני, אלהנו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וציונו להניח תפילין".

ח

דאָס יאָר איז געווען אַן איבעריאָר, און דערפאַר איז דער „פאַר פסח" געקומען פרי, נאָך פאַר פורים, און דער פסח האָט שוין אויסגעקוקט ווי אַ שבועות, ווייל כמעט אַלע ביימער, אַחוץ די אַקאַציעס, וואָס האָבן זיך גענומען צייט, זיינען שוין אַלע געווען צעלאָזט און וואָס זומערדיקער און וואַרעמער ס'איז אין דרויסן געוואָרן, איז מיר אַלץ וויסטיקער און פינסטערער אויפן האַרצן געוואָרן. ס'האָט מיר אַזוי געצויגן אין דרויסן אַרויס, אַז צייטנווייז האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס האַרץ מיינס ווערט איינגעשרומפן פון בענקשאַפט. ס'איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ס'איז געווען ביי מיר אַ גדולה, ווען מ'האָט מיך אַ גאַנג געשיקט, האָב איך דערווײַלע געהאַט אַ געלעגנהייט זיך דורכצודראַלעווען איבער די גאַסן.

שפּעטער אַ ביסל, ווען אויך די נעכט האָבן אָנגעהויבן ליני-דער צו ווערן, האָב איך מיך אַריבערגעפּעקלט פון פאָרהייזל אין „ראָבאָטשע" אַריין און האָב דאָרטן אָנגעהויבן צו שלאָפן. איך האָב נאָך אַפילו געכאַפּט אַ ציטער פון צייט צו צייט, דאָך איז דאָס ביי מיר כדאי געווען, אַבי ניט צו הערן דאָס, וואָס איך האָב געהערט ווען זיי פלעגן ביינאַכט עולה־רגל־זיין אין קיך אַריין צום

עמער און האָבן דאָרטן אַזוי חזירש געטאָן די „מענטשלעכע" באַדערפענישן זייערע...

אָבער אין „ראַבאַטשע" האָב איך געהאַט אַנדערע „עולה־רגלניקעס" פיר פּיסיקע, וואָס האָבן מיר דעם שלאָף געשטערט. זיי, אַט די פיר פּיסיקע באַזוכער, האָבן ניט געפעלט אין פאַר־הייזל אויך, אָבער אויפן וואַרשטאַט האָבן זיי קענטיק ניט גע־וואָגט צו קריכן, און אויף אַ „טאָקאַרנעם" וואַרשטאַט, ווי איך האָב שוין געהאַט דערציילט, איז ניט באַקוועם צו שלאָפן, האָב איך געמוזט שלאָפן אויף דער ערד. נו, האָבן די מייזישע חברה געטאַנצט איבער מיר, און דערפאַר האָב איך מיך פון דאָרטן אויך אָפּגעטראָגן, און זיך אָנגעהויבן צו באַלייגן אין הויף אונטערן פרייען הימל, אַזוי גלייך ווי די נעכט האָבן אָנגעהויבן לינדער צו ווערן.

באַלייגט האָב איך מיך אין איינעם פון די קאַסטנס, וואָס זיינען אין אַ ווינקל פון הויף געשטאַנען גאַנצע סטאָסן איינס אויף דאָס אַנדערע. קאַסטנס, גאַנץ געוויינלעכע קאַסטנס פון גאַלאַנטעריי־סחורה, וועלכע האָבן באַלאַנגט צום גרויסן גאַלאַנ־טעריי געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן הויז, בלויז מיט דער הינטערשטער זייט זיינער, וואָס האָט געהאַט צוויי פאַרגראַטעוועטע פענצטער, מיט אַ בלינד־פאַרמאַכטער טיר, וואָס בלויז ווען מען האָט באַדאַרפט עפענען אַ פרישן קאַסטן מיט סחורה, פלעגט זי זיך עפענען און איינער פון די פּריקאַזטשיקעס האָט דעם פרישן קאַסטן געעפנט.

אַזוי אַרומעט האָט מיר אַט דאָס מין קיינמאָל ניט אויסגע־פעלט, און וואָס נאָך וויכטיקער וואָס איך האָב מיר אַלע מאָל גע־קענט צוקלייבן אַ פרישן קאַסטן, פון וועלכן ס׳האָט געשמעקט מיט פריש סאָסנע־האָלץ און מיט זשיביצע.

שלעכט איז נאָר געווען, ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַ רעגן ביינאַכט, און איך האָב ניט געקענט אַריינגיין אין „ראַבאַטשע", ווייל די טיר איז אויף ביינאַכט פאַרקייטלט געוואָרן, אָבער דאָס האָט געטראָפן זעלטן, און שפעטער אין זומער אַריין, וואָלט עס געטראָפן נאָך זעלטענער, ווייל צום מיינסטן רעגנט דאָך נאָר אין פרילינג, און איך וואָלט געקאָנט געווען לאַכן פון „זייערע" פנימער,

ווייל שלאָפן אויף דער פרייער לופט איז דאָך בעסער ווי צו שלאָפן ביי אַרומגעמאַכטע פענצטער און לאָדן. נו, איז מיר אָבער ניט באַשערט געווען, האָט מיר גאָט צוגעשיקט אַ ביי אָנשיקעניש, אַ הינטל גאָר, דעם הינטל איז ניט „געשוועלן" געווען, וואָס איך באַלייג מיך אין עפעס אַזאַ מקום, וואָס קיין בר־נש באַלייגט זיך ניט...

קען מען זיך שוין פאָרשטעלן מיין פאַרדרוס און נאָך פאַרדראָסיקער און פיינלעכער איז געווען דאָס, וואָס אָט דאָס אָנשיקעניש איז געקומען פון דעם זעלבן הויז, וואָס האָט מיר בייטאָג געגעבן קאַטשקע. ווי קומט גאָר פלוצים אַ הינטל אַהינצו? איך ווייס ניט, אפשר בלויז פאַר מיר און פאַר זיי איז דאָס געווען פלוצים, און ניט פאַר איר פאַר דער מויד, הגם זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז גאָט די נשמה שולדיק, ווען אַ פּוזאַטער דוואָרניק אין זיין פולער „דוואָרניטשקערשער יוניפאָרם" האָט עס איר געבראַכט צוטראָגן, און איר דאָס איבערגעגעבן אין די הענט אַריין, האָט ער געזאָגט:

— פּאָדאַריעטשאָק (אַ מתנהלע) טיעבע (דיר), באַרישניאַ (פריילין!).

זי האָט קלאָמפערשט געפרעגט פון וועמען (און אפשר האָט איר טאַקע עמעצער געוואָלט מאַכן אַ סורפּריז) און אויך די איריקע האָבן אים געפרעגט, ווער ס'האָט איר דאָס הענטל געשיקט, און ער האָט זיך געטענהט איינס און דאָס זעלבע:

— פּריקאַזאַנאָ ניע סקאַזאַט! (ס'איז באַפוילן, נישט צו זאָגן!)

האָבן זיי טאַקע געבעטן דעם „דוואָרניק" מחילה, ער זאָל עס נעמען צוריק, אָבער דער דוואָרניק, אַ גוטמוטיקער ווי ס'רוב גרויסבייכיקע, האָט אַ גלעט געגעבן די מויד, אַ גלעט געגעבן דאָס הינטל און אַ זאָג געגעבן:

— נו, טשאָווּאָ טאָם, פון וואָס מ'מאַכט דאָרטן אַ ווּעזן, ניכאַי רעביאָנאָטשעק פּאָאיגראַיעטסיאַ (זאָל זיך דאָס קינד אַ ביסל שפּילן!).

דאָס האָט געווירקט און דאָס „קינד" איז ביים הינטל געבליבן!

דאָס איז אַלץ וואָס איך ווייס, ווי אַזוי דאָס הינטל איז צו איר געקומען. ווי ווייט זי איז פון דעם סיורפּריז (צי זי האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ס'איז אַ סיורפּריז פאַר איר) געווען צופרידן, קאָן איך ניט זאָגן, איך ווייס נאָר, אַז זיי, די איריקע, זיינען זייער ניט צופרידן געווען. גערעדט האָט זיך טאַקע וועגן אַ קינד, אָבער קיין קינד איז זי דאָך שוין ניט געווען, און דאָס האָבן טאַטע־מאַמע (און מן הסתם אויך דער ברודער) געמוזט וויסן נאָך מער פון מיר... נו, האָבן זיי זיך געקענט משער זיין, אַז עמעצער, עפּעס אַ קאַוואַליערטשיקל, האָט עס איר אָט די הינטישע מתנה צוגעשיקט און שוין דערפאַר אַליין האָבן זיי די ערשטע פּאָר טעג געקוקט אויף דעם ווי ראַבטשיק אויפן טאַטן. אָבער דאָס איז בלויז געווען, ווי געזאָגט, די ערשטע פּאָר טעג, שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן צו דעם פיל צערטלעכקייט, און פון איר, פון דער מויד, איז דאָך אָפּגערעדט! און טאַקע ווי האָט מען עס אַזאַ הינטעלע ניט געקענט ליב האָבן, אַפילו איך וואָלט זיך געקאָנט פאַרליבן אין דעם, ווען, נו, ווען זיי און זי וואָלטן דעם אַזויפיל צערטלעכקייט ניט אַרויסגעוויזן. אייפערזוכט? נו יאָ געוויס, אָבער ניט די וואָס מ'מיינט, דאָס איז געווען אַ ריין־מענטשלעכע אייפערזוכט, ווייל זייער האַליוב־קען זיך מיטן כלבל האָט מיך ניט ווינציקער געקראַבעט ווי אי־רע, דער מוידס...

און דאָס איז דאָך געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, ווען דו זעסט ווי מענטשן, מענטשן אין דיין געשטאַלט, שענקען אַזוי־פיל ליבע אַ פיר פיסיק באַשעפעניש, אין דער צייט וואָס מיך, דעם מענטשן, וואָס גייט אויף צוויי פיס פּונקט ווי זיי, און וואָס רעדט דאָס זעלביקע לשון וואָס זיי רעדן, איז מען אַזוי מבזה. און אויב אויף דער מויד האָט מיך מער פאַרדראָסן ווי אויף זיי, איז דאָס געווען בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט זיך מיט דעם געקוצקעט מער פון זיי, און האָט דעם כלב אָפּט מכבד גע־ווען מיט שטיקלעך צוקער. נו, האָט עס געקענט ניט קאַלופּען ביים האַרצן, ווען מיר איז אויסגעטיילט געוואָרן דאָס שטיקל צוקער?

מילא, וואָלט דאָס נאָך געווען צו דערליידן, אַלצאיינס,

מיטן הינטל, אָן דעם הינטל, אַלצאיינס וואָלט איך מער ווי דאָס
איינע שטיקל צוקער ניט געקריגן צו דער איינער גלאָז טיי,
וואָס איך האָב צוויי מאָל אין טאָג געקריגן. אין וואָס איך האָב
יאָ געקריגן אַ קאָנקורענט אין דעם כלבל, איז דאָס געווען אין די
פעטע שטיקלעך פלייש, וואָס זיי האָבן פיינט געהאַט און מ׳פלעגט
זיי מיר אַוועקגעבן, נו, האָט מען אָט די פעטע שיריים אָנגעהויבן
אַוועקצוגעבן דעם ליבלינג זייערן.

דאָס אַלץ וואָס איך דערצייל דאָ, דאָס אַלץ אַליין וואָלט
אויך גענוג געווען ס׳זאָל זיך ביי מיר נעמען „קאָיען" אַ ביטער
געפיל צו דעם הינטישן נפש (כאָטש וואָס איז דאָס שולדיק געווען)
אָבער די אמתע ליידן זיינען געקומען שפּעטער, אין אייניקע
טעג אַרום, ווען זיי מיטן הינטל און דאָס הינטל מיט זיי זיינען
געוואָרן היימיש און מיטן פולן צוטרוי צו דער היימישקייט פון
דער שטוביקער חיה, האָט מען עס אָנגעהויבן צו באַלייגן (ציי
ס׳האָט זיך אַליין אָנגעהויבן צו באַלייגן) אין דרויסן, אין הויף
מיינט עס, אויף איינעם פון די טרעפּלעך ביי דער טיר, און
ס׳האָט מיר אָנגעהויבן צו שטערן די נאַכטיקע מנוחה מיינע.

שוין די ערשטע נאַכט, וואָס ס׳האָט זיך דאָרטן אָנגעהויבן
צו באַלייגן, האָב איך דערהערט אַ בורטשעניש, ווען איך האָב
מיך אַרום עלף אַזייגער געלייגט אין איינעם פון די דערמאָנטע
קאַסטנס. אָבער די ערשטע נאַכט האָט עס נאָך געבורטשעט מיט
חסד, גאַנץ שוואַך, קאָנטיק, אַז ס׳האָט זיך נאָך ניט געפילט
גענוג היימיש אויף דעם נייעם מקום, אַז ס׳זאָל זיך קאָנען דער־
לויבן שטאַרקער צו בורטשען; דערפאַר אָבער אויף דער צוויי־
טער נאַכט און אויף דער דריטער, האָט עס שוין אָנגעהויבן
אונטערצוהאַווקען, אונטערצובילן.

פון וואַנען איך האָב געוואוסט, אַז דאָס מיינט מיך? פאַר־
וואָס זאָל איך עס ניט האָבן געוואוסט? אַזוי לאַנג ווי איך האָב
מיך ניט באַלייגט אין קאַסטן, האָט מען פון דעם קיין פּיפּס ניט
געהערט, און אַזוי גלייך... ניין, נאָך פריער, נאָך איידער איך האָב
מיך דאָרטן באַלייגט, אַזוי גלייך ווי איך האָב מיך דאָרטן גענו־
מען אויסמעסטן דאָס געלעגער מיינס, אַ־אַ!...

איז וואָס אַ שטייגער האָט דעם הינטישן באַשעפעניש גע־

קאָנט אָנגיין מיין באַלייגן זיך אין וואַרשטאַט? איך האָב עס דעמאָלט אויך ניט געקאָנט משיג זיין, איצט אָבער איז דאָס פאַר מיר קלאָר: היינט זיינען זייער קאָנסערוואַטיוו, זיי קאָנען ניט ליידן ווען איינער טוט עפּעס אַ זאַך, וואָס זיי האָבן נאָך ניט געזען, אַז ווער זאָל עס האָבן געטאָן. אַ הונט ווייס ניט פון קיין חכמות. ביסטו אַ צוויי פיסיקער, טאָ פיר זיך אויף ווי אַלע פון דיין צוויי־פיסיקן מין פירן זיך, און אויב דו פירסט זיך אַנדערש, צי ווען דו גייסט אָנגעטאָן אַנדערש (אַ שטייגער אַ בעטלער) ביסטו דאָך עפּעס אַן אַנדערער, און דערפאַר קומט דיר... יאָ, פאַר דער אַנדערשקייט מקיים פּסק זיין (קאָנסער־וואַטיווע מענטשן האָבן אויך די זעלביקע מיינונג). דאָ ריידנ־דיק וועגן „מיין" הינטל, בין איך אַזוי גוט ווי זיכער, אַז ס'איז דעם געווען דערווידער, וואָס איך באַלייג זיך אין הויף און דערצו נאָך עפּעס אין אַזאַ מין זאַך, וואָס ס'האָט נאָך זיכער קיינמאָל ניט געהאַט געזען, אַז אַ מענטש זאָל זיך אין אַזעל־כעס באַלייגן.

בקיצור, וואָס אַ נאַכט ווייטער האָט דאָס הינטל אַלץ שטאַר־קער מיר אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן, וואָס אַ נאַכט ווייטער איז דאָס אַלץ דרייסטער און צודרינגלעכער געוואָרן:

— האַוו־האַוו, האַוו־האַוו!

האָב איך איין מאָל און צווייט מאָל געפּרואווט אַ רעד טאָן צו דעם רשע ווי איין מענטש רעדט צו אַ צווייטן:

— זשוטשיק (אַזוי האָט דאָס הינטל געהייסן), זשוטשיק באַקום די נכפה, וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס? וואָסי דו קענסט מיך ניט? דו ווייסט, אַז איך בין ניט קיין פרעמדער, און באַ־האַלט זיך דאָ ניט אויס פאַר קיינעם! אין דער ערד מיטן קאָפּ גיי!

דאָס הינטל האָט איינגענומען שטומעניש, און דורך די שפּאַרונעס פון קאַסטן האָב איך געזען, ווי ס'דרייט מיטן פאַר־שיסטן, שוואַרצן עק ווי ס'וואָלט דערמיט מיר אויסן געווען צו באַווייזן, אַז ס'הערט און באַנעמט די רייד מיינע, אָבער אַזוי גלייך ווי איך האָב אויפגעהערט צו רעדן, — ווידער די זעלביקע מעשה:

— האַוו־האַוו ! האַוו־האַוו !

האָב איך עס איין מאָל געוואָלט „אונטערכיירישן" מיט אַ ביסן ברויט, וואָס איך האָב פון מיין מויל אָפּגעריסן, אָבער דאָס הינטל האָט עס גאַנץ פּאַרזיכטיק אַרומגעשמעקט און דאָס געלאָזט ליגן. און אויב אַ חיה קאָן אַמאָל מאַכן פילן אַ מענטשן, אַז ער איז אַ גרויסער באָק, האָט עס מיר אָט די הינטישע חיה געמאַכט צו פילן. איך האָב דאָך פריער געדאַרפט געווען פאַר־שטיין, אַז דאָס הינטל וועט זיך ניט לאַקאָמען אויפן שוואַרצן שטיקל ברויט, ווען מ׳האָדעוועט עס מיט פעטע שטיקלעך פלייש און מ׳וואַרפט דעם צוקער אין פּיסק אַריין. און ניט נאָר נאַריש האָב איך מיך דערפילט, נאָר אויך דערנידעריקט וואָס אויך דעם הינטישן נפש שטייט ניט אָן צו עסן דאָס וואָס איך עס. און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז דאָס הינטל איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק, האָב איך דאָס דאָך באַשאָטן מיט קללות :

— אָ, די כאָליערע זאָלסטו באַקומען, די מיתה משונה, מיט „זיי" דאָרטן, מיט דיינע „ליובימטשיקעס" אינאיינעם !

און זיך געגעבן אַ הויב אַרויס פונם קאַסטן, האָב איך עס געגעבן אַ טרייב און אַ יאָג אַוועק מיט כעס און צאָרן :

— פּאַשאָל וואָן אין דער ערד אַריין מיטן קאָפּ !

צי דאָס הינטל האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב דעם גע־וואונטשן, איז אַ גרויסע פראַגע, אָבער דעם טאָן האָט עס זיכער באַנומען, און ניט געוואוינט, מ׳זאָל עס בייז באַהאַנדלען, איז דאָס אויף מיר נאָך בייזער געוואָרן און נאָך מער געהאַווקעט, ביז די שכנים פון הויף זיינען געקומען זיך קלאָגן, אַז דאָס הינטל שטערט זיי די נאַכטיקע רו, און די לייט מיינע, אָנ־שטויסנדיק זיך אַז איך מוז דאָס זיין דער נוגע בדבר, איז אַרויס־געשוואומען די פראַגע, ווער ס׳באַדאַרף אָפּטרעטן דעם הויף אויף ביינאַכט, צי איך דעם הינטל, צי דאָס הינטל מיר. די מויד האָט גאָרניט געהאַט קעגן, אַז איר הינטישער ליבלינג זאָל האָבן זיין נאַכט־לעגער ביי איר דאָרטן אין חדרל, אָבער טאַטע־מאַמע זיינען געווען קעגן דעם. אַ הונט, האָבן זיי געטענהט, אַ הונט באַדאַרף שלאָפן אין דרויסן, און ווי איך בין ניט געווען צופרידן מיט דעם פּסק־דין, בין איך דאָך צופרידן געווען, וואָס לגבי דעם

הינטל בין איך שוין דער מענטש, אַזוי ווי אָבער איך האָב ניט געוואָלט גיין זיך באַלייגן צוריק אין „ראָבאָטשע", האָב איך זיי צוגעזאָגט, אַז איך וועל שוין זען, אַז דאָס הינטל זאָל ביינאַכט ניט בילן, און ניט שטערן די שכנים דעם שלאָף.

ווי אַזוי איך וועל עס קאָנען באַווייזן, האָב איך אַליין ניט געוואוסט נאָך דעם וואָס איך האָב שוין אַלצדינג אויסגעפּרוואווט, אַז דאָס הינטל זאָל ניט האַווקען און ס'האָט יאָ געהאַווקעט. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געקאָנט טאָן, איז גאָרניט טאָן, דאָס מיינט, זיך ניט וויסנדיק מאַכן און „זאָל דער הונט האַווקען" ביז וואַנעט ס'וועט אים נמאס ווערן. און איך האָב עס געפּרוואווט איין נאַכט, אַ צווייטע און אַ דריטע, און איך ווייס ניט, אפשר וואָלט עס טאַקע אַזוי געווען, אפשר וואָלט דעם הינטל טאַקע נמאס געוואָרן דאָס האַווקען, זעענדיק, אַז איך רעאַגיר ניט אויף דעם, און ס'וואָלט ניט געהאַט אַזאַ וויסטן סוף ווי ס'האָט געהאַט, ווען ניט אַ זייטיקער צופאַל, וואָס איז טאַקע געקומען דורכן הינטל.

דאָס איז געווען אויפן פערטן טאָג, נאָך דער דריטער נאַכט וואָס איך האָב מיך אונטערגענומען ניט צו רעאַגירן אויף דעם הינטלס בילן און האַווקען. בייטאָג איז דאָס געווען, נאָך מיטאָג, ווען דער באַלעבאָס האָט זיך אָקאָרשט געהאַט צוגעשפּאַרט, בין איך מיך אַזוי פאַרבייגעגאַנגען דאָס פענצטער, וואו דאָס טעכטערל איז מיט איר ליבלינג געזעסן און האָט דעם איבערגעבונדן דאָס רויטע סטענגעלע אויפן העלדזל, דאָס הינטל האָט געגעבן אַ שטשערע די ציין אויף מיר און זי האָט זיך אָפּגערופן:

— דו זעסט, אַפילו דאָס הינטל האָט דיך אויכעט פיינט!

און איך טראַכט ניט לאַנג און גיב איר אַן ענטפער אָפּ מיט די ווערטער:

— איך באַדאַרף ניט, אַז הינט זאָלן מיך ליב האָבן!...

— וועמען מיינסטו דאָס? — האָט זי שטורעמדיק אַ פרעג געגעבן.

באַלד געזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן, אָבער צוריק כאַפּן דאָס געזאָגטע האָב איך ניט געקענט, איך האָב עפּעס אַ מורמל געטאָן, אַהין אַהער, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן, און אַ כאַפּ געטאָן

דעם ליבלינג אירן אויף די הענט, איז זי אַריין אין קיך און דער־
ציילט דער מאַמען אירער, וואָס האָט זיך דאָרטן נאָך געפּאַר־
קעט נאָכן מיטאָג, און אַ זאָג און אַ פרעג געגעבן:

— מאַמע, האָסט געהערט?

און ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער, צי יענע האָט געהערט צי ניט געהערט, האָט זי איר מיטן זעלביקן שטורעמדיקן אימ־פּעט איבערגעגעבן, וואָס איך האָב אָקאָרשט געזאָגט, און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך די באַלעבאָסטיטשקע אין „ראָבאָטשע" באַוויזן און מיט יענער רואיקייט, וואָס נאָר אַן אינקוויזיטאָר קען זיך ווענדן צום קרבן צו זײַנעם זײַענדיק זיכער, אַז יענער וועט שוין פון אים ניט אַנטלויפן, האָט זי אַ זאָגעלע און אַ פרעגעלע געטאָן:

— אַזוי גאָר?

— וואָסישן? — האָט זיך דער בן, וואָס איז געשטאַנען בײַם וואַרשטאַט און זיך געוועצעוועט די דאָלאָטע, צוגרייטנדיק זיך צום צווייטן האַלבן טאָג אַרבעט.

און דערהערט וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, האָבן זיך בײַ דעם „פּיקעוואַטן" די אידיאָטסקע אייגעלעך צעפּייערט. ער איז גלײַך צו צו מיר און מיר אָפּגעלאָזט אַ פּראַסק אין באַק אַרײַן און מיר געזאָגט נאָך דעם מיט אַ טאָן אין וועלכן איך האָב זיך ניט געקאָנט פונאַנדערנעמען, צי האָט ער חרטה אויפן פּאַטש וואָס ער האָט מיר געגעבן, צי האָט ער חרטה וואָס ער האָט מיר ניט געגעבן נאָך איינעם, אַזוי געזאָגט:

— דו, סי דיין גליק וואָס באַלעבאָס סי לייג צו, סי איך וויל ניט אויפוועקן אים, ווייטער איך שוין ווייזן ווי אַזוי סי באַדאַרף צונג האַלטן!

אַלזאָ, האָב איך שוין אַ צווייטן מאָל איבער דער מויד געקריגן אַ סילוק, דאָס ערשטע מאָל פון איר טאַטן און דאָס צווייטע מאָל פון איר ברודער. און ס'איז אויפן אָרט בײַ מיר באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס וועט איר ניט געשענקט ווערן, הגם איך האָב אויפן אָרט ניט געוואוסט וואָס אַזעלכעס איך קאָן איר טאָן, איך זאָל מיר קילן דאָס האַרץ מײַנס. אָבער דעם זעלבן טאָג אויף דער נאַכט, ווען איך האָב מיך אַרײַנגעלייגט אין קאַסטן

און דאָס הינטל האָט דאָ ווידער אָנגעהויבן פּראָווען די הינטישע שטיק, איז מיר איינגעפאלן, אַז דאָס איינציקע מיט וואָס איך קאָן אָן איר נקמה נעמען, איז אומצוברענגען אָט דעם ליבלינג אירן; און איינצייטיק וואָלט איך פון דעם אָנשיקעניש פּטור געוואָרן.

ווי אַזוי דאָס צו טאָן איז מיר איינגעפאַלן אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען איינער פון די שכנים איז ווידער זיך געקומען באַ־קלאָגן, אַז דאָס הינטל לאָזט אים ניט שלאָפן און ס'איז דאָ ווידער אַרויסגעשוואומען די פראַגע, ווער פון אונדזביידע זאָל דעם הויף אויף ביינאַכט פאַרלאָזן, און ווען איך האָב געזאָגט אַז איך קאָן ניט שלאָפן אין „ראָבאָטשע" דערפאַר וואָס די מייז טאַנצן אויף מיר אַרום ביינאַכט, האָט זיך דער באַלעבאָס אָנ־גערופן:

— טאָ פאַרוואָס האָסטו ניט געזאָגט, פאַרוואָס? — און אַ פרעג געגעבןביים בן זיינעם: — איך מיין, אַז ס'באַדאַרף נאָך ערגעץ זיין „מישיאָק" ביי אונדז.

מיט דעם גיפט האָט מען זיך אין פיל הייזער באַנוצט, ווייל אין אָדעס איז געווען אַ גרויס גערעטעניש אויף מייז. שוין אין דעם אַליין וואָס צווישן פיל אַנדערע זאַכן, וואָס מענטשן האָבן אַרומגעטראָגן אין די הויפן צו פאַרקויפן, האָט מען אויך אַרומגעטראָגן מייזן־פאַסטקעס צו פאַרקויפן, אין דעם אַליין האָט מען געקאָנט זען אַז די „סחורה" איז דאָרטן זייער אָן אָנגאַנג־באַרע, אָבער מיט די פאַסטקעס אַליין האָט מען פון זיי ניט גע־קענט פּטור ווערן און מ'האָט פון צייט צו צייט געמוזט אָנקומען צו מער ראַדיקאַלערע מיטלען, מיט וועלכע מ'האָט אָבער געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל די פאַרסמטע מייז האָבן געזוכט וואַ־סער צו לעשן די ברענעניש, וואָס האָט געברענט אין זייערע גע־דערים, און דערפאַר האָט מען זיך אָפגעהאַלטן, און דאָס ניט גע־טאָן אַזוי אָפט ווי דאָס איז נויטיק געווען.

אין אָוונט, איידער מ'איז געגאַנגען שלאָפן, האָט דער באַ־לעבאָס אַרויסגעטראָגן פון שטוב אַ ווייכע שטיק ברויט מיט אַ ווייס קאָרדאָנען פּושקעלע, וואו עס האָט זיך אָט דער סם געפו־נען. איך האָב אונטער זיין אויפזיכט געמאַכט עפּעס אַ טוץ

קייקעלעך, אַריינגעלייגט אין יעדן פון זיי צו ביסלעך פון אַט דעם ווייסן פּראָשעק און האָב זיי צעלייגט וואו ערגעץ ס׳האָט זיך געפונען אַ נאָרע. בלויז ביי זיך אין חדרל האָט די מויד ניט געלאָזט לייגן אַט די סחורה, ווייל זי האָט אויף ביינאַכט אַריינגענומען צו זיך דאָס הינטל אויף נאַכט־לעגער, אַט טאַקע אויס פּאָרזיכטיקייט, אַז דאָס הינטל זאָל אַמאָל ניט אַ כאַפּ געבן איינס פון די קייקעלעך. און דאָ טאַקע איז מיר איינגעפאַלן מהנה צו זיין דעם ליבלינג אירן מיט איינעם פון די קייקעלעך, אין וועלכן איך האָב איינגעקייקלט דעם סם המות, און טאַקע דעם זעל־ביקן אויף דער נאַכט, איידער איך בין געגאַנגען שלאָפן, האָב איך אַראָפּגענומען איינס פון זיי, וואָס איך האָב צעלייגט אין „ראָ־באָטשע" און באַהאַלטן. און וויסנדיק, אַז קיין טרוקן ברויט עסט עס ניט, און נאָך שוואַרץ ברויט דערצו, האָב איך אויפן צווייטן טאָג דאָס גוט אויסגעקייקלט אינם פעטן טעלער פון דער פּע־טער „זשאַרקאָיע", וואָס איך האָב דעם טאָג געהאַט, און בכדי ס׳זאָל אויף מיר קיין פאַרדאַכט ניט פאַלן, האָב איך מיך דאָס מאָל טאַקע אין „ראָבאָטשע" באַלייגט און ווען אין הויף זיי־נען אַלע פייערן אויסגעלאָשן געוואָרן, האָב איך די טיר פון „ראָ־באָטשע" געעפנט און פון זיך געגעבן אַ וואָרף אָפּ דאָס פעט באַשמאָלצענע קייקעלע, און דאָס הינטל, וואָס איז ביי דער טיר אויף איינעם פון די טרעפּלעך געלעגן, האָט זיך גלייך געגעבן אַ יאָג צו דעם, אַ שמעק געטאָן, און גלייך נאָך דעם געגעבן אַ צי אויס די מאָרדיטשקע מיט נאָז און לעכער אין מיין ריכטונג ווי ס׳וואָלט געוואָלט דערגיין פון וועמען, צי פון וועמעס האַנט איז דאָ פּלוצים, אין דער שפּעטער נאַכטיקער שעה, אַט די „לאָ־קאָמקע" אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

איך האָב זיך גלייך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, ס׳זאָל מיך ניט זען, און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט וואָס ס׳וועט זיין דער סוף צי וועט עס ביישטיין דעם נסיון, צי ס׳וועט סוף־כל־סוף אַריינכאַפּן דעם מיט שמאַלץ־שמעקנדיקן ביסן.

אַ שמעק געטאָן איין מאָל און אַ צווייטן, און נאָך פיל מאָל, האָט דאָס הינטל געגעבן אַ כאַפּ אַריין דאָס קייקעלע אין פּיסק אַריין און גלייך נאָך דעם צוגעדראָלעוועט און זיך באַלייגט

אױפֿן אָרט װאו ס׳איז פֿריער געלעגן, און אַװעקגעלײגן, יאָ, װער קאָן עס װײסן װי לאַנג, האָט דאָס הינטל אָנגעהױבן אַרױסצולאָזן פֿון זיך דינינקע קװיטשקעלעך, װי אַ הונט, װען ער שטײט אין אַ שטאַרקן פֿראָסט אין דרױסן און בעט זיך מ׳זאָל אים אַרײנלאָזן אין שטוב אַרײן.

די קװיטשקעלעך זײנען פֿון רגע צו רגע אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געװאָרן און גאָר פּלוצים זיך געלאָזט דראַלעװען צום קראַן מיט אַ קװיטשערײ. צוגעלאָפֿן צום קראַן, האָט זיך עס געגעבן אַ ריס צו אים אײן מאָל און גלײך צוריק אַראָפּגעפֿאַלן, אַ צװײטן מאָל און נאָך אַ פּאָר מאָל און אױף אַ װײלע פֿאַרשװאונדן געװאָרן אינם אָפּגיס װאָס האָט זיך דערבײ, בײם קראַן געפֿונען, און עס לױפֿט שױן צוריק מיט נאָך שטאַרקערן אימפּעט װי פֿריער. און מ׳זעט שױן ניט װאָס ס׳לױפֿט, נאָר... לױפֿעניש לױפֿט, צי גאָר עפּעס אַ שװאַרץ שטיקל בהלה, װאָס האָט זיך פֿון נאַכטיקן חושך אָפּגעריסן, און צוגעלאָפֿן צו דער טיר, האָט עס מיט ריטש און קװיטש אײַלנדיק און אימפּעטיק גענומען שקראָבען מיט פֿיס און מיט נעגל...

ס׳איז אױף מיר אַן אימה געפֿאַלן... און פֿון גרױס רחמנות בין איך גרײט געװען דעם קומען צוהילף, אָבער דאָס רחמנות־געפֿיל איז גלײך פֿאַרטושקעװעט געװאָרן, כּאַפּנדיק זיך אַז אַ צװײטע געלעגנהײט װי זיך אָפּצורעכענען מיט דער מויד װעל איך שױן ניט האָבן און בײ מײן בעסטן װילן צו ראַטעװען דאָס הינטל פֿון טױט, האָב איך מיך גאָר אַ װאָרף געטאָן אױף מײן געלעגער און זיך געגעבן אַ דעק איבערן קאָפּ מיט דער קאָלדרע, און ערשט װען ס׳איז שטיל געװאָרן פֿון יענער זײט טיר, האָב איך דערפֿילט די גאַנצע גרױזאַמקײט פֿון דער זאַך, װאָס איך האָב אָפּגעטאָן, און ניט געקאָנט זי באַרעכטיקן מיט דעם, װאָס איך האָב זי פֿריער אַ װײלע באַרעכטיקט. איך האָב מיך געסטאַרעט אײנצושלאָפֿן, אָבער ס׳האָט מיך קײן שלאָף ניט גענומען. ס׳איז גענוג געװען איך זאָל נאָר צומאַכן די אױגן איך זאָל דערפֿילן װי עפּעס אַ געשװיר גײט אין מיר אױף און דערמאָנט האָט עס מיר אין אַ ענלעך געפֿיל, װאָס איך האָב געהאַט געפֿילט, װען איך האָב קלײנערהײט אַמאָל עפּעס אַראָפּ־

געשלונגען מיט אַ טרונק־וואַסער ביינאַכט (אין דער פינצטער) און איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב אַראָפּגעשלונגען אַ שפּין.

ערשט פאַרטאָג האָב איך, זעט אויס, געכאַפּט אַ דרימל און זיך אויפגעכאַפּט פון אַ טומל וואָס האָט זיך צו מיר פון הויף דערטראָגן, און אַזוי גלייך ווי איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, און אָט דעם טומל דערהערט, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָרטן טומלט זיך, און שפּעטער אַ ווײַלע האָט זיך צו מיר דערטראָגן דעם דוואָרניקס שטימע ווי ער האָט געזאָגט:

— סאָבאַטשקאַ קעם־טאָ אָטראַווליענאַ! (דאָס הינטל איז דורך עמעצן פאַרסמט).

זייענדיק זיכער, אַז נאָך דעם ווי דער „דיאַגנאָז" וואָס איז געשטעלט געוואָרן, אַז דאָס הינטל איז אָפּגעסמט געוואָרן, אַז „דאָ" וועט מען זיך גלייך אָנשטויסן אַז דאָס איז מיין מלאכה, האָב איך זיך שוין געריכט אויף אַ פּאָהיבעל: אָבער אומדער־וואַרטעט איז דאָס מיר דווקא גלאַטיק אָפּגעגאַנגען, הגם דאָס „טעכטערל" האָט מיך אָפּן, אָן קיינע צערעמאָניעס, באַשולדיקט אינם טויט פון איר ליבלינג. יאָ, ס'קאָן זיין, אַז מ'וואָלט מיך יאָ געווען מקיים פּסק געווען (און פאַר וואָס טאָקע ניט, ס'וואָלט זיי געקאָסט טייער?), נאָר דערפאַר וואָס זי האָט געמאַכט אַזעלכע קולות און געפּאָדערט מ'זאָל זיך מיט מיר אָפּרעכענען, דערפאַר האָט מען שוין דערפאַר אַליין מיך ניט געטשעפּעט און דערצו האָט זי נאָך געקריגן פונם באַלעבאָס אַ שטורך אין זייט מיט אַ צוגאָב:

— איך האָב מורא, אַז נאָכן טאַטן און דער מאַמען וועסטו אַזוי ניט וויינען ווי איבער דעם פאַרשיוון הינטל.

אויך דער „בראַטאָק" אירער האָט געפונען פאַר נויטיק איר אונטערצולאָזן אַ שפּילקע:

— סי אויסקומען ביז־הער אָן הונט, סי ווייטער קענען קום־אויס!

בקיצור, ס'איז מיר גלאַט אָפּגעגאַנגען. דערפאַר איז מיין דאָליע ביי דער מויד פון דעמאָלט אָן נאָך ערגער געוואָרן. יאָ, זי האָט מיר נאָך דעם זעלבן טאָג געלאָזט הערן:

— האַר אויס!...

ט

נאָך דער רעאַליטיוויטעט טעאָריע קומט אויס, אַז דער יעניקער וואָס לעבט שלעכט, לעבט לענגער ווי דער, וועמען ס׳לעבט זיך גוט, ווייל ביי דעם וועמען ס׳לעבט זיך שלעכט, ציט זיך די צייט לענגער ווי ביי דעם וואָס ס׳לעבט זיך גוט, און ווי אַזוי וואָלט מען עס געקענט באַווייזן, אַז ס׳איז ניט אַזוי ווען די צייט וואָלט ניט געווען צעטיילט אויף וואָכן, חדשים און יאָרן, און דעמאָלט וואָלט מען זיך אפשר ניט געיאָגט נאָך עשירות, וואָס וואָלט נאָך יענע באַגריפן, ווען ס׳וואָלט ניט עקסיסטירט די צייט צעטיילונג, פאַרקירצט דעם טאָג (אַזוי איז דאָס ווען מ׳פאַרברענגט גוט) און במילא וואָלטן שוין ניט פאָרגעקומען די כאָליערעדיקע זאַכן וואָס קומען פאָר און זיינען פאָרגעקומען, און ווען מן הסתם פאָרקומען אַזוי לאַנג ווי דאָס מין מענטש וועט זיך ניט אויסמענטשלען.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. איך האָב דאָס בלויז געבראַכט אַנטקעגן דעם, וואָס ביי מיר האָט זיך שרעקלעך די צייט געצויגן, און ווען ניט די צייט־צעטיילונג, וואָלט איך געקענט געווען מיינען, גאָט ווייס ווי לאַנג איך געפין מיך שוין אין מיין בית עבדים. ערשט אַרום און אַרום, מיט דער צייט וואָס מ׳האָט מיך געהאַלטן אויף פּראָבע, בין איך ערשט אָפּגעווען אַ זיבן חדשים.

מילא, וואָלט עס נאָך אַלץ כדאי געווען, ווען איך וואָלט געמאַכט פאָרשריט אין דער אַרבעט. האָט אָבער דער אַלטער ימח־שמוניק אַלצדינג געטאָן איך זאָל ניט קענען. און וואָס ווייטער איז עס געגאַנגען ערגער, ס׳הייסט, האָט ער אַלץ ערגערס געטאָן. ער האָט זיך שוין ניט באַגנוגנט מיט זידלען און שעלטן מיך, נאָר ער האָט מיך שוין אָנגעהויבן אונטערצושטאָרכען. אַמאָל איז דער שטאָרך געקומען פון זיין עלנבויגן, אַמאָל פון דער קני, און דאָ האָב איך נאָך געפילט אַן עקלהאַפטן ריח, וואָס האָט געזעצט פון אונטער זיינע פאַכוועס, ווי דאָס גיט זיך אָפּט ביי פיל מענטשן צו פילן אין מאָמענטן פון אויפרעגונג. איך האָב געהאַט

דאָס געפיל, אַז די גאַנצע אַכזריות זיינע גיט זיך איבער דורך אַט דעם שווייס... און דאָס־אָ, דאָס וואָס שעלט, און זידלט, און דאָס, וואָס גיט אַרויס פון זיך אַט דעם עקלהאַפטיקן שווייס און אַט־דאָס האַלט דיך נאָך אַרומגענומען, נו, האָב איך אונטער אַזעלכע אומשטענדן געקענט אין זינען האָבן די אַרבעט ?

די צייט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מיר צו ווייזן מיר די אַרבעט, איז געווען פאַר מיר איינע פון די גרעסטע אינקוויזיציעס, וואָס מיר איז דאָרטן אויסגעקומען אַדורכצולעבן. אַזוי ווי איך וואָלט דעם מלאך המות דערזען, אַזוי בין איך פאַרציטערט געוואָרן, ווען איך האָב דעם יידן דערזען, ווי ער לאָזט זיך צו מיר שליאָפּענדיק אין שטעקשיך. די שפּיץ־פינגער פון מיינע הענט האָבן מיר גענומען גליווערן פון גרויס שרעק פאַר אַט דעם ווייס־בערדיקן, גרויס־גופיקן מלאך המות.

ווי איך האָב שוין געהאַט אָנגעוויזן, האָט ער זיך אַלע מאָל אויסגעראַכעט מיר צו לערנען די אַרבעט נאָך זיין בייטאָגיקן דרעמל, ס׳הייסט דעמאָלט, ווען ער איז געווען שלעכט געשטימט און דורך דעם געקריגן אַ געלעגנהייט אויסצולאָזן צו מיין קאָפּ די שלעכטע שטימונג, און אויב אַפילו ער האָט זיך אָפּגעזוכט אַן אַנדער צייט, האָט עס אויך ניט געטויגט, ווייל דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ער האָט קיין אַרבעט ניט געהאַט. האָט ער אויסגעלאָזט צו מיר דאָס ביטערע האַרץ וואָס ער האָט קיין אַרבעט ניט, און ווען ס׳איז געווען אַרבעט (צו וועלכע ס׳האָט זיך געפאָדערט נאָך אַ פּאָר הענט) האָט ער מיר שוין אונטער זיין וואַרשטאַט געפּאַקט, און מיך געזידלט און געשאָלטן וואָס ער קאָן זיך מיט מיינע הענט ניט באַנוצן (דאָס וואָס ער האָט זיך באַנוצט מיט מיינע פיס, וואָס האָבן אים „צוגעדרייט” דאָס האָט זיך ניט גערעכנט).

— אַ רוח אין זייערע פאָטער און מוטער אַריין ! — האָט דער ייד געשיפּעט — מיינענדיק די לערן־יונגען — גיב זיי פרעסן און טרינקען, לערן זיי די מלאכה, לערן־זיי, און אַז ס׳קומט צו עפּעס, האָט מען פון זיי גאָרניט.

בקיצור, כל ימי לערן־יונג רעים. איז נישט געווען קיין אַר־

בעט, איז שלעכט געווען. און אַז יאָ געווען, איז געווען נאָך ערגער. אַלץ איז אויסגעגאַנגען צו מיין קאָפּ.

און ווי ווייט ס׳האָט ניט געטויגט ווען ס׳איז געווען אַר־בעט, וועל איך דאָ איבערגעבן אַ מוסטער פון גאָר אַ גרויסער באַשטעלונג, צו וועלכער ס׳האָט זיך געפאָדערט ניט קיין דריי פּאָר הענט, נאָר פיר, ווייל די אַרבעט האָט געמוזט צוגעשטעלט ווערן צו אַ באַשטימטן טערמין. אַלזאָ, אַפילו ווען ער וואָלט געקאָנט מיינע הענט אויסנוצן, וואָלט אים אַלץ געפעלט נאָך אַ פּאָר הענט. האָט ער מיך געקענט באַשולדיקן בלויז פּאָר איין פּאָר איבעריקע פּאָר הענט, וואָס ער איז געצוואונגען געווען צוצו־נעמען, ער אָבער האָט מיך גענומען טרייבערן פּאַר ביידע פּאָר הענט, צי פּאַר די צוויי אַרבעטער, וואָס ער האָט געמוזט צונעמען.

וואָס איז ער משוגע געווען ? ניין, ער האָט פּיינט געהאַט צו האַלטן אַרבעטער ביי זיך. ער וואָלט אפשר יאָ געווען ליב געהאַט, ווען זיי, די אַרבעטער, וואָלטן ליב געהאַט צו אַרבעטן בחצי חנם, נאָר אַזוי ווי צו יענער צייט, זיינען שוין אַזעלכע נאַראָנים ניט געווען, האָט ער זיך פּאַר די לעצטע יאָרן דער־טראַכט, אַז מ׳קען האָבן אַרבעטער, וואָס זאָלן אים גאָרניט קאָסטן, צי כמעט ווי גאָרניט, און דאָס האָט ער געהאַט דורך די לערן־יונגען. אָבער צומאָל איז דאָס אים אויסגעפאַלן „באָקאָם״, ווייל ניט אַלע באַשטעלונגען קען מען דורכפירן דורך לערן־יונגען, ווייל אַ לערן־יונג, ווי ער זאָל ניט קאָנען די מלאכה, האָט ער דאָך ניט געהאַט די געניטקייט און די געשיקטקייט וואָס אַן אַרבעטער האָט, ער האָט זיך טאַקע געמוזט אָפּזאָגן פון אייניקע אַרבעטן. דאָ אָבער האָט ער דעם נסיון ניט געקאָנט ביישטיין, און די אַרבעט אָנגענומען. און באַקומען אַ קנאַקעדיקן פינף־און צוואַנ־ציקער אַלס אויפגאַב, האָט ער מיט גרויס פרייד אָנגעשפּיגן אין אים, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אויף זיין פּנים אַ וואָלקן אָנגערוקט ווי דאָס טרעפט ביי איינעם וואָס האָט זיך אָקאָרשט דערמאָנט, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסן און קען שוין ניט מתקן די פאַרגעסענע זאַך דערמיט, וואָס ער האָט זי זיך דערמאָנט, און אַ וויסטיקן קוק אויף מיר געוואָרפן, האָט ער געזאָגט :

— גיי לערן דעם די אַרבעט, לערן דעם, גיב דעם צו פרעסן

און צו טרינקען, און אַז ס'קומט צו עפּעס, איז ניטאָ מיט וועמען צום טיש צוגיין.

און דער ייד האָט נעבעך געמוזט צונעמען צוויי אַרבעטער צו דער באַשטעלונג. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז איך בין דאָ גע־זעסן מיט פאַרלייגטע הענט. איך האָב געהאַט גענוג אַרבעט ביי דער אַרבעט. מיין מלאכה איז געווען צושניידן די לענג און אַראָפּ־נעמען מיט דער האַק די קאַנטן פון די פּירעקיקע העלצלעך, וואָס איך האָב סיי די צוויי אַרבעטער און סיי דעם באַלעבאָס מיטן בן מיט זיינעם געדאַרפט צושטעלן צו דער האַנט, דאָס מיינט, צום טאָקן. חוץ דעם האָב איך אַמאָל צען אין טאָג באַדאַרפט צורוימען די שפּענדלעך, וואָס די פיר מענטשן האָבן אָנגעשפּענדלט, איך האָב זיך געראַטשקעוועט אויף אַלע פיר אונטער די וואַרשטאַטן, געקראָכן צווישן זייערע פיס, און דערצו — נאָך באַדאַרפט אויס־פאָלגן אַ גאַנג פאַר דעם און פאַר יענעם. יאָ, פאַר די אַרבעטער אויך, אויך זיי, די אַרבעטער, איז אַ לערן־יונג מחויב געווען צו פאָלגן, און די אַרבעטער, צו קיין חרפּה זאָל ניט זיין, האָבן גאַנץ פיין אויסגענוצט די פּריווילעגיע זייערע. און האָב איך געהאַט אַ פרייע מינוט, האָט מיך דער באַלעבאָס געהייסן אַרונטערקריכן אונטער זיין וואַרשטאַט איך זאָל אים צודרייען.

בקיצור איך האָב געאַרבעט ווי אַ קאַטאַרזשניק. און ווען איך האָב געוואָלט אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון דער עבודת פּרך, האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט „אין הויף אַריין"... נו, אין דעם מקום, וואוהין די אַלע איינוואוינער פון הויף זיינען געגאַנגען צוליב זייערע „מענטשלעכע באַדערפענישן"... דאָרטן האָב איך עס אָפּגעדיכעט פון מיין שווערער פּראַצע. אמת, איך פלעג אַזוי אויכעט אַמאָל מאַכן „דאָרטן" אַן איבעריקן וויזיט און אויך וועגן אַ „מענטשלעכער זאַך" אָבער וואָס ווערט געטאָן אין די הייזער און מ'שעמט זיך דערמיט ניט... יאָ, איך האָב אַמאָל גע־כאַפּט אַ קיי דאָרטן. ווען מיר האָט זיך איינגעגעבן צו פּאַקן אין קיך אַ שטיקל ברויט און האָב עס ניט געקענט „אַריינקוועטשן", זיי זאָלן דאָס זען.

אויב ס'וועט וועמען אָנכאַפּן אַן איבל, בעט איך ביי אים מחילה, ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון דאָס אַריבערצושפּרינ־

גען. און איצט וועלן מיר זיך אומקערן צו דעם ענין, וואָס האָט מיך געבראַכט אָט די זאַך צו דערציילן. יאָ, איז ווען איך האָב געוואָלט אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון דער קאַטאָרזשנער אַרבעט, פלעג איך מיך אַרויסכאַפּן און זיך אַריינכאַפּן „אַהין״, אָבער איך האָב מיך שוין צופיל אַרויסגעכאַפּט (פון ראַבאָטשע) און אַהין אַריינגעכאַפּט און „דאָרטן״ זיך פיל לענגער געזאַמט, ווי ס׳באַ־דאַרף זיך זאַמען אַ מענטש מיט אַ נאָרמאַל־פונקציאָנירנדיקן מאָגן... דער באַלעבאָס האָט עס פאַרשטאַנען און מיך פיל מאָל געסטראַשעט, אַז ער וועט מיך פון „דאָרטן״ אַרויסשלעפּן פאַר די אויערן, און דער בן זיינער האָט איינער מאָל געזאָגט צו מיר מיט דעם לשון:

— ווען דו ס׳גיין אַהין, דו ס׳נעם מיט אַ לעפל!...

און אַלע האָבן געלאַכט פון דער חכמה.

אָבער אומדערוואַרט האָט אין איינעם אַ טאָג געטראָפן עפּעס אַזעלכעס, וואָס ווען איך וואָלט דאָס אַלץ וואָס איז ביז אַהער פון מיר באַשריבן געוואָרן, (און וואָס ס׳וועט נאָך ווייטער באַשריבן ווערן), אויסגעטראַכט, וואָלט מיר אַזעלכעס ניט איינגעפאַלן אויסצו־טראַכטן. איך וויל דאָ דערציילן, ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגע־געבן אין אַ מיטן וואָכעדיקן טאָג, און אין מיטן אָט דער „ספּעש־קע״, אַריינצוכאַפּן אַ יום־טובֿל.

מעשה שהיה, די מעשה, וואָס איז פאָרגעקומען, איז אַזוי פאָרגעקומען.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען איך בין אַרויס אין הויף, (ווען איך האָב עס טאַקע נויטיק געהאַט אויס „נויטיקייט״) האָט זיך צו מיר, ווען איך בין נאָענט צוגעקומען „אַהינצו״ דערטראָגן אַ געוויין פון אויבערשטן גאָרן, וואָס האָט זיך גע־פונען איבער דעם מקום וואוהין די מענטשהייט פון הויף איז געגאַנגען אָפּטאָן די „מענטשלעכע זאַך״. אינם געוויין דער־קענט, אַז דאָס איז אַ געוויין פון יענע געוויינען ווי באַוויינט ביי יידן אַ טויטן. איך האָב נאָר ניט געוואוסט ווער זיי זיינען אָט די יידישע (צי ווייבערשע) באַוויינער (צי באַוויינערינס) און במילא ניט געוואוסט ווער דער באַוויינטער איז.

האָב איך שוין דאָס מאָל קיין שהיות ניט געמאַכט, און „פאַרבראַכט" דאָרטן אַזוי לאַנג ווי ס'איז נויטיק געווען פאַר דער „נויטיקייט" און האָב מיך הענדום־פּענדום געלאָזט לויפן אָנזאָגן די בשורה, זיי דאָרטן מיינע לייט. יאָ, ס'רוב מענטשן האָבן ליב אַזעלכע, און אַפילו ניט אַזעלכע, איך מיין אַפילו גוטע בשורות אָנצוזאָגן. און ניט אָנטאָן יסורים און ניט מהנה צו זיין יענעם, זיינען די שלעכטע און גוטע בשורות אָנזאָגער אויסן (פאַראַן אַזעלכע אויך) נאָר צוציען דערמיט אויף אַ מאָמענט יענעמס אויפמערקזאַמקייט. וואָס שייך מיך אין דעם פאַל, האָב איך געוואוסט, אַז קיין יסורים וועל איך „זיי" דערמיט ניט אָנטאָן, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אַז דער יעניקער, וואָס ווערט אַזוי יאָמערלעך באַיאָמערט, קער זיך מיט זיי גאָרניט אָן, אָבער אַ שטיקל סענסאַציע, האָב איך געוואוסט וועט עס דאָך זיין פאַר זיי. און אונטער די אומשטענדן, וואָס איך האָב געלעבט, איז דאָס קיין וואונדער ניט, איך האָב כאָטש אויף אַ ווײַלע געוואָלט זיין דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט. נו, איז מיר אַזאַ שטיק גליק, מ'שטיינס געזאָגט, אויך ניט באַשערט געווען, ווייל ווען איך בין אַריינגעקומען אין „ראָבאָטשע" האָט מען שוין דאָרטן געוואוסט דערפון. און דער באַלעבאָס האָט מיר אַפילו ניט געלאָזט פאַרענדיקן, וואָס איך האָב געהאַט צו דערציילן, און ער האָט צו מיר אַזוי אַ זאַג געגעבן:

— יאָ? טאָ זיי מוחל און גיי און גיב אים אַ קוש אין דער מחילה...

זייער פיין פון זיין זייט, וואָס ער האָט ניט אָנגערופן די „זאַך" ביים אמתן נאָמען, וואָס ס'רוב יידן, וואָס קענען ניט קיין לשון קודש, מיינען אַז דאָס איז אַ יידיש וואָרט... אָבער זאָל מען זיך ניט טועה־זיין, זאָל מען ניט מיינען, אַז ער האָט דאָ געשאָנעוועט מיין כבוד, דאָס איז געווען צוליב כבוד המת, און צוליבן מת כבוד האָב איך שוין אויך געגאָסן, האָט ער מיר שוין געזאָגט „זיי מוחל"... ווען ער וואָלט מיר אָט די פיינע זאַך געהייסן טאָן אַ לעבעדיקן מענטשן, וואָלט ער ניט געווען אַזוי צירלעך־מאַנירלעך.

די צוויי אַרבעטער האָבן זיך צעלאַכט, און אויך דער בן

האָט זיך אויף זיין נאַרישן אופן געגומען שטיקן, אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויפן מויל, און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרשאַליאַ־פּיעטער פון אָט דעם ברוך הבא און נאָך מער פון דער אַנטוישונג, וואָס מ'איז שוין פון דער נייס געוואָרן אָן מיר. דאָ אָבער האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער כהונה אָן מיינער, אַז אייגנטלעך טאָר זיך מיין געביין אין דעם הויף ניט געפינען, און דאָ ווער איך נאָך, איך, דער כהן, געשיקט אַזאַ זאַך צו טאָן...

— נו, וואָס שטיין וואָס? — האָט זיך דעם באַלעבאָס' תכשיט אָפּגערופן, אָפּדרייענדיק דאָס פּנים זיינס פון דער אַרבעט צו מיר, וואָס הגם ס'האָט געוואָלט אויסקוקן ערנסט אָט דאָס פּנים, איז דאָס געווען דורכגעזאַפּט פון געלעכטער, און דאָ גלייך צוגעגעבן: — וואָס ניט גיין וואָס? ס'באַלעבאָס ס'הייסן עפּעס טאָן!...

— דאָס אָ, וואָס דער באַלעבאָס האָט מיר געהייסן טאָן, — האָב איך זיך אָנגערופן אין אַ ווייַלע אַרום — מעג נאָר טאָן אַ לוי און אַ ישראל, איך בין אַ כהן, איך טאָר אַזאַ זאַך אַ מת ניט טאָן...

ווען די צוויי חברה־לייט וואָלטן ניט אויסגעשאָסן קיין געלעכטער, איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז דערמיט וואָלט זיך עס געווען פאַרענדיקט, ווייל אָט דער גראָבער קאָפּ האָט אפילו ניט פאַר־שטאַנען דעם אַריינזאָג מיינעם. אָבער דערהערנדיק דאָס געלעכ־טער, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, אַז עפּעס האָב איך דאָ אַריינגע־זאָגט און רויט־ווערנדיק ווי אַ בוראַק, האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן וואָס איך האָב דאָ געמיינט מיט די ווערטער וואָס איך האָב געזאָגט, איך האָב מיך גלייך געגומען אָפּרוקן, און איידער איך האָב באַוויזן צוצוגיין צום קלאָץ, ביי וועלכן איך בין געזעסן און געטאָן די אַרבעט מיינע (דאָס אַרומטעסען די קאַנטן פון די העלצער), האָב איך דערפילט אַ בריק אין יענעם טייל פון קער־פּער וואָס דער באַלעבאָס האָט מיר געהייסן גיין אַ קוש געבן ביים מת, און צוגעקומען צו איינעם פון די אַרבעטער, האָט ער ביי אים געפרעגט, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, און יענער, אויפן אָרט פון צו ענטפערן דעם אויף זיין פראַגע, האָט זיך אָפּגערופן צום צווייטן אַרבעטער:

— זע נאָר, איך האָב גאָרניט געוואוסט וועמען מיר האָבן דאָ — און געזאָגט האָט ער דאָס מיט אַזאַ טאָן וואָס איז שווער געווען צו כאַפּן, צי מיינט ער עס ערנסט, צי ער מאַכט שפּאַס. יאָ, אַ שטיקל לץ איז ער געווען, און די גרעסטע לצנות זיינע איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט די שפּאַסן זיינע אַלע מאָל אַרויסגעבראַכט מיט אַן ערנסטן פּנים און ערנסטן טאָן.

— ביי דיר איז דאָס אַ געלעכטער — האָט זיך אָפּגערופן דער צווייטער אַרבעטער, שוין אַ גאַנץ ערנסטער און זייער אַ פלאַטשיקער, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — איך אויף זיין אָרט וואָלט דאָ איצטער ניט געווען!

— וואָע? — האָט זיך דער באַלעבאָס אָפּגערופן.

דאָ האָט דער ערנסטער לצוואָטער בחור זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר אָנווייזנדיק אויפן באַלעבאָס:

— זיי ווייסן, וואָס דו ביסט?

און ניט באַקומען פון מיר קיין ענטפער, האָט ער מיט אַ ממזריש שמייכעלע געזאָגט צום באַלעבאָס:

— ווען איר וואָלט געוואוסט, גאָספּאָדין שמיליאַנסקי, וועמען איר האָט דאָ פריער געשיקט צו טאָן אָט די זאַך, וואָס איר האָט געשיקט טאָן...

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר יענער, דער צווייטער אַרבעטער האָט אים איבערגעריסן און מיט טיפער ערנסטקייט געזאָגט:

— וואָס איז דאָ דאָ חוזק צו מאַכן?

— ווער מאַכט חוזק ווער? — האָט זיך דער אָפּגערופן מיט טיפער ערנסטקייט, וואָס מ׳האָט אין דעם אַליין געקענט דער־קענען, אַז ער מיינט עס ניט ערנסט. — איך אויף זיין אָרט (אויף מיין אָרט מיינט עס) וואָלט דאָ קיין מינוט, קיין רגע ניט פאַרבליבן. עפּעס אַ קליינינקייט אַ כהן, ער וועט דאָך שוין קיינמאָל ניט טאָרן דוכענען.

— דו סי רעדן, סי ניט מיינט וואָס סי רעדט — האָט זיך דער גרויסער בר דעת, דעם באַלעבאָס זון, אָפּגערופן — און ער (איך הייסט עס) וועט מיינען סי מיינט וואָס זאָגט!...

— דו טו בעסער אָן דאָס היטל! — האָט דער באַלעבאָס זיך אָפּגערופן צום אַרבעטער מיט גרויס פאַרדראָס, און דאָס איז זיכער געווען ניט אויסן פאַרדראָס וואָס ער שטייט אָן אַ היטל, ווייל דער בן זיינער איז דאָך אויך געשטאַנען אָן אַ היטל, נאָר קאָנטיק, אַז ער האָט דאָ אַרומער געוואָלט אויסדריקן דעם צאָרן זיינעם פאַר די רייד וואָס יענער האָט אָקאָרשט גערעדט, און ער האָט מיט אַ שמייכעלע אָנגעטאָן דאָס היטל, און אויך יענער, דער צווייטער אַרבעטער, האָט דאָס אייגענע געטאָן און נאָך אים האָב איך אויך אָנגעטאָן די טשאַמורקע מיינע, און זיך באַזעצט צוריק ביים קלאָץ האָב איך אַ מורמל געטאָן צו די צוויי חברה־לייט:

— ס'איז דען אָן מיר געווענדט?..

— פּנחס בן אליעזר בן אהרן הכהן, השיב את חמתי! — האָט זיך דער ערנסט־לצוואַטער בחור אָפּגערופן, און פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, האָב איך שטיל אַ מורקע געטאָן:

— איך וואָלט שוין געמעגט אָפּזאָגן ווידוי!...

פאַר דער קורצער צייט, ס'הייסט פון דער צייט וואָס איך בין פון הויף אַריינגעקומען, זיינען אין הויף אויסגעוואַקסן עטלעכע קופּקעלעך מענטשן, און יעדעס קופּקעלע פאַר זיך האָט זיך באַזונדער געשמועסט צווישן זיך וועגן... יאָ, מ'האָט טאַקע ניט געהערט די שמועסן זייערע איבער דעם טומל אין „ראַבאָטשע", אָבער ס'איז זיכער געווען וועגן דעם בר מינן. עלטערע יידן, און אפילו ווייבער זיינען געשטאַנען מיט צוגעדעקט קעפּ, — וואָס אין אַדעס האָבן סיי די, סיי יענע ניט מקפיד געווען אויף אַזעלכע זאַכן. ווייל אַפילו פרומע יידן זיינען געווען קנאַפּע מקפּידים אויף גלוי ראש און אַפילו ניט אַלע פרומע ווייבער זיינען געגאַנגען צוגעדעקט די האָר זייערע, בלויז אין די „פאַרכטיקע טעג", ווען די ווייבער זיינען אין שול געגאַנגען (אויכעט ניט אַלע) פלעגן זיי איבערדעקן די קעפּ זייערע...

איך בין געווען זיכער, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען, אַ סוף הייסט עס צו דעם שמועס וועגן דער כהונה וועגן מיינער וואָס איז פאַרפירט געוואָרן אַדאַנק דעם בר מינן. ערשט ווען די באַלעבאָסטע האָט זיך באַוויזן מיטן באַרעט ביז די ברעמען און

געפרעגט דעם באַלעבאָס, צי ער וועט זיך ניט אַרויסכאַפּן אויף אַ ווײַלע אין הויף אַרײַן, און ער האָט צאָרנדיק געענטפערט אַז ער קען עס ניט טאָן, אָנווײַזנדיק אויף די צוויי אַרבעטער און אויף מיר. האָט זיך איבעראַנייס אויפגעמישט די זעלביקע געשיכטע, ווען זי האָט געזאָגט, אַז עפּעס האָט זי געהערט אין שטוב אַז מען „בעסעדעוועט" דאָ וועגן עפּעס, איז וויל זי טאַקע וויסן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. דער באַלעבאָס האָט צוגעשוויגן, דערפאַר האָט זי דעם אמתן ענטפער, פון וועלכן מ'האָט טאַקע אַ סך געקענט געוואויר ווערן, געקריגן פונם „סינאָק" פון אירן:

— ניט ניג (גענוג) וואָס איין פּוילישן, גאָט סי שיקט צו (דאָס האָט ער מיך געמיינט) סי גאָט שיק צו נאָך צוויי פּוילישע לייט.

— און איך בין גאָר אַ פּאָדאָליער פון פּאָדאָליע — האָט זיך אָפּגערופן דער לצעוואַטער בחור און דערבײַ האָט דאָס פּאַרשפּיצטע כיטרע פּנימל זײַנס אויסגעדריקט אַזויפיל הומאָר, אַז מ'האָט באַדאַרפט זײַן שטאַרקער פון אײַזן זיך ניט צו צעלאַכן, און די אײגעלעך, קלײנינקע, אָבער אַזעלכע לעבעדיקע, ממזרישע, האָבן געבליצט מיט חוזק און מיט אָפּשפּאָטערײַ, און דערפאַר טאַקע האָט זיך די באַלעבאָסטע אַן אָנגעצונדענע אָפּגערופן צו אים:

— חוזק איז די באָבע אײַערע!... שוין געזען?!...

— ווער מאַכט חוזק ווער? — האָט זיך יענער גלייך אָפּגערופן — זאָל יענעם אַרויס אַ חוזק אויפן פּיפּיק ווער ס'מאַכט חוזק!...

— העי, העי! — האָט דער מאַמעס זונדעלע אַריבערגעשריגן צום אַרבעטער און דער באַלעבאָס האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— נו, אַ? ווען האָט עס אַזעלכער דערלעבט עפּענען אַזאַ פּיסק?... צײַטן אַ?... מיינסט, אומזיסט וויל איך זיי דאָ ניט האָבן?

די באַלעבאָסטע האָט זיך מיט צוויי פינגערלעך אַ וויש געטאָן די צוויי מויל־ווינקלען און אַ פינצטערן קוק אויף מיר געוואָרפן, האָט זי זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ:

— און דאָס איז אַלץ איבער אָט דעם פּאַרשיוון ייִנגל?

פון וואַנעט זי האָט אַרויסגענומען, אַז דאָס איז צוליב מיר, ווען זי האָט אקאָרשט אַליין געזאָגט, אַז עפּעס האָט זי געהערט „בעסעדעווען״, נאָר זי ווייס ניט וואָס? איז דער תירוץ, אַז גע־וואוסט האָט זי טאַקע ניט, נאָר זי איז דאָ בלויז אויסן געווען אויסצוגיסן די באַד אויף מיר.

— אים טשעפּעט ניט! — האָט זיך יענער אַרבעטער גאַנץ ערנסט אָפּגערופן — ס׳איז שוין אַזוי אויך גענוג פאַר אים, וואָס ער מוז דאָ זיצן...

— וואָע? — האָט די באַלעבאָסטע אַ דערשטוינטע אַ פרעג געגעבן.

דער באַלעבאָס, וועלכער האָט שוין געוואוסט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט איר געהייסן גיין וואוהין זי האָט זיך געלאָזט גיין, זי אָבער האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט די ווערטער, וואָס דער אַרבעטער האָט געזאָגט, און זיך דערנענט מיט אַ פּאָר טריט צו אים, האָט זי געפּאָדערט פון אים, ער זאָל איר דערקלערן וואָס ער האָט געמיינט, און ער אַזאַ רואיקער און אַזאַ געלאַ־סענער, גאָר דער היפּוך פון צווייטן חברה־מאַן (אַזאַ איינדרוק האָט ער אַלנפאַלס געמאַכט) האָט אַרויפגעלייגט די האַנט זיינע אויפן האַרצן און זיך פאַרנומען ציילן וואָרט אין וואָרט אַריין:

— איך אויף אייער אָרט... איך זע דאָך, אַז איר זענט פרומע, גאָטספאָרכטיקע מענטשן, איז איך אויף אייער אָרט ווען איך וואָלט געווען, וואָלט איך דאָס יינגל דאָ ניט געהאַלטן אַט איצטערט!...

— אַוורום, וואָס טוט זיך דאָ? — האָט זי אַ צעשטרייטע אַ פרעג געגעבן ביים באַלעבאָס, וואָס האָט (לאָמיר טאַקע דאָ לאָזן הערן דאָס ערשטע מאָל) געהייסן „אַוורום״.

— טשאָרט איך דושו זנאַיעט (דאָס שוואַרצע יאָר ווייס זיי) — איז ער גלייך אַרויסגעקומען מיט זיין ענטפער, און אינם טאָן איז קאָנטיק געווען, אַז ער ווייס שוין יאָ וואָס דאָ טוט זיך, נאָר ס׳האָט זיך אים בעסער געלוינט זיך צו מאַכן ניט וויסנדיק...

— איך וועל אייך זאָגן וואָס דאָ טוט זיך — האָט זיך אָפּגערופן דער הויפּט־אינטריגאַנט, און אָפּגעשטעלט דעם וואַר־

שטאָט, האָט ער גענומען ווּעצעווען אַ שטיקל געציייג, בכדי מ׳זאָל ניט מיינען, אַז ער שטייט ליידיק, און ממזריש אַ פינטל געטאָן צו מיר מיט אַן אייגל, האָט ער ביי דער באַלע־באָסטע אַ פרעג געגעבן:

— איר ווייסט וואָס אַ כהן איז?

— צי איך ווייס וואָס אַ כהן איז... וואָס עפּעס אין מיטן דרינען? — און דערביי געוואָרפן אַ הילפלאָזן קוק אויפן באַלעבאָס.

— אויב איר ווייסט וואָס אַ כהן איז, מוזט איר אוודאי וויסן, אַז אַ כהן טאָר זיך ניט געפינען אונטער איין דאַך וואו אַ מת געפינט זיך? — איז דער אַרבעטער אַרויסגעקומען מיט זיין ענטפער.

די באַלעבאָסטע האָט אַ ניזשע געטאָן מיט די אַקסלען, און דער באַלעבאָס האָט זי געגעבן אַ נעם אָן פּאַר אַ האַנט און זי אַרויסגעצויגן פון דעם שמאָלן דורכגאַנג, וואָס האָט זיך געפונען צווישן די וואַרשטאַטן און דער וואַנט, וואָס האָט אָפּגעטיילט זייער שטוב פון דער „ראָבאָטשע״, און געזאָגט צו איר מיט אַ האַרבן קול:

— האָסט זיך געלאָזט ערגעץ גיין, יאָ?

און ווען זי איז שוין ביי דער טיר געשטאַנען, גרייט אַרויס־צושפּאַנען פון יענער זייט שוועל, האָט זיך דאָס טעכטערל באַוויזן ביי איינעם פון די פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען הינטער די פּלייצעס פון דעם אַרבעטער, וואָס האָט די גאַנצע געשיכטע מיט דער כהונה מיט מיינער פּאַרדרייט, און אַ זאָג געגעבן צום אַרבעטער:

— און איר גלויבט אים?

דער אַרבעטער האָט זיך געגעבן אַ דריי אויס צו איר און אַ „קנסל״ געגעבן צום צווייטן אַרבעטער, האָט ער ביי איר גאַנץ העפלעך און מיט יראת הכבוד צו איר מיידלשקייט גע־פרעגט ביי איר וואָס זי מיינט מיט דער פראַגע. זי איז דאָ גלייך אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער:

— און איך זאָג, אַז ער איז גאָרניט!...

— אַזוי? — האָב איך געגעבן אַ שפּרונג אַרויס —

מיין עלטער־זיידע, מיין טאַטנס טאַטע, האָט געהאַט יחוס־בריוו פון אהרן הכהן... יאָ, מיין טאַטע, עליו השלום, ער אַליין האָט מיר דערציילט, אַז זיין טאַטע האָט אים דערציילט אַז זיין טאַטנס־טאַטע...

— אַז ס'זאָל שוין אַ רוח דיר אין טאַטנס־טאַטן אַריין, דו פאַרשיווער ליטוואַק דו — האָט דער באַלעבאָס צאָרנדיק אויסגעשריגן און איך גלייך נאָך אים צו די צוויי אַרבעטער:

— יידן, זייט עדות!... זייט עדות, אַז איך האָב געוואָלט אַוועקגיין און מ'האָט מיך ניט געלאָזט... זייט עדות, יידן, און אַז ס'וועט קומען אויף יענער וועלט...

אין דעם מאָמענט האָט זיך אין הויף אַריין אַריינגעריסן עפּעס אַ פּאָרל מיט אַ פּאַליש און מיט אַ געוויין און מיט זייערע געשרייען און געוואַלדן אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה, אַז אַלע, וויפיל מענטשן ס'האָבן זיך געפונען אין הויף און מיר אַלע אין „ראַבאָטשע", זיינען געבליבן פאַרגליווערט אויף די ערטער. און ניט געקוקט אויף דער היץ, וואָס איז געווען, האָב איך געפילט ווי אַ פרעסטל נעמט אַדורך דעם רוקן מיינעם און די גאַנצע הפקרות מיינע, וואָס איך האָב באַוויזן אַריינגעזויגן אין זיך פאַר דער קורצער (צי לאַנגער) צייט וואָס איך בין אין דער הפקר־שטאָט געווען, איז אין דעם מאָמענט עפּעס ווי פאַרטיליקט געוואָרן. איך בין מיך פּאַמעלעכינקע צוגעגאַנגען צום ווינקל וואו מיין שיינער גאַרדעראָב האָט זיך געפונען, און האָב פון דאָרטן אַרויסבאַקומען דעם ארבע כנפות מיינעם, וואָס האָט שוין בלויז דריי ציצות געהאַט (איין ציצה איז נאָך די ערשטע פאָר וואָכן וואָס איך בין צו זיי אָנגעקומען, אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין וואַרשטאַט און זיך אָפּגעריסן) און האָב מיך אַזוי צוריק געוואָלט ביים קלאָץ באַזעצן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער באַלעבאָס אַ פיינטלעכן און נייגעריק־פאַרשנדיקן בליק אויף מיר געוואָרפן, און ווי ער וואָלט זיך פאַר די אַרבעטער געוואָלט פאַרענטפערן, וואָס ער האַלט מיך דאָ אין אַזאַ צייט וואָס אַזעלכעס ווי איך בין (אַ כהן מיינט עס) טאָר מען ניט האַלטן, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— איר מיינט, אַז אויף דעם פאַרשיוון ליטוואַק קאָן

מען דאָס ניט גלויבן? — און אין אַ ווײַלע אַרום שוין מיט אַ שמייכעלע צוגעגעבן: — אַ ליטוואַק קאָן אויסטראַכטן און זאָגן, אַז ער איז אַן אַם, דאָס קאָן אויך אַ ליטוואַק.

יענער אַרבעטער, דווקא דער ערנסטער, האָט זיך צעלאַכט פון דעם וויץ. אָבער יענער, דווקא דער לץ, האָט געמאַכט אַן ערנסטן פּנים און זיך אָפּגערופן צום באַלעבאָס:

— מילא, אַ ליטוואַק קאָן עס ניט באַווייזן, אַז ער קאָן זיין אַן אַם, אָבער ער (איך הייסט עס) קאָן דאָך געוויס באַווייזן, צי ער איז אַ כהן צי ניט, — און מיט אַ שמייכעלע זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר: — אַ נו, באַווייז, האָסט די יחוס־בריוו פון דיין עלטער־זיידן?

יענעם אַרבעטער האָט עס פאַרדראָסן:

— דו, קאָנסט זיך מאַכן אַ געלעכטער דערפון — און אין אַ ווײַלע אַרום ביי מיר אַ פרעג געגעבן:

— דו האָסט שוין אַמאָל געדוכנט?

— איין מאָל? — האָב איך מיט גדלות זיך אָפּגערופן און געגעבן אַ וויז אָן אויפן באַלעבאָס: — זיי אַליין האָבן מיר שוין אויך געזען דוכענען.

— יאָ? — האָט דער באַלעבאָס סאַרקאַסטיש זיך אָפּגערופן — האָב איך אים טאַקע דעמאָלט אויך ניט געגלויבט.

— ער איז אַ רעכטער אַפּעריסט! — האָט זיך דאָס טעכטערל אָפּגערופן.

דאָ האָב איך זיך געגעבן אַ הויב אויף פון קלאָץ, געגעבן אַ שטעל אָן ביידע הענט מיט צענומענע פינגער, ווי כהנים טוען ביים דוכענען און אַ ווייז געטאָן די צוויי אַרבעטער און אַ זאָג געטאָן:

— בין איך אַ כהן צי ניט?

די צוויי חברה האָבן עס געפּרואווט נאָכמאַכן און ניט גע־קאָנט. אויך דעם באַלעבאָס בן און דאָס טעכטערל האָבן עס גע־פּרואווט טאָן, און ניט געקאָנט. און געקוקט אַ ווײַלע ווי זי פאַר־קעט זיך מיט די פינגערלעך, האָב איך אַזוי געגעבן אַ בויג אויס די הענט מיינע צו איר און אויסגעשריגן:

— יברכך!!

און איך האָב גלייך צוריק געקריגן אַ ברכה פונם באַלעבאָס:

— גיי־שויך־גיי אין דער ערד מיטן קאָפּ!

— נו, גיי, וואָס זיצטו? — האָט זיך דער לצעוואַטער בחור אָפּגערופן מיט אַ שמייכעלע — מ'הייסט דאָך דיר גיין!

דער באַלעבאָס האָט ניט דאָס געמיינט, און דער חברה־מאַן האָט עס זיכער אויך ניט געמיינט, אָבער איך האָב מיך געמאַכט טאַמעוואַטע. איינס און צוויי בין איך לעבן מיין גאַר־דעראָב געשטאַנען און אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס טוזשורקעלע פונם אייניקל, און דעם אייניקלס באָבעס שיך. און איינס און צוויי בין איך שוין געווען פון יענער זייט טיר און גענומען מאַכן פיס און איבערגעשניטן עטלעכע גאַסן און געסלעך, בין איך שטיין געבליבן, ווייל די געפאַר, אַז ווער זאָל מיך כאַפּן און הייסן גיין צוריק, איז שוין ניט געווען, אַזוי אַז דאָס לויפן איז שוין ניט נויטיק געווען. אָבער דאָ איז אַרויסגעשוואומען אַ גאַנץ אַנדער פראַגע: וואוהין צו גיין?

ווען איך וואָלט ניט געהאַט קיין ליידיקע קעשענעס, וואָלט איך שוין געוואוסט וואוהין צו גיין. אין אָדעס זיינען געווען אויף יעדן שריט און טריט טראַקטירן און פאַר אַכט קאָפּיקעס האָט מען געקאָנט אָפּזיצן אַ טאָג און כליעבטשען טיי, און פאַר צען קאָ־פּיקעס האָסטו דאָרטן געקאָנט אָפּעסן אַ מיטאָג. סיי ווי האָט עס דערביי ניט געהאַלטן, ווייל אַכט אַזייגער האָב איך געטרונקען טיי און צוגעביסן מיט אַ שטיק ברויט. און אויב מיין אַפּעטיט איז יאָ אויפגערייצט געוואָרן פאַר דער צייט, איז דאָס געווען צו די נאַשערייען, וואָס די ווייבער האָבן אַרומגעטראָגן אין די קאָשיקעס. זומערדיקע, צי אָנהויב־זומערדיקע נאַשערייען, וואָס זיינען באַשטאַנען פון רויטע ווייַנשל מיט גרינלעכע פלעקן, וואָס הגם זיי, אָט די גרינע פלעקן, האָבן אָנגעוויזן אויף דער ניט־ריייפקייט אויף זייערער, דאָך האָט זיי דאָס צוגעגעבן אַ גוואַלדיקן חן. הייַנט די האָריקע גרינע אַגרעסן און די רויטע ווייַנפּערלעך! אמת, אין אָדעס האָט מען אַ גאַנץ יאָר געקאָנט קריגן פון אַלדאָס גוטס, דאָ אָבער איז מען דיר געקראָכן אין די

אויגן אַריין מיט די בונטע קאָלירן פון אָנהויב־זומערדיקער פרוכט־באַרקייט, און דאָס האָט געהאַט אַ באַזונדערן רייץ.

יאָ, אָדעס איז געווען אַ געבענטשטע שטאָט. ווער ס׳איז דאָרטן געווען אין פרילינג, ווייס ווי ס׳שמעקן דאָרטן די אַקאַציע ביימער, וואָס געפינען זיך (צי האָבן זיך געפונען) אין פיר רייען אויף אייניקע גאַסן. און צו דער צייט, ווען ווען וועלכער דאָ רעדט זיך, האָבן זיי טאַקע געהאַלטן אין בליען אָט די אַקאַציע־ביימער, זיי האָבן אויסגעקוקט, ווי זיי וואָלטן געווען מיט ווייסן שניי באַשאָטן. די ווייסע צוויטעלעך האָבן זיך געשאָטן פון די ביימער אַראָפּ און געשפּרייט אונטער זיך און אַרום זיך מיט ווייסקייט, האָט עס אויסגעקוקט ווי אַ זומערדיקער ווינטער (צי אַ ווינטער־דיקער זומער), און ס׳האָט אַזוי געשמעקט, אַז דאָס האַרץ האָט געקאָנט צעגיין.

דערווײַלע האָב איך זיך געפילט גוט. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז ס׳וועט קומען צוועלף אַ זייגער, די צייט פון עסן, און איך וועל ניט האָבן צו עסן, וועט מיר ווערן שלעכט און באַצייטנס האָב אָנגעהויבן ווען דעם צו טראַכטן. און טראַכטנדיק וועגן דעם, האָב איך מיך דערמאָנט אין מיינעם אַ בן עיר וואָס איז אין איין צייט מיט מיר געקומען קיין אָדעס, און האָט זיך פאַר דער צייט באַוויזן אַרויפצואַרבעטן און האָבן זיין אייגנס אַ „פּרוקטאָווניע״ (צי אַ „שטעל״ ווי ס׳האָט זיך אין אָדעס גערופן). ער מיט דער „שטעל״ מיט זיינער האָבן זיך געפונען ניט ווייט וואו איך האָב מיך געפונען. מיר איז אַפילו ניט איין מאָל אויסגעקומען דאָרטן פאַרביי צו גיין, איך פלעג אָבער אים אויס־מיידן, ווייל איך האָב אים ניט פאַרגונען, וואָס אים איז פאַר דער קורצער צייט געלונגען צו ווערן אַ „מענטש״, און איך בין געבליבן דער זעלבער גאָרניט, צי געוואָרן נאָך אַ גרעסערער גאָרניט ווי איך בין געווען איידער איך בין געקומען קיין אָדעס.

איך האָב געזאָגט, אַז מיר זיינען ביידע אין איין צייט גע־קומען קיין אָדעס! דאָס איז ניט אינגאַנצן ריכטיק, ער איז אָנגעקומען מיט דריי טעג פריער פאַר מיר, כאָטש מיר ביידע זיינען גלייכצייטיק אַרויסגעפאָרן, טאַקע אין איין באַן זיך אויפ־געזעצט, דאָך איז ער אָנגעקומען פאַר מיר מיט דריי טעג.

ווי איז עס מעגלעך? אַז מ׳האָט אין רוסלאַנד געקאָנט אָפּפֿאָרן די גרעסטע שטרעקעס „בלאַט” איז באַוואוסט, און אַז מ׳איז אין רוסלאַנד געפֿאָרן אונטער די בענקלעך — דאָס ווייסן אויך אַלע און אויב ס׳איז ניט געווען וואָס מקנא צו זיין די יעניקע וואָס זיינען געפֿאָרן „בלאַט”, איז אוודאי און אוודאי ניט געווען וואָס מקנא צו זיין די יעניקע, וואָס זיינען געפֿאָרן אונטער די בענקלעך, און ניט דערפֿאַר ווייל ס׳איז ניט געווען באַקוועם אונטערן בענקל צו פֿאָרן, איז די אונטער־בענקל־„רייזנדע” ניט געווען וואָס מקנא צו זיין, נאָר דערפֿאַר וואָס מ׳פֿלעגט זיי זייער אָפֿט פּאַקן און אַרויסשלעפּן פֿאַר די פֿיס (צי ביי די אויערן) און אַראָפּוואַרפֿן.

אמת, אַז די יעניקע וואָס זיינען געפֿאָרן „בלאַט” איז אויכעט זייער אָפֿט אויסגעקומען אַרונטערצוקריכן אונטערן בענקל, ווען אַ קאָנטראָליאָר האָט באַדאַרפֿט אָנקומען, אָבער דערנאָך, אַזוי ווי דער קאָנטראָליאָר איז אַריבער, איז דער אונטערן־בענקל־ליגער אַרויסגעקראָכן און זיך באַזעצט אויפֿן בענקל מעשה־פּריץ גלייך מיט די כשרע פּאַסאַזשירן. ס׳איז אָבער מערקווירדיק וואָס די יעניקע, וואָס זיינען געלעגן אונטער די בענקלעך מיטן קאָנדוקטאָרס וויסן, איז פֿון זיי האָט ער „ניט געוואוסט” און די יעניקע וואָס האָבן זיך אַרונטערגעכאַפּט אונטער די בענקלעך אָן זיין וויסן, האָט ער זיך גלייך דערוואוסט פֿון זיי און האָט אַרויסגעשלעפּט ביי די פֿיס (צי ביי די אויערן).

אַנטקעגן וואָס דאָס איז צו רייד געקומען? איך האָב עס געמוזט דערציילן, אַנדערש וואָלט מען דאָך ניט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז צוויי זייעריקע זאָלן זיך אויפֿזעצן אין איין באַן, און איינער זאָל קומען מיט דריי טעג פֿריער און דער צווייטער — מיט דריי טעג שפּעטער אין איין און דער זעלבער שטאָט. דאָס אַליין איז גענוג געווען אַז ס׳זאָל זיך שאַפֿן ביי מיר אַ טערפּקע געפֿיל צו אים (צי אַ ניט־פֿאַרגינערייש געפֿיל). ווי לאַנג דאָס וואָלט געקאָנט אָנהאַלטן, ווייס איך ניט, אָבער אַז אים איז דאָס גלייך אַוועק אַזוי גוט, און מיר שלימזל איז דאָס אַוועק אַזוי שלעכט, איז שוין ניט מער ווי נאַטירלעך געווען, אַז אָט דאָס געפֿיל זאָל אָנהאַלטן. אָט האָבן דאָך פֿיל זייעריקע פֿון מיין שטעטל, וואָס זיינען געקומען מיט

אַ קורצער צייט פאַר מיר און נאָך מיר, געמאַכט בעסער פון מיר, און איך האָב צו זיי ניט געפילט אַזאַ קנאה, ווי איך האָב געפילט צו אים.

אמת, איך פלעג זיי אַלעמען אויסמיידן. און צו מיין גרויסן אומגליק האָבן זיי, אָט די „לאַנדסלייט" געהאַט זייער קיבוץ גליות ביי מיין ברודער אין הויז. אַלע שבת פלעגן זיי זיך פאַרזאַמלען ביי אים, און מיין שוועגערין האָט זיי מכבד געווען מיט „סע־מיטשקעס" און פיסטאַשקעס (אַמאָל פלעגט עס ווער פון זיי אַליין מיטברענגען מיט זיך און געטיילט כיבוד). ס׳איז שוין דאָס אַליין געווען פאַר מיר אַ גרויסע ירידה, וואָס איך בין געוואָרן אַ בעל־מלאכה, און דאָס מיינט, אַז ווען אַפילו איך וואָלט גע־ווען אַ פאַרדינער וואָלט איך מיך אויך געפילט שפל אַנטקעגן זיי.

אַלע האָבן זיי געקוקט אויף מיר פון אויבן אַראָפּ. אַפילו די פאָר שטיוול־פוצער, וואָס מיר האָבן אונדזער אייגנס פון אונד־זער שטעטל פאַרמאָגט, האָבן זיך געהאַלטן פאַרריסן אַנטקעגן מיר, דערפאַר וואָס זיי האָבן גוט פאַרדינט. ס׳איז רעכט גע־ווען, אַז זיי זאָלן פון אַ שבת און פון אַ זונטאָג „אַראָפּגיין" מיט אַ פינף, זעקס „קערלעך", וואָס וועגן אַזעלכע פאַרדינסטן האָב איך ניט געקענט חלומען ווען איך וועל ווערן אַן אַרבעטער.

דרך אגב האָב איך מיך שוין צו יענער צייט דערמאָנט אין אַ צווייטער זאַך, טאַקע וועגן דעם זעלבן חברה־מאַן, וואָס איך האָב שוין געהאַט לאַנג פאַרגעסן, צי וואָס איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין פאַרגעסן: אַ זאַך פון די סאַמע פריסטע קינדערשע יאָרן וואָס האָט אויך געמאַכט אויף מיר זייער אַ פיינלעכן איינדרוק, כאָטש פון אויבן־אויף קען עס אויסקוקן אַז ס׳איז אַ נאַרישקייט, איך האַלט אָבער אַז קיין נאַרישקייטן גע־דענקען זיך ניט. ווייל שוין דער פאַקט אַליין וואָס דאָס לאָזט זיך געדענקען, איז די בעסטע ראיה דערצו. אויב איינער, למשל, וואָס האָט שוין אָפּגעלעבט מיט דער ווייב מיט זיינער אַ יאָר דרייסיק פערציק, און ער געדענקט נאָך אַלץ, אַז ווען ער איז געקומען זי „אָנקוקן" האָט ער איבערגעקערט אַ גלאָז טיי אויפן טיש, און ווען ער דערמאָנט זיך אָן דעם זאָגט ער „וואָס אַ נאַרישקייט געדענקט זיך", באַווייזט עס בלויז, אַז ער אַליין איז אַ גרויסער

נאַר, ווייל ווען ער וואָלט געקענט אַריינדרינגען אין זאַכן, וואָלט ער זיך געקאָנט אָריענטירן אונטער וואָס פאַר אַ אומשטענדן ער האָט זיך געפונען דעמאָלט ווען ער האָט די גלאָז־טיי איבער־געקערט און אַז ער האָט שוין פאַר דער צייט וואָס ער לעבט, צענדליקער גלעזער טיי איבערגעקערט אויפן טיש און ער גע־דענקט עס ניט.

אין איינעם אַ שבת־פאַרנאַכט, מנחה־צייט, זיינען מיין מאַמע און זיין מאַמע געזעסן ביי זיי אויף דער „פריזבע״ און געשמועסט, און מיר ביידע, איך און ער, האָבן געשלעפט: איך — מיין מאַמע ביי דער פאָלע, ער—זיינער, זיי זאָלן אונדז גיין געבן עסן. האָט זיך די מאַמע זיינע ענדלעך אויפגעהויבן, איז אַריין אין שטוב, און אין אַ פאָר מינוט אַרום אַרויסגעבראַכט צוויי לוסטעס חלה, באַשמירט מיט סמעטענע. און אים איבערגעגעבן איין לוסטע חלה, און מיר — די צווייטע. איך האָב מיך מיט זשעדנעקייט גלייך איינגעביסן אין דער ראָד חלה אַריין, ווייל אַזעלכעס האָב איך אין דער היים קיינמאָל ניט אָנגעקוקט (יאָ, אפילו חלה אַליין איז ביי מיר געווען אַ קרן). אָבער אין דעם מאָמענט, וואָס איך האָב מיך דאָ אַזוי איינגעביסן אין דער נאַשעריי, האָט יענער חברה־מאַן געגעבן אַ שמיץ אין דער ערד אַריין זיין מוציא חלה, זיך צעמאָרדעוועט און זיך צעשריגן, אַז ער וויל ניט קיין חלה מיט קיין סמעטענע. איך בין געבליבן שטעקן מיט מיינע ציין און מיט דער נאָז מיט מיינער וואו איך האָב מיך איינגעביסן מיט מיין ביסן...

האָב איך זיך עס באַדאַרפט דערמאָנען פונקט אין דער צייט ווען איך האָב מיך געלאָזט צו אים, ער זאָל מיך מהנה־זיין מיט עפעס פון די גוטע זאַכן וואָס ער האָט דאָרטן, אָבער אָפּ־האַלטן מיך דערפון האָב איך ניט געקאָנט: ס׳איז טאָקע זייער גוט און וואויל זיך אַרומצושליאָען אין די גאַסן אין אַזאַ ליבן וואַרעמען טאָג, אָבער נאָך בעסער וועט זיין, ווען איך וועל מיך האָבן מיט וואָס אונטערצולעגען דאָס האַרץ מיינס. אמת, ביי אים קען איך קריגן בלויז צו נאַשן, ניט צו עסן, אָבער מיט נאַשערייען קען מען דאָך אויך פאַרטרייבן דעם הונגער!

איך האָב אים ניט דערקענט (אַזוי רעדט זיך עס), ער

האָט זיך פאַר די אַכט חדשים אַזוי פאַרענדערט, אַז ס׳איז ממש ניט געווען אים צו דערקענען. געפינענדיק זיך כסדר אויף דער פרייער לופט, האָט זיך אויף דעם יונג אַ נייע הויט אַרויפגעצויגן. אייגנט־לעך וואָלט מען געקאָנט זאָגן,— אָן אַלטע הויט, ווייל אָט די „נייע הויט" האָט אים פיל עלטער, נו לאָמיר זאָגן, רייפער געמאַכט אויסצוקוקן, הגם קיין חתימת זקן האָט ער נאָך אַלץ ניט גע־האָט (צו דעם בין איך שוין דווקא זוכה געווען)).

— אָ, ווער מען זע איך ? ! — האָט ער פון ווייטן אויסגע־רופן, נאָך איידער איך בין צוגעקומען צו אים, און אויסגע־שטרעקט די הענט זיינע צו מיר, ווען איך בין צו אים צוגעקומען, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס אַריין, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין ניט געבליבן, און דערפאַר ניט געטאָן דאָס וואָס ער... ערשט שפּעטער זיך געכאַפּט אַז איך באַ־דאַרף אים אויכעט אַרומכאַפּן, אָבער איך בין געווען זיכער, אַז ס׳איז שוין צו שפּעט... „אַזאַ זאַך" באַדאַרף געטאָן ווערן גלייך, אויפן אָרט, אָט ווי ער האָט עס געטאָן. איך האָב טאַקע גע־פונען פאַר זיך אַ תירוץ, אַז איך האָב עס ניט געקאָנט, ווייל ער האָט מיך געגעבן אַזאַ קוועטש און דריק צו צו זיך, און אין זיין ברייטן פאַרטוך אַריין, אין וועלכן ער איז געווען „פאַר־שפּאַנט", אַז ער האָט שיעור ניט אַרויסגעקוועטשט די קישקעס מיינע. יאָ, ער אָבער האָט דאָך דערפון ניט געוואוסט... ווי־ווייט דאָס האָט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייס איך ניט. גיכער פון אַלץ האָב איך עס ניט געטאָן דערפאַר, ווייל איך האָב ניט געהאַט דאָס געפיל דאָס צו טאָן...

אָנגעקוועטשט מיך אַזויפיל וויפיל אים האָט זיך געגלוסט, האָט ער מיך געגעבן אַ ריס אָפּ און אַ טייל אָפּ פון זיך און מיך אַ טרייסל געטאָן, אַז ער האָט פון מיר שיעור די קישקעס ניט אַרויסגעטרייסלט. דערביי האָט ער מיר אַריינגעקוקט, מיט גרויס וואַרעמקייט און ליבע, אין די אויגן אַריין און געפרעגט, וואָס איך מאַך און וואָס איך טו, און אַרויפגעלייגט די גע־זונטע לאָפּעס זיינע אויף מיינע נעבעכדיקע אַקסעלעך, און מיך איין מאָל און אַ צווייטן באַטראַכט פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף, האָט ער דאָ גאָר פּלוצים מיט דער נאָז פון זיין

שטיוול (ער האָט געטראָגן שטיוול, אָבער פיינע, גרויסאַרטיקע) אָנגעטראָטן אויפֿן נעזל פון מיין דאַמסקן שיכל, און מיט אַ ברייטן שמייכל אַ פרעג געטאָן:

— וואו האָסטו געקראָגן אַזעלכע פיינע קאַמאַשעלעך?

ס׳איז מיר ווייסט און פינצטער אין די אויגן געוואָרן דער־הערנדיק אָט דאָס פרעג־פראַגעלע. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין אין דעם מאָמענט נאָך קלענער געוואָרן ווי איך בין. נאָך אַ לאַנגער פויזע בין איך אַרויסגעקומען מיט אַזאַ ענטפער:

— דו ווייסט, איך בין אַ כהן... געדענקסט מן הסתם... און דו האָסט נאָך מן הסתם ניט פאַרגעסן, אַז אַ כהן טאָר זיך ניט געפינען אונטער איין דאַך וואו אַ מת געפינט זיך... געדענקסט? נו, האָט זיך געמאַכט פונקט ווען איך האָב מיינע שיך אַוועקגעגעבן פאַרריכטן, האָט זיך ביי אונדז אין הויף אַ מת געמאַכט, האָב איך הענדום־פענדום געכאַפּט מיין באַלע־באָסטעס אַ פּאָר שיך און בין אַנטלאָפן...

— אויב אַזוי — האָט זיך דער חברה־מאַן אָפּגערופן — וואָלסטו באַדאַרפט עפּעס מנדר זיין פאַרן מת נשמה, וואָס דו האָסט דערוויילע אַריינגעקריגן אַ יום־טובֿל אין אַזאַ שיינעם טאָג.

אין דעם מאָמענט איז צוגעקומען אַ קונה. איך האָב מיך געגעבן אַ רוק אָפּ אָן אַ זייט און גענומען באַטראַכטן די „שטעל" זיינע, וואָס פון איין זייט איז זי געווען אָנגעלענט אָן דער וואַנט פונם הויז, און פון דער צווייטער זיך משופּע אַראָפּגעלאָזט צו דער גאַס. זי איז באַשטאַנען, די „שטעל" פון זעכצן קוואַדראַטנע קעסטעלעך און אין יעדן קעסטעלע איז גע־לעגן עפּעס אַן אַנדער זאַך צום נאַשן, וואָס האָט גערייצט דעם אַפּעטיט. פּיסטאַשקעס, מאַנדלען און באָקסערן און אין שכנות מיט זיי, אין באַזונדערע קעסטעלעך זיינען געלעגן שאָלעכץ פון קאָקאָס־ניס ווייסע ווי שטיקער ווייסער חזיר און שוואַרצע שאָלעכץ פון די זעלביקע ניס, שוואַרץ ווי אַלטע שטיקלעך פּאָדעשוועס. אין אַ דריט קעסטל איז געלעגן „ער", רב קאָקאָס אַליין, עטלעכע שטיק, מיט מאָכעוואַטע בלאָנדע בערד.

הייבט ניס, וועלישע ניס, אָט טאָקע די יעניקע, די גוטע, די בלאָסע, מיט די מוניניוטשקע איינגעשרימפּענע פּיסקעלעך ווי ביי קליינינקע פייגעלעך, און טערקישע ניסלעך און נאָך אַ סאָרט ניסלעך, וואָס האָבן זיך גערופן „פּוסטאָקעס״, ווייל פון צען האָט מען געקאָנט פּאַקן איינעם מיט אַ יאָדרע, איז עס אויכעט געווען אַזוי איינגעשרומפּן ווי עס וואָלט דאָרטן אין דער שאָל פון ניסל, תעניתים געפּראַוועט. ס'האָבן אַלע געוואוסט, אַז ס'זיינען פאַראַן אַזאַ סאָרט ניסלעך און דאָך האָבן אָרעמע יאַטן זיי געקויפט. צוליב וואָס? אָט צוליב דער אילוזיע, אַז מ'האָט אַ פולע קעשענע מיט ניסלעך. האָב איך דאָך אַליין ניט איין מאָל איינגעהאַנדלט אָט די סחורה. אַז פאַר אַ קאָפּיקע האָט מען דיר אָנגעשאָטן אַ פולע קעשענע, און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז זיי זיינען פּוסטע, איז מיר דאָך אָנגענעמער געווען זיך אַרומצוטראָגן (ווען שבת רעדט זיך דאָ) מיט אַ קעשענע פּוסטע ניסלעך איידער מיט אַ פּוסטער קעשענע.

פון די סעזאָן־פּרוכטן האָבן געוואונקען צו מיר מיט זייער בונטער רויטקייט ווינשל צונויפגעבונדענע אין בינטעלעך, פינף שטיק אין אַ בינטעלע, אין אַ צווייטן קעסטל — שכנות מיט די ווינשל זיינען געלעגן אַגרעסן, אין אַ דריטן קעסטל — ווינפּערלעך. באַטראַכטנדיק די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן, האָב איך פאָראויס געוואָלט באַשטימען, וואָס איך זאָל מיך הייסן געבן אויב ער וועט מיך פרעגן וואָס מיר צו געבן (און אַז ער וועט מיך פרעגן און וועלן מכבד־זיין, אין דעם איז ביי מיר קיין ספק ניט געווען).

ווען דער קונה איז אַוועק, האָט ער ביי מיר געפרעגט, ווי ס'איז מיר געגאַנגען די נסיעה מיינע און וועמען־וועמען, אים האָב איך עס גאָרניט קיין חשק געהאַט צו דערציילן, אָט טאָקע דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך אויפגעזעצט אין איין באַן און ער איז געקומען פריער פאַר מיר מיט דריי מעת־לעת, און נאָך אַ ווײַלע קווענקלעניש האָב איך אים דערציילט וויפיל מאָל מ'האָט מיך אַראָפּגעוואָרפן, ווי אַזוי איך בין פיל סטאַנציעס אָפּגעפאָרן שטייענדיק אויף די טרעפּלעך פון דער צווייטער זייט וואַגאָן און ווי דער ווינט (פונם אימפּעטדיקן גאַנג פון דער באַן) האָט מיך

געריסן און שיעור ניט אַראָפּגעריסן פון די טרעפּלעך אַראָפּ. איך
האָב אויך דערציילט ווי אַזוי איך בין שיעור אין איין האָר
ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער די רעדער ווען איך האָב אויף איי־
נער אַ סטאַנציע, וואו מ׳האָט מיך אַראָפּגעוואָרפן, זיך אַרויפ־
געכאַפּט אויף אַ טרעפּל, און דער קאָנדוקטאָר האָט מיך אַראָפּ־
געשליידערט.

דער יונג איז אַזוי גערירט געוואָרן פון די זאַכן, וואָס
האָבן מיט מיר אויפן וועג געטראָפן, אַז אים האָבן זיך געשטעלט
טרערן אין די אויגן, און איך, גערירט פון זיין גערירט ווערן, און
פון די טרערן וואָס האָבן זיך אים אין די אויגן געוויזן, האָב אים
דערציילט אַזאַ זאַך, וואָס איך האָב זיך געשעמט אפילו מיין איי־
גענעם ברודער צו דערציילן. אָבער מיר ווילט זיך עס איבערגעבן
מיט די ווערטער ווי איך האָב עס אים דערציילט:

— וואַפּניאַרקע.. האָסטו געהערט וואַפּניאַרקע, אַ סטאַנציע
וואַפּניאַרקע? — האָב איך זיך אימפּעטיק צעלאָזט — אָבער
דאָס איז ניט געווען אין וואַפּניאַרקע, נאָר אויף אַ פּאָלוסטאַנאָק
פאַר וואַפּניאַרקע. דאָרטן האָט מיך דער קאָנדוקטאָר געפּאַקט
און אַראָפּגעוואָרפן... ס׳איז געווען ביינאַכט, איז דאָס געווען,
אפשר צוועלף אַזייגער אַוודאי... אַ פּיצעלע וואָקזאַלכל, אַזאַ ברע־
קעלע, פון קלעצער איז דאָס געמאַכט, פון קיילעכיקע קלעצער,
נו, האָט מען מיך אין דעם וואָקזאַלכל אַריינגעפירט און פאַר־
שלאָסן און פינצטער איז דאָרטן געווען, אַ שרעק ווי פינצטער...
נו, האָט עס מיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן ביים בויך... פון גרויס דער־
שרעק, פאַרשטייסטו, האָט מיר דער בויך אַ כאַפּ געטאָן, און קיין
בית הכסא איז דאָרטן ניטאָ, אויף די פּאָלוסטאַנקעס איז אין ער־
געץ קיין בית הכסא אין וואָקזאַל ניטאָ, ס׳איז דאָ, אָבער אין
דרויסן ניט אינעווייניק, נו, טאָ ווי קאָן איך קומען אין דרויסן
אַז די טיר איז פאַרשלאָסן... איז וואָס מיינסטו האָב איך גע־
טאָן, אַ? האָב איך אַראָפּגעכאַפּט אַ שטיוול פון פוס און...

דער יונג האָט געלאַכט און געוויינט, געלאַכט און גע־
ווישט די טרערן און אַזוי לאַכנדיק און וויינענדיק מיך גע־
געבן אַ נעם אָן ביי אַ האַנט און ווי ער וואָלט מיך געוואָלט
באַגיטיקן פאַר אָט די ליידן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו

ליידן פון מיין נסיעה, האָט ער מיך געגעבן אַ שלעפּ צו צו דער „שטעל" צו זיינער און מיט אַ הפקר־טאָן אַ זאָג געטאָן:

— נעם !...

און דאָס האָט געמיינט, נעם דיר וואָס דיין האַרץ גלוסט. איך אָבער האָב זיך ניט געכאַפּט צו נעמען וויסנדיק, ווי פיל איך זאָל ניט נעמען וואָלט ער אַליין ווען ער וואָלט מיר געגעבן, מער געגעבן. ער האָט דאָ גלייך אַ פאַרדריי געטאָן אַ שקאַר־מוץ פון אַ שטיק צוקער־פּאַפּיר און פלינק גענומען שווענבן מיט דער האַנט פון איין קעסטל אין אַ צווייטן, ווי אַ זעצער כאַפּט די שריפט פון שריפט־קאַסטן, און אַנגעוואָרפן אַ פולן שקאַר־מיץ מיטן אויג, האָט ער מיר אים געגעבן אַ שטעק אַריין אין האַרצן אַריין, און איך האָב פון גרויס צעטומלעניש אַפילו פאַרגעסן צו זאָגן אים אַ דאַנק, כאָטש איך האָב געפילט גרויס דאַנקבאַרקייט צו אים.

ערשט שפּעטער, ווען איך בין שוין געהאַט אַוועק פון אים, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב אים ניט באַדאַנקט און זיך געוואָלט אומקערן צו פאַרריכטן דעם פעלער מיינעם, אָבער עפּעס האָט מיך אָפּגעהאַלטן... סיי ווי האָב איך שוין פאַר אים אָפּ־געדאַנקט דעם מת וואָס איך האָב אַדאַנק „אים" אַריינגעקריגן אַ פרייען טאָג אין אַ מיטנוואָכעדיקן טאָג. איך האָב אים גע־וואונטשן... יאָ, וואָס קאָן מען אַ מת ווינטשן? אַז אַלע צדיקים און גוטע מלאכים זאָלן אים קומען אַנטקעגן און ער זאָל בשלום רוען אויף זיין געלעגער, ונאמר אמן.

*
**

איך האָב געשפּאַנט גאַס־אויס, גאַס־איין, וואוהין — האָב איך אַליין ניט געוואוסט. הגם אַ שטיקל פּראָגראַם האָט זיך עפּעס יאָ געבויטעט אין קאָפּ, צוצוגיין צום ים, וואָס איך האָב נאָך ניט געזען, און טאַקע זיך אָפּטובלען דאָרטן. דאָס זעלביקע פּראָג־ראַם האָט מיר געצייכנט נאָך אַן אָרט, וואו איך בין שוין אפילו אַ פּאָר מאָל געווען און גענוג זיך אָנגעקוקט דאָרטן. ס'האָט אָבער געצויגן ווידער און אָבער דאָס צו זען... הגם בייטאָג איז דאָרטן

גאָרניט געווען וואָס צו זען, דער עיקרשט איז דאָרטן געווען וואָס צו זען און צו הערן... אַזוי האָב איך געהערט דערציילן פון חברה, וואָס זיינען „דאָרטן" געווען און געזען און געהערט...

וועגן וואָס דאָ רעדט זיך ? וועגן די „פריילעכע הייזלעך", וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער מאָלדאַוואַנקע. ווער ס'איז געווען אין אָדעס ווייס פון אָט דעם טייל שטאָט, וואָס האָט זיך ניט גערעכנט פאַר שטאָט, נאָר פאַר הינטער דער שטאָט, כאָטש זי, אָט די מאָלדאַוואַנקע, האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון צענדליקער טויזנטער איינוואוינער, און נאָר דערפאַר, ווייל די איינוואוינער זיינען געווען אָרעמע לייט איז דערפאַר האָט עס שוין געהייסן הינטערן שטאָט און דערפאַר ווייל אָט דער טייל שטאָט האָט געהייסן הינטער דער שטאָט, האָט מען זי דערפאַר מזכה געווען מיט די „הייזלעך", וואָס די שטאָט־מענטשן האָבן ניט געוואָלט האָבן צווישן זייערע הייזער...

אין די פּאָר פרייע שעהן, וואָס איך האָב שבת געקריגן, פלעג איך אַמאָל פאַרבלאָנדזשען אַהינצו. און כאָטש בייטאָג איז דאָרטן ניט געווען וואָס צו זען, איז מיר דאָך געווען אינטערעסאַנט אָנצוקוקן ווי אין מיטן בייטאָג שטייען „הייזלעך" צווישן הייזער, און די מיידלשע מענטשהייט דאָרטן, וואָס זיינען ניט קיין מענטשן, און ניט קיין מיידלעך (קיין בעסערע פאָרשטעלונג ניט געקענט האָבן וועגן „זיי") שלאָפן אַריין אין האַלבן טאָג אריין און טיר און טויער, פענצטער און לאָדן זיינען צוגעמאַכט...

וואו זאָלסט האָבן אַ שטיין געוואָרפן האָסטו געקאָנט אין אַזאַ „הייזל" טרעפן. אַחוץ דעם איז דאָרטן געווען אַ גאַנצער „פּעריאָולאָק" מיט הייזער פון גאָלע „הייזלעך", „גלוכאָי" האָט ער געהייסן אָט דער „פּערעאולאָק" „גלוכאָי פּערעאולאָק". אָט די „הייזלעך" זיינען טאַקע געווען הייזער ווי אַלע הייזער, נאָר אַדאַנק די רויטע פאָרהאַנגלעך און פאָרהאַנגען, וואָס זיינען דאָרטן אויף די פענצטער געהאַנגען, האָט מען גלייך געקענט דערקענען, אַז דאָס זיינען „הייזלעך" ניט קיין הייזער.

אַלזאָ, האָט עס מיך געצויגן צום ים, וואָס איך האָב נאָך ניט געהאַט געזען, און ס'האָט געצויגן אָנצוקוקן אָט די הייז־

לעך, וואָס איך האָב שוין אייניקע מאָל יאָ געזען, אָבער איך האָב באַשלאָסן צום ערשטן דאָרטן מאַכן דעם וויזיט, און שפּע־טער, אויב ס'וועט מיר בלייבן צייט, וועל איך מיך אַראָפּלאָזן צום ים.

שפּאַצירנדיק אַזוי הין און צוריק, איבער דעם, דאָ אָקאָרשט דערמאָנטן „פּערעאולאָק", האָב איך פון איינעם אַ פענצטער, פון איינעם פון די „הייזלעך" באַמערקט אַ קעפּל אַרויסקוקן, אַ מיידלש קעפּל, וואָס איז געווען גוואַלדיק ענלעך צו מיין באַלע־באָס' טעכטערל, און ס'האָט זיך ביי מיר אַ חשק צו איר דער־וועקט, אָט טאָקע פאַר אָט דער נאָענטער ענלעכקייט צו „יענער" אין דער צייט, וואָס איך האָב צו אָט דער „יענער" קיינמאָל קיין חפציהס ניט געהאָט...

— דאָ טי טשאַווע, מאַלאָקאָסאָס, גלאַזאַ טאַראַסטשיש ?

וואָס איך קוק אויף איר, וואָס איך ראַטשע אויף איר די אויגן. און דאָס וואָרט „מאַלאָקאָסאָס" מיינט אַ נישטיק יינגל, אָבער שטאַרק צום האַרצן האָב איך עס מיר ניט גענומען, וויסנ־דיק, אַז ווי וואָס פאַר אַ גאָרנישט איך בין, איז פאַר אַ פּאָר זהובים וואָלט איך זי געקענט האָבן, און ס'האָט מיר זייער שטאַרק גע־אַרט, וואָס איך האָב זיי ניט, ווייטער וואָלט איך געהאָט די פּריווילעגיע זיך צו באַהעפטן מיט איינער, וואָס איז אַזוי ענלעך צום באַלעבאָס' טעכטערל...

זי האָט געהאַלטן דאָס קעפּל אירס ווייט אַרויסגעשטעקט פון פענצטער אַרויס, און האָט זיך אַזוי ליידנשאַפטלעך פאַר־צויגן מיט יעדן צי, וואָס זי האָט דאָס פּאַפּיראָסעלע אַ צי געטאָן, און איטליכס מאָל, וואָס זי האָט זיך מיטן רויך פאַרצויגן, האָט זי זיך ביטער פאַרקרימט, און דאָ גאָר פּלוצים האָט זי געגעבן אַ שפּיי אַרויס דעם „ביטשאָק" פון מויל און מיר געגעבן אַ ווייז אָן מיט אַ פינגער אַז דאָס האָט זי פאַר מיינעטוועגן אַראָפּ־געוואָרפן, און געזען אַז איך איל מיך ניט דאָס אויפצוהויבן, האָט זי מיט ביטערן סאַרקאַזם אַ זאָג געגעבן:

— איש, מאַנדעוואָשקאַ, צעלויו כאָטשעט !...

אין יידיש וואָס דאָס מיינט ? איך וואָלט מיר גענומען די מי דאָס איבערצוזעצן, אָבער דאָס האָט אַ צווייענדיקע באַ־

דייטונג אָט דאָס וואָס זי האָט געזאָגט, און זי האָט עס זיכער געמיינט און דאָס איבערצוגעבן קאָן איך מיך ניט דערלויבן... איז די וואָס פאַרשטייען רוסיש וועלן במילא שוין אויך פאַרשטיין וואָס אַזאַ סחורהלע האָט געקאָנט מיינען...

געוואוסט אַלץ וואָס אָט דאָס נפש טוט (אָדער וואָס מ׳טוט מיט איר) בין איך דאָך אויפגעשווידערט געוואָרן דערהערנדיק פון אַ מיידלש מויל אַזעלכע ווערטער און איך האָב מיך אַ פאַר־שעמטער אָפּגעטראָגן און זי האָט מיך נאָכגעשריגן:

— סקובענט!

דאָס מיינט סטודענט. דאָס האָט זי חוזק געמאַכט פון מיין גימנאַזיסטישער טוזשורקע.

ווען איך האָב פאַרלאָזט די מאָלדאַוואַנקע, איז נאָך אַלץ פרי געווען. מערקווירדיק, וואָס ביי מענטשן, וואָס זיינען גע־וואוינט צו אַרבעטן און זיי אַרבעטן ניט, ציט זיך ביי זיי גוואַל־דיק לאַנגזאַם די צייט. ווען איך האָב מיך געלאָזט פון היג־טער דער שטאָט צוריק אין שטאָט אַריין צו גיין, האָב דערהערט די פייפערס פון די פאַבריקן. דאָס איז ערשט געווען צוועלף אַזייגער. און דורכגעשניטן דעם טאָלטשאָק, וואָס האָט אָפּגע־טיילט „הינטער־שטאָט" פון שטאָט, האָב איך זיך באַזעצט אין שאָטן־זייט, לעבן אַ טויער און זיך פאַרנומען צו פּראַווען אַ סעודה...

יאָ, איך האָב פריער אויך אַ נאַש געכאַפּט פון צייט צו צייט פון דעם שקאַרמוץ, וואָס מיין בן־עיר האָט מיר מיטגעגעבן, דאָ אָבער, במקום מיטאָג, האָב איך מיך פאַרנומען צו די ניס, צו די גרויסע ניס, און אויפגעגעסן ביז איינעם, האָב איך מיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט די רעשטלעך פון פאַרשיידענע נאַ־שערייען, וואָס איך האָב ניט באַוויזן אויפצועסן און מיך געלאָזט גיין צום ים, און צוליב דעם האָב איך געמוזט אַדורכשניידן דעם גאַנצן צענטער פון שטאָט מיט אירע הויפּט־גאַסן, און אַזוי ווי צייט האָב איך געהאַט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז מ׳וועט זיך „דאָרטן" מיטן מת אַזוי גיך ניט ספּראַווען, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט לעבן אייניקע גרויסע געשעפטן, ווי איך פלעג עס אַלעמאָל טאָן אין די פאָר פרייע שעה, וואָס איך האָב אין די

שבתים געקריגן. און האָב מיט גרויס נייגעריקייט באַטראַכט די קאָסטיומען מיט מאַנטלען אין איין מאַגאַזין, די היטלען און קאַ־פעליושן אין אַ צווייטן, די שיך אין אַ דריטן און אין מיין מוח האָט זיך ניט געקאָנט פּאַטויפּען ווי אַזוי האָט זיך עס דאָרט צו איינעם געקאָנט נעמען אַזויפיל קאָסטיומען און מאַנטלען, צו אַ צווייטן אַזויפיל קאַפעליושן, צו אַ דריטן אַזויפיל שיך און הונ־דערטער זייערע דרייען זיך אין צענטער שטאָט נאַקעט און באָר־וועס. זיי זיינען דאָך אויך אָדעסער (אָט די, וואָס גייען נאַקעט און באָרוועס), טאָ פאַרוואָס ?... צי ווייל יענע גייען אַרום באָר־וועס און נאַקעט, איז דערפאַר האָט זיך ביי די אָנגעקליבן אַזוי־פיל גאַרניטערס, מאַנטלען און שיך, צי פאַרקערט, ווייל די האָבן עס ביי זיך אַזויפיל אָנגעקליבן, סטאַיעט שוין ניט פאַר יענע.

ווען איך בין געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין די קלייטן און אין אַנדערע, וואו ס׳איז געווען קאָנצענטרירט אַזוי פיל גוטס, פלעגט מיך אָן אומעט באַפאַלן און באַזונדערס, ווען איך האָב מיך אָפּגעשטעלט לעבן בירזשאַנסקיס גאָלד־געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער דעריבאַסעווער גאַס און געקוקט אויף די ברילױאַנטן, וואָס האָבן געמינעט אין די אויגן. געווען אייניקע שטיינער, וואָס האָבן פאַרפירעריש געקוקט און געמאַניעט צו זיך מיט יעדן פינטל מיטן אויג, וואָס דו האָסט געטאָן, און, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פינטלען צו דיר, ווי זיי וואָלטן זיך גע־רייצט מיט דיר: „א־א דו ווערסט אונדז קיינמאָל ניט האָבן !"
און איך בין געווען אונטערן איינדרוק, אַז דאָס קוקן אויף מיר ממזריש־בליאַסקענדיקע אויגן פון אַ פרעמדער רייכער וועלט... אייניקע שטיינער האָבן מיט צויבער־שטראַלן געוואונקען צו דיר, שטראַלן, וואָס האָבן דערמאָנט אָן דער ליכטיקייט פון אַ בליץ...

דערפאַר האָב איך מיך שוין פיל היימלעכער דערפילט לעבן דער גרויסער „קאָלבאַסנע", (וואורשט־געשעפט), וואָס האָט זיך דאָרט ניט ווייט געפונען, הגם דאָרט זיינען אויך געווען גרויסע „חידושים" צוצוזען: אָט אַ שטייגער דאָס נאַקעטע חזירל, וואָס איז זיך געלעגן (צי געזעסן) אויפן בייכל מיט אַ גרין צווייגעלע אין חזירשן פיסקל, צי די גרויסע ראַקעס, וואָס זיינען אַרומגעקראָכן אויף הין און צוריק מיט פיס און וואָנצעס,

און אַ טשערעפּאַכע האָט זיך דאָרטן אויך אַרומגעשפּאַצירט מיט פיר פיסלעך און מיט אַ קעפּל, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ פינפט פיסל, און נאָך אַנדערע שרצים ורמשים איז דאָרטן געווען צו זען. און געזען ווי געלייטערטע קריסטן (און מסתמא אויך יידן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קריסטן) גייען אַהין אַריין און אַרויס, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן פאַר זייער לעבן זוכה געווען „ליום שכולו טוב".

מיר איז איבערגעגאַנגען די סמאַהע אין מויל, קוקנדיק אויף די וואורשטן, מיט די גערויכערטע פישן, וואָס זייַנען געלעגן אויס־געלייגט אין גרויסן שוי־פענצטער, און דערפאַר טאַקע בין איך דאָרט לאַנג ניט געשטאַנען און בין פון דאָרטן אַריין אין מענדעליעוויס פאַסאַזש וואָס האָט זיך אויך דאָ דערביי געפונען. אַט וויפיל מאָל איך בין שוין דאָרטן געווען, האָב איך מיך אַלץ ניט געקענט אָפּחידושן פון דער דרויסנדיקער שטוב, צי פון דער שטוביקער דרויסנדיקייט. און דעם איינדרוק האָב איך געהאַט ווייל אַט דער פאַסאַזש האָט געהאַט אַ גלעזערנעם דאַך און אונטערן דאַך האָבן זיך געפונען דריי גאָרנס מיט פאַרשיידענע געשעפטן, און ווי גרויס דער פאַסאַזש איז געווען, איז ער פול געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק פונקט ווי אין גאַס.

איז דאָס מיר שטאַרק געפעלן געווען. איז אָבער די מעשה וואָס דאָרטן האָבן זיך ניט אַרומגעדרייט אַזעלכע האָלעדריגעס ווי איך. יאָ, האָסט געקאָנט פאַרבייגיין, איין מאָל אַהער, אַהין, אָבער צופיל זיך וואַרפן אין די אויגן האָסטו זיך ניט געקאָנט דערלויבן ווייל... נו, ווייל אַזעלכע האָלעדראַנצעס, ווי איך, איז דאָס ניט געווען דערלויבט... ס'הייסט קיין פאַרבאָט איז אויף דעם ניט געווען, נאָר גאַנץ פשוט: דער עולם, אַ רייכער פאַרשטייט זיך, האָט אָנגעהויבן קוקן אויף דיר מיט פאַרדעכטיקע אויגן, און איינער און אַ צווייטער האָט זיך אַ טאַפּ געגעבן אין קע־שענע, ווען ער האָט דיך באַמערקט אַרויסשווימען פון הינטער זיין פלייצע, און אַזאַ זאַך איז שוין גאָרניט פון די אָנגענעמע זאַכן.

האָב איך טאָקע דאָס מאָל, ווי אַלע מאָל, ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, און זיך אָפּגעטראָגן פון דאָרטן, און גלייך, מיט דער דריבאסאווער גאַס זיך געגומען אַראָפּלאָזן מיט „פּאָלסקי־ספּוסק" צום קאַראַנטין, און וואָס קירצער דער וועג איז אַהינ־צו געוואָרן, אַלץ דייטלעכער האָבן זיך געלאָזט הערן די ברומע־רייען פון די שיפן וואָס האָבן דאָרטן געאַנקערט. אויך אין שטאָט האָט מען זיי פון צייט צו צייט געהערט, באַזונדערס אין די נעפּל־דיקע וועטערן, מיט וועלכע אָדעס, ווי יעדע פּאָרט־שטאָט, איז גע־ווען געבענטשט, און אָט דאָס הודיען און ברומען פון די שיפן האָט אַלע מאָל געמאַכט אויף מיר זייער אַ מאָדנעם איינדרוק. געפילט אין זיי אי קראַפט אי מאַכטלאָזיקייט... און ס'איז דאָך טאַקע אַזוי: זיינען זיי דאָך, אָט די מעכטיקע שיפן, ניט גע־קוקט אויף זייער מעכטיקייט, אָנגעוויזן אויף גרויסע געפאַרן, וואָס דראָט זיי פונם ים, וואָס איז נאָך מעכטיקער פון זיי, און איין שיף פאַר אַ צווייטער ווערט דאָך אויך געפערלעך אין אַ געדיכטן נעבל, ווען מ'זעט ניט וואָס ס'טוט זיך צווי שפאַן פאַר דיר און צווי שפאַן הינטער דיר...

אָבער איידער איך האָב באַוויזן צוצוקומען צום ים און צו די שיפן, האָב איך מיך פאַראינטערעסירט מיט די לאַנגע קאַ־ראַוואַנען פון גרויסע וועגענער, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער לענג פון די ברייטע גאַסן וועלכע האָט געהייסן (און הייסט מן הסתם איצט אויך) „קאַראַנטין". די וועגענער זיינען געווען אָנגעטאָסעוועט מיט זעק וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין שטאָט אַריין און מיט קריעה־בליעהדיקע מענטשן, מיט וועלכע ס'האָט געווימלט און געגריבלט אויף יעדן שריט און טריט. אייניקע פון זיי זיינען כמעט ווי נאַקעט געגאַנגען, אַזוי אַז איך מיט מיין הילוך האָב אויסגעזען ווי אַ פּרינץ אַנטקעגן זיי.

דאָס זיינען געווען גאָרקיס העלדן. יאָ, איך האָב געהאַט דאָס גליק מיט אייניקע פון זיי פערזענלעך באַקאַנט צו ווערן נאָך איידער איך האָב געהערט גאָרקיס נאָמען, און בכלל נאָך איידער איך האָב געוואוסט, אַז ס'איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ „מלאכה" ווי שרייבן.

איך האָב מיך לכתחילה זייער ניט היימלעך דערפילט, אַריינ־פאַלנדיק אין דער אַטמאָספערע, און דאָך היימישער ווי איך האָב מיך געפילט אין פּאַסאַזש צי ווי אפילו אויף דער דעריבאַסאָוועס גאַס, וואו דער פּאַסאַזש האָט זיך געפונען. אָבער ס'האָט ניט אָנגעהאַלטן לאַנג אָט די ניט היימלעכקייט, שוין פון דער ערשטער ווענדונג וואָס איינער פון די „זייעריקע” האָט זיך געווענדט צו מיר, איך זאָל אים געבן אַ פּאַפּיראָס, איז די ניט היימלעכ־קייט ווי מיט אַ כישוף פאַרשוואונדן.

— טשטאָ בראַטיעץ נאַ סטשאָט פּאַפּיראָסיטשקו־טאָ ?

וואָס איז, ברודערקע, וועגן אַ פּאַפּיראָסל, מיינט עס אין יידיש. אָבער דעם טאָן ווי די ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, איז אוממעגלעך איבערצוגעבן. עפּעס אַזוי גוט־ברודעריש, אַזוי חבריש ווי ער וואָלט דיך שוין געקאָנט אַ שאָק מיט יאָרן.

און ניט נאָר איינער דער האָט זיך געווענדט מיט אַזאַ טאָן צו דיר, אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך מיך פּנים אל פּנים אָנגעטראָפן מיט אַ צווייטן אַזאַ חברה־מאַן, וואָס האָט גע־טראָגן אַ היטל מיט אַן „אָקאָלישאָק”, פון אַ טשינאָווניק, מיט אַ סימן פון אַ געוועזענעם גערב אין פראָנט און מיט אַ צעפליקט העמד, פון וועלכער ס'זיינען ממש געהאַנגען שטיקלעך, און דער האָט ביי מיר שוין געבעטן אַ שוועבעלע, און אויך מיטן זעלבן טאָן וואָס יענער האָט געבעטן אַ פּאַפּיראָס, הגם דאָ האָט זיך שוין גע־האַנדלט וועגן אַזאַ ווערטלאָזער זאַך, ווי אַ שוועבעלע:

— קאַק נאַסטשאָט ספּיטשיטשקו.

איבערצוגעבן דעם תמצית פון די ווערטער אין יידיש איז אוממעגלעך, וועלן מיר עס טאַקע לאָזן ניט איבערגעזעצט. אַ דריטער וואָס האָט געטראָגן אַ פּאָר הויזן מיט רויטע לאַמפּאַסן פון אַ קאָזאַצקן אָפיציר, און איז געגאַנגען באָרוועס, האָט ביי מיר געבעטן ניט מער און ניט ווינציקער ווי אויף אַ „שקאַליק”, געבנדיק זיך דערביי אַ שנאַל אין גאָרגל אַריין:

— גלאָטקו נאַמאָטשיט, גאָלובטשיק!

„ברודערקע” און „ליבינקער” — אָן דעם איז עס ניט גע־גאַנגען. איך בין אַזוי גערירט געוואָרן פון דער באַהאַרציקייט פון זייערער, אַז איך האָב איינעם און אַ צווייטן מכבד געווען

מיט די שיריים, וואָס איך האָב נאָך געהאַט אין מיין שקאַרמיץ, הגם זיי האָבן עס ניט גערן גענומען.

אַ גאַנץ אַנדערן איינדרוק האָבן אָבער געמאַכט אויף מיר די „באָסיאַטשקעס". איך ווייס ניט, צי זיי האָבן געלעבט אין ערגערע אומשטענדן ווי די מענער באָסיאַקעס, און דאָך — אַזעלכע פאַרביטערטע, און מיט די אומהיימלעכע פייערלעך אין די אויגן און מיט די צעשויבערטע האָר מיט זייערע האָט יעדע איינע פון זיי אויסגעקוקט ווי אַ מכשפה ווי זיי וואָלטן ערגעץ פון הינטער די הרי חושך געקומען. קיין ברעקל הומאָר ביי קיינס ניט פון זיי, ווי ביי די מענער פון זייער מין. ס׳רוב פון זיי זיינען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, די אויגן פאַרזונקען אַראָפּ צום באָדן, אויף וועלכן זיי האָבן מיט זייערע פיס גע־טראָטן. ביי פיל פון זיי זיינען די פּנימער געווען געקנייטשט און אַלע זיינען געווען שרעקלעך ברודיק פון זייער נע ונד זיין און מסתמא אויך פון זייער ביליקן און הפקרדיקן זנות...

אייניקע האָט מען בלויז לויט זייער ווייבערשער קליידונג געקאָנט דערקענען, אַז זיי באַלאַנגען צום ווייבלעכן מין. און אָט־די־אָ האָבן זיך גאָר אַרומגעדרייט ווי גילגולים, און ווי אַזעלכע, קענטיק, ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זיינען. אָט־די־אָ זיינען שוין ניט געגאַנגען, נאָר זיך געוואַקלט, פּלאָנטערנדיק מיט די פיס, ווי די פיס זייערע וואָלטן שוין מיד געווען צו טראָגן אויף זיך אָט די פאַרוואָגלטע קערפּערס, וואָס קיינער האָט שוין ניט באַדאַרפט, און זיי אַליין, די קערפּערס, זיך אויך ניט. און אַזוי פּלאָנטערנדיק זיך מיט די פיס האָבן זיך פון די מיילער זייערע געשאָטן קללות און זידלערייען, וועמען גע־שאָלטן, וועמען געזידלט, — אפשר האָבן זיי אַמאָל דאָס גע־וואוסט, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו שעלטן און צו זידלען און מיט דער צייט אַליין פאַרגעסן, און ס׳איז שוין אַריבער ביי זיי אין אַ רגילות...

איינע אַ בחורטע פון די בחורטעס איז אַזוי גייענדיק מיט איר פּלאָנטערדיקן זיגזאַגישן גאַנג צוגעגאַנגען צו מיר און האָט אויף מיר אַ מאָדנעם קוק געוואָרפן און מיך געפרעגט, פאַר־

וואָס איך טראָג ווייבערשע שיך. און אָנגעוויזן אויף אירע וואָס זייַנען דווקא געווען מאַנסבילשע, האָט זי מיר פאַרגעלייגט, איך זאָל זיך בייטן מיט איר און געזען, אַז איך ווייז ניט אַרויס קייַן חשק דאָס צו טאָן האָט זי מיר פאַרגעלייגט איך ווייס ניט צי אַלס צוגאָב, צי האָט זי עפּעס אַנדערש דערפאַר געוואָלט, נאָר זי האָט מיך געגעבן אַ פרעג:

— אַ פאָ... כאָטשעש ?...

איך האָב מיך געגעבן אַ טראָג אָפּ פון איר און זי האָט מיך נאָכגעשריגן:

— אַך, טי מאַנדעוואָשקאַ!

איך האָב געגומען מאַכן פּיס, זיך געטראָגן איבער די ברייטע צעכראַסטעטע גאַסן, וואו אַלץ האָט אויסגעקוקט אַזוי גידעריק אַנטקעגן באַרגיקער הויכקייט, וואו שטאָט מיט אירע דריי פיר און פינף גאָרנדיקע הייזער האָבן זיך געפונען. דאָ האָט מען צום מייַנסטן געזען איין שטאָקיקע און צוויי שטאָקיקע הייזער, און דערצו זייַנען נאָך די גאַסן אַזוי ברייט געווען און דערפאַר, קאָנטיק, האָבן די הייזער און אפילו די מענטשהייט פון דעם געגנט אויסגעקוקט גידעריקער ווי זיי זייַנען אין דער ווירקלעכקייט געווען. הייַנט די ריחות פון די „דיעשאָווע" רעסטאָראַנען (דיעשאָווע מייַנט טאָקע ביליק, אָבער ס'האָט נאָך אַ באַדייט פון ביליקייט), און די שטיקלעך און ברעקלעך און פיצלעך גלאָז מיט קאַרקעס פון רויטן און גרינעם טריוואָקס פון די „מאָנאָפּאָלקעס", וואָס האָבן זיך געוואַלגערט דאָ און דאָרטן און אומעטום, דאָס און מיט אַלץ באַנאַנדער האָט דיך אויף אַ רגע ניט געלאָזט פאַרגעסן, וואו דו געפינסט זיך, און איך קאָן שוין ניט זאָגן, אַז איך זאָל מיך האָבן היימיש געפילט...

און פּונקט אַזאַ ניט היימלעכקייט האָב איך דערפילט, ווען איך בין צום ים צוגעקומען, דערזעענדיק אים, אַלנפאַלס דעם ברעג זייַנעם, אַ פאַרכליאַסקעטן מיט בלויער פעטקייט און מיט שמוץ אַזוי ווייט ווי דאָס אויג האָט געקאָנט דערגרייכן. אַ שיף איז געגאַנגען אַהער, אַ שיף איז געגאַנגען אַהין, און פּונקט אַזעל־

כע פאַרכליאַסקעטע און שמוציקע ווי דאָס וואַסער, וואָס זיי האָבן געשניטן מיט די פאַרריסענע נעזער מיט זייערע געשוואָלענע שוואַרצע קוימענס, וואָס האָבן געדיכט און שוואַרץ געראויכערט און יעדע איינע פון זיי האָט געהאַלטן אין „משתין" זיין... ביי אייניקע פון זיי זיינען די קיילעכיקע פענצטערלעך געווען רויט געצירקלט, און זיי האָבן אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק ווי טויבן אויגן.

בלויז צוויי גרויסע שיפן זיינען געשטאַנען געאַנקערט, און אין די אינגעווייידן אין זייערע איז פאַרגעקומען אַ גוואַלדיקער גערודער. די צוויי שיפן האָבן זיך געהאַלטן אין אָנלאָדן. מענטשן האַלב־נאַקעטע און באָרוועסע, האָבן געשפּאַנט אויף אַ לייטערדיק שמאָלן הילצערנעם וועג, וואָס איין עק זיינער האָט אָנגעשפּאַרט אָן דעם שטיינערדיק געפלאַסטערטן באָדן, און דער צווייטער אָן דער הויך פאַרריסענער וואַנט פון דער שיף. זעענדיק אָט די מענטשן גיין אַרויף און אַראָפּ, האָט עס מיר דערמאָנט אָן דעם לייטער, וואָס יעקב האָט אין חלום געזען... „עולים ויורדים", — אַרויף און אַראָפּ... אויך דאָ האָט עס אויסגעזען, ווי די מענטשן וואָלטן מיט די זעק, וואָס זיי האָבן אויף די פּלייצעס געטראָגן, ווי זיי וואָלטן אין הימל אַריין געקראָכן. און כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז דאָס זיינען ניט קיין מלאכים, האָב איך דאָך געקוקט אויף זיי ווי אויף... נו, ווי אויף אַ גאַנץ אַנדערן סאָרט מענטשן הגם איך האָב געוואוסט (צי געזען), אַז דאָס זיינען די זעלביקע לייט, מיט וועלכע ס׳ווימלט און גריבלט דער גאַנצער קאַראַנטין...

ס׳איז נאָך געווען פיל, פיל זאַכן צו זען, נאָר איך האָב גע־וואָלט זיך אויסבאָדן. אָבער דאָ, אין דעם מקום, האָט מען עס ניט געקאָנט. איך וואָלט פון דאָרטן אַרויס שמוציקער ווי איך בין געווען. האָב איך געפרעגט איינעם און אַ צווייטן, וואו מ׳קען עס טאָן, האָבן זיי מיר אָנגערופן אַ פּלאַץ מיטן נאָמען „לאַנדזשער־ראָן", אָבער אָנווייזן מיר וואו אָט דאָס פּלאַץ געפינט זיך, האָבן זיי זיך געפוילט, צי זיי האָבן אַליין ניט געוואוסט. „אויפן ברעג ים" איז געווען דער ענטפער. און אַ צווייטער, וואָס האָט זיך שוין גענומען די טירחה מיר צו ענטפערן, האָט מיר געגעבן אַ

ווייז־אַן מיטן פינגער רעכטס און באַלד אויף לינקס און אין אַ
ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

— ניע זנאַיו, גאָלובטשיק! (איך ווייס נישט, ליבינקער!)

צולעצט האָט מיר איינער דאָך אָנגעוויזן דעם ריכטיקן וועג.

גייענדיק אַהין, האָב איך אויפן וועג, טאַקע אַלץ מיטן קאַראַנ־טין, דערזען אַזעלכעס, פון וואָס איך בין אויפגעשוידערט געוואָרן. איך האָב זיך גענוג אָנגעהערט וועגן אַדעסער גנבים און מאַרעוויי־כערס, נאָר אַז מ'זאָל קאָנען אין מיטן העלן טאָג טאָן אַזאַ זאַך, וואָס איך האָב דאָרטן געזען, אויף דעם האָב איך זיך ניט גע־ריכט. צוויי חברה־לייט, אין מיין עלטער, האָבן אויפגעשניטן אַ זאַק פון פיל זעק, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אויף גרויסע וועגענער פון קאַראַנטין אין שטאָט אַריין, און אַזוי גלייך, ווי ס'האָט זיך פון דעם אויפגעטרענטן זאַק אָנגעהויבן צו שיטן קיש־מיש (קליינע ראָזשינקעלעך), האָבן די צוויי חברה אונטערגע־שטעלט די היטלען זייערע און איינצייטיק אָנגעפילט די קעשינ־קעס. גלייך נאָך דעם איז צוגעקומען נאָך איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער און נאָך פיל פון די באָרוועסע און נאַקעטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט און אויך דאָס אייגענע געטאָן און איינצייטיק געוואָרפן אין די פיסקעס אַריין. איינער פון זיי, וואָס האָט מיך פאַרטשעפּעט לויפנדיק צו דער רויב (ווייל בפרסיה, איז דאָס שוין געווען רויב), האָט ער ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַנטשולדיקן פאַר מיר, האָט ער מיך אַ רוף־געגעבן, איך זאָל אויך צוגיין און געניסן פון דעם רויב אַ זאָג־געבנדיק דערביי: „באַגאַטים מענשע דאָסטאַניעטסיאַ" (וועלן די רייכע האָבן אַ ביסל ווינציקער), איך בין טאַקע צוגעלאָפן און אונטערגעשטעלט דעם שקאַרמיץ מיינעם, אין וועלכן ס'איז נאָך עפּעס געהאַט פאַרבליבן פון די שאַלומייזן, וואָס מיין בן־עיר האָט מיר געהאַט אָנגעטאָלעט, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך מיך מיט שוידער געגעבן אַ וואָרף אַפּ פון דאָרטן, דערזעענדיק ווי צווישן די פיס פון די נאָכגייער נאָכן וואָגן האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר שטשורעס, אַזעלכע פעטע מיט אויסגעקראָכענע פעלן, און עקן ווי בייטשלעך, זיי האָבן זיך גאַנץ היימלעך גענומען אַריינכאַפּן אין די פיסקעס אַריין די ראָזשינקע־לעך, וואָס זיינען צווישן די הענט, וואָס האָבן זיך געביטן, אַראָפּ־

געפאַלן אויף דער ערד. און גלייך נאָך מיין אָפּוואַרפן זיך, האָט איינער פון די לייט, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן, זיך אָפּגערופן צו מיר מיט אַ „ירגזון״:

— דאָ טי טשטאָ דוראַקאָ וואַליאַיעש (וואָס מאַכסטו זיך צום נאַר, זאָל דאָס מיינען) טעבע זשראַט כאָטשיעטסיאַ (דיר ווילט זיך פרעסן) אים טאָזשע כאָטשעטסיאַ זשראַט! (זיי ווילט זיך אויך פרעסן).

איך בין אַנטלאָפן פון דאָרטן ווי פון אַ מגפה. אָנקומענדיק צום לאַנדזשעראָן, האָב איך שוין דאָרטן אַן אַנדער וועלט און אַ גאַנץ אַנדער וואַסער געטראָפן, און איינס און צוויי אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך דעם „אייניקלס״ „טוזשורקעלע״ און זיין באָבעס שיך און צולעצט מיין העמד (דאָס אַלץ וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך), האָב איך מיך אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין מיט אַזאַ געפיל ווי איך וואָלט אַלץ וואָס איך האָב „דאָרטן״ אָקאָרשט געזען און געהערט, געוואָלט אַראָפּשווענקען פון זיך, און האָב זיך אַזוי לאַנג געטובלט, ביז וואַנען ס׳האָט מיך אָנגעהויבן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן, דערצו איז נאָך דאָס וואַסער געווען היבשלעך קיל און זייער ווינציק מענטשן האָבן זיך געבאָדן, כאָטש די זון האָט שוין זייער גוט געבאַקן.

לאָזנדיק זיך צוריק, קלעטערנדיק אויפן הויכן ברעג, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט פאַרשיידענע ווילדע געוויקסן, האָב איך באַ־מערקט ווי אַ יונג מיידעלע, אַ פראָסטינקע אויפן אויסקוק, וואָס האָט זיך געלאָזט פונם באַרג אַראָפּ צום לאַנדזשעראָן, האָט אַראָפּ־געלאָזט אַ פעקעלע. איך האָב עס אויפגעהויבן, און דריי מאָל איינס נאָך דאָס אַנדערע אויסגעשריגן:

— באַרישניאַ, באַרישניאַ, באַרישניאַ! — און איר אַ ווייז געגעבן דאָס פעקעלע.

אַ ליבלעך שמייכעלע האָט זיך צעגאָסן אויף איר פנים, ווען זי האָט דערזען דאָס פעקעלע אירס אין מיין הויך־פאַרריסענער האַנט, און נאָך איידער מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, און נאָך איידער איך האָב באַוויזן דאָס פעקעלע איר אָפּצוגעבן, האָט זי האַרציק און פאַרווירט אַ זאָג געטאָן:

— ספּאַסיבאָ וואַם!

„ספּאַסיבאָ" מיינט „אַ דאַנק" און „וואַם" מיינט „אייך". צי האָב איך שוין פאַר דעם קורצן שטיקל לעבן, וואָס איך האָב ביז יענער צייט, וועגן וועלכער דאָ רעדט זיך, געהאַט אָפּגעלעבט, געהערט פון עמעצן, אַז עמעצער זאָל מיר פאַר עפּעס באַדאַנקען, קאָן איך ניט זאָגן, אַז יאָ, און קאָן ניט זאָגן, אַז ניט, נאָר אַז איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן „געאירצט" געוואָרן, דאָס איז זיכער און איך בין געווען אַזוי גליקלעך און איך האָב אַ מורמל געטאָן:

— וואַם ספּאַסיבאָ!

דעם „דגש" געמאַכט אויפן „וואַם", אַז איר קומט אַ דאַנק. פאַרוואָס, פאַר ווען? יאָ, זי האָט מיר טאַקע געפרעגט, פאַר־וואָס איר קומט אַ דאַנק און איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרווירטער ווייל זאָגן איר פאַרוואָס איך דאַנק איר, האָב איך ניט געקאָנט.

מיר זיינען געשטאַנען איינס אַנטקעגן דעם אַנדערן, און איך האָב ניט געוואוסט, ווער איבער וועמען ס'שטייט, צי איך איבער איר, ווייל זי שטייט, צי זי איבער מיר. צולעצט האָט זי ביי מיר אַ פרעג געגעבן, צי איך בין ווילִיק מיט איר אַראָפּצו־גיין און זי באַגלייטן צו דער „קופּאַלניע" (וואו מען באָדט זיך). איך האָב גאַנץ גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג אירן. און זיך געלאָזט גיין באַרג אַראָפּ, האָב איך באַמערקט ווי דאָס מיידל קוקט אַראָפּ. יאָ, ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, ווען מ'גייט אַ באַרג־אַראָפּ, זאָל מען קוקן אַראָפּ, אָבער געשמעקט האָט עס מיר ניט, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט באַמערקן די ווייבערשע שיך, וואָס איך טראָג אויף מיינע פיס, און דער געדאַנק האָט מיך שרעקלעך געפּייניקט. און ניט לאַנג געטראַכט האָב איך זיך אָפּגערופן צו איר:

— איר זעט אָט די שיך?... דאָס האָט מען מיר פאַרביטן אין קופּאַלניע!...

דאָ איז געווען ניט איין ליגן, נאָר צוויי, ווייל איך האָב

מיך אין קיין „קופּאַלניע" ניט אויסגעטאָן (אין „קופּאַלניע"

האָט מען באַדאַרפט באַצאָלן דריי קאָפּיקעס. דאָרטן איז אויך געווען פּאַר פינף און פּאַר צען), און אָפילו אין אַזאַ פאַל (ווען איך וואָלט מיך אפילו אויסגעטאָן אין אַ „קופּאַלניע") טאָ ווי קומט אַהין אַ מאַנספּאַרשוין מיט ווייבערשע שיך?

און דאָס, האָב איך גלייך אויפן אָרט פּאַרדעכטיקט, איז געווען אָט דער פּאַרדעכטיקטער קוק, וואָס זי האָט אויף מיר געוואָרפן, און איך בין דאָ גלייך אַרויסגעפּאָרן:

— אַ „קאַרמאַנשטשיק", (קעשענע־גנב), מסתמא!

און אויך דאָס האָט געטויגט אין דער ערד! זיי קאָנען זיך טאָקע זיין וואָס זיי ווילן, אָט די „קאַרמאַנשטשיקעס", אָבער אין קיין ווייבערשע שיך גייען זיי ניט. האָב איך טאָקע זייער מורא געהאַט זי זאָל זיך ניט כאַפּן, אַז איך פּריצעווע זי דאָ, און בין גלייך ווידער אַרויסגעפּאָרן:

— און אַ בייטעלע מיט דרייסיק קאָפּיקעס ביי מיר אַרויס־גענומען!

קיין גרעסערן ליגן האָב איך שוין ניט געהאַט קיין השגה צו זאָגן, און ס'האָט מיר טאָקע ניט פּאַרטראָגן דאָס האַרץ! איך האָב געהאַט אַזאַ גוטן געפיל צו איר פאַר דעם „אירצן" אירן, וואָס זי האָט מיך געאירצט, און דאָ האַלט איך זי אין איין אָפּ־נאַרן. ס'האָט מיך זייער געקרענקט, הגם איך האָב געקאָנט זיין זיכער, אַז זי וועט מיך אין גאָרניט פּאַרדעכטיקן. ווען איך וואָלט געווען ניט קיין אָרנטלעכער, וואָלט איך איר דאָך דאָס פּעקעלע ניט אָפּגעגעבן!

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער ווייבערישער „קופּאַלניע" און דערהערט די ווייבערשע קוויטשערייען פון דאָרטן, זיינען מיר שטיין געבליבן. און געזען, אַז דאָ מוזן מיר זיך צעשיידן, האָב איך שטאַרק חשק געהאַט צו פרעגן ביי איר, צי איך וועל זיך קאָנען אַמאָל מיט איר ערגעץ טרעפן, נאָר דערמאָנענדיק זיך, אַז איך בין ניט ביי זיך אין די הענט, אַז איך וועל עס סיי־ווי ניט קאָנען דורכפירן, אפילו ווען זי וואָלט אויף דעם מסכים געווען, האָב איך עס ניט געפרעגט, און זי האָט מיר אויסגע־שטרעקט דאָס הענטל אירס, און ווידער אַמאָל מיך באַדאַנקט

פאַר דער אבידה, וואָס איך האָב איר אומגעקערט, און איז אַריינגעלאָפן אין „קופּאַלניע" אַריין. איך האָב מיך צוריק געלאָזט קלעטערן אַרויף אַ באַרג, און אַרויפגעקלעטערט, האָב איך גענומען דראַלעווען גאַס־אויס, גאַס־איין, און בין געקומען „אַהיים" אין דער ריכטיקער צייט. אָט פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען מ'האָט דעם אָרון מיטן מת פּונם ברייט־צעעפנטן טויער אַרויסגעטראָגן. נו, בין איך שוין געשטאַנען און געוואַרט ביז וואַנעט דער קאַטאַפאַלק מיטן אָרון און מיט די מלווים, ביז וואַנען אַלץ מיט אַנאַנדער האָבן זיך אָפּגערוקט. אויך איך בין נאָכגעגאַנגען אַ שטיקל וועג. איך האָב „אים" טאַקע ניט געקאָנט, איך מיין דעם מענטשן, וואָס איידער ער איז אַ בר־מינן געוואָרן איז ער געווען אַ מענטש, אָבער „ער" האָט פאַרדינט ביי מיר, איך זאָל אים נאָכגיין אַ שטיקל וועג... און נאָכגייענדיק אים, האָב איך אים ווידער און אָבער געוואונטשן, אַז אַלע צדיקים און גוטע מלאכים זאָלן אים קומען אַנטקעגן, און שטיל אין זיך געמורמלט די ווייסע ווערטער, וואָס זיינען אויפן שוואַרצן פאָן פון קאַטאַפאַלק געווען אָנגעשריבן:

„צדק לפניו יהלך, וישם לדרך פעמיו". — — — — — — —

ט

פאַר די קאַרגע פינף וואָכן, וואָס עס האָט זיך ביי אונדז געטראַסקעט מיט דער אָנגענומענער באַשטעלונג, האָט דער באַלעבאָס קיין איין מאָל זיך ניט אָפּגעגעבן מיט מיר מיר „צוצואווייזן" די אַרבעט. אַז מ'וויל זאָגן, האָב איך שוין געכאַפּט דעם „סטרי" און קיין ווייטערע צואווייזענישן איז שוין ניט נויטיק געווען. נאָר וואָס דען, איך בין נאָך ניט געווען איינגעאיבט גענוג, און דערפאַר האָב איך די אַרבעט פאַרגעסן. אייגנטלעך קאָן דאָ דאָס וואָרט „פאַרגעסן" ניט באַנוצט ווערן, ווייל פאַרגעסן האָב איך ניט, נאָר וואָס דען די הענט מיינע... זיי האָבן פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן געקאָנט.

וואָס דאָס מיינט ? ווי יעדער פאַך האָט אויך די „טאָ־

קאַרניע״ פאַך געפאָדערט אַחוץ קענען, אויך געאיבטקייט. ווי איינער זאָל ניט זיין באַקאַנט מיט דער מלאכה, קאָן ער אַלץ ניט זיין קיין מושלם אין איר, ביז וואַנעט ער ווערט אין איר ניט איינגעאיבט. אַ מלאכה הויבט מען ערשט דעמאָלט אָן צו קאָנען, ווען מ׳פאַרגעסט, אַז מ׳קאָן זי, אַט פּונקט אַשטייגער ווי איינער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט צו טרייבן אַ מאַשין, ווערט ערשט דעמאָלט דער גוטער „דרייווער״, ווען ער פאַרגעסט, אַז ער קאָן טרייבן. מיט אַ מלאכה איז די זעלביקע זאַך: ווען די הענט טוען מעכאַניש זייער אַרבעט, ערשט דעמאָלט ווערט דער בעל־מלאכה אַ גוטער בעל־מלאכה. נו, אַז איך בין נאָך ניט גע־ווען גענוג איינגעאיבט, און דערצו־נאָך בין איך אָפּגעריסן גע־וואָרן אויף גאַנצע פינף וואָכן פון דער אַרבעט, איז האָבן „זיי״, די הענט מיינע, „פאַרגעסן״ דאָס ביסל, וואָס זיי האָבן געקאָנט.

נו־נו, האָט זיך אָנגעהויבן צוריק אַ סדרה „חדש ימינו כקדם!״ איז מיר ווידער אַמאָל געפלויגן אין טאַטנס טאַטן אַריין, האָב איך ווידער אָנגעהויבן אַריינצוקריגן אַ שטורך מיט אַ האַנט, אַ בריק מיט אַ פוס. צי האָט „ער״ עס ניט פאַרשטאַנען, צי האָט ער זיך ניט געגעבן די מי דאָס צו פאַרשטיין, סיי־ווי אַזוי איז דאָס גע־ווען. און אפשר האָט ער זיך גלאַט געוואָלט זיך נאָקפּיען אָן מיר, הגם קיין שלעכטע שטימונגען נאָך דעם וואָס ער האָט אַרויסגע־פּטרט אַזאַ גרויסע „באַשטעלונג״, און אָפּגענומען אַזאַ שלל מיט געלט, האָט ער ניט געקאָנט האָבן.

ס׳זיינען אַוועק עטלעכע טעג וואָס דער ייד איז אַפילו צום וואַרשטאַט צו מיינעם ניט צוגעגאַנגען. ער איז אָדער אין שטוב ביי זיך געזעסן און זיך ברייט און רחבותדיק געלאָזט הערן מיט זיינע געגעצן, אָדער ער איז געזעסן לעבן דער טיר פון „ראַ־באַטשע״ אויף אַ צונויפגעלייגט בענקעלע און געקוקט אין הויף אַריין און זיך געפאָכעט מיטן היטל און דאָס קעפעלע זיינס מיט די סיוועס האָר זיינען געווען אין דער מיט, מיט אַ שרינט צע־קעמט אין מיטן קאָפּ אַזוי אַז ער האָט גאָר געמאַכט אָן איינ־דרוק פון אַ „וואוילן־יונג״, אמת, אַ פאַרעלטערטן, אָבער אין ווען די וואוילינגערישקייט איז נאָך געבליבן שטעקן אָט טאַקע

אין דער טשופּרינקע אין זיינער, וואָס האָט אים כמעט ביז די ברעמען דערגרייכט.

און אָט אין איינעם פון אָט די טעג, ווען דאָס באַלעבעסל מיינס איז זיך אַזוי געמיטלעך ביי דער טיר געזעסן און זיך געקוקט אין הויף אַריין, האָט ער זיך פּלוצים געגעבן אַ שטורעמ־דיקן הויב אויף פון זיין זיצן און ווי אַ שטורעם איז ער צו צו מיר, אַ כאַפּ געגעבן מיינע לאַפּקעלעך אין זיינע לאַפּעס און אַ געשריי געטאָן:

— דריי!

און אַזוי גלייך ווי ער האָט די הענט מיינע אַריינגענומען אין זיינע, האָב איך שוין דערפילט, אַז ער וועט מיר שוין געבן „קאַטשקע". פאַר וואָס פאַר ווען, וואָס איז די פּלוצימדיקע בהלה מיט אים?

איך בין עס געוואויר געוואָרן אין אַ ווײַלע אַרום, ווען אויף דער שוועל פון „ראַבאַטשע" האָט זיך באַוויזן אַ געזונטע בלאָנדע מויד מיט נאַסן חשך אונטער די פּאַכוועס. זיך באַוויזן און שטיין־געבליבן דאָרטן, וואו זי האָט זיך באַוויזן און אין דעם איז גלייך געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז אַ אייגענע, ווייל אַ פרעמדע וואָלט ניט געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון דער טיר. אַ פרעמ־דע וואָלט דאָך געזאָגט באַך וואָס זי איז געקומען, צי מ'וואָלט ניט געוואַרט, זי זאָל זאָגן און מ'וואָלט ביי איר געפרעגט וואָס זי באַדאַרף. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַן אייגענע, וואָס איז גע־קומען און איז שטיין געבליבן אויף דער טיר און ניט זי זאָגט עפּעס, און ניט מ'פרעגט ביי איר. און ס'איז דאָך זיכער, אַז דער באַלעבאָס איז צוליב איר פון זיין זיצן אַנטלאָפן ווען ער האָט זי דערזען, און דער בן ווידער, איז ווען ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך צעטראַסקעט מיטן וואַרשטאַט און זיך געמאַכט, אַז ער זעט זי ניט, כאָטש זי איז אים פונקט געשטאַנען אַנטקעגן. צו אַן אומבאַקאַנטער, און נאָך צו אַזאַ שטיק מויד, וואָלט אָט דער יונג זיך גאָר אַנדערש פאַרהאַלטן. איז דאָס שוין זיכער אַן איי־גענע און אַזאַ אייגענע, וואָס איז בעסער זיך ניט וויסנדיק־מאַכן אַז אַזעלכע איז דאָ.

— דיאַדיאַ! (פעטער) די מאַמע האָט מיך געשיקט צו אייך, איר זאָלט געבן אַ פּאָר קערלעך פאַר דער באָבען! — איז די מויד ענדלעך אַרויס מיט לשון.

און דער „דיאַדיאַ" גלייך נאָך איר צו מיר בלשון רבים:

— ממזרים, אַ רוח אין זייער פאָטער און מוטער אַריין! מ׳לערנט זיי און מ׳לערנט זיי און זיי!... דריי, ממזר!...

איך האָב מיך ווירקלעך אין דעם מאָמענט פאַרטראַכט: ס׳איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבערראַשונג געוואויר־ווערנ־דיק, אַז אָט דער אַלטער גאנאַמניק האָט נאָך אַ מאַמע (אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען פון דער „פּלימעניצעס" רייד) און ניט דאָס, וואָס אַזאַ מענטש, אין זיין עלטער, זאָל נאָך קאָנען האָבן אַ מאַמע, זאָל מיך האָבן איבערראַשט. איך האָב געקאָנט אין אונד־זער שטעטל אַ פּאָר זייעריקע, און עלטערע פון אים, וואָס האָבן געהאַט מאַמעס און טאַטעס, נאָר איבערראַשט האָט מיך גאָר־גאָר עפּעס אַנדערש: וואָס אַזאַ אכזר האָט אַ מאַמע... איך וואָלט ווינציקער איבערראַשט געווען, ווען איך וואָלט פּלוצים געוואויר־געוואָרן, אַז אָט די אַלטע כאַליערע האָט גאָר קיינמאָל קיין מאַ־מע ניט געהאַט.

קיין ענטפער (אַחוץ דעם ענטפער, וואָס ער האָט מיר גע־געבן, אויב מ׳קאָן עס רעכענען פאַר אַן ענטפער) איז פון אים ניט געקומען. און די געזונטע בלאָנדע מויד מיטן נאַסן חושך אונטער די אָרעמס, וואָס האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן איר געזונטקייט און אייניצייטיק איר אומבאַהאָלפנקייט, ווי בכלל מענטשן מאַכן אַזאַ איינדרוק, ווען זיי שוויצן, האָט אומבאַ־האָלפן און פאַרווירט און סאַרקאַסטיש אונטערגעשמוכעט, און דאָס האָט שוין, קאָנטיק, ניט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס צאַצקעדיקע בחוריש געשוועסטער־קינדל אירס, און אָפּגעשטעלט דעם וואָר־שטאָט, האָט ער איבערגעשריגן צום באַלעבאָס:

— טאַטע! דאָ ס׳שטיין און עפּעס וועלן!...

דאָ האָט זיך די באַלעבאָסטיטשקע פון טונקעלן פאָרהייזל אַרויסבאַוויזן און געלאָסן און רואיק און לייטיש ביי איר אַ פרעג געגעבן:

— וואָסי, ווי לאַנג ערשט אַז מ׳האָט איר צוגעשיקט...

יענע האָט דער ניט געלאָזט פאַרענדיקן און געזאָגט, אַז פאַר ווען ס'איז ניט לאַנג, און פאַר ווען ס'איז יאָ לאַנג, און צוגעגעבן:

— שוין באַלד דריי חדשים, אַז דער „דיאַדיאַ" האָט ניט צוגעשיקט קיין פּיאַטאַק פאַר דער באָבען!

— איך סי געבן פּיאַטאַק איך! — האָט זיך דער חכם אָפּ־געראָפן אונטערשמייכלענדיק אונטער זיינע קליינע, שוואַרצע גע־דיכטע וואָנסעלעך.

און מיין באַלעבעסל, פּונקט ווי ס'וואָלט דאָרטן, אין צווייטן עק „ראַבאָטשע", גאַרניט פאַרגעקומען, האָט מיט זיינע לאַפּעס, אין וועלכע ער האָט מיינע געהאַלטן (און אין וועלכע ס'האָט דער שטיקל געצייג געשטעקט) זיי אַ דריק געטאָן און אויס־געשריען:

— אַ פּאָר לאַפּקעלעך!...

— די מאַמע האָט געזאָגט! — האָט די מויד ווידער זיך גע־לאָזט הערן, אָבער שוין מיט מער דרייסטקייט, — אַז אויב דער „דיאַדיאַ" וועט ניט צושיקן עטלעכע קערלעך, וועט זי נעמען אַ „דראָזשקע", די מאַמע און וועט צושיקן די באָבע צו אייך!

געזאָגט האָט זי דאָס צו דער באַלעבאָסטע(ס'הייסט צו איר „טיאָטיע" — מומע), אָבער איידער די האָט באַוויזן עפּעס צו ענטפערן אויף די חוצפּהדיקע ווערטער, האָט זיך פון איינעם פון די פענצטער געגעבן אַ שטעק אַרויס דאָס שוואַרצע משוגע־האָריק קעפּל פון מיין באַלעבאָס טעכטערל און זי האָט צו איר אַזוי גע־זאָגט:

— וועסט זאָגן דיין מאַמען, אַז אויב זי וועט אונדז צושיקן די באָבע, וועלן מיר זי צוריק אָפּשיקן מיט דעם אייגענעם „איזוואָ־שטשיק", וואָס זי וועט זי צושיקן!

אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, אָט די זאַך וואָס איך באַשרייב דאָ, אַ פּריוואַטע זאַך, וואָס מיט מיר, ווי ס'זעט פאָרלויפיק אויס, האָט עס גאָרניט צו טאָן, אָבער ווי מיר וועלן באַלד זען, בין איך דאָ גאַנץ פיין און היבשלעך אַריינגעפּלאָכטן געוואָרן, און צוליב־דעם טאָקע גיב איך אָט די סצענקע איבער, אַנדערש וואָלט איך זי

דורכגעלאָזט ווי פיל אַנדערע פּריוואַטע צאַנקערייען, וואָס איז דאָרטן פאָרגעקומען ווי ס׳קומט פאַר אין יעדן פאַמיליע־הויז.

אָפּגעזאָגט זיך דאָס איריקע, זי דעם באַלעבאָס טעכטערל, האָט דאָס געשוועסטער־קינד אירס איר גלייך אָפּגעפּאַטשט די פּליגל און איר געזאָגט, אַז זי זאָל זיך ניט מישן און אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, די צוויי מיידן האָבן דאָ גענומען לייגן איינער אין דער אַנדערער אַריין, וואָס דער און יענער איז אַריינגעפאַלן אין די מיילער אַריין. די באַלעבאָסטע האָט דער פּלימעניצע אַ פּאָר מאָל געפּרוּוווט פאַרמאַכן דאָס מויל, אָבער יענע האָט איר ניט גע־הערט און איך האָב מיך געשמירט דאָס האַרץ מיט פּוטער, הערנ־דיק, ווי די לייגט אין יענער אַריין, מאַכט איר מיט בלאָטע צו־גלייך. דער באַלעבאָס האָט געשוויגן, אָבער אין זיין האַלטן מיך אַרומגענומען, און אין דעם ווי ער האָט געהאַלטן די הענט מיינע אין זיינע, האָב איך געפילט ווי ס׳קאָכט דאָרטן און בורעט אין אים. דאָ גאָר פּלוצים האָט זיך דאָס שטיקל האַלץ, וואָס האָט זיך געדרייט אין וואַרשטאַט און געדריקט געוואָרן פון צוויי פּאָר הענט, האָט זיך עס אַרויסגעריסן פון וואַרשטאַט און געגעבן אַ פּלי אַריין אין איינער אַ שויב פון די פיל שויבן, פון וואָס עס איז באַשטאַנען די אויבערשטע העלפט וואַנט פון אונדזער ווערקשטוב, און איך, גלייך נאָך דעם טראַסק און קלינג פון די פיל שטיקער און שטיקלעך גלאָז, אַז איך דערפיל אַ זעץ אין אויער אַריין און איך האָב געגעבן אַ שפרונג אין דער לופטן מיט אַן אויסגע־שריי:

— אַ־אַ־אַ!

ס׳איז ניט געווען, ווי מ׳ווייסט, די ערשטע „מתנת יד”, וואָס איך האָב געקריגן, נאָר דאָ איז מיר ניט אַזוי אינם ווייטאָק געגאַנגען ווי אין דער בושה פאַר דעם פרעמדן מיידל. און די ימח־שמוניצע, דעם באַלעבאָס׳ טעכטערל, האָט עס זייער גוט פאַרשטאַנען, ווייל זי האָט זיך גלייך נאָך דעם אָפּגערופן מיט אַן איראָניש שמייכעלע:

— ס׳פּאַסט אים ניט פאַר דער „באַרישניע”!...

איז ווען אַ שטייגער, קאָן מען מיינען, איז זי דאָס אויסן געווען צו טרעפן (צי אויסצולאַכן) מיך, כ׳ווייס על פי שכל איז

דאָס אַזוי, אָבער יענע האָט עס קאָנטיק אַנדערש אָנגענומען, אַז זי איז גאָר אויסן איר דערמיט אַ שטאָך צו געבן, ניט אַנ־דערש. ווען זי וואָלט דאָס ניט געמיינט, וואָלט זי ניט אַרויסגעקומען מיט דעם זאָג־אַריין, וואָס זי האָט איר גלייך נאָך דעם אַריינגעזאָגט:

— דו האָסט אַזעלכן אויך ניט די ווערט!

„אַזעלכן", ווי מ'באַדאַרף פאַרשטיין (און איך האָב עס אויך אַזוי פאַרשטאַנען) האָט געמיינט אַזאַ גאָרניט, און דאָ האָט זי זיכער ניט געמיינט מיך צו טרעפן, נאָר דעם געשווויסטערקינדל אירס, אָבער דערווייל בין איך געטראָפן געוואָרן.

— ציץ! (דאָס מיינט שווייג) — האָט די באַלעבאָסטע אויף איר אָנגעשריגן, אַ טופּ־געבנדיק מיטן פוס, און גלייך נאָך דעם איז שוין דער באַלעבאָס אַרויס מיט לשון:

— פאַר אַזעלכע ווערטער באַדאַרף מען זי אָננעמען פאַר די צעפּ און אַרויסוואַרפן „קיבעני מאַטערי!"

— דאָס וואָלט איך טאַקע געוואָלט זען! — האָט זיך די מויד מיט איר גאַנצער מוידישאַפט געגעבן אַ שטעל אַרויס.

דאָ האָט דער בחור זיך אויסגעשפּאַנט פון וואַרשטאַט און אַרויפלייגנדיק די לאַפּע זיינע אויף דער מוידס אַקסל האָט ער געזאָגט:

— דו סי מיך פאָלגן, דו סי גיי! איך סי שען־זען סי זאָל שיקן!..

— ניין, איך וויל שוין! — האָט די מויד עקשנותדיק אויסגערופן. און אַ קוק־וואַרפנדיק איבער דער גאַנצער לענג פון „ראָבאָטשע" האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — איך ווייס, איך האָב געהערט! מ'איז געקומען צו אונדז און מ'האָט דערציילט, אַז דער „דיאַדיאַ" האָט אָנגענומען אַ סך אַרבעט, און ס'שטייען, האָט מען דערציילט, עטלעכע אַרבעטער און אַרבעטן!...

דאָ האָט דער באַלעבאָס מיך פאַרלאָזט און לאָזנדיק זיך גיין אין דער ריכטונג צו דער פּלימעניצע, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ, און געגעבן אַ ווייז אָן אויף מיר האָט ער שוין מיט אַ געמיטלעכערן טאָן, געזאָגט:

— עטלעכע אַרבעטער ? אָט איז ער די עטלעכע אַרבעטער ! קענסט אים זיך נעמען אַז דו ווילסט !

איז די מויד ניט פויל און גיט אים אַן ענטפער אָפּ :

— איר האָט נעענטערעס וועמען אים צו געבן !...

— און דו האָסט אַזעלכן אויך ניט די ווערט ! — האָט זיך דעם באַלעבאָס טעכטערל אָפּגערופן.

מ׳באַדאַרף ניט זיין שטאַרק באַפליגלט מיט פאַנטאַזיע, זיך פאָרצושטעלן, אַז ס׳איז גאָרניט אַזוי אנגענעם צו הערן ווי צוויי מוידן וואַרפן זיך מיט דיר אַרום ווי מיט אַ געפּגרטער קאַץ. אָבער מיר איז דאָס דאָך אנגענעם געווען. ווען, אַ שטייגער, וואָלט מיין באַלעבאָס׳ טעכטערל געקאָנט הערן אַזעלכע ווערטער און אַזעלכע אָנדייטונגען ווי דאָס געשוועסטער־קינד אירס האָט געלאָזט הערן וועגן מיר. איר האָט זיך זיכער אַזאַ חלום ניט געחלומט (און מיר, פאַרשטייט זיך, אויך ניט). האָב איך דאָ געהאַט אי נחמה, אי אַ נקמה, וואָס יענע וואַרפט מיך דער אין פּנים אַריין. אין אַן יענער, אָן דער צעפּאַרעטער מויד מיטן נאָסן חושך אונטער די פּאַכוועס, האָב איך אָפּגענומען די נקמה פאַר איר וואַרפן מיך אָן דער, דורך דעם, וואָס דאָס געשוועסטער־קינד אירס וואַרפט איר אין פּנים אַריין...

מיט וואָס אָט די מעשה האָט זיך פאַרענדיקט וועלן מיר געוואויר ווערן אין צווייטן טייל פון דעם זיסן ראָמאַן פון מיי־נעם. איך וואָלט אים, ס׳הייסט דעם ערשטן טייל נאָך געקאָנט ציען און ציען, נאָר אַזוי ווי איך רעכן, אַז קיין בעסער־ערגערע ענדע צו פאַרענדיקן דעם ערשטן טייל, וועל איך שוין ניט האָבן, איז וועל איך מיט דער ענדע פאַרענדיקן. ניט אומזיסט שרייען נעבעך די רעפּאָרטעס פון די צייטונגען, אַז דאָס לעבן איז דער גרעסטער שונד־שרייבער, ווען זיי פּאַקן אַ געוויסע סענסאַציע, און דערמיט, קאָנטיק, זיינען זיי אויסן צו פאַרלויפן דעם „לעזער” דעם וועג, טאָמער וועט מען ניט גלויבן אין דער סענסאַציע. יאָ, די גרעסטע „שונד־זאַכן” האָבן מיט מיר געטראָפן אין מיין „לע־רע”, און דאָס וועט מען ערשט געוואויר־ווערן אינם צווייטן טייל.

# א

וואָס אַזוינס ס׳קאָן איבערלעבן איינער, ווען ער דערזעט זיין לאַנג־דערוואַרטעטע, וואָס איז אים נאָענט צום האַרצן, קאָן זיך יעדער איינער, וואָס האָט אַ שטיקל האַרץ, פאָרשטעלן. נו, האָב איך פונקט מיט אַזאַ פרייד זיך דערפרייט, ווען איך האָב דערזען די יעניקע, וואָס זיי, מיינע לייט, האָבן אַזוי שטאַרק ניט געוואָלט זען. נאַטירלעך, איך וואָלט מיך דערפרייט מיט יעדער צרה, וואָס וואָלט געקומען אויף זייערע קעפּ, און אויב אָט די „צרה" איז געווען אַן אַלטיטשקע יידענע און אַ האַלב־געליימטע איז — ברוך הבא, ס׳קאָצל קומט!

מ׳שטויסט זיך שוין מן הסתם אָן, ווער דאָס איז. און אויב מ׳שטויסט זיך ניט אָן, וויל איך מ׳זאָל זיך דערמאָנען, ווי דעם באַלעבאָס׳ פּלימעניצע האָט געדראָט, אַז אויב מ׳וועט איר, ס׳הייסט דער מאַמע אירער, ניט געבן עטלעכע „קערלעך" פאַר דער באָבען (איר מאַמעס מאַמע, און דעם באַלעבאָס׳ מאַמע), וועט זי (דער מיידלס מאַמע) צושיקן די מאַמע (דער מיידלס מאַמעס מאַמע) צום ברודער (צו דער מיידלס פעטער, און מיין באַלעבאָס) און אַזוי ווי דער האָט די פאַר „קערלעך", וואָס דאָס מיידל האָט געבעטן, ניט אָפּגעשיקט, האָט יענע געהאַלטן וואָרט און האָט זי צוגעשיקט אויף אַ דראָזשקע אין איינעם אַן אָסיענ־דיקן פרימאָרגן.

איך וועל אייביק געדענקען, וואָס פאַר אַ בהלה עס איז דאָרטן געוואָרן, ווען מ׳האָט זיי אָט די מתנה צוגעשיקט, און אין מיין האַרצן וועט אויף אייביק בלייבן איינגעקריצט די פרייד מיינע, וואָס איך האָב אין דעם מאָמענט איבערגעלעבט. איך וויס ניט, מעגלעך, אַז ווען איך וואָלט געוואוסט וואָס מיך דער־וואַרט פון דער אַלטער און ווי בכלל די גאַנצע אַטמאָספערע אַרום מיר איז געוואָרן נאָך געדיכטער אַדאַנק איר, וואָלט איך מיך מן הסתם ניט געווען דערפרייט מיט איר. אָבער פון וואַנעט האָב איך עס געקאָנט וויסן?

מ׳קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס איז פאַר זיי געקומען גאַנץ אומגע־ריכט. זיי האָבן זיך יאָ געריכט אויף דעם, און געזען האָב איך עס יעדעס מאָל, ווען ס׳האָבן זיך פונם „פּאַדיעזד" דערהערט פער־דישע ריטמישע טריט אויף דעם דיקן דיל, וואָס איז דאָרטן גע־ווען אָפּגעלייגט.

„אַזעלכע זאַכן" און דאָס מיינט, אַז מ׳זאָל אַריינפאָרן מיט אַ דראָזשקע אין הויף אַריין, האָט אפילו ניט אַזוי אָפט גע־טראָפן. ס׳איז אפילו געווען, קאָן מען זאָגן, אַ שטיקל סענסאַציע, ווען עמיצער פון די שכנים האָט זיך אַזעלכעס געקאָנט דערלויבן, און דערפאַר טאַקע ווען אַזעלכעס האָט יאָ געטראָפן נאָך דעם, וואָס די בלאָנדע פלימעניצע האָט אָפּגעשטעקט דעם וויזיט אירן ביי מיינע לייט, ווען ס׳איז דערהערט געוואָרן ווי פערדישע פיס האָבן גענומען ציילן טריט אויפן האַרטן הילצערנעם באָדן און האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען אינם גרויסן חלל, וואָס איז געווען דער אַרויסגאַנג און דער אַריינגאַנג פונם הויף און אין הויף אַריין, זיינען ביי די לייט ביי מיינע די נשמות אַרויס־געפאַלן, איידער זיי האָבן דערלעבט צו זען די דראָזשקע און ווער ס׳זיצט אין איר און האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען זיי האָבן דערזען, אַז ס׳איז ניט די, וואָס זיי האָבן נעבעך אַזוי שטאַרק ניט געוואָלט זען, און אַלעמאָל נאָך אַזאַ איבערשרעק, האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, אַז אים טוט באַנג, וואָס ער האָט די מויד אָפּגעלאָזט מיט ליידיקן, ווייל דאָס האַרץ זאָגט אים, אַז מ׳וועט „זי" פריער צי שפּעטער ברענגען צו פירן.

און צום סוף איז דאָס „האַרץ־זאָגעניש" מקוים געוואָרן:

דאָס איז געווען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אין איינעם אַן אָסיענדיקן פרימאָרגן, און איך וועל דאָ צוגעבן — זיי־ער אַ פאַסקודנעם פרימאָרגן, ווען ס׳האָט געמראָקעט אַ דריב־נע רעגנדל, אָט ווי עס טרעפט אָפט אָסיען־צייט. דער באַ־לעבאָס איז זיך דעמאָלט געהאַט געשטאַנען ביי אַן „איידל" שטיקעלע אַרבעט, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, ערשטנס, דער־פאַר ווייל צו איידעלער אַרבעט האָט מען ניט באַדאַרפט צולייגן קיין כוחות, און צווייטנס, ווייל ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין אַזעלכע זאַכן, און, דריטנס, דערפאַר, ווייל דאָ האָט מען

טאַקע גוט פאַרדינט. בקיצור, דער באַלעבאָס איז געווען זייער אין אַ גוטער שטימונג. ס׳איז אים אפילו ניט אָנגעגאַנגען די „בליגאזע״, וואָס האָט זיך מיט נאָסן אומעט געשפּרייט פאַר אונדזער פּענצטערדיקער וואַנט, און דאָ גאָר פּלוצים...

ווען ער האָט די דראָזשקע דערזען מיטן מענטשן־קלימעקל דאָרטן זיצן, איז זיין פּנים געוואָרן אַזוי וויסט און פינצטער, ווי וויסט און פינצטער ס׳איז געווען אין דרויסן, און ער האָט, ווי פאַר זיך אַ מורמל געטאָן:

— מ׳באַדאַרף עס האָבן אַ האַרץ, נעמען אַ מאַמע און זי אַרויסשיקן אין אַזאַ פּאַגאָדע!

אַז ס׳איז אים אין דעם ניט געגאַנגען, איז איבעריק צו זאָגן. נאָר וואָס דען, ער האָט עפּעס אַנדערש אין דעם מאָמענט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן דעם אומגעריכטן (צי יאָ גע־ריכטן) גאַסט, האָט ער דאָס דערפאַר געזאָגט.

דער בן זיינער, וואָס איז געשטאַנען ביים צווייטן וואַר־שטאַט און געטאָקט אַ קאָלאָנע צו אַ בופעט, האָט מיט אומ־רואיקייט און הילפלאָזיקייט אַ קוק געגעבן אויפן צעשראָקע־נעם פּנים פונם טאַטעלע פון זיינעם, און געגעבן אַ שפּיי אויס, קאָנטיק פון גרויס פאַרלעגנהייט און אַ ברומקע געטאָן ווי פאַר זיך:

— און דאָ ס׳מאַמע ניטאָ!...

דאָס זאָל האָבן געמיינט, אַז אָן איר וועט מען ניט קאָנען אָננעמען קיין באַשלוס וואָס צו טאָן מיט דער „סחורה״, וואָס איז זיי צוגעשיקט געוואָרן. און אַזוי איז דאָס פאַרשטאַנען גע־וואָרן פונם זונס טאַטן און פון דער מאַמעס זון (ס׳הייסט פון דער מאַמע, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אויף דער דראָזשקע) ווייל דער האָט זיך גלייך אָפּגערופן:

— נו, וואָס וואָלט געווען ווען זי איז דאָ, וואָלט זי זי צוריקגעשיקט?

פאַר דער צייט איז די דראָזשקע צוגעפאָרן צו דער טיר פון אונדזער „ראַבאָטשע״. דער „איזוואָשטשיק״ האָט גלייך, ווי די דראָזשקע איז שטיין געבליבן, אַרויסגעוואָרפן אַ פּוס פון דער ברייטער בונדע, און מיטביידע פּיס אַראָפּגעשפּרונגען פון דער

קעלניע און זיך מיט זיין ברייטן פּאַרנעם אַריינגעוויזן דורך דער שמאָלער טיר, און אַראָפּגעכאַפּט פון קאָפּ דאָס יוניפאָרמירטע צילינדערל, וואָס איז געווען איבערגעצויגן מיט שוואַרצער צעראַטע, האָט ער פון דאָרטן אַרויסגעכאַפּט אַ קוויטעלע און דאָס איבערגעגעבן דעם באַלעבאָס, און איידער דער האָט באַ־וויזן דאָס „דורכצוקריכן", האָט זיך די באַלעבאָסטע באַוויזן מיטן קאָשיק פון מאַרק, און איז גלייך אַרויס מיט לשון:

— גאַנץ פרי מיט דער ראָשטשינע! — און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן וואַרפנדיק אַ בייזן קוק אויפן איזוואָשטשיק: — מ׳באַדאַרף עס האָבן אַ האַרץ, נעמען אַזוינס און אַרויסשיקן אין אַזאַ פּאָגאָדע.

— מאָיאַ כאַטאַ ס׳קראַיו, יאַ ניטשעוואָ ניע זנאַיו — האָט זיך דער „איזוואָשטשיק" אָפּגערופן אַ הויב געבנדיק מיט די ברייטע אַקסלען מיט זיינע. — מ׳באַצאָלט מיר, און מ׳הייסט מיך פאָרן, פאָר איך. ס׳איז מיר קיין חילוק ניט וואָס. מניע ווסיאָ ראַוונאָ (מיר איז אַלץ איינס). איר ווילט ניט? באַצאָלט מיר, וועל איך זי צוריקפירן.

דער „איזוואָשטשיק" האָט געטראָפן אין סאַמע פּינטל אַריין, און ווי ס׳איז קאַנטיק געווען אויף די דריי לייט אויף מיינע, האָבן זיי זיך זייער ניט באַקוועם דערפילט נאָך דעם פאָרשלאָג, וואָס דער „איזוואָשטשיק" האָט זיי געמאַכט. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט איינס מיט דאָס אַנדערע און ווי אַרויס־געקוקט עפּעס צו הערן וועגן דעם פאָרשלאָג, וואָס דער יידישער פורמאַן מיט זיין פאַרגויאישטן אויסקוק האָט געמאַכט. ערשט ווען ס׳האָט זיך געגעבן אַ צעפּראַל איינער פון די שטוב־פענצ־טער, און דאָס טעכטערל האָט באַוויזן דאָס פאַרשלאָפן „פּע־נעצל" אירס מיטן צעשויבערטן קעפּל האָר אירס און צוגעשטימט צום פורמאַנס פאָרשלאָג, אַז מ׳זאָל אים טאַקע באַצאָלן און ער זאָל די „מתנה" אָפּפירן צוריק אַהין, פון וואַנענט ער האָט „זי" גענומען, און מעגלעך, אַז זיי וואָלטן עס טאַקע געטאָן, ווען איך וואָלט מיך ניט געווען אַריינגעמישט:

— באַלעבאָס! — האָב איך זיך אָפּגערופן מיט אַ קול פון אַ בעל־דרשן — אין דער תורה שטייט געשריבן: „כבד את

אביך ואת אמך, למען יאריכו ימיך, בכדי אַז אין דעם זכות זאָלן דיר פאַרלענגערט ווערן די יאָרן. דאָס איז איינע פון די צען גע־באָטן, באַלעבאָס, וואָס אפילו די אומות העולם היטן אים אָפּ. ווילט איר נעמען אַזאַ גרויסע זינד אויף זיך ?

דער באַלעבאָס איז געוואָרן בלאַס ווי קאַלך. צווישן באָרד און וואָנצעס האָט זיך באַוויזן אַ הילפלאָז שמייכעלע, דערפאַר אָבער האָט די באַלעבאָסטיטשקע אָנגעשטעלט אויף מיר די וואַ־ראָנע־אייגעלעך אירע, און געקוקט אויף מיר אַזוי בייז, ווי זי וואָלט מיך געוואָלט אויפעסן מיט די פּאַטריכעס, אָבער זי האָט געהאַלטן ס׳מויל. אויך דער בן זייערער, וואָס איז אַלעמאָל בייז געוואָרן ווי אַ רוח, ווען איך האָב דעם טאַטן זיינעם אַריינ־געפירט אין פאַרלעגנהייט, אפילו ער האָט געשוויגן, דערפאַר אָבער האָט זיך די מויד אַרויפגעכאַפּט אויף מיר :

— אומעטום מישט ער זיך ! וואָס איז זיין עסק וואָס ?

— נו, גאָספּאָדאַ ! — האָט זיך דער „איזוואָשטשיק" אומ־געדולדיק אָפּגערופן — איך האָב קיין צייט ניט, טודאַ אילי סיודאַ. אַהער אָדער אַהין !

זיי האָבן געשוויגן, און אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע ווי בעק קוקן זיך אָן אין אַ הייסן זומער־טאָג, און דאָרטן, אין הויף, פאַר דער טיר, איז אין דער דראָשקע געזעסן דאָס מענטשן־קלימעקל, וואָס איז געווען זאָרגפעליק איינגעקוטעט (און טאַקע דערפאַר אויסגעקוקט ווי אַ קלימעק) און ס׳האָט געטריפט אויף איר דאָס אָסיענדיקע רעגנדל. ערשט נאָך אַ לענגערער פּויזע האָט זיך דער באַלעבאָס אָפּגערופן צום „איזוואָשטשיק" :

— גייט, טראָגט זי אַריין !

דאָ האָט זיך דאָס מאַמזעלכל געגעבן אַ ווייז אַריין אין ווערקשטוב און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר :

— אַלץ איבער דעם פאַרשיוון, אומעטום מישט ער זיך ! — אַנטשוויגן געוואָרן און אין אַ ווייַלע אַרום שוין מיט אַ פלאַק־סיוון טאָן זיך אָפּגערופן צו דער באַלעבאָסטע : — דו זאָלסט וויסן, מאַמע, אַז איך וועל גאָרנישט טאָן פאַר איר ! — און גלייך נאָכדעם ווידער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר : — ער

וועט ביי מיר טראָגן די רענאָלן פון איר! איך וועל אים ווייזן ווי צו שטופן די צונג זיינע אומעטום!

דער „איזוואָשטשיק" האָט ברייט געעפנט די טיר פאַר זיין ברייטקייט און צוגעשפּאַנט צו דעם מענטשן־קלימעקל, וואָס איז ביי אים אין דראָזשקע געזעסן, האָט ער „עס" אַ נעם געטאָן און אַריין אין דער טיר, וואָס ער האָט פריער אַ ווײַלע געלאָזט נאָך זיך אָפן. ער האָט אַ פרעג געגעבן:

— נו, גאָספּאָדאַ, וואו זאָל איך זי אַהינטאָן?

דער באַלעבאָס האָט זיך אויסגעשפּאַנט פון וואַרשטאַט, איז אַריין אין שטוב און אין אַ ווײַלע אַרום זיך באַוויזן מיט אַ בענקל און אָנגעוויזן דעם איזוואָשטשיק, ער זאָל זי אויף דעם בענקל אַוועקזעצן. דער איזוואָשטשיק האָט זי אַוועקגעזעצט און געזאָגט צו איר:

— נו, באַבוניאַ, דאָסווידאַניאַ, אַ גוטן טאָג, לאָזט זיך דאָ ניט שפּייען אין דער קאַשע!

די „באַבוניאַ" האָט ניט געענטפערט, בלויז אַ קוקעלע אויף אים געוואָרפן, און דאָס קוקעלע איז דווקא געווען אַ לע־בעדיקס, אין וועלכן ס'איז קאָנטיק געווען, אַז זי האָט גוט גע־הערט און גוט באַנומען, וואָס דער איזוואָשטשיק האָט איר גע־זאָגט. יאָ, אויך אינם קרעכצעלע, וואָס זי האָט דערביי געגעבן, ווען ער האָט עס איר געזאָגט, איז קאָנטיק געווען, אַז דער מענטש־קלימעק ווייס נאָך ווי אָפּצוהיטן דאָס רעשט שטיקל לעבן, וואָס איז אין אים פאַרבליבן.

אַז ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב מיין שכר באַ־קומען פאַר מיין אריינשטעקן די צונג וואו מ'באַדאַרף ניט, האָב איך מיך איבערצייגט, ווען איך מיטן זון (דאָס מיינט מיטן זונס זון) האָבן זיך פאַרנומען אַרויסצוטאַטקען דעם וואַרשטאַט פון פאַרהייזל אַרויס, וואו ס'איז באַשטימט געוואָרן אַוועקצו־שטעלן אַ בעטל פאַר דער אַלטער. דאָס איז דער זעלבער וואַר־שטאַט, אויף וועלכן איך האָב כ'יך געהאַט די גאַנצע צייט גע־שפּייזט, און דער זעלבער, וואָס האָט מיר געדינט פאַר אַ בעט דעם ערשטן ווינטער, און האָב מיך שוין, צו דער צייט וואָס דאָ רעדט זיך, זיך געקליבן ווידער אויף אים זיך צו באַלייגן, ווייל

די נעכט האָבן שוין אָנגעהויבן צו ווערן זייער קיל. ווען איך האָב מיטן באַלעבאָס' זון אָנגענומען דעם וואַרשטאַט און אים גענר־מע אַרויסטראָגן, האָב איך אויף אַ שפּאַס געגעבן אַ געשריי אויס „צדקה תציל ממות״, און אַזוי גלייך ווי איך האָב דאָס אויס־געשריגן, האָט מיר די באַלעבאָסטיטשקע, ימח שמה, געגעבן אַ שפּיי אין פּנים אַריין און מיט אַ צוגאָב נאָך דערצו:

— אָ, דו פאַרשיוועץ דו! זאָל מען שוין דיך אַרויסטראָגן גאָר אין גיכן!

אמת, ס'קאָן ווערן סומנע אויפן האַרצן, ווען מ'הערט די ווערטער... אָבער ס'איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז אַזוי ווייט וואָלט עס ניט דערגאַנגען (דאָס מיינט ביז אָנשפּייען מיר אין פּנים אַריין), ווען זי וואָלט מיך ניט געהאַלטן פאַר שולדיק, וואָס די שוויגער אירע איז ביי איר פאַרבליבן, און אַלס ראיה, אַז זי האָט זיך דערפאַר מיט מיר אָפּגערעכנט, קאָן דינען דאָס, וואָס דאָס טעכטערל אירס, וואָס האָט זיך אין דעם מאָמענט געפונען אין קיך און זיך געוואַשן, האָט גלייך נאָך דעם אויסגערופן:

— אַ־אַ!..

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דער, מיט וועמען איך האָב דעם וואַרשטאַט געטראָגן, אָפּגערופן צו מיר:

— ווען סי באַלעבאָסטע ניט געבן אַ שפּיי אין פּנים, איך סי געבן אין מאָרדע!

האָב איך געמיינט, אַז פאַר דעם זעלביקן „צדקה תציל ממות״, ניין, דווקא ניט דערפאַר, נאָר איבער גאָר אַן אַנדער זאַך, און דאָס בין איך ערשט געוואויר געוואָרן, ווען מיר האָבן אונטן אַראָפּ, אין קעלער אַריין, אַראָפּגעטראָגן דעם וואַרשטאַט.

דער סטאָליאַרנער וואַרשטאַט, ווי ער האָט מיר דערציילט, איז דעם באַלעבאָס פאַרבליבן פון די אַמאָליקע גוטע צייטן, ווען ער האָט אָנגעפירט אַ גרויסע „מאַסטערסקאַיע״ און וואָך ביי וואָך האָט מען ביי אים „אַרויסגעוואָרפן״ אין די צענדליקער טוצן קאַרניזן, עטאַזשערקעס און נאָך אייניקע אַנטיקן, וואָס צו זיי האָט זיך געפאָדערט סטאָליאַרנע אַרבעט. און בכדי אָט די אַרבעט זאָל אים קאָסטן ביליקער, האָט ער זיך אַליין איינגעשאַפן זיין אייגנס אַ סטאָליאַרנעם וואַרשטאַט און באַשטעלט ביי זיך

אַ סטאָליאַר. און אַחוץ דעם, וואָס די אַרבעט האָט אים געקאָסט אַ העלפט ווי ער וואָלט זי ערגעץ אַוועקגעגעבן מאַכן, האָט דאָס אים, דעם טאַטן זיינעם, צוגעגעבן פּרעסטיזש, ווייל מיט דעם צוגאָב פונם סטאָליאַר, וואָס איז ביי אים געשטאַנען, האָט עס שוין אויסגעקוקט ווי אַ שטיקל פאַבריקע, און אַ „שטיקל" פאַבריקע האָט געהאַט מער אָנזעעניש ווי ער (צי אַן אַנדערער) וואָלט געהאַלטן די גרעסטע מאַסטערסקאַיע.

איבערגעבנדיק דאָ דעם תמצית, וואָס איך בין דאָ געוואויר־געוואָרן פון דער „האַלבער צונג", קאָן מען דערפון באַנעמען, אַז מיטן אַרויסטראָגן דעם סטאָליאַרנעם וואַרשטאַט, איז אַרויס־געטראָגן געוואָרן דער לעצטער זכר פון מיין באַלעבאָס' אַמאָלי־קער גדולה און דאָ בין איך עס אַרויסגעפאָרן מיטן „צדקה תציל ממות", פאַר וואָס דער יונג האָט מצדיק געווען דעם שפּיי אין פּנים, וואָס איך האָב געקריגן פון זיין מאַמע.

אַלזאָ, דאָס איז געווען דער ערשטער כיבוד, וואָס איך האָב דורך דער נייער העלדין אַריינגעכאַפּט. אמת, זי איז טאַקע ניט שולדיק געווען, אָבער ווען ניט זי, וואָלט צו אָט דעם שפּיי אין פּנים ניט געקומען. און איצט וועלן מיר גיין ווייטער, און איבער־געבן די אַנדערע כיבודים, וואָס איך האָב אומדירעקט און שפּע־טער פון איר אַליין אָנגעהויבן אַריינצוקריגן.

דעם צווייטן אומדירעקטן כיבוד האָב איך אַריינגעקריגן טאַקע אַזוי גלייך, ווי איך בין פון קעלער אַרויסגעקראָכן און אַריינגעקומען אין ווערקשטוב. ווען איך בין אַריינגעקומען האָב איך דעם באַלעבאָס געטראָפן שטיין לעבן דער אַלטער און זיך באַברען מיט די קניפּן, מיט וועלכע די אַלטע איז דאָ און דאָרטן געווען אַזוי זאַרגפעליק אַרומגעקניפּט, און וואָס ס'איז, קאָנטיק געווען, אַז יענע דאָרטן, וואָס האָט אָט דעם קלימעק אַרויסגעשיקט, האָט שטאַרק געזאָרגט דערפאַר, אַז דער זכר־מענטש זאָל ניט פאַרלירן אויפן וועג רעשט פון דעם שטיקל לעבן, וואָס איז אין דעם פון אַמאָל־מענטש פאַרבליבן. אַזוי גלייך, ווי איך בין אַריין, האָט ער מיך מכבד געווען, איך זאָל אים העלפן זי אויפצובינדן פון די קניפּן. אמת, ער האָט עס פריער פאָרגעשלאָגן דעם זון זיינעם, ער זאָל אים באַהילפיק זיין,

און דער האָט זיך אָפּגעזאָגט, אָנגעבנדיק אַ תירוץ, אַז ער באַדאַרף עפּעס אַרויסענדיקן אין זיין אַרבעט. ס'איז אויך ניט אויסגעשלאָסן, אַז ער האָט די צוויי ווייבערשע מענטשן פאַרגעלייגט, זיי זאָלן אים העלפן, און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער מלאכה. בקיצור די מלאכה, פון וועלכער די אייגענע האָבן זיך אָפּגעוואָרפן, האָט ער מיך מיט איר מכבד געווען...

און איך האָב עס געטאָן. אַ ברירה האָב איך געהאַט? אַז דער באַלעבאָס הייסט דיר עפּעס טאָן, קאָן מען קיין דבר אחר ניט זיין... און דאָ דערביי איז אויף דער שוועל פון טיר, וואָס האָט געפירט פון פאָרהייזל אין ווערקשטוב, די מויד געשטאַנען און שמעלצנדיק זיך פון נחת, צוגעקוקט ווי איך פּאָרקע זיך אַרום דער באָבע אַרום אירער... וואָס איך האָב געפילט דערביי? איך האָב מאָמענטנווייז געהאַט דאָס געפיל, אַז איך וועל גערדראָלן פון בושה, אַז די באַקן האַלטן זיך אין איין אָנבלאָזן, און וואַקסן און וואַקסן פון פנים אַרויס, און אין די אויגן האָב איך געפילט אַ מאָדנע שאַרסטעקייט, ווי מ'וואָלט מיר אין זיי פּריסעק אָנגעשאָטן...

האָבן מיר שוין צוויי כיבודים, וואָס איך האָב אומדירעקט דורך דער אַלטער געקריגן, אַ דריטן האָב איך געקריגן שפּעטערצו, דירעקט פון איר אַליין, ווען זי איז שוין אין בעטל געלעגן. איך ווייס ניט, צי האָט זי זיך דאָ גלייך אָריענטירט, וואָס פאַר אַן אָרט איך פאַרנעם ביי די איריקע, צי איר איז דאָס געווען באַוואוסט פון פריערדיקע צייטן, וואָס פאַר אַ ווערט אַ לערן־יונג האָט בכלל... סיי ווי סיי, אַז איר האָט זיך דאָרטן „עפּעס" פאַרוואָלט, אַן „עפּעס", וואָס איך קאָן עס ניט אַרויסזאָגן אָפן, איז האָט זי ניט געפונען עמעצן אַנדערש צו זאָגן ווי נאָר מיר. און מער רבותא: איך בין שוין דעמאָלט ביים וואַרשטאַט געשטאַנען, האָט מען מיך געלאָזט וויסן, אַז די „באָבע" רופט מיך און ווען איך בין צוגעגאַנגען צו איר, האָט זי מיט אַ טראַגיש געבעט געלאָזן הערן:

— טאַטעלע, גיב מיר דאָס טעפּעלע!...

הערסט אַ מעשה: ס'איז דאָ אַ שנור אין שטוב, ס'איז דאָ אָן אייניקל אַ מיידל, איז האָט זי געפונען פאַר באַקוועמער דעם ייִנגל צו זאָגן, איידער זיי... יאָ, דאָס האָט אויך באַוויזן ווי היימיש זי האָט זיך געפילט ביים זון אין הויז, אָבער דער פאַקט, אַז די אַלטע גאַנאַמניצע האָט דאָ דערפילט, אַז מיך קאָן מען אויסנוצן, ווערט דורך דעם ניט אויס פאַקט.

וואו־זשע האָט מען געקאָנט נעמען פאַר איר אַ „טעפּעלע”, אַז ס'איז אַזעלכעס ביי זיי ניט געווען? (ווען יאָ, וואָלטן זיי פאַרשפּאָרט צו מאַכן די נאַכטיקע וויזיטן אין קיך, ווי איך האָב שוין געהאַט דערציילט). אַלזאָ, האָט מען עס באַדאַרפט גיין קויפן. איז ווער זאָל גיין נאָך דעם אוצר? איך, וואָס פאַר־שטייט מען דאָ ניט? ווען אָבער איך בין שוין געשטאַנען פיקס און פאַרטיק דורכצופירן די שליחות, האָט דער באַלעבאָס געכאַפּט אַ ישוב און גאָר מכבד געווען דאָס טעכטערל מיטן גאַנג; ווייל ער האָט איינגעזען, אַז ס'איז ניט יושרדיק אַ פרעמד ייִנגל צו שיקן נאָך אַזאַ אינטים־פאַמיליענדיקן חפץ? אָ, דאָס וואָלט גע־ווען זייער פיין פון זיין זייט! נאָר וואָס דען, ער האָט פשוט מיר ניט געטרויט, מורא געהאַט, איך זאָל מיר דאָ ניט אַראָפּ־לאָזן אין קעשענע אַריין עטלעכע קאָפּיקעס פון דער קניה.

האָט זי זיך עס צעשמיצט און צעוואָרפן, ווען זי האָט עס דערהערט, אָבער גיין האָט זי נעבעך געמוזט. נו, ווי דען, אויב ניט איך און ניט זי, טאָ ווער וועט גיין? און זיך באַוויזן מיטן שאַל איבערן קאָפּ, פון וועלכן ס'האָט זיך אַרויסגעצירקלט דאָס וואוּאַלנע „פּענעצל” און ס'האָבן מיט גלי־פייער אַרויסגעבלינצלט די שוואַרצע אויגן אירע, האָט זי צו מיר פון ווייטן אַ וואָרף געגעבן אַזאַ זאָגעלע:

— וואָס אַרט דיך, דו וועסט שוין ביי מיר טראָגן פון איר די טעפּעלעך!

נו יאָ, נאָך דאָס האָט מיר געפעלט! דאָס איינציקע שטיקל גליק מיינס, וואָס איך האָב דאָרטן ביי זיי געהאַט, איז געווען

וואָס איך האָב ניט געהאַט ביי זיי קיין טעפּלעך צו טראָגן, ווי דאָס האָבן אַנדערע לערן-יונגען געהאַט ביי זייערע באַלעבאַטים, וואו ס'האָבן זיך געפונען קליינע קינדער. איז אָט וועל איך עס שוין האָבן, האָב איך מיר געטראַכט. און איך האָב שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה. ווייל ווען איך וואָלט מיך ניט אַריינגעמישט, וואָלט מען אפשר געוועזן צוריקגעשיקט די אַל-טע. יאָ, זיכער אַזוי. דאָס איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם „בראַטאָק” פון אירן. ווייל אַזוי גלייך, ווי זי איז אַוועק, האָט ער זיך אָפּגערופן צו מיר:

— איך ס'אַלע מאָל זאָגן סי ניט שטופּן צונג וואו ניט דאַרפן!

געזאָגט האָט ער עס מיט אַ טאָן פון באַדויערן מיך. דער בחור האָט, קאָנטיק, געהאַט אין זיך אַ פונק פון מענטש-לעכקייט, און איבערצייגט האָב איך מיך אין דעם אין עטלעכע מינוט אַרום, ווען די אַלטע, ניט קענענדיק איינהאַלטן אין זיך דאָס „וואַסער”, האָט עס אָפּגעטאָן אונטער זיך, און עס האָט זיך באַוויזן אַ קאַלישקע אונטערן בעטל. די באַלעבאָסטע האָט מיט איר גאַנצע שטירדעס מיר באַפוילן דאָס אויסצואווישן, האָט ער, ניט זאָגנדיק גאָרנישט, ניט פּאַר און ניט קעגן, אַרויסגענומען די שמאַטע פון אירע הענט און אויסגעווישט און פּאַרטיק גע-וואָרן מיט דער אַרבעט, האָט ער אַ ברומקע געטאָן צו מיר:

— מיינסט סי ניט האָבן ווערט מיינסט ?...

און כאָטש איך האָב געזען, אַז קיין נחת וועל איך שוין פון דער אַלטער ניט האָבן, דאָס מיינט, אַז מ'וועט שוין אָט דעם האָרב אַרויפוואַרפן אויף מיינע פּלייצעס, האָב איך דאָך געהאַט מיטגעפיל מיט איר. ווייל איך האָב גלייך איינגעזען, אַז איך האָב דאָ אַריינגעקריגן אַן „אָח לצרה” און דאָס, ווי באַוואוסט, דערנעענטערט מענטשן. בפרט נאָך, ווען אָט די זעלביקע „ברודע-ריכע” האָט מיך די ערשטע פּאָר טעג אָנגערופן מיט אַזעלכע צערטלעכע נעמען ווי „טאַטעלע” און „זונעלע”. ווען דער קאָפּ דיינער ליגט דיר אַזוי אין דער ערד און דאָ הערסטו אַזעלכע ווערטער, מוזטו דערפון גערירט ווערן. און וואָלט זי דאָס כסדר אָנגעהאַלטן, וואָלט איך פון מיין זייט, צי ס'וואָלט מיר אנגענעם

געוועזן צי ניט, געוועזן געטראָגן אָט די נייע יאַך אויף מיינע פּלייצעס, אָבער די אַלטע האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום אָנגעהויבן זיך שאַפן מיט מיר ווי זיי די איבעריקע אירע, אָן צערעמאָניעס: טו דאָס פּאָר איר, טו יענס פּאָר איר. קאָנטיק, אַז מיט דער צייט האָט זי זיך אָריענטירט, אַז ס׳איז ניט נויטיק מיך צו גלעטן איבערן קעפּל, זעענדיק וואָס פּאָר אַן אָרט איך פאַרנעם ביי זיי, אַז איך וועל איר אַזוי אויכעט פאָלגן וואָס זי וועט מיר הייסן.

איך ווייס ניט ווי לאַנג ס׳וואָלטן געקאָנט געוועזן אָנהאַלטן מיינע גוטע באַציאונגען צו איר, ווען זי וואָלט אפילו אָנגעהאַלטן אירע גוטע באַציאונגען צו מיר. מעגלעך, אַז פריער צי שפּעטער וואָלט זיך געשאַפן ביי מיר צו איר די זעלביקע באַציאונג ווי צום הינטל, אין וועלכן איך האָב דערזען אַ קאָנקורענט צו די פעטע שטיקלעך פליי״ש, וואָס מ׳האָט דעם אָנגעהויבן אַוועקצו־געבן. דאָ האָב איך אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז זינט זי איז אָנ־געקומען האָט מען מיר פאַרקלענערט די פּאַרציע פליייש, און אַחוץ דעם האָט זי מיר דאַך משיג־גבול געווען. דורך איר בין איך באַרויבט געוואָרן פונם סטאָליאַרנעם וואַרשטאַט, דאָס איינציקע באַקווע־מע אָרט, וואָס איך האָב געהאַט אויף צו שלאָפן, און דאָ איז אַלץ קילער און קילער געוואָרן און איך האָב אַדאַנק איר גע־מוזט שלאָפן אין „ראַבאַטשע״״, וואו איך האָב שוין געכאַפּט אַ היבשן ציטער. יאָ, קיינער האָט נ׳יר ניט געשטערט, איך זאָל זיך גיין דאַרטן מיט איר באַלייגן אין פאַרהייזל, נאָר איך בין פון זיך אַליין געשטערט געוואָרן... גיי, באַלייג זיך מיט אַן אַכציק יאָריקער זקנה אין איין חדר, און דערצו נאָך, ווען אין דעם זעלבן הויז, אונטער איין דאַך מיט מיר, געפינט זיך אַזאַ יונגע, „טעליצע״, ווי דאָס אייניקל אירס... נו, בין איך טאַקע ווייטער געשלאָפן אין קאַלטן קאָרידאָר, איינגעקוצורובעט אונטער דער וואַטעווער קאָלדרע, וואָס האָט שוין געהאַט מער לעכער ווי וואַ־טע (ווייל מ׳האָט געהאַלטן אין איין רייסן פון איר שטיקער וואַטע אויף „גאָמקעס״, וואָס מ׳האָט נויטיק געהאַט צו פּאָלי־טורן, און דאָס מיינט שוין, אַז איך האָב מיך צוגעדעקט מיט לעכער, ניט מיט קיין קאָלדרע).

אמת, איך האָב געוואוסט, אַז פריער צי שפּעטער וועל איך מוזן איבערבעטן מיין יינגלשן כבוד און וועל זיך מוזן באַלייגן אין פּאָרהייזל, אין שכנות מיט דער אַלטער, און דאָך האָב איך עס אָפּגעלייגט פון איין נאַכט אויף דער אַנדערער. פאַר מיר איז געווען איבער־געגנוג, וואָס איך האָב מיך דאָרטן, אין פּאָר־הייזל, „געשפּייזט" מיט איר, כמעט ווי זייט ביי זייט, ווייל דאָרטן, אין פּאָרהייזל, איז צווישן איר בעטל און דעם רויט־אָפּגעשיאַלעוועטן ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט די קיך פונם פּאָרהייזל, איז געווען אַזאַ קליין שטיקעלע פּלאַץ, וואו אַן אָנגעבלאָזענער אינדיק וואָלט זיך דאָרטן אויסקערעווען ניט געקאָנט. נו, איז דאָס דאָרטן אַ טישעלע אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן, און אָט אויף אָט דעם טישעלע האָב איך עס געגעסן, און די צווייטע העלפט מיינע איז זיך דאָ דערביי אין בעטל געזעסן און געפּראָוועט די סעודות אירע אויפן בעטל אירן. און געהערט ווי דאָס כליעבטשעט דאָס הייסע געקעכץ, האָט זיך מיר איבער־געקערט די גרינגע גאַל.

דאָך האָב איך אייניקע וואָכן צייט דורכגעפירט אַלע קאַפּריזן דער אַלטערס און אויסגעפּאַלגט אַלץ, וואָס זי האָט מיר געהייסן. אָבער שוין ניט אויס מיטגעפיל צו איר, נאָר ווייל איך האָב געמיינט, אַז איך מוז עס. און מוזן מוז איך עס, ווייל זי איז דעם באַלעבאָס' מאַמע, האָב איך געמיינט. אמת, איך האָב טאַ־קע געזען ווי דער קדיש אירער באַציט זיך צו איר, אָבער זיך רעכענען דערמיט, האָב איך געדענקט, קאָן איך ניט. פאַר אים, פאַר דער אַלטערס זון, און פאַר זיי, פאַר דער שנור און די אייניקלעך, מעג זי טאַקע זיין, וואָס ס'ווילט זיך, און זיי קאָנען זיך נעמען דאָס רעכט זי צו באַהאַנדלען ווי ס'געפעלט זיי, איך אָבער, דער פרעמדער, קאָן מיר אָט די רעכט ניט נעמען, ווייל איך האָב ביי זיי קיינע רעכטן ניט און במילא קאָן איך מיר שוין ניט נעמען די רעכט צו איגנאָרירן זי און ניט פאָלגן איר וואָס זי הייסט מיר.

אַזוי האָב איך געמיינט. אָבער ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָב איך דאָ דווקא געמאַכט אַ טעות: זיי האָבן זי אַזוי ווייט געהאַט אין דער ערד, אַז ס'האָט זיי ניט געאַרט,

וואָס דער רעכטלאָזער נעמט זיך די זעלבע רעכט, וואָס זיי, און כאָטש איך האָב געזען, אַז איך מעג עס, האָב איך פונדעסטוועגן הנאה געהאַט, וואָס איך פאָלג איר ניט. ווייל זי איז דאָך געווען דעם באַלעבאָס׳ מאַמע. ס׳איז פונקט, אַ שטייגער, ווי אַ פרומער ייד איז מחלל שבת, ווען דאָס איז, אַ שטייגער, נויטיק צוליב פקוח נפש. און האָט דאָך הנאה, כאָטש מ׳מעג עס... עפּעס ענלעכעס האָב איך דאָ געפילט.

די אַלטע האָט, קאָנטיק, געדענקט דעם פורמאַנס אָנזאָג, זי זאָל זיך ניט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע, און אויב זי האָט עס ניט געקאָנט באַווייזן אין באַצוג צו די איריקע, האָט זי עס באַוויזן לגבי מיר. געזען, אַז איך הויב אָן זי צו ווידערשפּעניקן, האָט זי מיך אָנגעהויבן מזכה צו זיין מיט פאַרשיידענע נעמען, ווי אַ שטייגער „בופלאקס״, „פינצטערע און וויסטע בהמה״, „האָלאָדריגע״. איך בין איר קיין בעל חוב ניט געבליבן און האָב פאַר איר צוגעטראַכט פאַרשיידענע נעמען און אויך דאָ, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן זיי, די איריקע, באַקומען טויבע אויערן. בלויז דאָס טעכטערל האָט איר פון צייט צו צייט געגעבן אַן „אונטערהוטשקע״ קעגן מיר, פאַרוואָס זי שווייגט מיר (זי האָט מיר שוין גראָד ניט פאַרשוויגן). יאָ, אָבער די זעלביקע האָט אויך מיך אַמאָל אונטערגעהוטשקעט אַנטקעגן דער אַלטער, און הגם איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען, וואָס זי איז דאָ אויסן, האָב איך זיך דאָך באַנוצט מיט דער פּריווילעגיע און ארייגעלייגט אין דער באָבען אין אירער וויפיל ס׳איז אין איר אַריין.

---

צווישן יאָ און ניין זיינען זיך דערוויילע די נעכט אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרן, און במילא אַלץ קילער און קעלטער, אַזוי אַז דאָס שלאָפן אין קאָרידאָר, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון דרויסן מיט אַ דין ווענטעלע פון אונטן און מיט ראַמען און גלאָז פון אויבן, איז געווען אַזוי קאַלט ווי אין דרויסן. ווען ס׳איז אַמאָל אויסגעקומען צו שלאָפן אין דער קעלט,

בלויז יעניקער קאָן וויסן, וואָס פֿאַר אַ גרויס אָפּקומעניש דאָס איז, ווי דאָס ציט אַרויס דאָס חיות פֿון די ביינער. וואו איך האָב ערגעץ אַ שמאַטע דערטאַפּט, האָב איך זי אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפֿן, צי געהאָלפֿן אויף אַזוי פֿיל, אַז איך בין פֿון וואַך זיין אַריבער אין אַ מין היגער־פֿלעט. מ׳קאָן זיך פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ שלאָף דאָס איז געווען, אַז איך האָב געוואוסט אין שלאָף, אַז איך שלאָף, און האָט זיך מיר עפּעס געחלומט, האָב איך געוואוסט, אַז דאָס חלומט זיך מיר און בכלל איז אין מיין האַלב־פֿאַרשלאָפֿענעם, האַלב וואַכנ־דיקן מוח פֿאָרגעקומען אַ פֿלאָנטער צווישן וואָר און וואָרלאָזי־קייט. אַמאָל האָב איך אַ זאַך פֿון דער ווירקלעכקייט אָנגענומען פֿאַר אַ חלום, און אַמאָל פֿונקט פֿאַרקערט. און ס׳איז ביי מיר אָנגעגאַנגען אַ געראַנגל צו דערגיין וואָס איז וואָס, און דער גע־ראַנגל האָט געצויגן דעם מאַרך פֿון די ביינער.

באַזונדערס איז מיר איינער אַ חלום דערגאַנגען די יאָרן: איך געפֿין זיך אין קאַלט וואַסער. ניט איך שטיי דאָרטן, ניט איך ליג, ניט איך שווים, איך בין אין קאַלטער וואַסער. ווי קום איך אַהינצו, ווער צווינגט מיך דאָרטן צו זיין? חלומט זיך עס מיר אפֿשר? ניין, אַ סימן, אַז ס׳איז מיר קאַלט. אָט דער חלום איז צו מיר זייער אָפֿט געקומען. עס זיינען אייניקע מאָל געקו־מען צו מיר צו חלום די באָבע מיטן אייניקל. ביידע ווי איינע גע־קומען. אַמאָל איז דאָס געווען די באָבע מיטן אייניקלס אויגן, אַמאָל דאָס אייניקל מיט דער באָבעס צעקנייטשט פּנים און איך האָב דאָך „געוואוסט”, אַז דאָס איז זי... און איך האָב זיך אויפֿגע־כאַפּט מיט אַ קאַלטן שווייס.

נאָך אַזעלכע און ענלעכע נעכט, פֿלעג איך אויפֿשטיין גרין און געל. די אויגן האָבן ביי מיר געגלאַנצט ווי ביי אַ חולה־נופֿל (דאָס האָב איך געזען אינם פֿאָלירטן גלאַנץ פֿון דער שטאָ־לענער דאָליטע, וואָס דער באַלעבאָס האָט פֿאַר מיר געקויפֿט). פֿאַרשטייט זיך, אַז אָט די שיינע צורה האָט ניט געקאָנט ניט־באַמערקט ווערן און מ׳האָט מיר אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן, פֿאַרוואָס איך לייג מיך ניט אין פֿאָרהייזל. גיי דערצייל זיי פֿאַרוואָס! איך האָב מיך געוואונדערט, ווי אַזוי פֿאַרשטייען זיי

ניט אַליין, אַז אַ בחורל מיט וואַנצעלעך און מיט היפּשע סימנים פון בערדיקייט, קאָן עס זיין אָפּשיילעך און דערווידער זיך צו באַלייגן אין איין „חדר" מיט אַן אַלטער געליימטער יידענע. צי אפשר האָבן זיי דאָס יאָ פאַרשטאַנען, נאָר האָבן עס אין אַכט ניט גענומען.

מעגלעך, אַז איך וואָלט געקאָנט געווען פאַרבויגן מיין מאַנסביילשן כבוד און וואָלט אַן קווענקלעכישן זיך באַלייגט דאָרטן (אַלץ בעסער ווי פרירן אין קאַלטן קאָרידאָר), אָבער געשטערט האָט מיר אין דעם, ווי איך האָב שוין פריער געהאַט באַמערקט, דאָס מיידלשע אייניקל. איך האָב זי טאַקע געהאַט אין דער ערד, און דאָך פונדעסטוועגן איז די חרפה פאַר איר אַזוי גרויס געווען, אוי וויי ווי גרויס!... אונטער אַנדערע אומשטענדן וואָלט דאָך אַזאַ בחורל ווי איך, ווער ווייס ווי ווייט איך וואָלט שוין מיט אָט דער זעלבער מויד געקאָנט געווען האַלטן, געפינענדיק זיך מיט איר אַ יאָר (צי נאָך מער) אונטער איין דאַך. נאָך אַלעמען בין איך דאָך ניט געווען קיין מיאוס בחורל. איך האָב פאַרמאָגט, מיין אייגנס, אַ שיינעם, בלאָנדן קאָפּ־האָר, ליכטיקע בליאַסקנדיקע בלויע אויגן, און וואַנצעלעך אַזעלכע פיינע, וואָס אַכצן־צוואַנציק יאָריקע בחורים וואָלטן זיך אַזעלכע געקאָנט ווינטשן צו האָבן, און קיין נאַריש ייִנגל בין איך אויך ניט געווען און פונדעסטוועגן האָט מיך אָט די מויד (איך רייד דאָ פון דער מויד) בזוי ומבוזה געמאַכט. אַלץ פאַרוואָס? דערפאַר וואָס איך בין געווען אַ לערן־יונג.

— פאַרוואָס גייסטו „אַהין" ניט שלאָפן? — איז זי איינמאָל צו מיר צוגעשטאַנען, פּאַקנדיק מיך אויג אויף אויג אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב מיך אין אָוונט אַרום צען אַזייגער פאַרנומען אויסמעסטן דאָס געלעגער מיינס אויף איינעם פון די טאָקאַרנע וואַרשטאַטן, און דערקענט האָב איך אין איר פרעגן, אַז די ממזרת ווייסט יאָ פאַרוואָס, און אַז טאַקע דערפאַר פרעגט זי דאָס ביי מיר. יאָ, זי האָט מיר טאַקע אין אַ ווײַלע אַרום, ניט באַקומענדיק פון מיר קיין ענטפער אויף איר פראַגע, אַליין דעם ענטפער געגעבן:

— איך ווייס פאַרוואָס!...

איך האָב געשוויגן, און זי, ווי זי וואָלט מיר געוואָלט אי־בערצייגן אין דעם וואָס זי זאָגט, האָט איינס און צוויי מיטביידע אָנווייז־פינגער פון אירע ביידע הענט, מיר געגעבן אַ ווייז אָן אויף דער אויבערשטער ליפּ אויף אירער, און דאָס האָט געמיינט אַן אָנווייז אויף מיינע וואָנצעלעך און דאָס איז שוין גענוג געווען... יאָ, זי האָט פאַרשטאַנען! און איר איז דאָס, זעט אויס, אין לעבן געגאַנגען, איך זאָל וויסן, אַז זי ווייס.

ב

דער שניי, דער שניי אַליין איז ווייט ניט אַזוי קאַלט ווי די קעלט, וואָס קומט פאַרן שניי ווי אַן אָנזאָג, אַז ס׳רייסט זיך אַ שניי (אויב דאָס איז ניט אָנגעמאָסטן פאַרן גאַנצן ווינטער, איז דאָס זיכער אַזוי וועגן אָסיען).

יאָ, דאָס איז ניט געווען דער ערשטער אָנזאָג פאַר דעם אָנקומען פון דעם ווייסן גאַסט. אַזעלכע אָנזאָגן זיינען שוין פיל ניט געציילטע מאָל פאַרגעקומען אין די עטלעכע וואָכן נאָך די ימים טובים, און כאָטש קיינער האָט נאָך אים ניט געבענקט, האָט מען דאָך אַרויסגעקוקט אויף „אים”, ער זאָל שוין קומען. ווייל נאָכדעם ווי דער שניי פאַלט שוין אויס ווערן פאַרשוואונדן די עסנדיקע ווינטן, וואָס פרעסן זיך איין אין די ביינער. אַלנ־פאַלס בין איך צופרידן געווען, ווייל איך האָב געמיינט, אַז נאָכדעם ווי דער שניי וועט אַרויספאַלן, וועט מיר וואַרעמער ווערן צו שלאָפן אין קאָרידאָר. יאָ, די קעלט איז טאַקע אַביסעלע מילדער געוואָרן, אָבער אויף דער צווייטער נאַכט האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ פרעסטל, און כאָטש איך בין געווען זיכער, אַז דאָ וועל איך מיך שוין ניט אויסדרייען, אַז איך וועל מיך שוין מוזן באַ־לייגן אין פאָרהייזל, בין איך דאָך אַריינגעזעסן שפּעט אין דער נאַכט אַריין, ביי דער אייזערנער הרובקע, פון וועלכער ס׳האָט זיך געצויגן אַ בלעכענע רער אין שטוב אַריין, דורך אַ בלע־כענער שויב און זיך געוואָרעמט דעם פראָנט מיינעם און פון צייט צו צייט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום פייער און

מיטן פּנים צו דער געגלייזטער וואַנט. און געקוקט אין הויף אַריין, האָב איך געזען דעם שניי, וואָס איז זיך געלעגן צעלייגט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון הויף, און דאָס האָט געוועקט אין מיין האַרצן אומעט און בענקשאַפט. דאָ און דאָרטן איז נאָך געווען אַ פענצטער באַלויכטן, אָבער ס'רוב פענצטער האָבן שוין געגלאַנצט מיט נאַכטיקן חושך, און איך האָב מקנא געווען סיי די יעניקע, וואָס זיינען נאָך ניט געשלאָפן און האָבן פאַרבראַכט זייער נאַכטיקע צייט אין אינטימער היימלעכקייט, סיי די יעניקע, וואָס זיינען שוין געשלאָפן. און אפילו די פּאָר היימלאָזע קעץ, וואָס האָבן זיך אין הויף אַרומגעדרייט, האָב איך מקנא געווען, וואָס ווי ניט היימלעך זיי זאָלן זיך ניט פילן אין זייער היימלאָזיקייט, איז זיי אַלץ בעסער פון מיר. און, אַזוי זיצנדיק, בין איך אנטשלאָפן געוואָרן און אין שלאָף געפילט אַ קעלט, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס חלומט זיך מיר און געהאָפט, אַז ווען דער חלום וועט אַריבער, וועט מיר וואַרעם ווערן...

ווי לאַנג דער חלום האָט אָנגעהאַלטן, קאָן איך ניט וויסן. איך וויים נאָר, אַז ווען איך האָב מיך פון אָט דעם זיסן שלאָף אויפגעכאַפּט, האָב איך שוין געטראָפן אַ פיר־עקעדיקע לאָך מיט חושך אַנטקעגן זיך, און איינצייטיק דערזען די ווייס־געקאַלכטע וואַנט מיט דער שורה פענצטער, וואָס האָט אָפּגעטיילט „זייער" שטוב פון „זייער" קאָרידאָר, און מיר אַ טראַכט געטאָן ווי „זיי" דאָרטן ליגן אין דער וואַרעם אויף ווייכע געלעגערס און דאָ זיץ איך אין געהאַקטע וואונדן און קאָן מיך אַלץ ניט באַשליסן אַריינצוגיין זיך באַלייגן מיט דער אַלטער אין פּאָרהייזל.

צולעצט געזען, אַז ס'וועט מיר שוין גאָרנישט העלפן, האָב איך גענומען דעם שטרויענעם גולם מיינעם, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל לעבן מיין וואַרשטאַט, וואו איך האָב געהאַט דעם גאַנצן גאַרדעראָב מיינעם, און צוגעקומען צו דער טיר, וואָס האָט געפירט אין פּאָרהייזל אַריין, בין איך שטיין געבליבן און נאָך אַ קורצן ישוב, זי געעפנט און דערזען די אַלטע זיצן אָן אַ העמד. זי איז געזעסן אין דרייען געבויגן און אַריינגעקוקט טאַקע אינם

העמד אַריין, וואָס זי האָט געהאַלטן אויפן שויס, און זיך גע־גראַבלט דאָרטן מיט די סקעלעטישע פינגער מיט אירע, געזוכט און געבּישטערט, וואָס — איז איבעריק צו זאָגן...

אָבער ניט אָ די מלאכה האָט מיך איבערראַשט. מיט דער מלאכה האָב איך אַליין זיך פאַרנומען זייער אָפט. נאָר וואָס דען, ווען קיינער האָט עס ניט געזען. די אָבער האָט זיך פאַרגעזעצט די אַרבעט אירע, און דערעיקרשט, וואָס זי האָט זיך ניט געשעמט פאַר מיר מיט איר נאַקעטקייט. און דערמאָנט האָט עס מיר אינם אייניקל אָן אירן, וואָס אויך זי צערעמאָניעט זיך ניט מיט מיר און ווייזט זיך פאַר מיר אָפט מיטן אויסגעשניטענעם „ראָספּוד" אַרויס... איך האָב דאָ גלייך געגעבן אַ שפּיי אין איר זייט אַריין און אויסגערופן:

— טפיו אויף אייער קאָפּ!

און גלייך נאָך דעם האָב איך געגעבן אַ בלאָז אַריין אין גלעזל פונם לעמפל, וואָס זי האָט געהאַט שטיין לעבן זיך אויפן טישע־לע, און וואָס האָט איר באַלויכטן דעם „געיעג" אירן אויף די קלייניקע חיהלעך. נו, נו, האָט זי געמאַכט קולות און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך די טיר פון „זייער" שטוב געגעבן אַ שליס אויף און אינם געדיכטן חושך האָט זיך אַ הויכער געדיכטער ווייסער פלעק באַוויזן, די מאָס פון אַ מענטשן.

— וואָסי, וואָסי דאָ? — האָט דער געדיכטער ווייסער פלעק אַ פרעג געגעבן.

— דאָס לעמפל, דאָס לעמפּעלע! — האָט די אַלטע מיט אַ וויינענדיק קול אויסגעשריגן — דער „בייסטרוק" (ממזר) האָט מיר אויסגעלאָשן דאָס לעמפל.

זיך געשעמט איבערצוגעבן די אמתע אורזאַך, פאַרוואָס איך האָב דאָס לעמפל אויסגעלאָשן, האָב איך געזאָגט, אַז איך קאָן ניט שלאָפן ווען ס'ברענט פייער און דער באַלעבאָס האָט גע־מאַכט אַ שווייג, און געמיינט האָט עס, אַז ער גיט זיין הסכמה, אַז ס'זאָל זיין פינצטער. און זיך אַרויסגעשאַרט פון פאַרהייזל, האָט ער פון יענער זייט צוגעשלאָסן די טיר, און די אַלטע האָט זיך פאַרנומען צו לייגן אין מיר קללות. זי האָט אָן אויפהער גע־שאָלטן, ווי לאַנג ווייס איך ניט, ווייל איך בין אונטער די קללות

אירע אַנטשלאָפן געוואָרן און אַוועקגעשלאָפן אַזוי לאַנג ביז וואַנעט איך האָב דערהערט דעם באַלעבאָס שטימע:

— אויפגעשטאַנען, אויפגעשטאַנען!

נאָך דער שיינער נאַכט, האָב איך אויפן פרימאָרגן געקריגן איין גראַטולאַציע נאָך דער צווייטער. צוויי האָב איך זיי געקריגן — איינע פונם באַלעבאָס זון, און די צווייטע האָב איך שפּעטער געקריגן פון באַלעבאָס טעכטערל.

— דיר סי קומען מזל טוב! — האָט דער בן געזאָגט צו מיר מיט אַ שמייכעלע, אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך אין ווערק־שטוב באַוויזן, און אַרום ניין אַזייגער האָב איך די צווייטע גראַ־טולאַציע געקריגן פונם טעכטערל:

— פּאָזדראַווליאיו נאָוואַ־בראַטשנאָוואַ (איך באַגריס דעם ניי־חתונה געהאַטן) — האָט זי פּייערלעך און מיט פּאָמפּע אויס־גערופן און דערביי נחתדיק אונטערגעשמייכלט.

אַ גאַנץ פיינע גראַטולאַציע, אָבער זי האָט דערמיט ניט יוצא געווען, אָט די ממזרת. זי האָט געטאָן איין קליינקייט (צי עטלעכע קליינקייטן): זי האָט אָנגעהויבן אויסצופוצן דעם „חדר" אונדזערן, וואו איך האָב מיך מיט דער אַלטער אָב־געהויבן באַלייגן. די ערשטע וואָך פון „אונדזער חתונה" האָט זיך באַוויזן אויף איינע פון די ווענט אַ בילדל פון אַ צאַצקעדיק מיידל פון דוּאַוואַנס גילזן־פאַבריק. אויף דער צווייטער וואָך האָט זיך אויף דער צווייטער וואַנט באַוויזן אַ בילדל פון אַ יע־גער מיט אַ הונט, וואָס האָט געהאַלטן אַ קוראָפּאַטקע אין פּיסק, און נאָך די צוויי בילדלעך זיינען געקומען נאָך און נאָך אויף די איבעריקע צוויי ווענט.

מיר איז צעפּיקעט געוואָרן די גאַל, קוקנדיק אויף די בילד־לעך. ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס די מויד איז מיט זיי אויסן, אָבער איך האָב מיך גאָרנישט געקאָנט העלפן. ערשט ווען ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פּינטע, צי אַ זעקסטע בילדל — אַ מאַלפּע, וואָס איז געשטאַנען אויף צוויי פיס און אין די פאָדערשטע צוויי פיס (הענט) האָט זי געהאַלטן אַ בערשטל און אַ שטיוול (דאָס איז געווען די מאַרקע פון אַ באַוואוס־טער פאַבריקע פון שו־וואַקס) און אויפן שמאָלן שטענדערל,

פון אָט דער מאַלפּע איז געווען אָנגעשריבן מיין נאָמען, האָב איך לאַנג ניט געטראַכט און געגעבן אַ ריס אַראָפּ דאָס בילדל און עס צעפּיצלט אויף פּיץ־פּיצלעך, און געוואָלט דאָס אייגענע טאָן מיט די איבעריקע, דאָ אָבער האָט די צווייטע „העלפּט" מיינע געמאַכט אַ ליאַרעם און אַלע פיר האָבן זיך געגעבן אַ שאָט פון שטוב אַרויס (זיי זיינען אַלע געווען אין שטוב, ווייל ס'איז געווען מיטאָג־צייט) און דערזען וואָס איך האָב אָפּגעטאָן, איז די ערשטע, פאַרשטייט זיך, אַרויסגעשפּרונגען די מויד:

— דו, וואָס האָסטו געטאָן?

וואָס איך האָב געטאָן, איז ניט נויטיק געווען צו פרעגן. ס'וואָלט געווען מער אויפן פּלאַץ ווען זי וואָלט געפרעגט פאַר־וואָס איך האָב עס געטאָן. סיי ווי סיי האָב איך דאָ זיך געגעבן אַ בויג אָן און אָפּגעזוכט צווישן די שטיקלעך און ברעקלעך פּאַפּיר, דאָס שטערנדל פון דער מאַלפּע, וואָס איז צופעליק גאַנץ געבליבן, און האָב אָנגעוויזן אויפן נאָמען אויף מיינעם, וואָס איז דאָרטן געווען אָנגעשריבן.

— זעסטו שוין ווער דאָס איז! — האָט די מויד טראָג־צוואָטע אַ זאָג געגעבן צו דער מאַמאָטשקע צו אירער:

— אַ סוף! — האָט די מאַמע געזאָגט צום טעכטערל מיט אַזאַ טאָן, ווי גאָט ווייס וואָס פאַר אַן עוולה ס'איז דאָ אָפּגעטאָן געוואָרן צו איר קינד, און צו מיר גלייך: — פאַר אַזאַ מין זאַך וואָלט מען דיר באַדאַרפט איבערהאַקן הענט און פיס.

און די אַלטע, וואָס איז געזעסן און „געדיפעט" איבערן טע־לער סופּ, האַלטנדיק מיט איין האַנט דאָס לעפל, וואָס האָט אינע־ווייניק געשטעקט, האָט דאָ, קאָנטיק, געוואָלט כאַפּן צוויי האָזן מיטאַמאָל, אי זיך אָפּרעכענען מיט מיר, אי באַווייזן ווי געטריי זי איז זיי, האָט זיך מיט איר פּיסקעלע אַריינגעמישט:

— ס'איז אים ניט געשוועלן, אַ רוח אין זיין מאַמען גע־פלויגן!

איך האָב איר גלייך נאָכדעם אָפּגעציילט אין טאַטנס־טאַטן אַריין. נו, נו, איז דאָס געוואָרן אַ וויסטע בהלה אויף זיי. זידלען און שילטן זי. (יאָ, איך האָב איר פיל מאָל אָפּגעענטפערט אויף אירע קללות, וואָס זי האָט אין מיר אַריינגעלייגט) האָב געמעגט,

אָבער אין טאַטנס טאַטן, וואָס דאָס מיינט דעם באַלעבאָס׳ עלטער־זיידן, וואָס איז שוין ווער ווייס וויפיל צענדליקער יאָרן געלעגן אין דער ערד, דאָס האָב איך ניט געטאָרט. דער באַלעבאָס האָט זיך געגעבן אַ שאַר אַרויס פון פאָרהייזל און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַריינגעקומען פון „ראַבאָטשע״ מיט אַ פוס אין האַנט (אַ טיש־פוס) און מיך גענומען דרעשן די ביינער מיינע. און ס׳איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז ער וואָלט מיך אַוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט, ווען דער בן זיינער וואָלט ניט אַרויסגעריסן דעם פוס פון זיינע הענט.

נאָך דער פּאָרציע, וואָס איך האָב אַריינגעקריגן, האָב איך מיך אַ קוים זשיפּענדיקער אַריינגעכאַפּט אין „ראַבאָטשע״ און זיך געגעבן אַ וואָרף אַריין אין דער הרובע שפּענדלעך, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון מיין וואַרשטאַט, און זיך צעכליפּעט מיט אַ שטיל געוויין. אַט מיט יענעם שטילן געוויין, ווי עס קאָן וויינען אַ יתום, ווען ער קריגט אַריין קלעפּ פון דער שטיף־מאַמע, וויסנדיק, אַז זיינע טרערן וועלן פון קיינעם ניט פאַרנומען ווערן און קיינער וועט פון זיי ניט ווערן גערירט.

איך בין אָפּגעלעגן דעם רעשט טאָג און זיך געקאָרטשעט פון גרויסע ווייטאָגן, וואָס איך האָב געפילט אין דער לינקער זייט פון מיין רוקן און געקרעכצט סיי אויף אַט די ווייטאָגן, סיי אויף דער רשעות פון די מענטשן, וואָס קיינס פון זיי קומט ניט צו מיר געוואויר ווערן, וואָס מיר איז. און ס׳האָט זיך געוואָלט גלויבן, אַז, פריער צי שפּעטער, וועט ביי וועמען פון זיי זיך דערוועקן דאָס פינטעלע מענטש און מ׳וועט מיר כאָטש צוטראָגן אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל ברויט. ערשט ווען איין לאָדן נאָכן צווייטן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרמאַכן (די לאָדן האָבן זיך פאַר־מאַכט פון אינעווייניק) און אין „ראַבאָטשע״ איז נאָך יעדן פאַרמאַכטן לאָדן, אַלץ טונקעלער און פינצטערער געוואָרן, האָט זיך ביי מיר איינצייטיק אָנגעהויבן צו לעשן די האָפענונג מיי־נע און אַ שרעקלעכער יאוש איז מיך באַפאַלן און אַ שטראָם פון טרערן האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון מיינע אויגן. פון צייט צו צייט איז מיר אַ הייס געזאָלצן ריטשקעלע פאַרלאָפן צו די

ליפּן און דערפילט האָב איך אין דעם טעם פון פּאַרוואָר־לאָזטער, איינזאַמער נישטקייט...

ס'האָט מיך אָנגעהויבן צו פיבערן. ניט פון קעלט, נאָר פון דעם פייער, וואָס האָט געברענט אין דער לינקער זייט פון מיין רוקן. און שפּעטער האָט עס ממש אָנגעהויבן מאַרדעווען מיט מיר פון היץ און פון קעלט. און הגם דאָס איז ווייט ניט קיין אָנגענעם געפיל, האָב איך דאָך, אין אָט־אָ דעם צושטאַנד, אַ דערהויבנקייט דערפילט (פאַרוואָס אַזוי, ווייס איך ניט) און צוזאַמען מיט אָט דער דערהויבנקייט, האָט מיך אָנגעהויבן צו באַהערשן עפּעס אַ מין הפקר־געפיל. אַ געפיל פון הפקרות צו זיך און במילא צו דעם גאַנצן באַשטאַנד צו מיינעם און צו דער ברענעניש, וואָס איך האָב „דאָרטן" געפילט. און עמיצער אין מיר האָט פאַר מיר און אָן מיר אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז איך האָב זיי ניין איילן אין דער ערד, און ס'אַרט מיך ניט, און ס'הויבט מיך ניט אָן צו אַרן אָט דער ווייטאָג, וואָס איך פיל אין דער לינקער זייט פון מיין רוקן, און ס'גייט מיר גאָרנישט אָן צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן אָט די ווייטאָגן (ריכטיקער, די קלעפּ, וואָס איך האָב דאָרטן געקריגן) וועלן ברענגען... פריער בין איך טאַקע היפּשלעך געווען באַזאָרגט וועגן דעם, צי האָט אָט דער גזלן, אָט דער רוצח, מיר ניט איבערגעבראָכן אַ ביין דאָרטן, דאָ אָבער האָט עס מיך שוין ניט אָנגעהויבן צו קימערן... אין דער ערד מיטן קאָפּ!... און אויב איך וועל אָוועקפּגרן דערפון, וועט אוודאי און אוודאי גוט זיין...

אַדאַנק אָט די געדאַנקען האָב איך דערפילט, אַז די געפילן פון מיין נישטיקייט, די געפילן פון מיין אומזיניקער, נאַרישער עקזיסטענץ ווערן פאַרשוואונדן, איך האָב דערפילט, אַז איך גיי לעילא ולעילא, איך שטייג, איך וואַקס! אַ קליינינקייט, אַזאַ גדולה דערלעבט, דערלעבט צו שטאַרבן און אויסגעלייזט צו ווערן פון אַלע פורעניותן, פון אַלע שלעק און צרות, וואָס איך האָב ביז אַהער געליטן און וואָס ס'וואָלט מיר נאָך אויסגעקומען דריי יאָר צו ליידן, ווען איך וואָלט געלעבט.

אַ שאָד נאָר, וואָס אָט דער צושטאַנד האָט לאַנג ניט אָנגע־האַלטן, ס'הייסט ער האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז וואַנעט

ס'האָט אָנגעהאַלטן דאָס גלויבן, אַז דאָ וועט שוין קומען מיין סוף. אָבער אַזוי גלייך, ווי איך האָב אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דעם, איז מיך ווידער אַ יאוש באַפאַלן. צולעצט איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ס'איז גאָרניט קיין מוז איך זאָל וואַרטן אויפן מלאך המות, אַז איך אַליין קען מיין מלאך המות ווערן, אַט פשוט נעמען און זיך אַ מיתה־אָנטאָן און אויס פטור אָן עסק!

ביי דעם געדאַנק האָב איך מיך געגעבן אַ זעץ אויף און זיך גענומען אַרומקוקן אין אַלע זייטן זוכנדיק און טאַפנדיק מיטן אויג אין געדיכטן חושך, מיט וואָס איך קען מיך דאָ דאָס לעבן נעמען. אפשר אַ זשליאַקע טאָן פאַליטור? איך בין אָבער ניט געווען אײנגאַנצן זיכער צי מ'קאָן זיך דערמיט פאַרסמען, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז פאַליטור ווערט געמאַכט פון ספירט און ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל אינם ספירט ווערט אַריינ־געטאָן, אַז ס'זאָל ווערן פון אים פאַליטור. דערנאָך האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגן איבערשניידן זיך דעם גאָרגל מיט איינער פון די דאַליטעס, וואָס זיינען געווען פאַרשטעקט אין די וואַר־שטאַטן צווישן אַנדערע געציַיגן, אָבער מיך האָט אַ שוידער גע־טאָן פון דעם געדאַנק. עפּעס אַ גרויזאַמער טויט. האָב איך גע־נומען טראַכטן וועגן אַן אַנדער מיתה און ניט לאַנג געטראַכט, איז מיר איינגעפאַלן זיך אונטערצוצינדן און דער טויט האָט שוין ניט אויסגעזען אַזוי שרעקלעך (אפשר דערפאַר, ווייל מיר איז קאַלט געווען) און דער ענדגילטיקער באַשלוס דאָס דורכצו־פירן איז ערשט געקומען נאָך דעם, וואָס איך האָב דאָ איינגע־זען, אַז אויך „זיי" וועלן זיך אָפּזשאַרען אינאיינעם מיט מיר. ווי אַזוי? נו, פשוט: איך וועל אונטערצינדן די „ראַבאָטשע", און ביז וואָנעט זיי וועלן זיך דאָרט כאַפּן און זיך וועלן אַרויס־כאַפּן, וועט שוין דאָ אַלץ זיין געהילט אין פלאַמען און זיי וועלן אומקומען מיט מיר צוזאַמען, און „תמות נפשי עם פלישתים!".

איך בין אויגנבליקלעך אויף מיינע פיס געשטאַנען מוכן ומזומן דורכצופירן דעם געדאַנק מיינעם, אָבער אין דעם זעלביקן מאָמענט האָב איך אויפן וואַרשטאַט דערזען שטיין אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיק ווייס ברויט. איך האָב לכתחילה ניט געוואָלט גלויבן מיינע אייגענע אויגן, אַז איך זע דאָס און ליתר בטחון

האָב איך אַ טאָפּ געגעבן די גלאָז־טײ, אַ טאָפּ געגעבן די שטיק ברויט און האָב זיך איבערצײַגט, אַז דאָס איז ניט קײן חלום. װען איז דאָס מיר צוגעבראַכט געװאָרן? אַ סברה, אַז איך האָב פאַר דער צײַט באַװיזן צו כאַפּן אַ דרימל. ניט אַנדערש. און װער האָט זיך עס אויף מיר מרחם געװען, בין איך נײַגעריק געװאָרן צו װיסן. אפשר די מויד? אפשר האָט זי זיך דערבאַרעמט אויף מיר?...

אַזוי צי אַזוי האָב איך נאָך דעם װאָס איך האָב אַרײַנגעגאָסן אין זיך די זיסע גלאָז טײ, דערפילט אַ מאָדנע רעזיגנאַציע. די גאַנצע ענערגיע מײַנע, װאָס האָט מיך אָקאָרשט געגעבן אַ טראָג אויף פון מײַן ליגן, האָט זיך געגעבן אַ װעב אויס. און ניט נאָר װעגן זײ אומברענגען האָב איך שוין ניט געקאָנט טראַכטן, נאָר אַפילו װעגן זיך, זיך מאַכן דעם טויט, האָב איך שוין אויך טראַכטן ניט געקאָנט. אויס העלד, אויס פלאָקן־שיסער, איך האָב זיך דאָ גלײַך צוריק אַרײַנגעװאָרפן אינם באַרג שפּענדלעך, און װי בײַ אײנעם נאָך אַ שװערן קריזיס, נאָך אַ שװערער קרענק, מאַכן זיך צו די אויגן, אַזוי האָבן זײ זיך בײַ מיר צוגעמאַכט, איך האָב גלײַך פאַרלוירן די אָריענטאַציע, װאו איך ליג צוקאָפּנס, און װאו איך ליג צופוסנס, און נאָך שפּעטער (װי לאַנג דער „שפּעטער” האָט גענומען, קאָן איך ניט װיסן) האָב איך אָן זיך אַלײן אָנגעהויבן צו פאַרגעסן, און דערבײַ געהאַט אַזאַ געפיל װי עמעצער װאָלט מיך פון זיך אַרויסגעגנבעט... גנבעט מיך פון זיך אַרויס, גנבעט, ביז װאַנעט איך האָב אויפגעהערט צו פילן װי איך װער באַגנבעט, און איך בין אזוי אײַנגעשלאָפן... — —

---

דער אוספּענסקי קלויסטער האָט זיך מיט זײַן גלעקער־געקלאַנג צעקלונגען, און בלויז פון געװאוינהײט אַלע פרימאָרגן אין דער צײַט צו הערן (װײַל דאָס איז געװען זעקס אַ זײגער, די צײַט װאָס איך בין אויפגעװעקט געװאָרן צו דער אַרבעט) האָב איך דאָס קלינגען דערהערט. און איך האָב דערװאַרט,

אַז אָט נאָך אַ ווײַלע, ווער איך דערהערן דעם באַלעבאָס קולכל „אויפגעשטאַנען", „אויפגעשטאַנען", אָבער צו מיין גרויסער פאַר־וואונדערונג האָב איך עס דאָס מאָל ניט געהערט, און ניט גע־וואוסט, צי איך זאָל עס אָננעמען פאַר אַ גוטן סימן פאַר זיך, צי פאַר אַ שלעכטן.

איינצייטיק מיט דעם קלויסטער געקלאַנג האָבן זיך פון דאָ און פון דאָרטן און פון אומעטום געלאָזט הערן דאָס פייפן און קוויטשען פון פאַבריקעס און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז די אַלע צוזאַמען האָבן זיך ווי אונטערגענומען צו צעשטערן די נאַכטיק־פאַרטאַגנדיקע שטילקייט, ווילן זי פאַריאָגן פון שטאָט, פון גאַס, פון הויף, און פון אומעטום וואו ערגעץ זי איז גע־בליבן פאַרשטעקט פון דער לאַנגער ווינטער־נאַכט.

איך בין געלעגן און מיט אומגעדולד געוואַרט וואָס וועט דאָ זיין? צי וועט ער מיך אויפוועקן צו דער אַרבעט צי ניט?... און אויב ניט, וואָס זאָל איך דאָ באַשליסן צו טאָן, צי זאָל איך מיך אַליין אויפהויבן, צי איך זאָל מיך פון אָרט ניט רירן און טאָקע פאָרזעצן דאָס ליגן מיינס אין ווייטן, אין טיפן טאָג אַריין און וואַרטן...

אויף וואָס וואַרטן און וואָס איך ווער מיך דערוואַרטן מיטן וואַרטן האָב איך נאַטירלעך אַליין ניט געוואוסט, און דערהערט פון הינטער דעם פאַרמאַכטן לאָדן פון זייער שלאָף־צימער ווי דאָס פאָר־פאָלק שמועסט זיך איבער, האָב איך געוואָלט כאַפּן אַ וואָרט וועגן וואָס זיי רעדן דאָרטן, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז דער שמועס גייט דאָרטן וועגן מיר, זיי האָבן אָבער אַזוי שטיל גערעדט צווישן זיך, אַז איך האָב קיין וואָרט ניט געקענט כאַפּן.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו שאַריען אויף טאָג, האָב איך דערהערט, ווי ס'האָט זיך געעפנט די טיר פון פאָרהייזל, און גלייך נאָך דעם שורשנדיקע טריט אין די שפּענדלעך. די טריט זיינען צוגעקומען צו מיר און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערהערט דעם באַלעבאָס זונס שטימע:

— דו סי נאָך אַלץ ליגן דו?

און ניט באַקומען פון מיר קיין ענטפער, אַריינגעוואָרפן אין מיר אַ צווייטע פראַגע:

— דו סי שלאָפן, צי סי מאַכן?

איך האָב מיך קיין ריר ניט געטאָן, און ער האָט שוין אַ רייד געטאָן צו מיר מיט רוגזה.

— דו סי מאַכן שטוקעס — דו! איך סי קען גוט!

איך האָב זיך אַלץ געמאַכט ניט הערנדיק און ניט וויסנדיק, אַז ס׳רעדט ווער צו מיר און אַז עמעצער געפינט זיך לעבן מיר. ער האָט שוין גענומען רעדן צו מיר מיט אַ נייעם טאָן:

— דו סי מיר פאָלגן וואָס איכע זאָגן? דו סי ניט מאַכן פוילע שטיק — דו, סי אויפשטיין. דו סי ווייס איך אַלע מאָל גוט זאָגן ווען איך עפּעס זאָגן. איכע קיינמאָל ניט זאָגן שלעכט (דאָס האָט ער זיכער געמיינט צו זאָגן אַז ער עצהט ניט שלעכט) דו סי איין מאָל פאָלג מיר און אויפשטיין.

און מערקווירדיק: וואָס מער ער האָט אין מיר אַרייַנגעדריבעט, איך זאָל זיך צוהערן צו אים און פאָלגן וואָס ער הייסט מיר, בין איך אַלץ פאַרעקשנטער געוואָרן, און איין מאָל פאַר אַלע מאָל באַשלאָסן פאַרצווזעצן אָט דעם „פּאַסיוון ווידערשטאַנד" מיינעם, ער האָט נאָך אַ לענגערער פּויזע געזאָגט צו מיר:

— דו נאָך ס׳פילן גערעכט? דו די סי שעלטן באַלעבאָס מאַמע אין טאַטן־טאַטן, און דו...

איבערגעריסן און אין אַ ווײַלע אַרום אַן אויפגערעגטער אַרויס מיט פאָלגנדיקן לשון:

— דו סי סאָבאַקע (אַ הונט מיינט עס) — דו, דו סאַ גרויסע סאָבאַקע — דו! טאַטע שוין אַ סך לערך־יונג געהאַט, סי איינעם ניט האָבן אַזאַ ווי דו?

און דאָס אָפּגעזאָגט, האָט ער געגעבן אַ שפּיי און איז אַוועק און שפּעטער אַ ווײַלע האָב איך געהערט, ווי ער גיט עפּעס אי־בער דאָרטן אין שטוב. וואָס ווער און וועמען, האָב איך ניט גע־הערט און ניט געוואוסט. שפּעטער מיט אַ שעה אָנדערהאַלבן ווען דער אוספּענסקי קלויסטער האָט מיט זיין געקלאַנג געלאָזט הערן, אַז ס׳איז אַכט אַזייגער, און פאַבריקעס האָבן זיך ווידער

געלאָזט הערן מיט זייערע פייפערייען, האָט דער באַלעבאָס, איי־
דער ער איז אַריין טרינקען טיי, געזאָגט צום בן צו זיינעם:

— ווען דו וועסט אַוועקלייגן די אַרבעט, וועסטו צוגיין צום
ברודער צו זיינעם און אים זאָגן, אַז איך האָב געזאָגט, ער זאָל
צוקומען אַהערצו מאָרגן.

ער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ טאָן און מיט יענער רואי־
קייט וואָס נאָר ברוטאַלע הערשער קאָנען אויף אַזאַ אופן אַרויס־
געבן באַפעלן. און כאָטש איך האָב קיין אַנונג ניט געהאַט נאָך
וואָס ער באַדאַרף מיין ברודער, אָבער פאַרשטאַנען האָב איך,
אַז קיין טובה וועט מיר דערפון ניט אַרויסקומען. מיין ברודעו',
ווי ס'רוב קאַליקעס פון דעם מין, האָט זיך ליב געהאַט צו־
באַווייזן מיט בראַווקייט, און ער וועט עס דאָ זיכער וועלן באַ־
ווייזן אויף מיין חשבון, און זיי אָפּגעבן גערעכט ווען זיי וועלן
מיך פאַרספּראַווען פאַר אים, כאָטש איך בין זיין אייגן בלוט און
פלייש. און דאָ, פאַרשטייט זיך, וואָלט מיין מערכה נאָך פאַר־
ערגערט געוואָרן, ווייל אויב אַן אייגענער ברודער וועט זיי צו־
באַמקען, וועלן זיי ערשט נאָכדעם מיר געבן פולווער צו
שמעקן.

דאָס אַלץ אַרומגעטראַכט, האָב איך איבערגעבעטן מיין כבוד
און אַזוי גלייך ווי דאָס פּאָרל איז אַריין אין שטוב טרינקען טיי,
האָב איך מיך אַרויסגעהויבן פון דעם באַרג שפּענער וואו עס איז
געבליבן נאָך מיין אויפשטיין אַ גריבל אין דער פאָרמע פון אַ
מענטשן, און האָב מיר געזאָלט פאַרנעמען צו דער אַרבעט, נאָר
אין דעם מאָמענט ווען איך האָב מיך געגעבן אַ שפּאַר אָן מיטן
רוקן אָן דער לייסט פון וואַרשטאַט, האָב איך געפילט אַ שרעק־
לעכן ווייטאָג אין די „רעברעס” פון מיין לינקער זייט און
האָב מיך שטיל און ביטער צעכליפּעט.

דאָך, ווי עס איז אָפּגעקאַניוטשעט דעם טאָג ביים וואַר־
שטאַט. דאָס איינציקע שטיקל פּריווילעגיע וואָס איך האָב דעם
טאָג געהאַט, איז געווען וואָס דער באַלעבאָס האָט מיר דעם
טאָג ניט געקוקט אין די הענט אַריין, און ניט געיאָגט אין
האַלדז און נאַקן, און נאָך מערער: ער האָט מיך גאָר אינגאַנצן

פאַרקוקט, ווי ער וואָלט מיר דערמיט געוואָלט באַווייזן, אַז ער האָט מיך טיף אין דער ערד מיט דער אַרבעט מיט מיינער.

יאָ, עס איז געווען אַ מאָדנער טאָג, וואָס האָט מיך אין פיל פּרטים דערמאָנט דעם טאָג וואָס דער באַלעבאָס האָט גע־שריבן דעם קאָנטראַקט מיטן ברודער. ס׳האָבן זיך אַלע געהאַלטן אַזוי ווי מ׳וואָלט מיך ניט באַמערקט, און קיינס פון זיי האָט זיך אַפילו קיין איין מאָל ניט געשאַפן מיט מיר, און דערמיט האָט מען מיר, קענטיק, געוואָלט געבן צו פילן, אַז איך עקסיסטיר ניט פאַר זיי. בלויז דריי מאָל האָט מען מיר אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען הינטער מיין פּלייצע. דאָס ערשטע מאָל אין דער פרי, וואָס האָט געמיינט, איך זאָל גיין טיי טרינקען, דאָס צווייטע מאָל, בייטאָג, איך זאָל גיין עסן, און אין אָוונט, ווידער צו דער טיי, (מיט ברויט) און אַרום אַכט אַזייגער, ווען דעם באַלעבאָס׳ זונדל האָט זיך באַוויזן פון שטוב אָן אויסגע־פוצטער, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט, אַז ער האָט עס אָפּגעשריגן, אַז ער, הייסט עס, האָט געפועלט ביים באַלעבאָס, מ׳זאָל נאָך מיין ברודער ניט שיקן. זעט אויס, אַז אויך ער האָט ניט געזען, אַז מיין מערכה זאָל פאַרבעסערט ווערן נאָך מיין ברודערס וויזיט.

נאָך דער אַרבעט האָב איך מיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין באַרג שפּענדלעך, וואָס איך האָב לעבן מיין וואַרשטאַט געהאַט, האָב אַרויפגעוואָרפן אויף זיך וואו איך האָב ערגעץ מיין אייגנס אַ שמאַטע געהאַט, און וואו איך האָב ערגעץ געפּאַקט זייערע אַ שמאַטע.

און בין אַזוי איינגעשלאָפן. נאָר אַזאַ שלאָפעניש איז דאָס געווען. פאַרשטייט זיך, אַז דער בעל החלומות האָט מיר אַלע נאַכט געמאַכט וויזיטן. און אויב חלומות, ווי ס׳איז אָנגענומען, קומען פון דעם, וואָס מיר פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, האָט דאָ, די קאָנטראָל־לאָזיקייט, דערגרייכט די העכסטע מדרגה. אַ שטייגער, האָט זיך מיר איינמאָל געחלומט, אַז איך בין אַ מאָרד באַגאַנגען... מיר האָט זיך עס אפילו ניט געגלויבט... נאָר פילנדיק טיף אין זיך, אַז איך טראָג אויף עמעצן אַ ביטערע שנאה,

האָב איך עס מיר יאָ געגלויבט, אָבער איך האָב אויף קיין פאַל זיך ניט געקענט דערגרונטעווען אויף וועמען איך טראָג אַזאַ בי־טערע שנאה, און במילא האָב איך ניט געקאָנט דערגייין וועמען איך האָב דערהרגעט, און נאָך מערער: איך בין ווייט ניט געווען זיכער, אַז דער דערהרגעטער איז גאָר אַ מענטש, און בין צו־לעצט טאַקע געוואויר־געוואָרן, אַז דאָס איז אַ הונט...

אויך די באָבע מיטן אייניקל זיינען מיר אַ פּאָר מאָל געקו־מען צו חלום, אַמאָל באַזונדער, אַמאָל צוזאַמען, קאָמבינירט אין איין פּערזאָן. איך האָב געוואוסט, אַז די איינע זיינען צוויי, און ס'האָט זיך געגלויבט, אַז אַזעלכעס איז מעגלעך. ס'האָט מיך אַפילו פאַרדראָסן אויפן אייניקל, וואָס זי קומט אַ צונויפגעקנאָ־טענע מיט דער באָבען...

איך וועל דאָ איבערגעבן איין חלום אין וועלכן דאָס אייניקל איז צו מיר אַליין געקומען אָן דער באָבען און איך האָב זי דווקא גאַנץ פיין אויפגענומען... אַ סימן, אַז איך בין געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן און פּלוצים האָב איך דערזען פאַר זיך שפּרייטן אַ גרויס־גרויס ברייט וואַסער, און זי שלעפּט מיך אין וואַסער אַריין... איך בעט זיך ביי איר: ס'איז מיר קאַלט... טוליעט זי זיך צו צו מיר און נעמט מיך וואַרעמען און עס ווערט מיר אַזוי גוט, איך בין ממש גליקלעך... און אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס גליק מיט אַ פּאַסקודנעם אומגליק, און איך האָב מיך גלייך אויפגעכאַפּט פון שלאָף...

ס'וואָלט פון מיר געקאָנט ווערן אַ שיינער לייט, ווען איך וואָלט ווייטער אָנגעהאַלטן די עקשנות מיינע און ווייטער געשלאָפן אין דער קעלט. נו, האָב איך זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן (פון זיך אַליין) און האָב זיך אויף דער צווייטער נאַכט אַריבערגע־פּעקלט צו מיין אַלטיטשקער אויף נאַכט־לעגער. זי האָט געבור־טשעט, די אַלטע. יאָ, זי האָט מיך דאָרטן פּונקט אַזוי געוואָלט האָבן, ווי איך זי...

ג

אומדערוואַרט האָט געטראָפן אַזעלכעס, וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין די באַציאונגען צווישן מיר און דעם באַ־לעבאָס׳ טעכטערל.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען איך האָב מיך אַריינגעטאַסקעט מיט מיין שטרוי־זאַק אין פאָרהייזל אַריין, און זיך פאַרנומען אויסצומאָסטן דאָס געלעגער מיינס, האָב איך פון שטוב דער־הערט דעם באַלעבאָס׳ טענות צו דער באַלעבאָסטע, פאַר וואָס זי לאָזט דאָס טעכטערל אַזוי שפּעט אין די אָוונטן אַרומטעלעטן און גיט זיך אַפילו ניט די מי צו פרעגן ביי איר וואוהין זי גייט, און מיט וועמען דאָרטן זי פּאַדיעט אַרום.

יאָ, דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אָט די טענות געהערט. זינט דאָס הינטל איז איר, דעם טעכטערל זייערן, צוגעשיקט געוואָרן, האָט ער, קאָנטיק, און מסתמא זי, די באַלעבאָסטע, אויך זי אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן, אַז זי האָט עמעצן. די באַלעבאָסטע פלעגט אים אַנטקעגנקומען מיט אירע טענות, אַז ער זאָל גאָרניט זאָרגן פאַר דער טאָכטער, אויך דאָס מאָל האָט זי אים דאָס זעלביקע געזאָגט און איינצייטיק זיך פאַרענטפערט, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט איר אַליין, פרעגט זי ביי איר יאָ וואוהין זי גייט.

— און דו מיינסט, אַז דו מוזט טאַקע נעמען איר וואָרט ?

— איז געקומען דעם באַלעבאָס׳ שטרענגע פראַגע.

— איז וואָס ווילסטו ? — האָט זיך די באַלעבאָסטע אָפּ־גערופן — איך זאָל זי צוהאַלטן ביים פאַרטוך, און נאָכשיקן נאָך איר אַ שומר קאָן איך אויך ניט !

אין עטלעכע מינוט אַרום, נאָך אָט דעם שמועס, ווען איך האָב מיך שוין געהאַלטן אין אויסטאָן, האָט זיך די טיר געעפנט, און די באַלעבאָסטע האָט זיך באַוויזן און מיט אַ ווייכן טאָן כאָטש צו אַ מכה צוצולייגן, האָט זי ביי מיר אַ פרעג געגעבן, צי איך גיי שוין שלאָפן, און ניט געוואַרט אויף מיין ענטפער, האָט זי זיך, ווי די טבע אירע, ווען זי האָט זיך

געפונען אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט, אַ וויש געטאָן מיט צוויי פינגערלעךביידע מויל־ווינקלען, און אַ קוק געוואָרפן אויף דער אַלטער, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי יענע שלאָפט צי ניט, האָט זי ביי מיר גאַנץ געמיטלעך אַ פרעג געגעבן:

— וועסט מיר פאָלגן אַ גאַנג?

און שוין אין דער פראַגע אַליין האָב איך איינגעזען, אַז דאָ האַנדלט זיך עפּעס וועגן אויסערגעוויינלעכעס. וואָס הייסט עפּעס, זי פרעגט ביי מיר, צי איך וועל זי פאָלגן? ערשט נאָכדעם ווי איך בין געוואויר געוואָרן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, איז מיר די פראַגע קלאָר געוואָרן. ווייל ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייער אַ דעליקאַטער זאַך. עס האָט זיך געהאַנדלט ניט מער און ניט ווינציקער ווי וועגן דעם, אַז איך זאָל גיין אַהין און אַהין (זי האָט מיר אָנגעגעבן דעם אַדרעס) און זאָל געוואויר־ווערן, צי זי, דאָס טעכטערל, איז דאָרטן דאָ, און טאָמער ניט, זאָל איך עס נאָר איר אַליין זאָגן, און טאָמער וועט מיך דער באַלעבאָס פרעגן, זאָל איך זאָגן, אַז איך האָב זי דאָרטן יאָ געטראָפן...

ס׳איז געווען אַ ביטערע קעלט אין דרויסן. ניט גלאַט זיך אַ קעלט נאָר אַ בהלהדיקע קעלט, אַט ווי עס טרעפט אָפּט, ווען אַ ווינטער פאַרשפּעטיקט זיך אַמאָל און גיט זיך מיטאַמאָל אַ נעם ווינטער צו מאַכן. שנייאיקע כוואַליעס האָבן זיך געטראָגן פון אויבן און פון אונטן אַזוי, אַז דו האָסט ניט געקאָנט וויסן צי דער שניי קומט פון דער ערד צי פון הימל, און ס׳האָט זיך גע־דאַכט, אַז הימל און ערד מישן זיך, און צווישן הימל און ערד האָבן גאַסן און הייזער פאַרבלאָנדזשעט, און ליגן און שטייען פאַרטייעט אין דרויסנדיקער, הפקרדיקער אומהיימלעכקייט. יאָ, גאַסן און הייזער געפינען זיך דאָך אַלע מאָל אין דרויסן, אָבער דו הערסט עס אויף צו באַמערקן, דאָ אָבער, אין אַזאַ זאַווערוכע, דערזעסטו דאָס נאָר פּלוצלונג, און דו פילסט זיך אַזוי פאַר־וואָרלאָזט. עס שמייסט מיט פרעמד־וועלטיקער דרויסנדיקייט, שמייסט אין פּנים מיט ווינט, מיט קעלט און מיט שניי. און אַפילו די מענטשן וואָס איך האָב דאָ און דאָרטן אָנגעטראָפן האָבן מיר אויכעט אויסגעקוקט ווי פאַרבלאָנדזשעטע.

איך בין געלאָפן ווי אַ וויכער ווינט און שניי אַנטקעגן. דער

געדאַנק, אַז איך וועל די מויד דאָרטן, וואוהין איך בין געשיקט געוואָרן, ניט טרעפן, האָט מיך געוואָרעמט. איך האָב טיף אין מיין האַרצן גאָט געבעטן, איך זאָל זי דאָרט ניט טרעפן, און קומען צוריק און אָנזאָגן די וויסטע בשורה דער באַלעבאָסטיטש־קע. אַי, וועט זי זיך עס גריזשען! היינט דאָס אַליין, וואָס דער לערן־יונג וועט זיך דערוויסן, אַז דאָס טעכטערל אירס גייט ניט אין ריכטיקן וועג, דאָס אַליין פאַר זיך האָט אויך עפּעס אַ ווערט!

און מיין תּפילה איז אָנגעקומען געוואָרן: איך האָב דאָס מיידעלע דאָרטן ניט געטראָפן, און האָב געשוואַלעוועט „אַהיים", געטראָגן פון דער זאַווערוכע, וואָס איז מיר צוריקוועגס שוין געווען אין פּלייצע. ערשט ווען איך בין צוגעקומען צום טויער, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט דער מויד פּנים אל פּנים.

— וואו איז מען דאָס געווען? — האָט זי פאַרוואונדערט אויסגערופן.

— אין ערגעץ ניט! — האָב איך מיט תּקיפות אויסגערופן מיין ענטפער, אַריינוואַרפנדיק איר אַ בליק אין די אויגן אַריין אין אירע, וואָס האָבן פון איר וייס־שנייאיקער פאַרבלאָזנקייט פון קאָפּ ביז די פיס, אַרויסגעבליאַסקעט מיט שוואַרצן גלאַנץ.

אָט דער תּקיפהדיקער ענטפער האָט איר, קאָנטיק, ניט גע־שמעקט, און איידער איך האָב באַוויזן אַריינצוכאַפּן זיך אינם טירל־לאָך פונם טויער, האָט זי מיך געגעבן אַ כאַפּ אָן, און צו־געשטאַנען צו מיר, איך זאָל איר נאָר זאָגן וואוהין מ'האָט מיך געשיקט אַזוי שפּעט אין דער פאַגאָדע, און איך בין דאָ גלייך אַרויסגעשפּרונגען מיט אַן ענטפער:

— איר טאָרט ניט וויסן!

נו, קיין נאַר איז זי דאָך ניט געווען, האָט זי זיך אָנגע־שטויסן, אַז אויב זי טאָר ניט וויסן, איז עס דאָך עפּעס וועגן איר, און זי האָט מיך טאַקע גלייך אַ פרעג געגעבן:

— זאָג דעם אמת: מ'האָט דיך געשיקט זען צי איך בין „דאָרטן"?

איך האָב געשוויגן, און אין דעם שווייגן האָט זי שוין פאַר־

שטאַנען, אַז דאָס איז דאָס און זי האָט מיך גלייך אַ נעם געטאָן אויף דער העצקע:

— און דו וועסט זאָגן, אַז דו האָסט מיך דאָרטן ניט געטראָפן?

איך האָב פאַרביסן און תקיפדיק געשוויגן. האָט זי שוין געזען וואו זי האַלט מיט מיר, האָט זי מיך געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי ביידע אַרבלען פונם טיזליק, אין וועלכן איך בין געשטאַנען איינגעהילט און געדריזשעט, און האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

— הער, אויב דו וועסט ניט דערציילן, אַז דו האָסט מיך דאָרטן ניט געטראָפן, וועל איך דיר דערציילן עפּעס אַזעלכעס... נו?...

איך בין געווען זיכער, אַז זי וויל מיך דאָ אַזוי אַרומעט אַריינגאַרן, איך זאָל זי ניט פאַרשיטן. נו, יאָ, וואָס אַזעלכעס קאָן זי האָבן מיר צו דערציילן, וואָס זאָל זיך מיר בעסער לוינען ווי דאָס אויסגעבן זי. איך האָב איר טאַקע גלייך אויפן אָרט געפרעגט וואָס דאָס איז אַזעלכעס, האָט זי געפּאָדערט ביי מיר אַ שבועה, אַז איך וועל האַלטן וואָרט. האָב איך זיך אַ היפּשע צייט געקווענקלט, צולעצט איר די שבועה געגעבן און זי איז דאָ אַרויסגעקומען מיט אַ גוואַלדיק גרויסן סוד, אַז די באָבע אירע בייט איבער די פאַרציעס אונדזערע, ס'הייסט, אַז די פאַרציע, די טעלערס זופּ (צי באָרשטש) מיט פלייש, וואָס ווערט אויפן טישעלע אָוועקגעשטעלט פאַר מיר, נעמט זי צו פאַר זיך, ווייל פאַר מיר ווערט געגעבן אַ גרעסער שטיקל פלייש, און איר חלק לאָזט זי פאַר מיר.

דאָס איז אָן און פאַר זיך געווען אַ גאַנץ וויכטיקער ענין פאַר מיר. ווער ס'געדענקט, האָב איך געהאַט דערציילט, אַז זינט זי איז אָנגעקומען, האָט מען מיר מיין פאַרציע פלייש פאַרקלענערט. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס איז אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן אַריינגעקריגן אָט דעם אומגעוואונטשענעם אורח זייערן, און דאָך בין איך געבליבן שטיין ווי אָן אָפּגעשמיסענער.. וואָסזשע איך האָב דען נאָך עפּעס בעסערס געקאָנט דערוואַרטן? אָבער דאָס־אָ!... נו, ס'איז פונקט, אַ שטייגער, ווי מ'וואָלט איינעם אַ בעטלער, וועלכן מ'האָט שוין פיל מאָל אָפּגעטריבן ווי אַ הונט

פון דער טיר, ווען ער האָט געבעטן עפּעס עסן, און צולעצט ווען מ׳האָט זיך שוין דערבאַרעמט איבער אים און אים דערלאַנגט עפּעס צו אַכלהן, האָט ער געפונען אַ וואָרעם אין דער שפּייז... קאָן מען זיך שוין פאַרשטעלן וואָס אַזעלכער האָט געקאָנט פילן... נו, עפּעס ענלעכעס האָב איך געפילט, ווען זי האָט מיר אָט דעם „סוד" אַנטפּלעקט... נאָך אַ לענגערער פּויזע האָב איך מיט כעס אויסגעשריגן:

— נו, טאָ וואָס־זשע קומט מיר אַרויס, אַז איר האָט עס מיר דערציילט ?...

און זיך אַריינגעריסן אין טויער אַריין. זי האָט מיך גלייך געפּאַקט און צוגעזאָגט, אַז זי וועט זען צוטראַכטן עפּעס, אַז די באָבע אירע זאָל עס מער ניט קאָנען טאָן... סיי ווי סיי, איר געשוואוירן, אַז איך וועל ניט דערציילן, האָב איך זיך געמוזט האַלטן ביי מיין שבועה און ס׳איז אפילו ניט געקומען דער׳צו אויך, ס׳הייסט צום יאָ דערציילן, צי ניט, ווייל דאָס אַליין, וואָס מירביידע זיינען איינצייטיק אַריינגעקומען, האָט שוין געדינט פאַרן בעסטן באַווייז, אַז איך האָב זי דאָר׳טן יאָ געטראָפן און זי, די באַלעבאָסטע, האָט ביי מיר אפילו ניט געפרעגט. — —

***

מיטאָג־צייט, אויפן צווייטן טאָג, האָט זיך הינטער מיר, אין פענצטער, וואָס האָט זיך געפונען הינטער מיין פּלייצע, די פּאַרטקע אָן עפן געטאָן און מיט אַ ממזרישן וואונק מיט די אויגן, האָט מיר דאָס טעכטערל אַ שושקע געטאָן, איך זאָל שוין גלייך גיין עסן. ווען איך בין אַריינגעקומען אין פּאָרהייזל, האָב איך דערזען, ווי די אַלטע האַלט זיך מיטן טעלער סוף אויפן שויס און מישט און מישט מיטן לעפל און אויפן צעקנייטשטן, ערדיקן פּנים ליגט עפּעס אַ גרויס אומגליק אויסגעגאָסן, גלייך ווי זי וואָלט אָקאָרשט פון דער ערד געקומען און געוואוסט, אַז זי באַדאַרף גלייך זיך צוריק אומקערן אַהין... נו, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט איר שוין „יענע" אָפּגעטאָן, און איך האָב ביי איר אַ פרעג געגעבן:

— באָבוניו, פאַרוואָס עסט איר ניט ?

זי האָט איבערגעריסן דאָס מישן מיטן לעפל אין טעלער, און איין טרער פון איין אויג איז איר אַרויסגעפאַלן און אַ צווייטער און אַריינגעפאַלן אין טעלער אַריין. גלייך נאָכדעם האָט זי זיך צעכליפּעט ווי אַ קליין קינד.

ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן פונם טייערן אייניקל, האָט זי אַריינגעשאָטן אַ גרויסע זשמעניע זאַלץ אין מיין טעלער און אַזוי ווי זי, די אַלטע, האָט אַלע טאָג איבערגעביטן די טעלער, נו, האָט זי אַריינגעכאַפּט די געזאַלצענע פּאָרציע, און האָט נעבעך געמוזט מאַכן אַ שווייג... דאָס איז בקיצור געווען די אורזאַך, וואָס האָט געמאַכט די איבערקערעניש אין די באַציאונגען צווישן מיר און דעם באַלעבאָס׳ טעכטערל. אין וואָס זיי זיינען באַשטאַנען, וועלן מיר זיך שפּעטער דערוויסן.

ד

איך ווייס ניט ווי ס׳איז געווען מיט אַנדערע פאַכן. איך ווייס נאָר וואָס ס׳איז געווען מיט אונדזער פאַך. נאָך די יום־טובים איז די אַרבעט געווען זייער שלאַבעריק, און ביי אונדז נאָך שלאַבעריקער ווי אומעטום און דאָס איז געווען זיין, דעם באַלעבעסל מיינעמס אייגענע שולד. ער האָט געבראַקעוועט מיט אַרבעט. ניט אַלץ, וואָס מ׳איז געקומען צו אים פאַרזאָגן, האָט ער אָנגענומען. ער האָט ניט געוואָלט אַרבעטן אויפן שוואַרץ־יאָר. יאָ, ער האָט טאַקע אַזוי געזאָגט, ווען ס׳איז ווער אַריינגעפאַלן מיט אַ באַשטעלונג, אין וועלכער ער האָט ניט געזען קיין גרויסע פּראָפיטן. „איך וויל ניט אַרבעטן אויפן שוואַרץ־יאָר". די צרה איז געווען (זיין צרה), וואָס אַרבעט איז געוואָרן ביליקער, און „הענט" זיינען געוואָרן טייערער. נו, האָט ער ניט געוואָלט דעם אומזיסטן טראַסק. זיין אַ משרת ביי „זיי" (ביי די אַרבעטער), און גאָרנישט האָבן, האָט ער די אַרבעט אין דער ערד, מיט די אַרבעטער צוזאַמען.

איך גלויב, אַז ער וואָלט אַזוי ניט געווען גערעדט, ווען ער

וואָלט ניט געהאַט אָפּגעשפּאָרט „עטלעכע קערבלעך" פון די גוטע צייטן, ווען די אַרבעט האָט זיך בעסער באַצאָלט און די אַרבעטער האָבן געקריגן אַ קרענק. חוץ דעם, האָט ער געדיפּעט אויף זיין מייסטערשאַפט (און מ'מוז צוגעבן, אַז דאָס איז ער טאַקע געווען). ווער ס'האָט געהאַט עפּעס אַן איידל שטיקל אַר־בעט צו מאַכן, האָט געוואוסט, אַז דאָס קאָן נאָר געמאַכט ווערן ביי אים, און ס'איז אים טאַקע צוגעפאַלן פון צייט צו צייט און ער האָט אַריינגעכאַפּט אַ לייכט פאַרדינט קערבל.

יאָ, אָבער וואָס טוט מען מיטן לערן־יונג, ווען מ'גיט פרעסן און טרינקען? מ'באַדאַרף מען דאָך טאָקע זיין אַ סבלן צוצוקוקן, ווי אַ לערן־יונג זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און פרעגלט זיך ביי דער הרובע, צי ער זיצט גאָר אויף דער לייסט פון וואַרשטאַט און שפּילט זיך דאָרטן, „דער רוח ווייסט מיט וואָס".

דעם תענוג, וואָס איך האָב געהאַט פון מיין „זיצן מיט פאַרלייגטע הענט" האָב איך אים געוואונטשן ער זאָל האָבן, ווען ער איז געזעסן ליידיק. בפרט נאָך, אַז די צוויי ווייבער, ווייב־יידענע און ווייב־מיידל, האָבן אויסגענוצט די ליידיקע צייט מיינע פאַר זייער קיכיק־שטוביקע אַרבעט... דער סאַמאָוואַר האָט געמוזט בליאַסקען, דאָס זעלבע דער קופּערנער טשייניק, מיט וועלכן מ'האָט מיך אָפט געשיקט „פאַרען טיי". וואו ערגעץ ס'האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ שטיקל מעש צי אַ שטיקל קו־פּער, האָט מען מיר געגעבן, איך זאָל עס אָפּרייבן. אין שטוב האָב איך אַ טאָג איבער אַ טאָג געוואַשן די פּאָדלאָגעס (אַזוי פלעג איך עס נאָר טאָן פון פרייטאָג צו פרייטאָג). דער איינצי־קער אונטערשייד (איך אָט דער שיינער אַרבעט אין מיינער וואָס איך האָב אין שטוב געטאָן) איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס טעכטערל האָט נאָך דער געשיכטע, וואָס איך האָב דערציילט, זיך אויפגעהערט צו איזדיעקעווען איבער מיר. זי האָט שוין אויפ־געהערט וואַרפן מיר די „פּאָלאָוואָי" שמאַטע אין פנים, און שוין ניט „געטיטשעט" מיטן נעזל פון איר שיכל אין מיין נאָז, ווען זי האָט געוואָלט מיר אָנווייזן אויף אַן אָרט, וואו איך האָב ניט גוט אויסגעוואַשן, צי ניט גוט אויסגעווישט. זי האָט מיר שוין

אָנגעוויזן מיט אַ פינגער, און אַמאָל האָט זי מיר אַ פּאַך געגעבן מיטן קליידל אין פּנים אַריין, און מיר אָנגעוויזן מיט אַ פּיסל וואו־דאָרטן ס׳איז פאַרבליבן אַ נאַסער גלאַנץ שוין נאָך מיין אויסווישן, און אַ זאָג געגעבן:

— בודטיע ליובעזני!...

איך זאָל אַזוי פריינדלעך זיין און נאָך אַמאָל געבן אַ וויש איבער. נאַטירלעך, דאָס איז אויך געווען חוזק, אָבער אַלץ בעסער ווי דער חוזק פון וואַרפן די שמאַטע אין פּנים, צי פון צו־לייגן דאָס נעזל פון איר שיכל צו מיין נאָז.

ווי ס׳איז צו זען, איז אינגאַנצן ליידיק בין איך ניט גע־זעסן, אָבער דעם באַלעבאָס איז פון די אַלע מלאכות גאָרניט אַראָפּגעפאַלן אין קעשענע, און במילא האָט זיך עס שוין ניט גערעכנט, און דערצו האָט עס דאָך ניט געקלעקט אויף גאַנצע טעג. געוויסע שעהן אין טאָג איז מיר דאָך אַלץ אויסגעקומען צו זיצן ליידיק, און דעם באַלעבאָס האָט עס זייער געקאָראָבעט. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז וואַנעט ער האָט זיך דערטראַכט און מיר פאַרגעבן אַן אַרבעט, און די אַרבעט וואָס ער האָט מיר פאַרגעבן איז געווען שטעקעלעך.

וואָס פאַר אַ שטעקעלעך דאָס זיינען געווען? נו, אָט יענע, מיט וועלכע מ׳האָט אין די מער אָנגעזעענע געשעפטן מכבד געווען אַן „אָנגעזעענעם" קונה, דאָס מיינט אַזעלכן וואָס האָט געמאַכט אַ גרעסערע קניה. נו, האָט מען צו דעם שטריקעלע, מיט וועלכן דאָס פּעקעלע איז אַרומגעבונדן־געוואָרן אָנגעבונדן אַ שטעקעלע, אַז דאָס זאָל דעם קונה ניט שניידן אין האַנט. דאָס איז שוין איין מאָל אַ מלאכה! אַ מלאכה אַזאַ וואָס אַפילו אַ צען־יעריק יינגל, ווען מ׳וואָלט אים אַ פּאָר געציילטע מאָל אים געוויזן ווי אַזוי דאָס צו מאַכן וואָלט ער עס געמאַכט.

אין קיין רעכטן ווערקשטוב האָט מען זיך מיט דער אַרבעט ניט פאַרנומען, פאַרנומען האָבן זיך מיט איר יונגע בחורימלעך, אייניקע פון זיי, וואָס האָבן גאָרניט באַלאַנגט צום טאָקער־פאַך און געהאַט האָבן זיי אַ באַזונדערן נאָמען: „שטעקעלע־מאַכער". אמת, עס זיינען געווען אייניקע פאַך־לייט, איך מיין טאַקע אמתע טאָקערס. וואָס האָבן זיך מיט די שטעקעלעך פאַרנומען,

אָבער דאָס זיינען געווען „דעזערטירן״, אַזעלכע וואָס האָבן ניט געקאָנט איבערטראָגן דעם שווערן רעזשים ביי זייערע באַלעבאַטים און רעוואָלטירט, אַוועק פאַר דער צייט, און אַדאַנק דעם ניט גע־האַט קיין מעגלעכקייטן אויסנוצן זייערע קענטעניש (אין דעם פאַך), ווייל קיין באַלעבאָס האָט אַזעלכן ניט געוואָלט (און ניט געקאָנט אַפילו ווען ער האָט געוואָלט) באַשטעלן ביי זיך אַרבעטן. בכדי אָנצוקומען אויף אַ פּלאַץ צו אַרבעטן, האָט מען געמוזט באַווייזן אַ „פּאָדמאַסטערסקי אַטעסטאַט״ און אויב דו האָסט אַזאַ צייגניש ניט געהאַט, איז דאָס געווען אַ סימן, אַז דו האָסט די לערע דיינע ניט געענדיקט. פאַר אַזאַ מין זאַך, ווי אָנצונעמען איינעם אָן אַזאַ צייגעניש, האָט דעם מייסטער געדראָט אַ גרויסע שטראָף.

און אַפילו פאַר זיך, ווען איינער וואָלט זיך אַפילו געקאָנט איינשאַפן אַ וואַרשטאַט און אַרבעטן פאַר זיך, האָט ער עס אויך ניט געקאָנט, ווייל אַט דאָס פאַך איז דערהויפּט געווען אָנ־געוויזן אויף דער גאַס, אויפן צופעליקן פאַרבייגייער. האָט ער באַדאַרפט אַרויסהענגען אַ שילד צו דער גאַס, אַז דאָ און דאָ געפינט זיך אַ טאָקער, איז בלית ברירה האָט זיך אַזעלכער געמוזט פאַרשטעקן אין אַ הויף, און אַזוי ווי קיין אַרבעט פון גאַס האָט ער שוין ניט געקענט דערוואַרטן, האָט ער זיך פאַרנומען צו די שטעקעלעך, און די אָרעמע מאַמע זיינע, און אַמאָל טאַקע דער פאָטער זיינער, ווען ער האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, פלעגט אַרויסטראָגן אַט די סחורה אין גאַס, גיין פון קלייט צו קלייט מיטן זאַק אויף די פּלייצעס פאַרלייגנדיק די „סחורה״.

איך האָב מיך צו לאַנג אָפּגעשטעלט אויף אַט דעם ענין, אָבער איך האָב עס געמוזט, ווייל אַנדערש וואָלט מען ניט גע־וואוסט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, און וואָס ס׳האָט געמיינט פאַר מיר אַט די נייע אַרבעט, ביי וועלכער דער באַלעבאָס האָט מיך באַשטעלט. אמת, אַז די גאַנצע מלאכה איז מיר שוין געווען דערווידער, דאָך האָב איך געהאַט די „אַמביציע״ אַרויס אַ גוטער בעל־מלאכה, און דאָ נעמט ער און מאַכט זיך פאַר אַ שטעקעלע־מאַכער.

קאָנטיק, אַז אויס מורא, איך זאָל מיך ניט אָפּוואַרפן פון

דער אַרבעט (און איך האָב געהאַט רעכט אויף דעם, ווייל דער באַלעבאָס האָט קיין רעכט ניט געהאַט מיך צו באַשטעלן ביי דער נישטיקער אַרבעט), האָט ער דאָ מיך צוגעוואָרפן אַ לעקעכל. ער האָט אָפּגעמאַכט מיט מיר, אַז אים זאָל איך מאַכן צוועלף מאות אַ טאָג, און וואָס איך וועל מאַכן מער, וועט ער מיר צאָלן פיר קאָפּיקעס אַ מאה, דערביי האָט ער מיר דערציילט, אַז „יענע", די „שטעקעלע מאַכערס" „וואָרפן אַרויס" צו צוויי און דריטהאַלבן טויזנט אַ טאָג. וואָלט עס שוין גאָר ניט אַזוי שלעכט געווען, אַ? אָבער ווי מיר וועלן שפּעטער געוואויר־ווערן, האָט דער באַלעבאָס, ניט אָנגעהויבן צו קלערן מיר באַצאָלן פאַר די איבעריקע. ער האָט מיך פּשוט אַזוי אַרום געוואָלט אַריינגנאַרן אין זאַק אַריין.

איך האָב מיך פלייסיק אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און אין פאַרלויף פון אַ וועלכע צוויי וואָכן האָב איך שוין געהאַט דערגרייכט די „ציל" מיינע, און פון טאָג צו טאָג האָב איך „אַרויס־געוואָרפן" אַלץ מער און מערער און האָב מיר שוין באַצייטנס געניית אַ בייטל, געמאַכט חשבונות, אַז אויב מיר וועט זיך איינגעבן יעדע וואָך מאַכן אַזויפיל און אַזויפיל אַריבער דער „ציל", וואָס ער האָט מיר פאַרגעבן, וועט מיר אַזויפיל און אַזוי־פיל אַראָפּפאַלן, און פאַר דעם אַזויפיל און אַזויפיל קאָן איך אויפן „טאָלטשאָק" איינהאַנדלען דאָס און יענס, אויפן ערשטן פלאַן איז ביי מיר געשטאַנען וועשׂ, און דער עיקרשט גאַטקעס. מיט מיינע פאַר העמדער, וואָס איך האָב נאָך געהאַט מיטגע־בראַכט מיט זיך פון דער היים, האָט עס שוין אויך געהאַלטן זייער שמאָל, צי גאָר פאַרקערט „ברייט". ווייל די אַרבל זיינען שוין געווען צעפלויגן, די „געסקעסל" זיינען הינטן געווען אָפּגעריסן פון די קעלנער, און איין העמד האָט זיך מיר אין פראַנט אינגאַנצן צענומען. אַלזאָ האָב איך שוין מיט די „ברייטע" העמדער מיט מיינע, אויך געהאַלטן שמאָל, אָבער דאָך האָב איך שטאַר־קער געהאַט געערן צו האָבן גאַטקעס, ערשטנס ווייל איך האָב זיי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט, און צווייטנס, נו, צווייטנס, דערפאַר ווייל פאַר אַ בחורל מיט וואָנסעלעך און מיט היבש־צעלאָזטע באַקן־בערדלעך האָט עס עפּעס ניט געשטימט... אַ נעבל־דיקע פאַרשטעלונג געהאַט, אַז איך וואָלט זיך פאַר דער מויד

עפּעס אַנדערש געפילט, ווען איך וואָלט געטראָגן גאַטקעס... אמת, זי האָט ניט געוואוסט, אַז איך טראָג קיין גאַטקעס ניט, דאָך...

בקיצור, אַזעלכע פלענער זיך געמאַכט און שוין דעם ערשטן פרייטיק, ווען איך האָב געמאַכט עפּעס אַ איבעריקע טויזנט שטעקעלעך, פאַר וועלכע ס׳איז מיר אַרויסגעקומען עפּעס אַ פערציק קאָפּיקעס האָב איך שוין געקוקט דעם באַלעבאָס אין האַנט אַריין, אָבער דער באַלעבאָס, ווי ניט אים מיינט מען. איך האָב אים אַליין פאַרענטפערט: די „סחורה״, וואָס איך האָב פאַר די פאָר וואָכן אָנגעאַרבעט, ליגט דאָך נאָך, איז ווען ס׳וועט זיך מאַכן אַ קונה, איז דעמאָלט.. אַודאי ווען ער וואָלט געווען אַ לייטישער מענטש, וואָלט ער מיר באַדאַרפט באַצאָלן די בידנע עטלעכע קאָפּיקעס, צי כאָטש מיר אַריינוואַרפן עטלעכע קאָפּיקעס אויף שבת־אויבס, איך זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו דערקוויקן דאָס האַרץ די פאָר פרייע שעה, וואָס איך קריג שבת. גיט ער מיר אויך ניט, וואָס מיר קומט.

פון דער צווייטער וואָך איז מיר שוין אַראָפּגעפאַלן זעכציק קאָפּיקעס, און גראָד האָט זיך געמאַכט אַ קונה און האָט צוגע־נומען אַ פאָר טויזנט שטעקעלעך. בין איך זיכער געווען, אַז איך וועל שוין אוודאי קריגן, אי די זעכציק פאַר דער וואָך, אי די פערציק פאַר יענער וואָך, וואָס אינאיינעם האָט עס שוין אויסגעמאַכט אַ גאַנצער „קאַרב״. איז געקומען פרייטיק, מ׳האָט אָוועקגעלייגט די אַרבעט, איך קוק אים אין די הענט, איך קוק אים אין פּנים, און ער, ווי ניט אים מיינט מען. ערשט פאַרנאַכט האָב איך אים געפּאַקט, ווען ער איז פון באָד געקומען, און האָב אַ זאָג געגעבן:

— באַלעבאָס !...

האָט ער געגעבן אַ שטעל אָן אויף מיר די אויגן זיינע, וואָס זיינען געווען רויט פון דער באָד־היץ, און מיר קאָמיש געגעבן אַ פרעג איבער:

— יאָ, באַלעבאָס ?

האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וויל בעטן ביי אים וואָס מיר קומט, ווייל איך באַדאַרף עס נויטיק האָבן. האָט ער אַ כאָ־

ליערעדיקן שמייכל געטאָן און קידער־ווידערדיק ביי מיר אַ פרעג געגעבן:

— —וואָס־זשע, איך האָב שוין דען מיינע פאַרקויפט?

גערעכט! אויב ס׳איז „דאָרטן״ ערגעץ דאָ אַ יענע וועלט, זאָל אים אָט די גערעכטיקייט זיינע אַנטקעגן קומען. דאָך, אַ תירוץ איז דאָס פאָרט געווען. און גלייך ווי דער שבת־קודש איז אַוועק, האָב איך מיך ווידער גענומען „צו קאַטשען״ און די וואָך אַריינגעקאַטשעט מיט קאַרגע צוויי טויזנט מער אויף מיין חלק, וואָס מיר איז שוין געקומען עטלעכע און זיבעציק קאָפּיקעס, און האָב שוין מיט געדולד און מיט אומגעדולד געוואַרט, ער זאָל אויספאַרקויפן זיין סחורה. און אַזאַ האָפענונג האָב איך געקאָנט האָבן, ווייל וואָס אַ וואָך ווייטער, איז בעענטער געוואָרן צו די גויאישע חגאות און דעמאָלט לייזן די קליטן אַ סך און ס׳קומען קונים אויף אָט די שטעקעלעך. זיי האָבן זיך טאַקע געוויזן וואָס אַ טאָג, אַלץ אָפטער. דער האָט גענומען פינף מאות, דער אַ טויזנט, דער צוויי און נאָך מערער. אָבער דער „זאַפּאַס״ פון די פריערדיקע פאָר וואָכן איז נאָך אַלץ געווען אַ היפּשער, און דאָס מיינט, אַז ז י י ן סחורה איז נאָך אַלץ ניט געווען אינגאַנצן אויספאַרקויפט. ס׳זיינען נאָך מיט מיינע שטעקעלעך גאַנצע זעק געשטאַנען און דאָס באַלעבעסל איז געווען היפּשלעך באַזאָרגט. איינמאָל רופט זיך אָפּ דאָס טעכטערל צום טאַטן:

— טאַטע, וויפיל וועסטו מיר אַראָפּלאָזן, איך זאָל דיר איינס און צוויי פאַרהאַנדלען די סחורה?

— וואָס מיינסטו? — האָט ער אַ דערשראָקענער געפרעגט ביי איר? — דו וועסט אַרומגיין מיטן זאַק?...

זי האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן און אָנגעדראָדלט ביי אים געפרעגט ווי קאָן אים גאָר אַזעלכעס איינפאַלן, אַז זי וועט זיך טאַסקען מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס און אַרומגיין צווישן די קלייטן פרעגן, צי מ׳באַדאַרף שטעקעלעך.

— נאָר וואָס־זשען דען?

זי האָט אַ בליאַסק געטאָן אין מיין זייט אַריין מיט אירע מיידלשע אויגן, ווי זי וואָלט מיר געוואָלט דערמיט אָנדייטן, וואָס אַ טאַטן קאָן איינפאַלן, אַז זי, אַזעלכע, וועט אַזעלכעס קאָנען

טאָן. נאָכדעם האָט זי זיך געגעבן אַ דריי אויס צום ברודער און טראַנצעוואַטע ביי אים אַ פרעג געגעבן:

— ווי געפעלט דיר?...

בקיצור, ס׳איז געבליבן, אַז זי קריגט פון יעדן טויזנט, וואָס זי וועט פאַרקויפן, פופצן קאָפּיקעס, און אַזוי גלייך, ווי דאָס געשעפט איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, איז זי אַריין אין שטוב און אין אַ וועלכע פופצן, צי צוואַנציק מינוט, זיך באַוויזן אַן אויסגעסטראָלצטע און אַ וואָרף געגעבן מיטן הענטעלע אַ „דאָסווידאַני״ צום טאַטן צו אירן, איז זי אַוועק און געקומען אין אַ פּאָר שעה אַרום אַ ראָזע און אַ גליקלעכע און האָט אויסגערופן:

— מאָרגן קומט מען און מ׳פאַרנעמט די גאַנצע סחורה, וואָס ס׳איז דאָ!

און אַזוי איז געווען. און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אָט וועל איך זיך עס זען מיט אַן אַפּותיקא, און אַזוי גלייך ווי דער קונה, וואָס איז געקומען ספּעציעל מיט אַ שליטעלע צו פאָרן, איז אַוועק מיט דער סחורה, האָב איך זיך אָנגערופן צום באַלעבאָס:

— נו, וואָס איז מיט מיינע?

דער באַלעבאָס האָט אויף מיר אַ וויסטיקן בליק געוואָרפן און אַ פרעג געגעבן:

— וואָס דיינע?

און דאָ גלייך האָט ער מיר אַ מאַך געטאָן אַ חשבון, אַז אים קומט אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר די ערשטע פּאָר וואָכן, וואָס איך האָב אים ניט צוגעשטעלט דעם „ציל״ זיינעם. היינט קומט אים אַזויפיל און אַזויפיל פאַר אַ צירקל, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען (אַ חידוש וואָס ער האָט ניט געזאָגט אַוועקגעגנבעט). היינט קומט אים אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַרן עמער, וואָס איך האָב צעבראָכן (געווען אַזאַ פאַל, וואָס איך האָב זיך אויסגעגליטשט און צעמזיקט אַן עמער), פאַרטיק? ניין, נאָך ניט. איך האָב איינמאָל פאַרברענט די קליי, קאָכנדיק זי, און פאַר דער שויב, וואָס איך האָב דעם פאַרגאַנגענעם זומער צעבראָכן (דעמאָלט, ווען די צוויי מוידן האָבן זיך געוואָרפן מיט מיר, וואָס בסך הכל איז ער גאָר

שולדיק געווען אין דעם מער ווי איך), און נאָך אָט דעם שניי־דערישן חשבון, וואָס ער האָט מיר געמאַכט, איז נאָך אים אַרויס־געקומען פון מיר.

וואָס איך האָב געענטפערט אויף אָט דעם צעטל, וואָס ער האָט מיר צוגעשטעלט? גאָרנישט. וואָס האָב איך געקאָנט ענט־פערן וואָס? איך בין געווען שטום ווי אַ פיש, ווייל ווען איך וואָלט זיך גענומען מיט אים אויסטענהן, וואָלט איך נאָך אַריינ־געקריגן עטלעכע פעטש און סטוסעלקעס אַלס פּראָצענט צום חוב, וואָס ס'איז מיר געקומען פון אים. סיי ווי, איך האָב אַזוי אויך טייער באַצאָלט: איך האָב פון גרויס פאַרדרוס אַזאַ קריץ גע־געבן מיט די ציין, אַז איך האָב מיך אַ צאָן אויסגעדרייט, און דערפילט אַ געזאַלצנקייט אין מויל, האָב איך אויסגעשפּיגן, און דערזען, ווי עס האָבן זיך געגעבן אַ פאַרב אָפּ מיט רויטן אַ קליין ערטעלע אויף די שפּענדלעך.

---

דערזען אַזאַ געשיכטע, האָב איך אָנגעהויבן גיין אויף צוריק. פון טאָג צו טאָג האָב איך אָנגעהויבן צו מאַכן ווינציקער מיט אַ מאה, מיט צוויי, מיט דריי און אַזוי ווייטער. ס'הייסט גע־מאַכט האָב איך טאַקע די זעלבע צאָל שטעקעלעך ווי פריער, נאָר די איבעריקע האָב איך פאַרשטורעכט צווישן מיינע שמאַטעס, ביי מיין וואַרשטאַט, און האָב זיי אַרויסגעטאָרגן פאַרקויפן.

צו ועמען? וואו האָב איך עס געקריגן דעם סוחר? עס איז ניט געווען קיין סוחר, נאָר אַ סוחרטע, איינע אַ יידענע פון איינעם אַ זון אירן, אַ יונג, וואָס האָט זיך מיט דער שטעקלדי־קער מלאכה פאַרנומען. אַהין צו איר האָב איך זיי געבראַכט און זי, פאַרהאַנדלענדיק דעם זונס סחורה, האָט שוין מיינע אויך פאַרהאַנדלט און, נאַטירלעך, אונטערן פּרייז, וואָס דער אַלטער גאַנאַמניק, דער באַלעבאָס מיינער, האָט מיר צוגעזאָגט צו צאָלן. דער באַלעבאָס, אָפּציילנדיק יעדן אויפדערנאַכט די אַרבעט מיינע, האָט זיך געקרימט, אָבער „לא יחרץ כלב לשונו". ער האָט גע־

שטומט ווי אַ פיש, און געזען, אַז אָט האַלט איך שוין ניט ווייט פון דער „ציל״, וואָס ער האָט מיר פאַרגעבן, וואָס דאָס וואָלט זיך אים ניט געלוינט, האָט ער אין איינעם אַ פרימאָרגן, מיר באַפוילן אַוועקלייגן אָט די אַרבעט, און מיך באַשטעלט צו הענטלעך פון עמער.

די הענטלעך צו עמער — דאָס איז אויך געווען פון יענעם מין אַרבעט, וואָס ווייט קאָן מען מיט איר ניט אַוועקגיין. ס׳איז טאַקע ניט געווען דאָס זעלביקע, ווי די שטעקעלעך, אָבער אויך זייער אַ ביליקע אַרבעט, ווי אַ שטייגער, פלעקעלעך צו שראַגעס און שאַפעס, און שפינטן, מיט וועלכע מ׳פאַרקלאַפט לעכער פון פעסער. מיט די דאָ אויסגערעכנטע זאַכן האָט מען זיך פאַרנומען ביי יעדער טאָקער בשעת הדחק, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט אַרבעט. אַזוי אַרומער האָב איך שוין דאָ געהאַט אי פוילע פיש, אי פאַרשטינקענע הערינג. ביי די שטעקעלעך איז מיר כאָטש עפעס אַראָפגעפאַלן פון די איבעריקע, און דאָ איז אי די אַרבעט קיין אַרבעט ניט געווען, אי איך האָב פון איר גאָרנישט געהאַט.

אָבער דאָס וואָלט נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע. ווייל נאָך אַלעמען איז דאָס נאָר געווען ביז וואַנענט ס׳וועט זיך אָנהויבן צו ווייזן אַרבעט. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ער האָט מיר ביי דער נייער אַרבעט אָנגעהויבן צו דערגיין די יאָרן, ווייל אַחוצן געלט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין האָלץ־מאַטעריאַל, האָט זיך דאָ שוין געפאָדערט מער קאָסטבאַרע מאַטעריאַלן, ווי אַ שטייגער פאָליטור, לאַק, גלאָז־פאַפיר. און אַזוי ווי די אַרבעט האָט מען נאָך ווינציקער געריסן פון די הענט ווי די שטעקעלעך, איז ער עס מיר דערגאַנגען די יאָרן:

— שוין בעסער, אַז ער שטייט ליידיק, דער ממזר. אַז ער שטייט ליידיק, לייגט מען כאָטש קיין געלט ניט אַריין אין קיין מאַטעריאַלן, און דאָ לייגסטו דאָס לעבעדיקע אויף טויטן.

קאָן מען דאָך מיינען, אַז ער האָט געמיינט וואָס ער האָט געזאָגט. נו, האָב איך אַמאָל געפרואווט אַ וויילע אָפדיכען פון דער אַרבעט. האָט ער זיך גלייך געלאָזט הערן:

— וואָס שטייסטו, ממזר?

פאַרטיק? אַ גיין. דעם אמתן חיבוט הקבר איז מיר

אויסגעקומען צו ליידן ווען ס׳האָט אויסגעפעלט מאַטעריאַל. ניט וויכטיק וואָס ס׳האָט דאָרטן באַטראָפן דער מאַטעריאַל, וואָס האָט אויסגעפעלט. ס׳איז רעכט געווען אפילו גלאָז־פּאַפּיר, וואָס צוויי בויגן, מיט וועלכע מ׳האָט געקאָנט אָפּשלייפן עטלעכע טוץ הענטלעך, האָבן אינגאַנצן באַטראָפן אַ „פּיאַטאַקל״.

— וואָס, שוין ווידער גלאָז־פּאַפּיר? ווי לאַנג איז דאָס ערשט, אַז דו האָסט געקויפט צוויי בויגן גלאָז־פּאַפּיר?

וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן? ווען עס וואָלט געווען אַ ווייך פּאַפּיר און ניט באַשאָטן מיט גלאָז, וואָלט איך אים געקאָנט געווען ענטפערן, אַז... (דאָס רעדט זיך אַזוי).

און נאָך ערגער איז געווען, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט אַזאַ מאַטעריאַל ווי לאַק, צי פּאָליטור, וואָס דאָס האָט שוין פאַרהעלט־ניסמעסיק געקאָסט טייער, און וואָס האָבן נאָך אַ טבע אויסגע־וועפּט צו ווערן. אַ טויטער איז ער געוואָרן, ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז ס׳איז אויסגעגאַנגען פּאָליטור, צי לאַק.

— וואָע? שוין קיין פּאָליטור ניטאָ?

האָב איך אַ טרייסל געטאָן דאָס פאַרקלאָסטערטע פלעשל און אים באַוויזן. אָבער ער גייט זיך אָן מיט זייניקע:

— ווי לאַנג איז דאָס ערשט, אַז דו האָסט געקויפט אַ טשווערטקע פּאָליטור?

ענטפער איך ניט. וואָס זאָל איך אים ענטפערן וואָס, אָבער ער ווייס שוין פאַרוואָס ס׳איז אַזוי גיך אָט די „משקה״ ניט גע־בליבן:

— ער פאַרשטעקט ניט גוט, דער ממזר!

וואָלט עס געווען ניט קיין שלעכטע טענה. האָט ער אָבער, דער אַלטער גאַנאַמיק, אַלעמאָל רעווידירט די פלעשלעך, צי זיי זיינען גוט פאַרשטעקט.

ס׳פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז איך האָב צופיל אָנגעגעצט די „גאָמקע״, און ווען איך האָב גענומען פּאָליטורן, זיינען מיינע פינגער, און אַמאָל די גאַנצע האַנט פאַרכליאַסקעט געוואָרן מיט פּאָליטור, האָט ער אַרויסגעכאַפּט די גאַמקע פון מיין האַנט און מיר אויסגעוואַטשקעט דאָס פּנים מיט דער רויטער פאַרב (די

עמער־הענטלעך זיינען פּאָליטורט געוואָרן אויף רויט). אָבער דאָס גראָד האָט מיר דווקא ניט געהאַרט, פאַרקערט, ס׳האָט מיר נאָך הנאה געטאָן, ווען איינער און אַ צווייטער איז צו צו מיר און זיך „געשפּיגלט” אין מיר און אַריינגעקוואָלן פון דער „פּאַ־צורע” פון מיינער... באַזונדערס זי, „דאָס טעכטערל”. זי האָט עס איז מיר אַריינגעקוואָלן! און איך אַלס אַזעלכער האָב מיך אפילו אַמאָל דערלויבט מיט איר אַ קאַטאָוועסל אַ טרייב־צו־טאָן, און זי האָט עס דורכגעלאָזט... נו יאָ, ווייל דאָס איז דאָך שוין ניט געווען איך...

אינטערעסאַנט אַ יאָ? נו, האָב איך נאָך אינטערעסאַנטערס צו דערציילן. ווי איך האָב זיך איינמאָל געראַטעוועט פון קלעפּ טאַקע אַדאַנק דעם אויסגעצאַצקעוועטן פּנים, און וואָס איך אַליין האָב מיך אויסגעצאַצקעט טאַקע צוליב דעם, איך זאָל אָט די קלעפּ אויסמיידן. דאָס איז געווען, ווען פון מיינע הענט איז אַרויסגעפאַלן דאָס פלעשל מיט פּאָליטור און האָט זיך צעבראָכן. און אַזוי גלייך ווי איך האָב דערזען ווי דעם באַלעבאָס׳ פּנימל איז בלאַס געוואָרן, און ווי דאָס נעמט זיך שוין שאַרן צו מיר, האָב איך מיך געגעבן אַ בויג אָן, אַ טונק איין די גאָמקע און איין מאָל און אַ צווייטן זיך געגעבן אַ וואַטשקע אויס דאָס פּנים און מיך געגעבן אַ הויב אויף. האָט ער זיך אַזוי צעלאַכט, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט. און שפּעטער אַ ווײַלע איז שוין געשטאַנען דאָס גאַנצע געזינדל אַרום מיר און אַלע האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער. שטאַרקער פון אַלע האָט געלאַכט דאָס טעכטערל. און איך, פילנדיק די מאַסקע אויף מיין פּנים, וואָס האָט מיר געקילט און געשמאַרצט אייניצייטיק, האָב דערפילט אין זיך עפּעס אַ מאָדנע הפקר־געפיל, און אָנגעהויבן אַרויסצוואַרפן אַזעלכע קונצן און שטוקעס, וואָס איך וואָלט מיך קיינמאָל אונטער קיין אַנדערע אומשטענדן אַזעלכעס ניט געקאָנט דערלויבן אין דעם באַלעבאָס געגנוואַרט. ראשית, האָב איך אַ פּאַטש געטאָן איין האַנט אָן דער אַנדערער און האָב מיך צעקרייט ווי אַ האָן, און געזען ווי דער עולם אַמוזירט זיך, האָב איך אָנגעהויבן צו מרוקען ווי אַ קו, און נאָכדעם זיך צעהירזשעט ווי אַ פערד, און גאָכן פערדיש הירזשען, האָב איך

זיך צעכרוקעט ווי אַ חזיר. און גאָר צולעצט — אַ פּאַל געטאָן אויף אַלע פיר און זיך צעוואָיעט ווי אַ הונט.

— צו זיין קאָפּ, צו זיינע הענט און פיס! — האָט זיך דערהערט דער אַלטערס קול פון פאָרהייזל.

— גיי, גיי! שפּרינג אַריין צו איר! — האָט דאָס טעכ־טערל אויף אַ האַלב שטילן קול צו מיר אַ זאָג געגעבן, קייכנדיק פון געלעכטער. איך בין גלייך אויף אַלע פיר אַוועק אַהין צו דער אַלטער, און שטיין געבליבן אויף אַלע פיר אויף דער שוועל פון פאָרהייזל, האָב איך ערשט דאָרטן זיך פאַרנומען „צו וואָיען", און די אַלטע, וואו זי האָט ערגעץ געהאַט אַ קללה, האָט זי זי אויסגעשאָטן צו מיין קאָפּ און דאָס מיידלשע אייניקל אירס, ווי זי וואָלט אויסן געווען אונטערצוהאַלטן די הינטישע ראָלע מיינע, האָט אָן אויפהער מיך געשטורכעט מיט אַ פוס און אָן אויפהער געשריגן:

— פּאָשאָל־וואָן! פּאָשאָל־וואָן!

— אַ סוף, אַ סוף זאָל עס נעמען! — האָט דער באַלעבאָס האַלב גוטמוטיק און האַלב בייז אויסגערופן, און מיטן זעלבן טאָן צוגעגעבן: — גיי שוין, גיי אין דער ערד מיטן קאָפּ!

איך האָב חשק געהאַט אויף אים זיך צו צעהאַווקען, אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך געכאַפּט אַ ישוב, אַז ס'וועט זיין ווינציקער ריזיקע, איך זאָל זיך צעהאַווקען אויף דער מויד און איינצייטיק זיך צוגעכאַפּט צום פוס צו אירן, וואָס האָט מיך געהאַלטן אין איין אונטערשטורכען. זיך צוגעכאַפּט צו אים מיט די הענט און טאַקע, מעשה הונט, מיט מויל און גענומען בייסן ווי אַ מענטש, ווען ער ווערט ווילד פון ליידנשאַפט. זי האָט מיר געשטורכעט דעם פוס אין די ציין אַריין, געשטורכעט און גע־שריגן:

— נאַ־נאַ! נאַ, קוסי, סאָבאָקאָ! (בייס, בייס, הונט).

ה

און דאָס וואָס דאָ גייט דערציילט ווערן האָט פּאַסירט אינם גרויסן פייערלעכן טאָג, וואָס אין רוסיש ווערט ער אָנ־גערופן „ראָזשדעסטוואָ כריסטאָוואָ" (דאָס געבוירן פון יעזוסן). אָבער איידער איך טרעט צו צו דערציילן די מעשה, וועל איך מיר פריער דערלויבן איבערצוגעבן די יום־טובדיקע שטימונג, וואָס ס׳האָט זיך געפילט אין דעם יידישן הויז, ווי אין פיל אַנדערע יידישע הייזער.

דער ערשטער דאָס געבן צו פילן איז געווען „ער אַליין", בכבודו ובעצמו און דווקא מיטן דאַוונען מיט זיינעם. ער האָט דעם פרימאָרגן געדאַוונט פרומער ווי אַלע וואָכעדיקע טעג פון אַ גאַנצער וואָך. איך האָב אים דאָך אַלע טאָג געהערט דאַוונען, אָבער אין דעם הייליקן טאָג פון „גאָטס געבורטס־טאָג" האָט ער זיך צעיאָכמערט, צעלאָזט אויף אַלע כלים, ווי אַ פרומ־מער ייד צעלאָזט זיך, אַ שטייגער, ראש חודש... יאָ, ראש חודש איז טאַקע ניט קיין יום־טוב, מ׳מעג אַרבעטן און מ׳מעג עסן קרענק מיט קדחת, ווי אין אַ מיטן־וואָכנדיקן טאָג, אָבער אינם דאַוונען, און ווער רעדט שוין ווען עס קומט צו הלל פאַלט דער פרומ־מער ייד (און אפילו ניט דער גאָר פרומער) אריין אין יום־טובדיקן עקסטאַז און אויך „ער", דאָס באַלעבאָסל מיינס, איז פון צייט צו צייט אַריינגעפאַלן אין אַ יום־טובדיקן נוסח. נו יאָ, ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין, אַז פון דאָ, און פון דאָרטן, און פון אומעטום, האָבן זיך געלאָזט הערן די גלעקער־קלאַנגען פון די קלויסטער־גלעקער.

דער צווייטער נאָך אים, האָט עס באַוויזן דאָס זינדל זיינס. ער האָט עס באַוויזן דורך דעם, וואָס ער האָט זיך באַ־שטעלט צום וואַרשטאַט ניט אין די הויזן, אין וועלכע ער איז אַלע טאָג ביי דער אַרבעט געשטאַנען, נאָר אין אַזאַ פאָר הויזן, וואָס מ׳קאָן זיך אויך ווייזן אין גאַס. יאָ, און געגאָלט איז ער געווען (אַזוי האָט ער זיך געגאָלט פון פרייטיק צו פרייטיק לכבוד שבת). דערצו האָט ער שוין עפּעס געהאַלטן אין מויל

און געסאָקעט אויפן ניכטערן האַרצן. שפּעטער, ס׳הייסט שפּעטער ווי אַלע פרימאָרגן, האָט זיך די באַלעבאָסטע באַוויזן, ווייל אין דעם פרימאָרגן האָט זי ניט באַדאַרפט גיין אין מאַרק אַריין (ווייל קיין מאַרק איז סיי־ווי ניט געווען, און זי האָט זיך אַלץ פאַר־גרייט ערב יום־טוב), און פאַרשפּאַנענדיק זיך אין אַ ריינעם אויס־געפּרעסטן פאַרטוך, האָט זי מיר געהייסן אָנקלייבן אַביסל „שטשעפּקעס״ אונטערצוהייצן די פּליטע. זי אַליין האָט זיך טאַקע גלייך פאַרנומען, אין דער פריער שעה צום מיטאָג, בכדי וואָס פריער זיך „צו אופּאָרען״, און דאָס איז אויך געווען לכבוד דעם יום־טוב. און איצט „יעמוד״ די מויד! נאָך איידער זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זי דאָס שוין באַוויזן מיט איר ניט אויפ־שטיין, מיט איר אַריינליגן (צי אַריינשלאָפן) שפּעטער ווי אַלע פרימאָרגן. ערשט ווען זי האָט זיך אין אַ שעה אַרום נאָך איר אויפשטיין אין „ראַבאָטשע״ באַוויזן, האָט מען ערשט אויף איר געקאָנט דערקאָנען דעם אמתן יום־טוב, און טאַקע דעם גוּאישן, ווייל זי איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ „מאַלאַראָסייסקע״ גויקע (צי שיקסל) מיט דער אמתער „מאַלאַראָסייסקער״ אויסגענייטער בלוזקע, מיטן קורצן פאַרביק־שרייענדיקן קליידעלע, און מיטן אויסגענייטן פאַרטוכל. נו, היינט די פּאַציערקעס און די „בייטש־לעך״ קאַרעלן, וואָס האָבן זיך געשנירלט אויף איר געקלאָרעוועטן האַלדז, וואָס ס׳האָט דאָרט געפּעלט, איז נאָר אַ צלמל, וואָלט עס שוין געווען אַן אמתע שיקסע.

וואָס האָט זי אַזוי קיין צייט ניט געהאַט די יידישע טאָכ־טער און האָט זיך אַזוי פרי אויסגעשיקסעוועט, ווען זי איז ערשט נאָך מיטאָג אַרויס אין גאַס? אַ פראַגע איז דאָס, אָבער קיין ענטפער קאָן איך אויף איר ניט געבן. איך ווייס נאָר, אַז צוליב מיר האָט זי דאָס זיכער ניט געטאָן. און פאַר די אייגענע אויך ניט. ניט אַנדערש, ווי פאַר די פאַר קריסטלעכע שכנים, וואָס האָבן געוואוינט אין דעם הויף, און אפשר אויך פאַר די יידישע שכנים. דאָס לייגט זיך שוין יאָ אויפן שכל. ווייל דאָס צווייטע מאָל, ווען זי האָט זיך דאָס צווייטע מאָל אין „ראַבאָ־טשע״ באַוויזן, האָט זי מיט גרויס אומגעדולד זיך פאַרנומען צו הוכקען און צו שקראַבען מיט די נעגל אויף איינער פון די

פאַרקאָוועטע שויבן פון דער טיר, און אַזוי לאַנג געהוכקעט און געשקראַבעט, ביז וואַנענט דער פראָסט איז פון דער שויב אַראָפּ און זי האָט שוין געקאָנט זען אַלץ און אַלעמען, און במילא האָבן די, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם הויף הין און צוריק, אויך זי געקאָנט זען.

דאָס איז געווען ניט מער ווי באַטירלעך פאַר אַ מיידל, וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט: מ׳זאָל זי זען! אויב אַזוי, טאָ צוליב וואָס האָט זי זיך שפּעטער באַוויזן אין אַ מאַסקע, און אין דער מאַסקע זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער דורכזיכטיקער שויב און געקוקט אין הויף אַריין? וואָס איז זי דערמיט אויסן געווען?

ווי קומט צו איר אַ מאַסקע אין מיטן־דרינען? נו, ווער ווייס עס ניט. אַלע וואָס האָבן געלעבט אין רוסלאַנד ווייסן, אַז דאָרט איז געווען אַ מנהג זיך פאַרשטעלן לכבוד אָט דעם יום טוב און פאַרשטעלטערהייט זיך אַרומשלייען אין די גאַסן, אַרומגיין אין די הויפן „קאָליאַדעווען” און דערפאַר באַקומען קליין־געלט (דאָס זיינען געווען די אָרעמע, פאַרשטייט זיך). נו, האָבן זיך יידישע קינדער אויך אָנגעטאָן מאַסקעס און זיך אויך אַרומגע־שלייעט אין די גאַסן.

איבערגעגעבן די שטימונג, וואָס האָט זיך געגעבן צו פילן ביי מיין יידישן באַלעבאָס אין דעם גויאישן יום־טוב, וואָלט איך שוין געקאָנט איבערגיין צו דער געשיכטע גופא, וואָס איך קלייב מיך דאָ אין דעם קאַפּיטל צו דערציילן. אָבער איך האַלט, אַז ס׳איז ניט איבעריק, און אפילו נויטיק, איבערצוגעבן, אַז אויך איך האָב מיך לכבוד דעם גויאישן יום־טוב צוגעצ־גרייט. אָ, וואָס אַ שטייגער? זיך אָפּגעשקראַבעט די מאָרדע. דאָס ערשטע מאָל, און אַליין. מיט וואָס? מיט אַ ברייטער דאָליטע, וואָס איך האָב אַליין צוליב דעם אויסגעשאַרפט און אויסגעווועצעוועט. איך האָב מיך טאַקע גאַנץ פיין צעקאַ־ליעטשעט. צי ס׳איז געווען די שולד פון דעם „ראַזיר־מעסער”, צי ס׳איז געווען מיין אייגענע שולד, ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין דערפאַרונג אין דער מלאכה, דאָס ווייס איך ניט. מעגלעך, אַז „מיר ביידע”, אי די דאָליטע, אי איך זיינען אין דעם שול־דיק געווען.

אָבער ס׳איז ניט געווען געפערלעך. איך האָב גוט איינגע־ריבן די מאָרדע מיט שניי, געריבן אַזוי לאַנג, ביז וואַנענט ס׳איז ניט געבליבן קיין רויטע פלעקן אויפן שניי. בלויז אויפן פּנים זיינען געבליבן אַ פּאָר סימנים, ווי אַ קאַץ וואָלט מיך מיט אירע נעגל צעשקראַבעט.

אַלזאָ וועגן וואָס האַנדלט זיך, וועט מען שוין זיין אומגע־דולדיק צו וויסן ! עס האַנדלט זיך וועגן צוויי געסט, וואָס זיינען מיך אין יענעם טאָג געקומען באַזוכן. איינער פון די געסט איז געווען מיין ברודער, און דער צווייטער איז געווען מיין בן עיר, אָט יענער, מיט וועמען איך האָב מיך אויפגעזעצט אויף איין באַן און ער האָט באַוויזן צו קומען פריער פאַר מיר מיט דריי מעת־לעת, און דער זעלביקער, וואָס האָט מיך אין יענעם טאָג, וואָס איך האָב אַדאַנק מיין כהונה אַריינגעקריגן אַ יום־טובֿל, אָנ־געטאָלעט מכּל טוב, — ער איז דאָס צו מיר, מיט מיין ברודער, צו גאַסט געקומען.

געקומען איז ער אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. אַ טייער פּאַלטעלע, מיט אַ קאַראַקולענעם קעלנערל, און מיט אַ קאַ־ראַקולן קיטשמעלע אויפן קאָפּ און אין אַ פּאָר טייערע שטיוועלעך אין האַלב־טיפע בליאַסקענדיקע קאַלאָשן און מיט לעדערנע הענ־טשיקעס אויף די הענט. אַזוי גלייך, ווי דער יונג האָט זיך באַ־וויזן, האָט ער געגעבן אַ שטעק אויס אַ הענטשקע צו מיר (דאָס מיינט אַ האַנט, וואָס איז געווען אין הענטשקע) און מיט איינעם אַ פינגער פון דער הענטשקע געגעבן אַ ווייז אָן אויף מיר :

— אָט איז ער דאָך אַ !...

קיין ספק ניט, אַז ער האָט זיך דערפרייט מיט מיר. אָבער איינצייטיק האָט זיך געפילט אַ ביטול אין דעם טאָן. און אפילו ווען אין די פּאָר ווערטער וואָלט בלויז פרייד געשטעקט, וואָלט עס מיך אויך ווינציק־וואָס געפרייט. ווייל איך מיט אים האָב זיך ניט געקאָנט פרייען. און ווי האָב איך עס געקאָנט, דערזעענדיק אים אַזאַ אויסגעסטראָלצטן. זיינען מיר דאָך ביידע אין איין צייט קיין אַדעס געקומען, און זע נאָר, ווי „דאָס״ האָט זיך „אַרויפגעאַרבעט״ ! און איך ליג אין דער ערד און באַק בייגל. נו, האָט שוין אין דעם אַליין געשטעקט אַ שטיק פּאַרדראָס,

וואָס איך קאָן אים ניט אויפנעמען מיט דער זעלביקער פרייד, וואָס ער נעמט מיך אויף.

אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט. ערגער פון דעם איז געווען דאָס, וואָס איך האָב ניט געהאַט וואו אויפצונעמען די געסט מיינע. אַז איך האָב דאָרטן ניט געהאַט קיין איין ווינקעלע, וואו איך זאָל קאָנען באַווייזן, אַז דאָס איז מיינס. און ווידער ניט געהאַט אויף וואָס זיי צו באַזעצן. דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך אין „ראַבאָטשע״ געפונען איז געווען אַ קלעצל און אַ קליין בענקעלע, אויף וועלכן איך בין געזעסן, ווען איך האָב עפּעס באַראַדפּט פּאַרטעסען אויף דעם קלעצל. נו, גיי באַזעץ געסט אויף אַזעלכע זיך־פּלעצער. שטייען זיי און ריידן זיך איבער און זייער איבערריידן זיך איז, נאַטירלעך, וועגן מיר, און איך בין דאָ דערביי און פונקט, אָדער כמעט, ווי איך בין דערביי ניטאָ. איך רוף זיך אָפּ פון צייט צו צייט מיט אַ וואָרט און טאַקע ניט מער. ווייל מ׳טאָר ניט ריידן אין מיטן דער אַרבעט. און ס׳פאַרדריסט מיך, וואָס דער גוטער יאָר האָט זיי אָנגעטראָגן אינמיטן דרינען. מילא ווער־ווער, אָבער מיין ברודער ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט ביי זיך אין די הענט, אַז איך וועל זיך ניט קאָנען אָפּגעבן מיט זיי. און צו וואָס האָט ער נאָך באַדאַרפט ברענגען צו שלעפּן מיט זיך דעם פאַרשוין, ער אַליין וואָלט אויך געווען פאַר מיר איבער און איבער גענוג!

— בעט אונדז כאָטש זיצן! — האָט זיך דער בן־עיר מיינער אָפּגערופן מיט אַ פאַרדריסלעכן טאָן.

איך האָב אים ניט געענטפערט. יאָ, וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפערן, אַז איך האָב ניט וואו און האָב ניט אויף וואָס? אַז איך קאָן מיר אַפילו ניט נעמען זיך דאָס רעכט אַרויסצוטראָגן אַ בענקל, צי צוויי פון שטוב אַרויס און זיי בעטן זיצן, אַז איך אַליין בין נאָך קיינמאָל, אַחוץ צו די סדרים, אויף איינעם פון זייערע בענקלעך ניט געזעסן. אין בעסטן (צי אין ערגסטן) פאַל, האָב איך באַדאַרפט זיך אָנפרעגן ביי וועמען פון מיינע לייט, צי איך קאָן דאָס טאָן, און דאָס וואָלט שוין אויך געטויגט אין דער ערד.

דאָס איז פאָרגעקומען נאָך מיטאָג. דער באַלעבאָס האָט זיך

געהאַט „צוגעשפּאַרט“, ווי אַלע טאָג פון דער וואָך, און אַזוי ווי דער טאָג, כאָטש ער האָט געאַרבעט, איז דאָך געווען ניט גלייך צו אַלע טעג, איז ער אַריינגעלעגן אַביסל שפּעטער. וואָס שייך דעם בן זיינעם, האָט ער זיך אויף אַ „ווײַלע“ אַרויסגע־כאַפּט פון „ראַבאָטשע“ און זיך אַריינגעכאַפּט אין בופעט אַריין טרינקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער.

און אויך דאָס טעכטערל איז ניט געווען. אָבער זי איז אָנגע־קומען שפּעטער צו, ווען די געסט זיינען דאָ געשטאַנען לעבן מיר. וואָס שייך דער באַלעבאָסטע, איז זי געזעסן ביי איינעם פון די פענצטער און געלישטשעט קערלעך (וואָס דאָס האָט אויך באַ־וויזן, אַז דער טאָג איז ניט קיין געוויינלעכער).

דאָס אַלץ? אָ, ניין! איצט קומען מיר צו צום סאַמע עיקר, און דער סאַמע עיקר באַשטייט אין דעם, וואָס זיי, מיינע, געסט, זיי־נען פאַרבעטן געוואָרן אין שטוב אַריין, און מיך אַליין, דעם, צו וועמען די געסט זיינען געקומען, האָט מען געלאָזט דאָרטן, וואו איך בין געשטאַנען. אמת, מ׳האָט מיר ניט געזאָגט, אַז איך טאָר ניט אַריינגיין, אָבער זיי האָבן דאָך געוואוסט, אַז אָן זייער דערלויבעניש וועל איך ניט וואַגן אַריינצוגיין אין זייער שטוב.

די „איינלאַדונג“ איז פאָרגעקומען נאָכדעם, ווי דאָס טעכטערל איז געקומען און טאַקע זי אַליין איז די „איינלאַדע־רין“ געווען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך איינע פון די פענצטער צעפּראַלט, און באַוויזן דאָס פאַרפּוצטע קעפּל אירס, האָט זי געזאָגט:

— ווי מאָזשעטיע זאַיטי וו קאָמנאַטו!

דער טייטש פון די ווערטער איז: „איר קאָנט אַריינגיין אין שטוב אַריין“. אָבער צו דעם טייטש קאָן נאָך קומען אַ קאָ־מענטאַר, „אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איר זייט צו אונדז ניט געקומען, קאָנט איר דאָך זיין אונדזערע געסט“. צי איז דאָס געווען איר אייגענער איינפאַל, די געסט אין שטוב אַריין צו פאַר־בעטן, צי איז דאָס געווען די איניציאַטיוו פון דער באַלעבאָסטע, דאָס קאָן איך ניט וויסן. אָבער גיכער פון אַלץ איר אייגענער. ווייל איינער פון די געסט, זאָל מען ניט פאַרגעסן, איז געווען אַ יונגער, פעסט־געבויטער בחור, וואָס איז געגאַנגען אָנגעטאָן

ווי אַ „מאַנאַרך״, און אין זיין זכות האָט שוין מיין ברודער אויך זוכה געווען פאַרבעטן צו ווערן אין שטוב. יאָ, אין דעם בין איך זיכער, ווייל מיין ברודער איז אַ פּאָר מאָל געווען ביי מיר און מ׳האָט אים אין שטוב אַריין ניט פאַרבעטן.

מילא, ווי דאָס זאָל דאָרטן ניט האָבן געווען, אָבער דער פאַקט איז, אַז מ׳האָט מיינע געסט פאַרבעטן אין שטוב און מיך האָט מען געלאָזט, ווי אַ הונט מחוץ למחנה.

דער בחור, דער חבר מיינער און בן־עיר, דערזעענדיק אָט די מויד, פון וועלכער די איינלאַדונג איז געקומען, איז געוואָרן מלא גדולה, און איז געווען מוכן ומזומן אַריינצוגיין אין שטוב אַריין. מיין ברודער האָט זיך אָבער ניט געכאַפּט די איינלאַדונג אָנצונעמען (פאַרוואָס ווייס איך ניט).

זיי זיינען געשטאַנען ווי צוויי גולמס. דער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם, דער — אויף יענעם. און דאָס מאַמזעלכל האָט געקוקט אויףביידן און זאַפּטיק אונטערגעשמוכעט, וואַרטנדיק אויף זייער ענטפער. צולעצט האָט מיין ברודער זיך אָפּגערופן:

— באָלשאָיע ספּאַסיבאָ!

אַ גרויסן דאַנק, הייסט עס. אָבער וואָס דאָס מיינט, צי נעמט ער אָן די איינלאַדונג, צי ניט, האָב איך פון דעם דאַנקען פון זיינעם ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען. ערשט, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ער די איינלאַדונג יאָ אָנגענומען, אָבער איך בין דערביי ניט געווען, ווייל די באַלעבאָסטע האָט מיך געשיקט, נאָכן ברודערס דאַנק, פאַרען טיי.

איך האָב אַוועקגעלייגט די אַרבעט, געלאָזט שטיין מיינע געסט, און אַוועק „פאַרען טיי״. ווען איך בין אַ צען מינוט אַרום געקומען מיטן קאָכעדיקן טשייניק וואַסער, האָב איך שוין מיינע געסט אין ווערקשטוב ניט געטראָפן. און דערפילט האָב איך אין דעם מאָמענט דאָס, וואָס אַ הונט קאָן דערפילן, ווען ער קומט מיט זיין באַלעבאָס אין אַ פרעמד הויז, און דער באַלעבאָס ווערט אים „אונטער די הענט״ פאַרשוואונדן.

מיט אָט דעם געפיל האָב איך דורכגעשניטן די שמאָלע ברייט פונם קאָרידאָר (דאָס מיינט פון דער „ראַבאָטשע״), אַריין אין פאָרהייזל און דאָרטן שטיין געבליבן הינטער דער טיר,

האַלטנדיק זיך מיטן הייסן טשייניק וואַסער, און געהערט, ווי די באַלעבאָסטעטשקע באַלייגט מיך דאָרטן פאַר מיינע געסט. האָב אויפגעכאַפּט אַזעלכע ווערטער ווי „פּאַקאָסטניק", „פּיטיינער" (דאָס מיינט אַ פאַרביסענער) און אויך דער באַלעבאָס, וואָס האָט פאַר דער צייט, וואָס איך בין אַוועק פאַרען טיי, באַוויזן זיך אויפצוהויבן פון זיין בייטאָגיקן דרימל, און דער בן זיינער, וואָס האָט שוין באַוויזן אַריינצוקומען פונם בופעט, האָבן אויך פון צייט צו צייט צוגעלייגט אַ קנייטל. בלויז פון דער מויד האָב איך גאָרנישט געהערט. ס'הייסט, געהערט האָב איך זי יאָ, נאָר דאָס לאָזן זיך הערן אירס, האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט מיר, נאָר מיטן חבר מיט מיינעם. זי האָט גערעדט רוסיש, גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. זי האָט, קאָנטיק, דורך דעם אַליין, דורך דעם ריידן צו אים רוסיש, געוואָלט אַרויסווייזן די גאַנצע אַכפּערונג, וואָס זי האָט צו אים געהאַט, און ער איר האָט מיט דער זעלבער אַכפּערונג באַלוינט. ער האָט איר געענטפערט אויך אין רוסיש.

וואָס שייך מיין ברודער, פון אים האָב איך קיין פּיפּס ניט געהערט.. סיי ווי האָב איך שוין געהאַט אויף אים דאָס רעכטע האַרץ, ווייל דאָס אַליין, וואָס ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און איז אַריין צו זיי אין שטוב, איז פאַר מיר געווען איבער געננוג, איך זאָל קוקן אויף אים מיט יענעם אומצוטרוי, ווי אַר־בעטער קוקן אויף איינעם פון זייעריקע, ווען זיי דערזעען אים גאָר פּלוצים ביי זייער באַלעבאָס אין הויז, ווען זיי האָבן מיט אים אַ סיכסוך...

איך ווייס ניט, ווי לאַנג איך בין הינטערן טיר געשטאַנען, און ווי לאַנג איך וואָלט נאָך געקאָנט געווען אַוועקשטיין, ווען די אַלטע, וואָס האָט זיך געפונען אַ טריט ווייטער פון מיר און פון מיין שטיין, ליגנדיק אין איר בעטל, ווען זי וואָלט מיר ניט געבורטשעט. יאָ, אָט דאָס בורטשעניש אירע האָט זיך גלייך אָנגעהויבן, ווי איך בין אַריין אין פאָרהייזל, און שטיין געבליבן הינטער דער טיר און זיך גענומען איינהערן, וואָס מ'רעדט דאָרטן וועגן מיר. קאָנטיק, די אַלטע האָט מיר ניט פאַרגונען דאָס גרויסע גליק, צי זי האָט אַזוי אַרומעט געוואָלט אַרויסווייזן איר גע־

טריישאַפּט צו די איריקע, און דורך איר בורטשען צו לאָזן וויסן, אַז איך הער מיך דאָ איין וואָס זיי ריידן דאָרטן. וואָס לענגער איך בין הינטער דער טיר געשטאַנען, האָט זי אַלץ העכער זיך געלאָזט הערן מיט איר בורטשעניש. און אויס מורא, אַז דאָס זאָל סוף כל סוף ניט דערהערט ווערן, האָב איך זיך געמוזט באַצייטנס אָפּזאָגן פון דעם גרויסן פאַרגעניגן צו הערן, ווי איך ווער דאָרטן „באַלייגט”.

געעפנט די טיר, האָט מיר פון דעם איבערגאַנג „מאפילה לאורה” (אין שטוב האָט מען לכבוד די געסט שוין געהאַט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ), געגעבן אַ זעץ אַ ליכטיקע כוואַ־ליע, וואָס האָט מיר אַ בלענד געטאָן אין די אויגן, און אויפן אָרט, וואָס איך וואָלט מיך געוואונטשן צו ווערן אַ „רואה ואינו נראה”, בין איך גאָר, פאַרקערט, געוואָרן אַ „נראה ואינו רואה”... און אפילו שפּעטער, ווען אָט דער מאָמענט פון פאַרבלענדעניש איז אַריבער, זיינען מיר די אויגן פאַרבלענדט געווען פון גרויס בושה. איך האָב עפּעס יאָ געזען און ניט געזען, ווי זעקס קעפּ זיינען „געזעסן” אויף זעקס פאַרשוינען, וואָס זיינען געווען אויסגעזעצט אַרום קיילעכדיקן טיש. איך האָב ניט געוואוסט, ווער פון זיי ס'איז מיר פרעמדער, צי די געסט מיינע, וואָס זיי־נען צו מיר צו גאַסט געקומען, צי „זיי”, די יעניקע, וואָס האָבן „פאַרנומען” די געסט מיינע... אַלנפאַלס, האָב איך אַזאַ געפיל גע־האַט, אַז זיי, סיי מיין חבר, וועלכן איך געדענק פון פּיצלעווייז אָן, סיי מיין אייגן בלוט און פלייש, אַז זיי זיינען מיר פּונקט אַזוי פרעמד, ווי די פרעמדע... און פאַרבראַכט אין שטוב אַזויפיל וויפיל ס'האָט גענומען צייט, ביז וואַנענט איך האָב אַוועקגע־שטעלט דעם טשייניק אויף דער קיילעכדיקער טאַץ, וואָס איז שוין געשטאַנען צוגעגרייט אויפן טיש, האָב איך זיך גלייך גע־געבן אַ דריי אויס, און מאַרש פון שטוב אַרויס. און אַזוי גלייך, ווי איך האָב די טיר הינטער זיך פאַרמאַכט, האָב איך בקול רם אויסגעשאָסן צו דער אַלטער:

— אַלטע מכשפה!

און זי גלייך נאָך מיר:

— אַוועק פון מיר, בייסטרוק!

און איך גלייך נאָך איר:
— מכשפה לא תחיה!
און זי גלייך נאָך מיר:
— אַ רוח אין דיין טאַטן!
און איך גלייך נאָך איר:
— תחיה לא מכשפה!
און זי גלייך נאָך מיר:
— אין דיין מאַמעס מאַמען אַריין!
און איך גלייך נאָך איר:
— מכשפה תחיה...

דעם „לא" האָב איך שוין ניט באַוויזן אַרויסצוזאָגן, ווייל אין דעם מאָמענט האָט זיך די טיר געגעבן אַ פּראַל אויף, און אַלע, וויפיל זיי האָבן זיך דאָרט אין שטוב געפונען, האָבן זיך געגעבן אַ שיט אַריין און ווי געוואָרט אויף דעם „רימפּל", איז די באַלעבאָסטע גלייך אַרויס מיט לשון:

— נו, זעט איר שוין?

— אָט אַזוי טאָג ווי נאַכט, — האָט נאָך איר דער באַלעבאָס געזאָגט. — און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — אַפילו מיט איר קאָן ער זיך ניט אויסלאָדן!

— אַן אַנדער זיין אָרט סי זיך שעמען. סי דאָ טאָוואַרי־רישטש — האָט זיך אָפּגערופן, ווער? נו, נאָכן לשון קאָן מען שוין דערקאָנען, ווער ס'האָט די ווערטער געזאָגט. און ס'איז שוין איבעריק צו זאָגן, אַז אויב ס'האָט זיך זיי דאָרטן אין שטוב ניט איינגעגעבן צו איבערצייגן מיינע געסט, וואָס פאַר אַ סחורה איך בין, איז זיי דאָס דאָ געלונגען. יאָ, איך האָב עס גלייך דער־קאָנט אָן דעם, ווי מיין ברודער האָט אָנגעשטעלט די אויגן זיינע אויף מיר, און אַ הויב אויף געטאָן די אַקסלען אַריבער די אויערן, האָט ער נאָך אַ קורצער פּויזע, מיט טיפן יאוש געזאָגט:

— טשאָרט יעוואָ זנאַיעט (דער טייוול ווייס אים), ווי ווייט איך געדענק אים, איז ער געווען זייער אַ פּאָניאַטליוווער יינגל! — איבערגעריסן, און אין אַ ווײַלע אַרום זיך געווענדט צו מיין לאַנגיאָריקן באַקאַנטן פריינט און חבר: — איך ווייס ניט, דו

קאָנסט דאָך אים פון שפּעטער, איז ער אַלעמאָל געווען אַזאַ פּרא אדם ?

דער בחור האָט וואויל־יונגעריש אַ קוק געגעבן אויף דעם מיידל, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, דאָס מיידל האָט געקוקט אויף אים מיט איר „וואויל־מיידלשקייט”, אוןביידע האָבן זיך צעשמייכלט און גלייך נאָכדעם, האָט דאָס מיידל אַ זאָג געטאָן צו אים :

— סקאַזשיטע יעמו טשאָ ניבוד !

ער זאָל מיר עפּעס זאָגן, וואָס דאָס האָט געמיינט, ער זאָל מיך אויסשטראָפן, וואָס איך בין אַזעלכער. ער האָט חבריש געגעבן אַ לייג אַוועק אַ לאַפּע אויף מיינעם אַן אַקסל און אַ זאָג געגעבן :

— יונה, ס׳דאָ אַ סך אַזוינע ?

— ניין, מיר האָבן נאָך אַזעלכעס ניט געהאַט ! — האָט זיך דער באַלעבאָס אָפּגערופן — איך בין שוין באַלד פערציק יאָר מייסטער, אָבער אַזאַ אַנטיק האָב איך נאָך ניט געהאַט !

— כ׳ווייס ניט — האָט זיך מיין בן־עיר, פריינט און חבר, אָפּגערופן, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרגלעטן די ווערטער, וואָס ער האָט אָקאָרשט געזאָגט וועגן מיר — כ׳ווייס ניט וואָס מיט אים איז דאָ געשען. אַזוי לאַנג ווי איך געדענק, איז ער געווען זייער אַ „ספּאָקאָינע” יינגל און געהאַט אַ גוט קעפּל צום לער־נען !

— אַ קעפּל ער סי האָבן דאָ אויכעט אַ גוטס — האָט זיך אָפּגערופן דער כבוד פּה, — סי גאָר ניט גוט וואָס מיין סי אַלע־מען קליגער.

— אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט — האָט די באַ־לעבאָסטיטשקע איר פּיסקעלע אַריינגעשטופּט און דערביי אַ קוק געוואָרפן אויף דער אַלטער, ווי זי וואָלט פון איר געוואָלט הערן עפּעס אַ גוט וואָרט וועגן מיר, און גלייך אַריבערגעפירט די אויגעלעך אירע אויפן טעכטערל : — מיר האָבן אים ביידע ניט געוואָלט ! — און פאַרוואַרפנדיק אַ ביטערן קוק אויפן באַלעבאָס, צוגעגעבן : — נאָר ער האָט מיר ניט געוואָלט פאָלגן.

ווי גוט און ווי אַנגענעם דאָס אַלץ איז מיר געווען צו הערן, ווען דערביי איז געשטאַנען מיין פריינט און חבר!

— גיי שוין, גיי אין דער ערד מיטן קאָפּ! — האָט זיך דער באַלעבאָס צולעצט אָפּגערופן — גיי צום וואַרשטאַט, גיי!

און געזען, אַז איך ריר מיך פון אָרט ניט, האָט דעם באַלעבאָס׳ בן מיך געגעבן אַ נעם אָן מיטביידע לאַפּעס ביי ביידע אַקסלען ביי מיינע און מיר געגעבן אַ „אונטערקלעצל” און מיך געגעבן אַ שטויס אַרויס פון פאַרהייזל אַרויס. אָבער איך האָב מיך גלייך געגעבן אַ כאַפּ אַריין צוריק און געגעבן אַ כאַפּ אָן מיין אומגליקלעכן ברודער ביי ביידע לאַצן פון זיין יום־טובדיקן רעקל, אַ טרייסל געטאָן מיט אים, און אויסגעשריגן מיט אַלע כוחות, וואָס איך האָב אין זיך געהאַט:

— צו ווּעמען האָסטו מיך פאַרקויפט, צו ווּעמען, אַ? צו ווּעמען?...

און זיך צעיאָמערט מיט אַ יאָמערלעך געוויין. — — — —

ו

קענענדיק מיין באַלעבעסל, וואָס פאַר אַ נוקם ונוטר ער איז, בין איך געווען זיכער, אַז נאָכדעם ווי די געסט מיינע וועלן אַוועקגיין, וועט ער זיך אָפּרעכענען מיט מיר פאַר אָט דער אָפענער מרידה מיינער אַנטקעגן אים. אָבער דאָס האָט קעגן מיין דערוואַרטונג, ניט פּאַסירט. ערשט אויף מאָרגן, גאַנץ פרי, ווען איך האָב זיך גענומען מכין זיין צו דער אַרבעט, האָט ער בקול רם אויסגעשריגן:

— שטעקעלעך נעם אַרבעטן!

אויף צולהכעיס האָט עס געמיינט. און געמיינט האָט עס אויך באַדאַי זיך ביידע אויגן אַרויסנעמען, אַבי מיר אײנס. ווייל אים האָט זיך ניט געלוינט צו געבן מיר „פרעסן און טרינקען” פאַר די צוועלף מאות אַ טאָג. אָבער איך האָב דאָך געהאָפט, אַז לאַנג וועט ער עס ניט אויסהאַלטן. אַז פריער, צי שפּעטער, וועט ער זיך איבערבעטן און וועט מיך צוריק באַשטעלן ביי דער

אַרבעט, פון וועלכער ער האָט מיך אָפּגעריסן. אָבער ווען ער האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום גענומען ריידן וועגן צונעמען אַן אַרבע־טער, האָב איך איינגעזען, אַז דער כלבניק מיינט עס ערנסט, אַז ער האָט פעסט באַשלאָסן מיך צו האַלטן ביי דער נישטיקער אַרבעט, פאַר דער ירידה פאַר מיינער.

אָבער גם זו לטובה!

ס'איז נאָך געווען אַ שטיקל גליק, וואָס ער האָט מיך ניט באַשטעלט ביי די עמער־הענטלעך, וואָס אַ חוץ דעם, וואָס דאָס איז אויך געווען ניט קיין געהויבענע אַרבעט, וואָלט מיר גאָרנישט אַראָפּגעפאַלן פון איר. ביי די שטעקעלעך איז מיר כאָטש אַראָפּפאַלן אַ פּאָר גילדן אַ וואָך, און נאָך אַ מעלה האָבן די שטעקעלעך געהאַט, וואָס מ'האָט ניט באַדאַרפט צולייגן קיין כוחות צו זיי. ניט קיין כוח און ניט קיין מוח. מילא, איז דאָס אויך געווען אַ שטיקל נחמה...

דערווייל בין איך מיר אָנגעגאַנגען מיט מיין אַרבעט, מיט די שטעקעלעך, און מיט די גנבות מיט מיינע, דאָס מיינט מיטן אַרויסטראָגן די שטעקעלעך פאַרקויפן. איך האָב עס שוין דער־ציילט אָבער איך האָב פאַרפעלט צו דערציילן וויפיל געפאַרן ס'האָבן געלויערט אויף מיר אין אָט דער מלאכה. געפאַר נומער איינס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב דעם באַלעבאָס צוגעשטעלט בלויז די צוועלף מאות (אַמאָל מער מיט אַ מאה, צי מיט אַנדערהאַלבן, וואָס איז שוין געווען אַ קליינער אונטער־שייד), האָב איך דאָך פונקט געאַרבעט די זעלבע שעהן און פונקט אַזוי אַרויסגעזעצט פון זיך די נשמה, ווי דעמאָלט, ווען איך האָב מיך שוין געהאַט דערלאַנגט צו זיבצן, אַכצן און צוואַנציק מאות אַ טאָג.

איז דאָס נומער איינס געפאַר. נומער צוויי איז באַשטאַנען אינם „מאַטעריאַל", אינם האָלץ, מיינט עס. מ'האָט ניט געקאָנט וויסן פינקטלעך וויפיל שטעקעלעך ס'האָט געקענט אַרויס פון אַ פוד האָלץ, ס'האָט געקאָנט כאַפּן אַמאָל מיט צוויי דריי מאות מער, אַמאָל מיט צוויי־ דריי מאות ווינציקער. ס'האָט זיך גע־ווענדט אָן דער קוואַליטעט פון האָלץ און אינם שפּאַלטן די העל־צעלעך פאַר די שטעקעלעך. און אויב איך האָב זיך „געשניטן

די פינגער״ און אויסגעשפּאָלטן פון אַ פּוד האָלץ מער מיט צוויי־דריי מאות, איז דאָס אָבער אוממעגלעך געווען אויסצו־שפּאַלטן מיט פינף, זעקס, זיבן און אַכט מאות מערער.

און איצט קומט נומער דריי. איך האָב דאָרטן געהאַט דער־ציילט, ווי איך בין אַלעמאָל געווען צוגעבונדן צו דער „ראַבאָ־טשע״, אפילו ווען איך האָב ניט געאַרבעט, און ווען מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויף אַ ווײַלע אין אָוונט נאָך דער אַרבעט, זיך אַרויסכאַפּן פאַרן טויער, האָב איך באַדאַרפט נעמען די דער־לויבעניש פון וועמען עס איז פון די מושלים פון מיינע. און ניט אַלעמאָל האָב איך עס געקריגן. און איצט קאָן מען זיך שוין פאַרשטעלן, ווי איך האָב געקאָנט האַלטן די נשמה מיינע אין די זשמעניעס, ווען איך בין נעלם געוואָרן אויף אַ דריי פערטל שעה, וואָס דער וועג צום „פּאסער״ און צוריק האָט גענומען ? די געפאַר איז דאָ באַשטאַנען ניט אין דער גנבה, נאָר ס׳וואָלט געווען גענוג, ווען מ׳וואָלט זיך געכאַפּט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, אַז איך ווער פאַרפאַלן אויף אַזאַ לאַנגער צייט, וואָלט איך סיי ווי שוין געווען אַ פאַרשאָטענער..

אַלזאָ דריי געפאַרן. מיט איינער פון זיי, האָב איך זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, און דאָס איז דער מאַטעריאַל. איך האָב פּשוט גענומען מיט עטלעכע פונט האָלץ מער און, נאַטירלעך, האָב איך אַליין באַצאָלט די עטלעכע קאָפּיקעס פאַר די איבעריקע פאַר פונט האָלץ. אָבער וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך מיט די איבעריקע צוויי אומגליקן ?

און אָט בין איך דורך אַן אומדערוואַרטעטן צופאַל באַפרייט געוואָרן פון אַ צווייטער צרה.

איינמאָל, שפּעטלעך אין אָוונט, ווען איך בין געשטאַנען ביי דער טיר פיקס און פאַרטיק זיך צו לאָזן אין מיין וועג, מיט פולע „אונטערגרונטן״ פון מיין טיזליק (אין וועלכן איך האָב אַליין אויפגעריסן די קעשענעס, בכדי צו מאַכן מער פּלאַץ אונטער די פּאָלעס, פאַר די שטעקעלעך), איז אין דעם מאָמענט, ווען איך בין געשטאַנען אַ גרייטער, מיט די פּאָלעס צו פאַרלאָזן די „ראַבאָ־טשע״, האָט זיך מיט ליכטיקייט און וואַרעמקייט די טיר פון

פאַרהייזל געעפנט, און ס׳האָט זיך מיר געגעבן א ווייז אַריין זי אַליין, דאָס טעכטערל.

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער. די קני האָבן זיך גענומען בויגן און ציטערן. די פינגער פון מיינע הענט האָבן גע־נומען גליווערן, און איינצייטיק האָב איך דערפילט ווי עפּעס א וויסטע פאַרניכטונג האָט מיר אַ פאַרניכטעווע געטאָן, און ווי קליין איך בין געווען, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין נאָך קלענער געוואָרן, דערפאַר אָבער — די פּאָלעס! זיי, האָט זיך מיר געדאַכט, זיינען נאָך גרעסער, אָנגעפּוישטער געוואָרן, ווי עפּעס אַ גרויס געשווילעכץ וואָלט מיר דאָרטן אַרום די קני אַרום מיינע אַרויס.

— דו קלייבסט זיך ערגעץ צו גיין, זע איך — האָט זי מיר אַ פרעג געטאָן מיט אַ גאַנץ געמיטלעכן טאָן, צוגייענדיק צו מיר.

איך האָב געשוויגן, געקוקט אויף איר, כאָטש געזען האָב בלויז דעם סילועט אירן.

— וואָס שווייגסטו? — האָט זי נאָך אַ קורצער פּויזע אַ פרעג געגעבן.

— כ׳ווייַ?... כ׳ווייס אַליין ניט — האָב איך גענומען שטאַמלען — געוואָלט זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ מינוטקעלע פאַרן טויער.

איך בין געווען זיכער, אַז אָט, אָט וועט זי אַ טאָפּ געבן די פּאָלעס מיינע און זי וועט שוין פאַרשטיין וואָס פאַר אַן אַרויס־כאַפּן זיך פאַרן טויער איך קלייב מיך אַרויסצוכאַפּן. ערשט, אַז זי גיט דאָ מיר אַזאַ פרעג:

— דו וועסט מיר פאָלגן, ווען איך וועל דיך ערגעץ שיקן?

— אַ —גאַנג? — האָב איך אַן אויפגעריכטער אַ פרעג געגעבן.

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי פון בוזים אַרויס אַרויסגעצויגן אַ קאָנווערט, וואָס האָט זיך מיט פּירעקיקער ווייסקייט געגעבן אַ שנייד איין אין געדיכטן חושך, און דערביי געזאָגט מיט אינטימער וואַרעמער געמיט־לעכקייט:

— נאָ, ווערסט נעמען אָט דעם בריוו און ווערסט אים צו־טראָגן אַהינצו, ווייסט דאָך וואַוהין. אַהין, וואוהין מ׳האָט דיך געשיקט זען צי איך בין דאָ. זאָלסט פרעגן אויף יעפים פערלמאַן, דו הערסט? יעפים פערלמאַן, און טאָמער וועט מען דיר זאָגן, אַז ער איז ניטאָ און מ׳וועט דיר הייסן איבערלאָזן דעם בריוו, זאָלסטו ניט, דו הערסט? זאָלסט אים מיר ברענגען צוריק!

ס׳איז ניט קיין מוז צו זיין פאַרליבט אין אַ מיידל, אַז דו זאָלסט זיך דערפילן, ווי אַפגעכלאָיפּעט מיט אַ פּאָמאַיניצע, ווען אַ מיידל שיקט דיך דורכצופירן אַזאַ שליחות, און עס איז אַזוי גוט ווי זיכער, אַז אויך איך וואָלט דאָס נעמלעכע געפילט, נאָר דאָס גרויסע גליק, וואָס כ׳האָב אויסגעמיטן אַזאַ אומגליק, איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב ענטוזיאַסטיש אויסגערופן:

— פאַר אייך, מאַניטשקע, אפילו אין פייער און אין וואַ־סער!...

זי האָט מיך אָנגעקוקט. ניט געזען אירע אויגן, נאָר דאָס אָנקוקן אירס מיך האָב איך געזען. נו, געוויס, פאַר איר איז דאָס געקומען גאַנץ אומדערוואַרטעט, ווייל איך האָב גאַנץ פיין גע־קענט זיך אָפּזאָגן פון אָט דער שליחות. איך האָב איר בלויז געפרעגט, וואָס וועט זיין, אַז מ׳וועט זיך דאָ כאַפּן, אַז איך בין ניטאָ.

— זאָל דיר ניט אַרן, איך וועל „אַטוועטשאַיען״! — איז זי דאָ גלייך אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער.

איך האָב ביי איר אַ פרעג געגעבן, צי איז זי גרייט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אפילו דעמאָלט, ווען זי וועט מיך ניט האָבן געשיקט און מ׳וועט זיך כאַפּן, אַז איך בין ניטאָ, און מיך אויסגעהערט האָט זי און אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט:

— אפשר האָסטו אַ שיינע? (האָבן אַ מיידל, ס׳האָט גע־מעגט זיין ניט קיין שיינע, האָט געהייסן האָבן אַ „שיינע״ און דאָס זעלבע האָט געמיינט אַ „שיינער״, ווען אַ מיידל האָט גע־האָט אַ בחור).

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. הגם פאַר אַ לערן־יונג איז דאָס גאָרניט געווען קיין גוטע „רעקאָמענדאַציע״. מיט „אַזעל־כע זאַכן״ האָט אַזעלכער באַדאַרפט פונקט אַזוי און אפשר נאָך

מער פֿאַרזיכטיקער זיין, ווי מיט רויכערן. אָבער איך בין דאָ גע־גאַנגען אויף אַן אייזערנער בריק, אַז זי וועט מיך ניט אויסגעבן. ווייל איך האָב זי דאָך אויך געקאַנט פֿאַרשיטן...

נאָך דעם ענטפֿער, וואָס זי האָט געקריגן, צי ריכטיקער געזאָגט, נאָך דעם, וואָס איך האָב מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ באַ־שטעטיקט די פֿראַגע אירע, איז אַוועק אַ היפּשע פּויזע. צולעצט האָט זי זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ:

— אי האַפּקאַ ליודי !...

דאָס איז גויאיש ווערטל, מיט וועלכן יידן פֿלעגן זיך באַנוצן ניט ווינציקער ווי גוים. דער טייטש דערפֿון איז „האַפּקע איז אויך צו לייטן גלייך" (האַפּקע איז אַ נאָמען פֿון אַ גויע). און גלייך ווי זי האָט אָט דאָס ווערטל אָפּגעזאָגט, האָט זי מיט איין האַנט אַרויסגעכאַפּט דעם קאָנווערט פֿון מיינע הענט, וואָס איך האָב געהאַלטן אין איין קאָנטעווען פֿון איין קאַנט אויפֿן צווייטן, אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פֿון מיין קאָפּ, און אַריינגעלייגט דעם קאָנווערט אין היטל אריין, און מיר עס צוריק אָנגעטאָן, האָט זי ליבלעך און פֿריינדלעך געזאָגט:

— גיי, גיי, ס׳ווערט שפּעט !

און ווען איך בין געווען פֿון יענער זייט טיר, האָט זי אויסגערופֿן:

— דאָסווידאַניע, מילאָיע סאָזדאַניע ! צעלאָוואַטסיאַ ניעקאָג־דאָ !

ווען אַ מיידל האָט זיך פּאָר אַ יינגל געוואָלט מיט „וואויל מיידלשקייט" באַווייזן ווי ווייט זי האָט אים אין באָד, האָט זי אים אָט די ווערטער געלאָזט הערן, וואָס דער טייטש פֿון זיי איז „אויף ווידערזעהן, טייער, ליב, באַשעפֿעניש, קושן זיך איז קיין צייט נישטאָ". נו. מיין איך, אַז ס׳איז שוין איבעריק צו זאָגן, אַז וואָס שייך מיך, איז דאָס אפֿילו ניט נויטיק געווען צו זאָגן, ס׳הייסט, אַז זי האָט מיך אין באָד. שוין מיט דעם אַליין, וואָס זי האָט מיך געשיקט מיט אָט דער שליחות צו איר געליבטן, האָט עס נאָך מער ווי דאָס באַוויזן. יאָ, ס׳האָט באַוויזן, אַז זי האָט מיך טיף אין דער אדמה... און אויב אַן אַנדערן וואָלט אָט דאָס חכמהלע באַדאַרפֿט איבערצייגן ווי ווייט ס׳האַלט דערפֿון, אַז דאָס מיידל

זאָל אים קושן, האָט עס דאָ, ביי מיר, געהאַלטן נאָך ווייטער פון ווייט... ס׳האָט געהאַלטן ביי גאָרנישט... ס׳האָט געהאַלטן ביי דעם זעלביקן, ווי ווען זי האָט זיך אויף אַנדערע אופנים איזדע־קעוועט אין מיר. און אויב איינעם, וואָס האָט פיל מאָל געקריגן אָנגעשפּיגן אין פּנים אַריין מיט פּשוטן שפּייעכץ, קאָן אנגענעמער זיין ווען אָט די זעלבע (צי דער זעלביקער) האָט אים אָנגעשפּיגן מיט שאָקאָלאַד, נו, איז אויף אַזוי פיל בין איך אויך צופרידן גע־ווען... יאָ, דאָס איז מיר אָנגענעמער געווען צו הערן ווי די פריער־דיקע חוזקן אירע, הגם דאָס איז אויך געווען חוזק... און אין אָט דעם גרויסן גליק, מ׳שטיינס געזאָגט, האָב איך דערפילט, אַז מיין אומגליק, פאַר וועלכן איך האָב אַזוי מורא געהאַט, אַז דאָ הויבט זיך עס אָן. איך האָב דערפילט, אַז איך בין שוין צו דער מויד ניט גלייכגילטיק, אַז איך הויב אָן מעוברת צו ווערן מיט יענע גע־פילן, וואָס ווערן אָנגערופן ליבע, און אַ מעוברתער מיט די גע־פילן, בין איך עס געלאָפן מיט דעם בריוועלע מיט אירן איבער־צוגעבן דעם געליבטן אירן. — — —

ז

ווי גייט דאָרטן דאָס ווערטל: „צו להכעיס איז אַ געשמאַ־קער ביסן”. אויב ס׳איז פאַר דעם יידן רעכט געווען אויס שנאה צו די אַרבעטער זיי ניט וועלן האַלטן, האָט ער דאָ, אויס שנאה צו זיין לערך־יונג, און צוליב באַווייזן מיר וואָס ער קאָן, טאַקע צוגענומען אַן אַרבעטער. אָבער דער „שיקזאַל” האָט אַזוי געוואָלט, אַז דורך דעם זאָל דווקא מיר אַרויסקומען אַ טובה. יאָ, אויף אַזאַ אַרבעטער האָט ער אָנגעטראָפן! באַלד דערקענט, אַזוי ווי דער־אַ האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון „ראַבאַ־טשע” און אַ פרעג געגעבן צי מ׳דאַרף אַן אַרבעטער, האָב איך גלייך דערקענט, אַז דער איז עפּעס גאָר פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. שוין אינם טאָן אַליין, ווי ער האָט די פראַגע געשטעלט, האָב איך עס דערקענט. אַלע, וויפיל זייעריקע ס׳זיינען געקומען פרעגן אויף אַרבעט, האָבן געפרעגט מיט הכנעה, פּונקט ווי זיי

וואָלטן געקומען אַ נדבה בעטן. דערצו איז ער געווען אַזוי פיין, סאָליד אָנגעטאָן.ביידע עקן פונם שאַליקל, וואָס ער האָט אויפן האַלדז געטראָגן, זיינען געווען פאַרשטעקט הינטער דעם מאַנטל, ניט ווי ביי אַלע אַנדערע, וואָס איין עק איז געווען מעשה־שאַל־טעק פאַרוואָרפן אַרונטער. און דאָס באַראַשקענע קוטשמעלע איז ניט געווען אויסגעשמירט מיט אויל, ווי פיל זייערי־קע האָבן עס געטאָן, עס זאָל גלאַנצן און מ׳זאָל מיינען, אַז ס׳איז קאַראַקול. ער איז געווען גלאַט אַרומגעגאָלט (אין מיטן דער וואָך) און די וואָנסעלעך זיינען ניט געווען פאַר־דרייט מיט קיין „פיקסטואר”, ווי יעדער איינער פלעגט זיך לאָזן פאַרדרייען נאָכן אַרומגאָלן זיך. די באַקן זיינען אַפילו ביי אים געווען איינגעפאַלן, אָבער זיי האָבן דאָך ניט געמאַכט יענעם איינדרוק, וואָס אַן אָפּגעצערט פנים קאָן מאַכן, ווען דאָס קומט פון פיזישן הונגער. די אויגן פלעגמאַטיש אומעטיקע, אָבער איינ־צייטיק אַזעלכע וואַרעמע, וואָס דאָס איז צו מאָל צו באַמערקן ביי מענטשן מיט וואַרעמע הערצער, און אויך אינם קול אין זיינעם האָט זיך אַ וואַרעמקייט געפילט.

— באַדאַרפן אַן אַרבעטער באַדאַרף איך! — איז דער באַלעבאָס נאָך אַ לענגערן ישוב אַרויסגעקומען מיט אַן ענט־פער, וואַרפנדיק אין דער צייט אַ וויסטן בליק אין מיין זייט אַריין — נאָר...

דאָ איז אים דער בן זיינער געקומען צו הילף:

— פרעג צי סי ווען ער אַרבעטן שטיק (פונם שטיק).

— פאַר מיר איז דאָס נאָך בעסער! — האָט דער אַרבע־טער גלייך מסכים געווען.

אַז דער ערשטער איינדרוק, וואָס איך האָב וועגן אים באַ־קומען, האָט מיך ניט אָפּגענאַרט, בין איך געוואויר געוואָרן דעם ערשטן טאָג וואָס ער האָט זיך ביי „אונדז” באַשטעלט אַר־בעטן. איך האָב פריער געהאַט געזאָגט, רעדנדיק דאָרטן וועגן די צוויי אַרבעטער, וואָס האָבן דעם פאַרגאַנגענעם זומער ביי „אונדז” געאַרבעט די עטלעכע וואָכן, אַז זיי האָבן זיך גאַנץ פיין געלאָזט באַדינען. דער אָבער האָט דעם ערשטן טאָג, די ערשטע פאָר שעה נאָך דעם וואָס ער האָט זיך ביים וואַרשטאַט

באַוויזן, אַז ער איז אַ יוצא מן הכלל. ער האָט מיך געפרעגט וואו מ׳קען דאָ קריגן אַ גלאָז וואַסער, האָב איך מיך גלייך גע־געבן אַ שפּאַן אויס פון וואַרשטאַט און געוואָלט גיין אים דער־לאַנגען אַ טרונק, ער אָבער האָט מיך אויפן אָרט אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— דו זאָג מיר נאָר וואו, נעמען וועל איך מיר שוין אַליין!

פיין, אַ? דאָס איז נאָך גאָרניט. ער האָט נאָך באַוויזן אַ פיינערע פיינקייט, וואָס האָט מיך נאָך מער איבערראַשט, ווען ער איז אַריינגעקומען פון קיך מיט אַ גלאָז וואַסער און מיר צוגעטראָגן און גאַנץ נאַטירלעך, ווי ס׳וואָלט געווען נאַטירלעך, אַ פרעג און אַ זאָג געגעבן:

— נאַ, ווילסט?

איך מיין, אַז יעדער איינער קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס איי־נער, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געבלאָנדזשעט אין וואַלד, קאָן דערפילן, ווען ער דערזעט פאַר זיך פּלוצלונג מענטשלעכע טריט. דאָס זעלביקע האָב איך דערפילט, ווען ער האָט מיר דאָס גלאָז וואַסער צוגעטראָגן און מיר געגעבן צו טרינקען. איך בין אַזוי פאַרשאַלאַפּיעט געוואָרן, אַז איך האָב פאַרגעסן צו טראַכטן, צי ווילט זיך מיר טרינקען צי ניט, איך בין אינגאַנצן געווען פאַר־כאַפּט פון אָט דער נאָבעלער האַנדלונג פון זיינער, און אים גע־לאָזט שטיין און זיך האַלטן מיט דעם גלאָז וואַסער, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל איך עס נעמען, צי ניט, און דערביי אַ מורמל געטאָן:

— אַ שיינעם דאַנק!

— וועסט שפּעטער דאַנקען! — האָט זיך דער אַרבעטער אָפּגערופן מיט אַן איראָניש שמייכעלע, ווידער און אָבער שטעקנ־דיק מיר דאָס גלאָז וואַסער, און איך, שוין וויסנדיק, אַז מיר ווילט זיך ניט טרינקען, האָב זי ביי אים איבערגענומען און גע־נומען גיסן אין זיך דאָס וואַסער, און מיט יעדן שלונג, וואָס איך האָב געגעבן, האָב איך געהאַט דאָס געפיל ווי איך וואָלט אַ קאַלטע פּליסיקע נאַרישקייט אין זיך אַריינגעגאָסן.

— דו וועסט אים מיר צעלאָזן! — האָט זיך דער באַלעבאָס

פון זיין וואַרשטאַט, אָפּגערופן צום אַרבעטער, מיט אַ סאַרקאַס־טיש שמייכעלע.

— און דער סי נעמען ווי אַ בלינד פערד! — האָט זיך דעם באַלעבאָס' בן גלייך נאָכן באַלעבאָס אָפּגערופן.

דעם ווי יענעם, איז דאָס, נאַטירלעך, ניט געגאַנגען אינם האַ־נאָר פונם אַרבעטער, נאָר אין דעם, וואָס דעם לערן־יונג ווערט עס אָט דער כבוד צוגעטיילט, און דער אַרבעטער האָט עס, קאָנטיק, פאַרשטאַנען, ווייל ער האָט זיי ביידן גלייך אָפּגעענטפערט מיט אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע:

— מילא, זאָל עס אים וואויל באַקומען!...

דאָס איז געווען דער ערשטער „פּאַטשאַטאַק”. און וואָס אַ טאָג ס'איז אַוועק, האָב איך אַלץ מער און מער איינגעזען, אַז ער פלייסט זיך אַלץ צו טאָן, אַלץ וואָס איז מעגלעך געווען אונ־טער די אומשטענדן, איך זאָל אין אים דערפילן אַ נאָענטן מענטשן. און זיי, די לייט מיינע, האָט עס, נאַטירלעך, ניט געשמעקט. אפילו די האַלבע צונג און פערטל אידיאָט האָט אויך שכל געהאַט צו וואָרענען דעם אַרבעטער, ער זאָל מיט מיר ווינציקער מאַכן פאַני־בראַט. יאָ, ער האָט טאַקע אַזוי געזאָגט:

— דו סי מאַכן אים ווינציקער פאַן־בראַט, אַ ניט שפּעטער דיר קריכן אויפן קאָפּ!

דער אַרבעטער האָט זיך געגעבן אַ דראָדל אָן און גלייך אַרויסגעקומען מיט אַזאַ ענטפער:

— זאָל קיינעם מיין האָנאָר ניט אַרן, און, צווייטנס, וועל איך בעטן מיך נישט צו דוצן!

אויך דעם באַלעבאָס טעכטערל איז מיט אים שטאַרק ניט צופרידן געווען. זי האָט זיך מן הסתם געהאַט אירע אייגענע חשבונות. ווייבערשע, פאַרשטייט זיך... נו, יאָ, ווייל ער האָט איר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשענקט און אַזאַ אַנטיקעלע ווי זי האָט עס ניט געקענט אַראָפּשלינגען. זי האָט אים טאַקע גע־קענט האָבן אין באָד, ס'הייסט אַלס אַרבעטער. זי האָט אויף דעם מין געקוקט פון אויבן אַראָפּ, כאָטש זי אַליין איז געווען אַ בעל־מלאכהס אַ טאָכטער. אָבער איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מחותן. איר האָט געקאָנט קאַראַבען, וואָס ער קוקט זיך

ניט אום אויף איר, וואָס ער איגנאָרירט זי, גאָרניט, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָר קיין מיידל אין שטוב ניט געווען. און אַז דאָס איז ניט קיין בלויזע השערה, קען מען אַרויסזען פון די פאָלגנדע ווערטער, וואָס זי האָט צו מיר איינמאָל געגעבן אַ זאָג:

— ער מיינט, אַז ער איז אַ גאַנצע שישקע, מיינט ער! מ׳האָט שוין געזען אַזעלכע!

איך האָב איר געגומען צו באַווייזן, אַז יענער איז גאָר אַזוינס און אַזעלכס, און דערמיט בדעה געהאַט צו כאַפּן צוויי האָזן מיט איין שאָס. ערשטנס, האָב איך טאַקע געוואָלט איר באַווייזן, אַז ער איז טאַקע יאָ דאָס וואָס זי זאָגט אַז ער איז ניט (אַ שישקע) און, צווייטנס, האָט זיך עס פאַר מיר בעסער געלוינט צו דערהויבן אים אין אירע אויגן, ווייל מיט דעם וואָס איך וועל אים ביי איר אין אירע אויגן דערהויבן, וועל איך במילא דורך דעם עטוואָס אויך ביי איר דערהויבן־ווערן... ווייל אויב ער, אַזעלכער ווי איך, האָב מיך געסטאַרעט פאַר איר אים פאַרצור־שטעלן, קאָן זיין מיט מיר פאַן־בראַט, איז קאָן עס איר דאָך דינען פאַר אַ באַווייז, אַז איך בין גאָרניט אַזאַ גאָרניט ווי „זיי" דאָ האַלטן מיך... און אַזוי ווי איך האָב פאַרדעכטיקט, אַז זי איז אָנגעצויגן אויף אים דערפאַר וואָס ער שענקט איר ניט קיין אויפמערקזאַמקייט, האָב איך איר אַריינגעלאָזט אַ גריל, אַז זי אים געפעלט זייער...

— ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט!...

זי האָט מיך געגעבן אַ שטופּ אָפּ פון זיך מיט ביידע הענט און האָנאָריסטע אַ מורמל געטאָן:

— גיי, גיי! ס׳אינטערעסירט מיך ניט!...

און איך גלייך נאָך דעם:

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז איר האָט אַזעלכע צוויי אויגן ווי צוויי שטיקער פייער!...

— גיי, גיי! — האָט זי שוין מיט אַ מילדערן טאָן געזאָגט, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — איך קוק ניט אַרויס אויף אַזעלכע!

דער שמועס איז צווישן אונדז פאָרגעקומען אין אַ צוויי וואָכן אַרום נאָך זיין אָנקומען, אין איינעם אַ פרייטאָג, ווען

איך האָב דאָרטן אין שטוב געהאַלטן אין וואַשן די פּאָדלאָ־געס, און זי האָט געווישט מיט אַ ווייס שמאַטקעלע דעם שפּיגל און פון צייט־צו־צייט אָנגעהוקעט אויף אים, צולייגנדיק די ראָזע ליפּן אירע צום גלאָז. דאָס איז אָפּילו ניט נויטיק געווען, דאָס צולייגן די ליפּן האַרט צום גלאָז, און איך האָב פאַר־דעכטיקט, אַז זי טוט עס גאָר צוליב עפּעס אַנדערש, בכדי צו באַהעפטן אירע ליפּן מיט די ליפּן פון דער אָפּשפּיגלונג פון איר, און דאָס האָט געמיינט, אַז זי האָט זיך געקושט מיט זיך.. און דאָס האָט מיך אויפגערעגט... צי איז זי טאַקע דאָס אויסן געווען? מעגלעך! אַז זי האָט מיך ניט געקענט פייניקן מיט איז־דעקעוון זיך איבער מיר, ווי זי האָט ער פריער געהאַט געטאָן, האָט זי... כ׳ווייס? אויף זיכער ווייס איך ניט... סיי ווי האָב איך דאָ ערשט מיט מער היץ און נאָך מיט מער פייער זיך פאַר־נומען טאָקן איין ליגן נאָכן אַנדערן, ווי דער אַרבעטער האָט וועגן איר דאָס געזאָגט און יענס געזאָגט, און כאָטש זי האָט מיך איין מאָל און אַ צווייטן איבערגעריסן און געזאָגט, אַז ס׳אינ־טערעסירט איר ניט, האָב איך דאָך דאָס מייניקע פאָרגעזעצט. נו, יאָ, וואָס האָב איך מורא געהאַט? דאָס איז דאָך געווען דערציילט בשם אומרים, אַז ער האָט דאָס אַלץ געזאָגט, ניט איך... איך האָב אפילו חשק געהאַט איר צו זאָגן, אַז ער איז פאַרליבט אין איר... אָבער איך האָב מיך אין לעצטן מאָמענט אָפּגעהאַלטן און האָב איר גאָר עפּעס אַנדערש דערציילט, אַז ער, דער אַרבע־טער, האָט מיך איינגעלאַדן, איך זאָל שבת קומען צו אים אין טראַקטיר, מיט אים טיי טרינקען...

— אָ־אָ! — האָט זי אויסגערופן, און דערביי געגעבן אַ הוקעווע אין שפּיגל אַריין.

וואָס דער „אָ־אָ" האָט באַדייט, האָב איך זייער גוט פאַר־שטאַנען. נו, אַוודאי איז דאָס געווען אַ גרויסע זכיה, אַז אַן אַרבעטער זאָל פאַרבעטן אַ לערן־ייִנגל, ער זאָל קומען צו אים אין טראַקטיר אַריין מיט אים טיי טרינקען. אָבער ס׳איז מעגלעך, אַז אין דעם „אָ־אָ" האָט נאָך עפּעס געשטעקט. ס׳איז מעגלעך, אַז זי האָט זיך דאָ אַ ביסעלע געפּילט געטראָפן וואָס איינער אַזעלכער וואָס האַלט אַזוי פון איר, זאָל זיך אַזוי

אַראָפּלאָזן און פאַרבעטן אַזאַ גאַרניט זאָל קומען צו אים אין טראַקטיר. זי האָט זיך טאַקע פון די אַלע זאַכן, וואָס איך האָב איר אָנגעדערציילט וועגן אים, וואָס ער האָט גערעדט וועגן איר, געקאָנט מאַכן אַ גרויסן צימעס, אָבער איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מחותן, זי האָט דאָ געקאָנט איינזען אַ פּחיתת הכבוד, וואָס דער זעלביקער, וואָס האַלט אַזוי שטאַרק פון איר, זאָל זיין אַ גאַנצער שמעלקע מיטן לערן־יונג (אַזוי שטעל איך עס מיר יעצט פאָר). און געזען ווי שטאַרק איבער־ראַשט זי איז דערפון, האָב איך מיך געגעבן אַ הויב אויף מיט דער שמאַטע אין די הענט און געלאָזט זיך צאַפּן די ברור־דיקע וואַסער אין עמער אַריין, האָב איך צו דער אָפּשפּיגלונג פון איר אין שפּיגל מיט פּאָמפּע אויסגערופן:

— און ווייסט איר, וואוהין אין אַ וואַסער טראַקטיר? אין „אַריאַל!"

„אַריאַל" איז געווען אַ באַוואוסטער טראַקטיר, וואָס פלעגט באַזוכט ווערן פון אַ מער געקליבענעם עולם. יאָ, אַריינגיין האָט טאַקע געקאָנט ווער ס'האָט געוואָלט. פאַר די אַכט, צי צען קאָפּיקעס האָט יעדער איינער געקאָנט זיין אַ „געקליבענער", נאָר די מעשה איז וואָס דאָרטן זיינען ניט פאַרקויפט געוואָרן קיין שאַרפע משקאות, דאָרטן האָט מען בלויז טיי געטרונקען, און במילא האָבן אים די יעניקע, וואָס האָבן ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, אויסגעמיטן, און דערפאַר זיינען דאָרטן קיינמאָל קיין בוטשעס און קיין סקאַנדאַלן ניט פאָרגעקומען.

— ווען אינטערעסירט עס? — האָט זי גאָר פּלוצים טראַנצעוואַטע געגעבן אַ פרעג, און נאָך דעם גלייך געגעבן אַ לויף אַרויס פון שטוב, און זיך באַוויזן אין אַ ווײַלע אַרום מיט די קאַלאָשן מיט אירע, האָט זי זיי מיר געגעבן אַ וואָרף־צו און געזאָגט:

— נאַ, דו נעם בעסער און וואַש מיר אָפּ די קאַלאָשן, וועט זיין בעסער, ווי דאָס שטיין דיינס און מיר דערציילן מעשיות...

וואַשן איר די קאַלאָשן וואָלט איך סיי־ווי באַדאַרפט, ווי איך האָב עס געטאָן אַלע שבת אינדערפרי, פאַר איר און פאַרן

גאַנצן געזינדל, און די שיך אָפּגעפּוצט (נאָך אַ גליק וואָס די באָבע איז געווען אַ געליימטע, אַנדערש וואָלט איך נאָך אירע קאַלאָשן, ווען זי וואָלט אַזעלכע געהאַט, און אירע שיך באַדאַרפט געווען פּוצן), נאָר פאַרדראָסן האָט מיך, וואָס זי איז מיר פּונקט אין דעם מאָמענט, וואָס איך האָב איר דערציילט פון דער גרויסער עליה פון מיינער, האָט זי מיך מכבד געווען מיט דעם כיבוד, וואָס דאָס מיינט „אַריינגעפּאָרן מיט די קאַלאָשן אין האַרצן אַריין" און איך האָב מיך טאַקע גאַנץ פיין אָפּגעוואָרפן פון דער אַרבעט.

— מאָרגן! — האָב איך אַ בורטשע געטאָן, צוריק אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף אַלע פיר און זיך פאַרנומען צו פאַרענדיקן מיין אַרבעט.

— וואָס איז דיר פאַר אַ חילוק? וועסט מיר היינט אָפּוואַשן, וועסטו מאָרגן ניט.

איך האָב מיר פאַרגעזעצט די אַרבעט מיינע, און זי, אַז זי ווערט מיר גאָר פּלוצים ווייך ווי אַ שטיק פּוטער און זאָגט מיר, אַז זי וואָלט מיך ניט געצוואונגען דאָס איצט צו טאָן, נאָר אַזוי ווי זי האָט היינט אַ „סווידאַניע" מיט „אים", אָט מיט דעם זעלביקן, צו וועמען זי האָט מיך צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן מיטן בריוועלע געשיקט, איז דערפאַר וויל זי זיי האָבן היינט אָפּגעוואַשן.

זייער אַנגענעם צו הערן!... איך האָב גלייך נאָך דעם געגעבן אַ לאָז אַראָפּ די שמאַטע אין עמער און זי געגעבן אַ ציַ אַרויס, האָב איך זיך געגעבן אַ צי אויס איבער דער פּאָדלאָגע און כאַפּ־לאַפּ!...

— וואַרט אויס! ס'וועט דיר באַנג טאָן!... — האָט זי אַן אָנגעדראָלטע אויסגערופן און איינצייטיק זיך געגעבן אַ וואָרף אָפּ פון מיר.

פאַרשטאַנען דעם סטראַשונאַק. דאָס האָט געמיינט, אַז זי וועט ברעכן דעם אָפּמאַך אירן וואָס זי האָט געמאַכט מיט מיר (צי איך מיט איר), אַז זי וועט מיך לאָזן גיין צו מיין „שיינער", וואָס איך האָב איר געהאַט געזאָגט אַז איך האָב אַזעלכע, ווען זי האָט מיך געשיקט מיטן בריוועלע צו איר „שיינעם", און דאָס

וואָלט געמיינט, אַז איך וואָלט שוין ווייטער ניט געקאָנט אָנגיין מיט מיינע „גניבות״, נו, האָב איך עס געמוזט טאָן, און זי איז מיר דאָ, אין דער צייט, וואָס איך האָב געוואַשן די קאָלאָשן אירע, איבערן קאָפּ געשטאַנען, טאַקע ממש איבער מיין קאָפּ, אים באַרירט מיטן קורצן קליידל מיט אירן, וואָס זי האָט אַלע־מאָל צו דער שטוב־אַרבעט אָנגעטאָן, און מיך געהיט, איך זאָל איר ניט אָנגיסן קיין וואַסער אין די קאָלאָשן אַריין. איך האָב געפילט די וואַרעמקייט פון איר יונג מיידלשן קערפּער, וואָס האָט פון איר געזעצט, און איך האָב מיך געפילט אַזוי אין דער ערד, אַזוי נידערגעשלאָגן און אַזוי אומגליקלעך...

און ווי ווייט דאָס האָט אויף מיין גאַנצן געמיט געווירקט, קאָן מען זען פון דעם וואָס ווען איך בין אַריינגעקומען אין „ראַבאָטשע״ און שוין געטראָפן דעם אַרבעטער אָן אָנגעטאָנענעם, גרייט אַוועקצוגיין, האָב איך אים געפרעגט, צי האָט ער עס געמיינט ערנסט, דאָס וואָס ער האָט מיר געהאַט געזאָגט, איך זאָל קומען שבת צו אים אין טראַקטיר אַריין.

דער אַרבעטער, אליה איז געווען זיין נאָמען, האָט מיך באַ־טראַכט מיט אַ פאַרשנדיקן, נייגעריקן בליק, און ביי מיר גע־פרעגט וואָס מיר איז פּלוצים איינגעפאַלן, אַז ער האָט עס ניט געמיינט ערנסט. און ניט לאַנג געטראַכט, האָב איך געגעבן אַ טראַכט צו און געזאָגט, אַז „זי״ האָט עס מיר געזאָגט.

— פון וואַנעט ווייס זי דאָס ? — האָט ער זיך כלאחר יד אַ פרעג געגעבן.

איך האָב געשוויגן און ער האָט זיך אַ פרעג געגעבן:

— האָסט זיך באַרימט פאַר איר ?...

געטראָפן אין קאָרב אַריין, איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל זיך אַמאָל ניט אָנשטויסן, אַז איך בין ניט גלייכגילטיק צו איר, אָבער געקומען איז גאָר עפּעס אַנדערש, אַזעלכעס וואָס איך האָב גאָרניט דערוואַרט. אַ וואַרנונג איז געקומען, אַז אויב איך וועל מיך ווענדן מיט אים ערגעץ טרעפן אויסער דער „ראַבאָטשע״, וועל איך מוזן האַלטן די צונג צווישן די ציין...

איך האָב אים געגעבן אַ וואָרף אַריין אַ קוק אין די אויגן אַריין, געמיינט אַז מיר וועט זיך דורך דעם איינגעבן צו דערגיין

וואָס ער מיינט דערמיט, ער אָבער האָט באַקומען אַ פאַרשלאָסן מויל, און איינס און צוויי אַרונטערגערוקט דאָס שאַליקל הינטערן מאַנטל, האָט ער מיט שטרענגער אַנטשלאָסנקייט ביי מיר אַ פרעג געגעבן:

— האָסט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט?...

---

ווי גייט דאָס ווערטל? „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט" אַזוי איז דאָס ביי דעם מענטש־איך, ביי מיר הייסט עס געווען. איך בין דעם שבת צו אליהן אין טראַקטיר אַריין ניט געקומען, איך בין גאָר דעם שבת אַרעסטירט געווען, און האָב אַ גאַנצן שבתדיקן טאָג אָפּגעקאַניוטשעט אין „ראַבאָטשע", געהייצט די הרובע און געוואַרעמט דעם...

פאַרוואָס, פאַר וועלכע זינד? — אָט הערט, וועט איר הערן זייער אַ טשעקאַווע מעשה:

איך האָב ערגעץ, פאַרבייגייענדיק, שוין געהאַט דערציילט, אַז אַלע פרייטאָג־צו־נאַכטס האָב איך געהאַט דאָס גליק „פאַרבעטן" צו ווערן אין שטוב צו מאַכן קידוש. יאָ, דאָס וואָלט גאָרניט אַזוי שלעכט געווען, ווען וואָלט עס געדעדט געווען, ווען זיי וואָלטן דעם יידישן יינגל טאַקע געלאָזט אָפּהיטן שבת. איז אָבער אַ קלאָג אויף זיי אַ גרויסע, מען האָט דאָך דעם זעלביקן יידישן יינגל, ווען מען מ'האָט מכבד־געווען מיט קידוש־מאַכן, דערנאָך מכבד געווען מיט אויסלעשן די לאָמפּן, און שבת אינדערפרי, איידער דער באַלעבאָס איז געקומען פון שול, האָט מיך די באַלעבאָסטע מכבד געווען מיט איינהייצן די פּליטע אָנצוואוואַרעמען דאָס עסן. האַלט איך מיך פאַר אַ יידן, טאָ זייט מיך ניט מכבד מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס מ'איז „מכבד" אַ גוי! און וואָלטן זיי כאָטש אויף אַזויפיל געווען אויסגעהאַלטן און מיר פאַרשפּרייט אַ שטיקל טישטאַך אויפן וואַרשטאַט (דאָס רעדט זיך נאָך פון יענער צייט איידער די אַלטע איז אָנגעקומען, און איך האָב אויפן וואַרשטאַט געפּראַוועט מיינע שבת און יום־

טובדיקע סעודות, ווייל נאָך דעם וואָס די אַלטע איז אָנגעקומען, האָט מען שוין דאָס טישעלע, וואָס איז דאָרטן אַוועקגעשטעלט געוואָרן יאָ פאַרשפּרייט) און וואָלט מען מיר געוועזן אַוועקגעשטעלט אַ ליכט אויפן וואַרשטאַט (נאָך דעם וואָס די אַלטע איז אָנגעקומען, האָבן שוין אויפן טישעלע געברענט צוויי ליכט, וואָס די אַלטע האָט געבענטשט), טאָ צו וואָס פאַר אַ שוואַרצע יאָר האָט דאָס קידוש מאַכן ? וואָס פאַר אַ טעם האָט עס מיר געהאַט, וואָס נאָכדעם וואָס איך האָב דאָרטן, ביי זיי אין שטוב, אָפּגעמאַכט דעם קידוש, האָב איך זיך באַזעצט ביים הוילן וואַרשטאַט ביי דער שבתדיקער סעודה ?

בין איך איטלעכס מאָל אַריין אין שטוב מיט אַ שטיק בזיון און אַרויס מיט נאָך אַ גרעסערן און מיט אַ חרטה אין האַרצן פאַרוואָס איך זאָג מיך ניט אָפּ פון דעם כבוד. אָבער איך האָב עס ניט געוואַגט. דאָ אָבער, דעם פרייטאָג־צו־נאַכטס פון דעם טבת, וואָס איך האָב געזאָלט קומען צו אליהן אין טראַקטיר אַריין, האָב איך פעסט באַשלאָסן ניט אַריינגיין, ווען מ׳וועט מיך רופן קידוש־מאַכן.

דער באַלעבאָס האָט, ווי אַלע ווינטערדיקע פרייטאָג־צו־נאַכטסן, מקבל שבת געווען אין דער היים. איך בין געזעסן אין פינצטערן, צי האַלב־פינצטערן קאָרידאָר (דאָס מיינט אין „ראַבאָטשע”) אַנטקעגן דעם פיר־עקיקן ליכטיק־וואַרעמען פיסק פון דעם אייזערנעם אויוון, אין וועלכן איך האָב פון צייט צו צייט אונטערגעוואָרפן בראַקאָוונע שטיקעלעך האָלץ און שפּענדלעך, און געהערט ווי דער באַלעבאָס „מאָליעט” זיך דאָרטן, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ דערוואַרט דעם מאָמענט, ווען ער און דער בן זיינער וועלן האָבן אָפּגעמאַכט קידוש, און איך וועל דערהערן דעם קלאַפּ אין פענצטער איך זאָל אַריינגיין קידוש מאַכן.

פון „שלום עליכם” זאָגן האָט דער פּראָסטאַק קאָנטיק ניט געהאַלטן, ער איז גלייך נאָכן דאַוונען אַריבער צום קידוש, דערנאָכדעם האָט דער בן זיינער עפּעס דאָרטן אָפּגעמרוקעט, און גלייך נאָך דעם — אַ הענטל אויף אַ שויב : זעץ־זעץ־זעץ.

איך האָב זיך פון אָרט ניט גערירט. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך דערהערט, ווי דער באַלעבאָס וואַשט זיך שוין דאָרטן

אין קיך צום עסן, און ווען איך האָב דערזען דורך איינעם פון די פענצטער, וואָס איז נאָך ניט געווען צוגעמאַכט מיטן לאָדן, אַז ער איז שוין אין שטוב, בין איך אַריין אין מיין רעזידענץ, און אַזוי ווי איך האָב זיך אַוועקגעזעצטביים טישל און אָפּגע־בראָכן אַ שטיק ברויט פונם ווייסן האַלבן ברויט, וואָס איז דאָרטן געלעגן גרייט פאַר מיר (שבת האָט מען מיר געגעבן ווייס ברויט, און ניט אויסגעטיילט), און ניט געוואָלט איינטונקען אין דער פיש־יויך, האָט זיך דאָס טעכטערל באַוויזן מיט אַ גלעזל וויין, און דאָס אַוועקגעשטעלט אונטער מיין נאָז, האָט זי מיט אַ ממזריש שמייכעלע אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— האָסט ניט געמאַכט קיין קידוש?

— נעם... מאַך קידוש!...

איך האָב זי אָנגעקוקט... וואָס גייט איר אין מיין קידוש־מאַכן? אין איר ממזריש בליסקענדיקע אויגן איז געווען צו דערקענען, אַז דאָרטן, ביי איר אין מוח, טיקט זיך אַ ממזריש געדאַנקעלע, נאָר גיי דערגיי וואָס דאָס איז. און געזען, אַז איך בין פאַרוואונדערט, אַז דאָס גיט מיך פלוצים אַ שטורך און אַ ווייז אָן אויף דער אַלטער און גיט אַזוי, אויף אַ האַלב שטילן, און האַלב אינטימען קול אַ פרעג ביי מיר, צי דער אַלטער פאַסט די רויטע בליוזקע, וואָס זי האָט איר פון זיך אַוועקגעגעבן.

נו, דאָס האָב איך שוין יאָ פאַרשטאַנען... אָ, געוויס, נאָר אַ יצר הרע־בליוזקע האָט איר געפעלט... און באַזונדערס האָט עס זייער זיך געקאָמבינירט מיטן הימל־טיכל, וואָס זי האָט אויפן קאָפּ אָנגעטאָן לכבוד שבת. אַ טיכל מיט גאַנצע און האַל־בע לבנות און מיט שטערן...

— אוודאי — האָב איך געזאָגט — פאַסט עס איר!

— נו, טאָ נעם מאַך פאַר איר קידוש!

אָ, האָט זי, הייסט עס, דאָס געמיינט אין זכות פון דעם, וואָס די אַלטע איז געווען אויסגעסטראָצלט אין דער יצר הרע־בלויזקע?... נו, גיי זאָג, אַז דאָס מאַמזעלכל האָט קיין הומאָר ניט געהאַט!... ס'איז נאָר אַ גרויסער וואונדער, וואָס איר איז דאָס ביז איצט ניט איינגעפאַלן: בין איך דען ניט קיין פּאָר

מיט דער באָבען, אַז „שפייזן" שפייזט מען זיך זייט ביי זייט, און שלאָפן ?... נו, אויך כמעט ווי זייט ביי זייט, פאַרוואָס זאָל איך איר טאַקע ניט מאַכן קיין קידוש ?

— גוט! — האָב איך זיך אָנגערופן — איך וועל מאַכן פאַר איר קידוש, נאָר איר זאָלט פאַרזוכן דעם קידוש נאָך מיר (ווער ס'ווייס, איז אַזאַ מנהג ביי פרומע יידן צו געבן דער ווייב פונם קידוש־בעכער, צו פאַרזוכן דעם קידוש, נאָכדעם וואָס ער טרינקט אָפּ פון אים אַ געוויסן שיעור).

— איר וועסטו געבן! — האָט זי אינגאַנצן אַ פאַררויטלטע מיט שטירדעס אויסגערופן, און די אַלטע מכשפה האָט דאָ גלייך געגעבן אַ שפיי אויס, און איך, אַז איך גיב אַ כאַפּ דאָס גלעזעלע וויין און אַ כליאַפּ אויף די דריי שאָטנס, וואָס האָבן זיך פון איר אויף איינער פון די ווענט אָפּגעשלאָגן (דריי שאָטנס, פון די צוויי בענטש־ליכט און פון לעמפּל). די אַלטע האָט זיך צעגוואַלדעוועט. מאָמענטאַל האָט זיך די טיר געגעבן אַ צעפּראַל און די גאַנצע טראַיקע, דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, מיטן יורש מיט זייערן, האָבן זיך געגעבן אַ שאָט אַרויס און אַריין, און זיי, די אַלע דריי, האָבן ביי אונדז דרייען זיך פאַרנומען אויס־צופרעגן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. די אַלטע האָט אָנגעוויזן אויף די „בייטשלעך" און „פיטיאָקעס", וואָס האָבן זיך אָפּגעצויגן און געשטאַנען אויף דער וואַנט, אָבער פאַרוואָס און פאַר ווען דאָס איז געטאָן געוואָרן (פון וועמען האָבן זיי שוין אַליין געקאָנט זיך אָנשטויסן), האָט זי ניט געענטפערט. און ווען מ'איז צוגעשטאַנען צו דער מויד, זי זאָל זאָגן וואָס ס'איז דאָ געשען, האָט זי אָנ־געוויזן אויף מיר, מ'זאָל עס ביי מיר פרעגן, און איך האָב אָנגעוויזן אויף איר. און כאָטש זיי האָט זיך ניט איינגעגעבן זיך צו דערוויסן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, בין איך דאָך אַרויסגע־קומען דער שולדיקער. און האָב דערפאַר אויף מאָרגן באַקומען די שטראָף, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז איך האָב באַקומען. איז וואָלט איך עס מיר ניט גענומען שטאַרק צום האַרצן, ווייל גיין האָב איך סיי־ווי ניט געהאַט וואוהין, און דערצו איז געווען אַ שרעקלעכע קעלט אין דרויסן. וואָס מיך האָט ביזן ביין געפרעסן, איז וואָס איך האָב ניט געקאָנט קומען צו

אליהן אין טראַקטיר אַריין, ווי מיר האָבן אָפּגעמאַכט און במילא ניט האָבן דאָס פאַרגעניגן צו שמועסן מיט אים און הערן שפּילן די מאַשין (אין יעדן טראַקטיר איז געווען אַ מעכאַנישע מאַשין, וואָס יידן האָבן עס גערופן „שפּיל־שאַפע"). דאָס האָט מיר זייער געקרענקט.

ח

פאַר די פאָר וואָכן, וואָס אליה האָט ביי „אונדז" געאַרבעט, האָט מען אים שוין באַוויזן צו דערציילן, אַז איך דערגיי דער אַלטער די יאָרן, און אויסן זיינען זיי דורך דעם געווען צו באַווייזן פאַרן אַרבעטער, וואָס פאַר אַן אַנטיק איך בין, און ער האָט שוין באַדאַרפט דערפון ציען די קאָנסעקווענצן, אַז ער באַדאַרף מיט מיר ניט זיין אַזאַ פאַן־בראַט ווי ער איז מיט מיר. אויך זי, דאָס טעכטערל, שוין אפילו אונטער די קלאָמפּערשט בעסערע באַציאונגען, האָט איינמאָל געפונען פאַר נויטיק צוצולייגן אַ קנייטל. דאָס זאָל האָבן געמיינט, צי ס'איז בלויז אַזאַ אָנשטעל געווען, אַז זי איז דאָ אויסן מיין טובה. אָט ווי זי איז דאָס אויסן געווען, ווען זי האָט מיין בן עיר געזאָגט ער זאָל מיך אויסשטראָפן, דעמאָלט ווען איך האָב געהאַט די סצענקע מיט דער אַלטער. אליה האָט זי אויפמערקזאַם אויסגעהערט און אַרויסגעטראָגן זיין משפט, אַז שולדיק אין דעם בין איך ניט, אַז איך טשעפּע זיך צו דער אַלטער דערפאַר, ווייל איך האָב ניט צו ווען אַנדערש אויסלאָזן דאָס ביטערע האַרץ מיינס, און דערביי געבראַכט אַ משל, אַז פּונקט ווי וואַסער שטראָמט פון העכער צו נידעריקער, אַזוי איז די טבע פון מענטשן אויסצולאָזן די ביטערע הערצער זייערע, ווען זיי דערטאַפּן נאָך נידעריקערס פון זיך.

דעם זונטיק, נאָך דעם שבת, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו קומען צו אים אין טראַקטיר אַריין און ניט געקומען, האָט מען אים באַלד צוגעטראָגן די פּאָטשט, וואָס איך האָב פּרייטיק־צו־נאַכטס אָפּגעטאָן, און טאַקע געוואָלט הערן פון אים, וואָס ער

וועט זאָגן וועגן דעם. ער אָבער האָט, שמייכלענדיק געענטפערט, אַז ער קאָן ניט אַרויסטראָגן קיין פּסק־דין ביז וואַנענט ער וועט ניט אויסהערן דעם צווייטן צד. אָבער דער „צווייטער צד" איז געווען שטום ווי אַ פיש. נו, גיי דערציייל אים, אַז דאָ איז געווען הונדערט און איין זאַך פאַרפלאָנטערט...

— איר זעט, ער שווייגט! — האָט זיך די באַלעבאָס־טיטשקע, האַלטנדיק דאָס קעפל אירס אַרויסגעשטעקט פון פענצ־טער, אָפּגערופן.

— איך האָב ניט געוואָלט מאַכן קיין קידוש! — האָב איך ווי פאַר זיך אַ מורמל געטאָן.

— איז וואָס באָבע שולדיק, ווען סי וויל ניט מאַכן קידוש?

— האָט זיך דעם באַלעבאָס׳ זון אָפּגערופן.

און איך גלייך נאָך אים, ווי ער וואָלט גאָרנישט געזאָגט:

— אַז איך הייץ די הרובע, און לעש אויס די לאָמפּן באַ־דאַרף איך קידוש מאַכן?

— יאָ, אָבער וואָס איז די באָבע טאַקע דאָ שולדיק? — האָט אליה מיט אַ גוטמוטיקן שמייכעלע געפרעגט.

איך האָב געשוויגן. דעם באַלעבאָס זון האָט געגעבן אַ שפּיי אָן אויפן וועץ־שטיינדל און גענומען וועצעווען די דאַליטע, האָט ער פון זיין ווייט־שטיין פון מיר, צו מיר אַריבערגעוואָרפן:

— מירקע, געב לשון!

— זאָל שוין זיין גענוג! אַ סוף! — האָט זיך די באַלע־באָסטע אָפּגערופן, און צוגעמאַכט דאָס פענצטער און אין אַ ווייל אַרום האָט זיך דער בן אויסגעשפּאַנט פון וואַר־שטאַט און איז אַריין אין שטוב. דער באַלעבאָס איז ניט געווען. ער איז ערגעץ אַוועק אָננעמען אַרבעט, און ס׳איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך בלויז געלאָזט הערן דאָס בורטשען פון דער אַלטער, דאָס בורטשען און דאָס קרעכצן, ווי זי וואָלט נאָך געווען דער „קאָזאַק הנגזל". אליה האָט זיך דאָ פאַרנומען מיך צו מוסרן, וואָס איך האָב מיט דער אַלטער צו טאָן, אַז ניט מיט איר באַ־דאַרף איך פירן אַ קאַמף, נאָר דירעקט אַנטקעגן יענע, וואָס דערגייען מיר די יאָרן, און צוגעגעבן:

— זי איז פונקט אַזאַ קרבן פון קאַפּיטאַל ווי דו!...

וואָס דאָס באַדייט האָב איך ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. איך וואָלט פאַרשטאַנען, ווען ער וואָלט מיר געזאָגט, אַז זי איז ביי זיי, ביי די איריקע, כאָטש זיי זיינען אירע אייגענע, פונקט אַזאַ קרבן ווי איך. נאָר אַ קרבן פון קאַפּיטאַל? וואָס איז דאָס אַזעלכעס? אינם קליינעם שטעטל ביי אונדז, האָב איך דאָס וואָרט אָפט געהערט פון ווייבערשע מיילער, ווען איינער פון די קצבים האָט געקוילעט אַ פעטע רינד, האָבן זיי געזאָגט: „פעט־קאַפּיטאַל". אָבער וואָס זאָל עס דאָ מיינען? אונטער אַנדערע אומשטענדן, ווען זיי, די לייט מיינע, וואָלטן אָקאָרשט ניט פאַר־שוואַרצט דאָס פּנים מיינס פאַר אים, וואָלט איך זיך ניט גע־שעמט און וואָלט אים געפרעגט וואָס דאָס מיינט, דאָ אָבער האָב איך מיך געפילט אַזוי דערשלאָגן, אַז דאָס מויל האָט זיך ניט געעפנט. ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום שפּעטער, האָב איך אַ פאַרשוילדיקטער אַ מורמל געטאָן:

— דערפאַר בין איך ניט געקומען!...

— וואָס האָט צו טאָן איינס מיטן אַנדערן?

— „ער" האָט מיר דערפאַר אַרויסגעגעבן אַ קאַרע, איך זאָל ניט סמייען אַ גאַנצן טאָג אַרויסגיין פון „ראַבאָטשע"!

— גערעכט! — האָט זיך אליה אָפּגערופן מיט אַ סאַר־קאַסטיש שמייכעלע, און אין אַ ווייַלע אַרום שטילער צוגעגעבן: — באַדאַרפט געווען אים אַליין אָפּכליאַפּען דאָס פּנים מיטן קידוש־ווייַן! דאָס וואָלט געווען פון דיין זייט אַ העלדישקייט.

צי האָט ער עס געמיינט ערנסט? צי דערפאַר ווייל ער האָט עפּעס אויסגעקוקט שלעכט געשטימט, זאָל ער דערפאַר עס האָבן געזאָגט? יאָ, שוין אַ פּאָר מאָל, וואָס איך האָב באַמערקט אויף אים, אַז ער קומט אינדערפרי אַן אויסגעמאַטערטער, אַן אָפּגע־צויגענער. אמת, אויך דעם באַלעבאָס' זון, ווען ס'האָט געטראָפן, ווען ער האָט אַ נאַכט אינדערהיים ניט גענעכטיקט, פלעגט ער קומען ווי אַ פגר... איך האָב מיך אָבער אָנגעשטויסן פון וואַ־נענט און פון וואָס דאָס קומט צו אים... אויף אליהן אָבער, הגם איך האָב ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ לעבן ער פירט דאָרט אויסער דער „ראַבאָטשע", האָב איך מיך אַזעלכעס ניט געקאָנט פאָרשטעלן...

פון שטוב האָט זיך דערהערט דעם „טעכטערלס” אַ לידעלע, וואָס זי פלעגט אָפט זינגען, אָבער געדענקען געדענק איך דער־פון בלויז אַ פּאָר סטראָפן:

„וסטרעטיל אָן ברוניעטקו,
אוזשאַסנויו קאָקעטקו!
כאָטיעל אָן יעיאָ אַבניאַט,
אי פּאָצעלאָוואַט,
אָנאָ יעמו וו אָטוועט —
ניעט, ניעט, ניעט!

ניט אַנדערש, ווייל זי אַליין איז געווען אַ ברונעטקע, האָט זי אַזוי ליב געהאַט אָט דאָס לידעלע. בכלל האָט זי זיך מיט דעם און מיט אַנדערע לידעלעך פון דעם מין צעלאָזט, ווען דער פאָטער איז ניט געווען. מיט דער מוטער און ברודער האָט זי זיך ניט גערעכנט, הגם אויך זיי פלעגן פון צייט צו צייט איר לאָזן הערן, זי זאָל זיך אַזוי ניט צעלאָזן מיט די געזאַנגען. זי אָבער האָט זיי ניט געהערט און געטאָן דאָס איריקע.

— שיינע לידעלעך! — האָט זיך אליה אָפּגערופן פון זיין וואַרשטאַט צו מיר. און איך האָב צו אים אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ איבער איר...

— וואָס איבער איר?

— אָט דאָס... אָט דאָס, מיט דער אַלטער... ווען ניט זי... זי אַליין הוטשקעט מיך אונטער אויף דער אַלטער!

— נו, אַז דו פאַרשטייסט עס יאָ, באַדאַרפסטו טאָקע איר אויך צו להכעיס לעבן מיט דער אַלטער בשלום.

איז ער מיר דאָ אַריינגעפאָרן אין דער זיבעטער ריפּ אַריין. „לעבן מיט דער אַלטער בשלום”... יאָ, ער האָט טאָקע גאָרנישט געמיינט, אָבער דאָס גאָרנישט מיינען, האָט גענוג געמיינט פאַר מיר. אָבער דאָס איז נאָך גאָרנישט. ער האָט נאָכדעם אָפּגעטאָן אַ בעסערע זאַך: ער האָט אַרויסגענומען אַן עפּל פון זיין מאַנטל־

קעשענע און אים געגעבן אַ וואָרף אַריבער צו מיר, האָט ער געזאָגט:

— נאָ, נעם דעם עפּל, און גיי גיב אים איר. דו באַדאַרפסט איר ניט זאָגן וואָס ווער ווען... זאָל זי מיינען, אַז דו גיסט אים איר, וועט ווערן שלום צווישן אייך...

ער האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין אַ שרעקלעכער פאַרלעגנ־הייט: ניט פאָלגן אים, ווען ער גיט מיר זיינעם אַן עפּל, איך זאָל איר שענקען, דאָס האָב איך ניט געקאָנט, און טאָן דאָס, האָב איך ווידער ניט געקאָנט. און אַזוי, קווענקלענדיק זיך, האָט ער מיר געגעבן אַ וואָרף־צו אַ צווייטן עפּל, וועלכן איך האָב אינ־סטינקטיוו געגעבן אַ כאַפּ אויף מיט ביידע הענט, און דער צווייטער איז שוין געווען פאַר מיר. צולעצט, ווען איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן דורכצופירן אליהס וואונטש, און זיך געלאָזט גיין אין פאַרהייזל, האַלטנדיק זיך מיט ביידע עפּל, האָט עס דאָס טעכטערל אָנגעטראָגן און איך בין געבליבן שטיין אין גע־האַקטע וואונדן... גיי טו דאָס, דאָס וואָס איך האָב מיך אַזוי אויך מיט אַ געבראָכן געמיט געלאָזט טאָן, באַדאַרף איך נאָך, אַז זי, וואָס זי האָט אַלץ געטאָן צונויפצופּאָרלען מיך מיט דער באָבע מיט אירער, באַדאַרף איך נאָך, אַז זי זאָל מיר שטיין דערביי.

— נו, וואָס שטייסטו? — האָט זיך אליה צו מיר אָפּגע־רופן, וואַרפנדיק דערביי אַ בליק צו איר, און גלייך צוגעגעבן: — נו, מיר קאָנען שוין האָפן, אַז ס'וועט שוין ווערן שלום צווישן זיי. איר זעט? צוויי עפּל האָט ער, גייט ער איינעם אַוועקגעבן דער באָבען!...

די מויד האָט אויף מיר אַ ממזרשן קוקעלע געוואָרפן, און איבערשטעלנדיק די פּיסלעך פון איין אָרט אויפן אַנדערן, און גע־בליבן שטיין דאָרטן, וואו זי איז געשטאַנען, האָט זי ענטוזיאַס־טיש אויסגערופן:

— דאָס וואָלט איך טאַקע געוואָלט זען!...

איך בין האַסטיק צו צו דער אָפענער טיר פון פאַרהייזל, גע־געבן אַ וואָרף דעם עפּל דער אַלטער אין בעט אַריין, און דאָס אייניקל האָט אַ פּאַטש געגעבן איין האַנט אָן דער אַנדערער, און אויסגערופן:

— מזל טוב! אין אַ גוטער שעה!...

אָבער גלייך נאָכדעם האָט זיך דער עפּל געגעבן אַ קייקל אַרויס פון פּאַרהייזל און ס׳האָט זיך דערהערט דער אַלטערס שטימע:

— אויף אַ גוטער כּפּרה באַדאַרף איך אים מיטן עפּל מיט זיינעם, אַט דעם „בייסטרוק״!

ט

פענצטער איבער פענצטער, צוויי פענצטער איינס איבער דאָס אַנדערע, איז געווען דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן אַריין, ווען איך בין אַריינגעקומען אין טראַקטיר „אַריאַל״. דאָס האָט געמאַכט אויף מיר זייער אַ מאָדנעם איינדרוק, ווייל אַזעלכע זאַכן איז מען בלויז פון אויסווייניק געוואוינט צו זען, אָבער אינעווייניק איין גאָרן מיט צוויי מאָל פענצטער איינס איבער דאָס אַנדערע, האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען.

דאָרטן איז שוין איינמאָל ליכטיק געווען! דערצו איז נאָך צוגעקומען דער גלאַנץ פון שפּיגלען, וואָס זיינען איינס אַנטקעגן דעם אַנדערן אויף די ווענט געהאַנגען. שפּיגלען גרויסע, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט ניט נאָר אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין טראַקטיר, נאָר אויך דעם אינדרויסן. צווישן טישלעך און בענקלעך און אויף זיי און איבער די קעפּ פון די טיי־טרינקערס, און צווישן זיי זיינען געפאָרן דראָזשקעס. עס האָבן זיך געקייקלט גרויסע רעדער פון גרויסע בינדיוגעס, געשפּאַנט מיט אָקסן און פערד, און ביימער און הייזער. בקיצור, דער גאַנצער אינדרויסן איז געווען אין טראַקטיר, און פאַרקערט... און אַריינגעפאַלן אין דעם כאַאָס, איז אוממעגלעך געווען זיך צו אָריענטירן ווער איז ווער. און דערזען זיך אַליין אַ פיל־פאַכיק פאַרטאָפּלטן, האָב איך פונם ערשטן מאָמענט ניט געוואוסט וואו איך אַליין בין אין דער וועלט, און צו דעם אַלעם דער טומל פון די טיי־טרינקערס און פון דער מוזיק פונם „שפּיל־קאַסטן״, מאַשינאַווע מוזיק פון צענדלי־

קער און צענדליקער מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. עס האָבן גע־פויקט פויקן און פייקלעך, עס האָבן געטרומייטערט און געקווי־טשעט און געפייפט מעשענע טרובעס, גרויסע, קליינע און נאָך קלענערע. עס האָבן געפייפט, געגרילצט און געקוויטשעט פלייטן, קלאַרנעטן און אַנדערע „בלאָז־אינסטרומענטן”. דאָס אַלץ איז געווען „צונויפגעקוועטשט” אין אַ ריזיק גרויסער „שאַפע”, וואָס האָט געגרייכט ביזן סופיט. אַן אמתער עולם התוהו, און אין דעם עולם התוהו האָב איך עס באַדאַרפט געפינען אליהן. ס׳איז מיר טאַקע ניט שווער אָנגעקומען, ווייל אויפן אָרט פון איין אליהן, האָב איך דערזען אַ סך אליהס, אָבער אַ וואָסערער איז דער אמתער אליה ?...

אליה האָט קאָנטיק באַמערקט מיין צעשטרייטקייט, ווייל ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבן פון זיין זיץ־פּלאַץ, און אַ שמייכלענ־דיקער מיך גענומען רופן צו זיך, און גלייך ווי איך בין צוגע־קומען צו אים, האָט ער מיך באַזעצט אויף איינעם פון די דריי בענקלעך, וואָס האָבן געפּוסטעוועט אַרום זיין טישל, געגעבן אַ קלאַפּ אַן מיטן דעקל פון טשייניק אַן טשייניק און אין אַ וויילע אַרום איז לעבן אונדז אויסגעוואַקסן אַ בלאָנדער שייגעץ אין אַ גרין העמדל, וואָס איז געווען אַריבערגעוואָרפן איבער די הויזן און אַרומגעבונדן מיט אַ שנור אַרום די לענדן. אליה האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם טשייניק און געהייסן דערלאַנגען אַ טשייניק וואַסער און אַ גלאָז, און אַזוי גלייך ווי יענער האָט געמאַכט „בואו בשלום” דורכצופירן די שליחות, האָט אליה צו מיר אַ ברייטן שמייכל געטאָן, און אָנגענומען דאָס געבויגענע ווענטל פונם בענקל, אויף וועלכן איך בין געזעסן, האָט ער עס אַ קערעווע געטאָן מיט מיר צו זיך און דערביי געזאָגט מיט אַ סאַרקאַסטיש שמיי־כעלע:

— דאָ קאָנסטו זיך פילן היימיש, ניט ווי ביי זיך אין דערהיים !...

פאַר די פאַר געציילטע וואָכן, וואָס ער האָט ביי „אונדז” געאַרבעט, האָט ער שוין באַוויזן איינצוזען ווי ווייט היימיש איך האָב מיך אין מיין „היים” געפילט. אַזוי אַז צוגעבן צו דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, איז שוין ניט נויטיק געווען. און דאָך האָט זיך

מיר געגלוסט עפּעס זאָגן וועגן זיין שאַרפזיניקער באַמערקונג. ער האָט דאָס, קאָנטיק, באַמערקט, און אַ מיש געטאָן מיטן לעפּעלע די גלאָז טיי, וואָס איז פאַר אים געשטאַנען, האָט ער מיט אַ מילדן טאָן געזאָגט צו מיר:

— זאָג־זאָג! איך זע, אַז דו ווילסט עפּעס זאָגן!

יאָ, איך האָב שוין געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן, נאָר ניט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן. דאָ איז צוגעקומען דער שייגעץ מיטן טשייניק וואַסער און מיט אַ גלאָז אין אַ שאָל און מיט אַ לעפּעלע אין שאָל, און מיר אָוועקגעשטעלט אונטער דער נאָז. דאַכט זיך אַ געוויינלעכע זאַך, וואָס יעדער מענטש איז זוכה, און דאָך האָט עס מיר געגעבן צו פילן עפּעס אַ מין אויפגעהייטערטקייט, ריכ־טיקער: אַ געפיל פון דערוואַקסענער געהויבנקייט... אַ געפיל פון אַ מענטשן, וואָס האָט אָקאָרשט, דורך אַ געוויסער סיבה, דערפילט, אַז ער איז אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך. „דאָרטן", ביי זיך אין „מיין היים", האָב איך דאָך קיינמאָל קיין לעפּעלע ניט געקראָגן, ווייל מ'האָט מיר קיין זיסע טיי ניט געגעבן, און דאָ... יאָ, און דאָ האָסטו נאָך אַ טשייניק מיט וואַ־סער, אַ טשייניקל מיט טיי, און דו קענסט זשליאָקען וויפיל דיין האַרץ וועט גלוסטן...

טשיקאַווע, אַ יאָ? אָבער נאָך טשיקאַווער איז, וואָס פון אָט דעם פּלוצלונגדיקן זיך דערפילן מעשה־מענטש, האָב איך זיך אַזוי פאַרווירט דערפילט, ווי פאַרווירט אַ קינד קאָן זיך דערפילן, ווען ער פאַלט אַריין אין אַ פרעמדער שטוב אַריין און דאָרטן נעמט מען אים אויף ווי אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

און כאָטש איך בין אַזוי זשעדנע געווען נאָך אַ זיסער גלאָז טיי, האָב איך זיך דאָך ניט געכאַפּט אַריינצוואַרפן צוקער אין דעם טיי אַריין, וואָס אליה האָט מיר אָנגעגאָסן. נו, האָט אויך דאָס אליה געטאָן פאַר מיר, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז איך אַליין וואַג עס ניט צו טאָן, און איך האָב זיך פאַרנומען דרייען מיטן לעפּעלע און יעדער קלאַפּ, וואָס דאָס לעפּעלע האָט געגעבן אין גלאָז, האָט מיר געגעבן צו פילן, אַז איך בין אויך אַ „שטיקל" מענטש... יאָ, ניט איין „שטיקל", נאָר אַ סך שטיק־לעך... ווייל איך בין ניט איין מאָל „איך" געווען, נאָר אַ סך

„איכן”, ווי איך האָב עס געזען אין די שפּיגלען פון ביידע זייטן. מיטאַמאָל אַזאַ אויפריכטונג!... „דאָרטן” בין איך אפילו איין מאָל אויך ניט איך, און איך פאַרנעם אין ערגעץ קיין אָרט ניט, און דאָ פאַרנעם איך אַזוי פיל ערטער... איך בין דאָ, איך בין דאָרטן, אַט ווי אַלע מענטשן, וואָס געפינען זיך אין טראַקטיר זיינע דאָ, דאָ און דאָרטן... איך האָב טאַקע געוואוסט, אַז דאָס איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג, אָבער אַנגענעם איז דאָס מיר דאָך געווען!...

דאָס אַלץ זעענדיק, און דאָס אַלץ טראַכטנדיק, האָב איך אַלץ געדרייט דאָס לעפעלע אין גלאָז. איך האָב געדרייט אפילו נאָכ־דעם, ווי ס'איז שוין קיין סימן פונם צוקער ניט געבליבן, און אליה, באַמערקנדיק דאָס, האָט איראָניש אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— גענוג דיר צו דרייען, ס'וועט שוין זיסער דערפון ניט ווערן!...

ווען איך האָב אויסגעטרונקען די גלאָז טיי, האָט אליה מיר געוואָלט אָנגיסן אַ צווייטע, אָבער איך האָב עס ניט דערלאָזט. איך האָב אַליין געוואָלט האָבן דאָס פאַרגעניגן אָנצוגיסן זיך אַ גלאָז טיי. געטאָן האָב איך עס בהרחבה, מיט ישוב הדעת. פריער לאַנגזאַם זיך אָנגעגאָסן סענץ, דערנאָכדעם וואַסער, אָבער ווען ס'איז געקומען צום צוקער, האָב איך שוין ניט געוואוסט ווי צו האַנדלען: צי זאָל איך טרינקען „פּריקוסקע”, צי זאָל איך אַריינוואַרפן צוקער אין גלאָז אַריין. מיין קווענקלען זאָל אליה האָבן באַמערקט, ווייל ער האָט טאַקע גלייך אַ נעם געטאָן פון קליינעם טעצעלע, וואו די פאַרציע צוקער האָט זיך געפונען, צוויי גרויסע שטיקער צוקער און האָט זיי מיר איינס נאָך דאָס אַנדערע אַריינגעוואָרפן אין גלאָז אַריין, און ווען איך האָב גענומען טרינקען און זיך פאַסמאַקעווען מיט דער צווייטער זיסער גלאָז טיי, ווי מיט דער ערשטער, האָט ער געזאָגט צו מיר:

— דו וועסט קאָנען קומען אַלע שבת, אויב דו וועסט וועלן טרינקען טיי.

איך האָב מיך געפילט געטראָפן. דער אמתער אמת איז דאָך געווען, אַז ניט דאָס טיי־טרינקען איז ביי מיר געווען דער עיקר, נאָר דאָס זיצן מיט אליהן אין טראַקטיר. אָט ווי אָרעם

איך בין געווען, האָט זיך ביי מיר שוין געדרייט די קאָפּיקע (פון די שטעקעלעך, וואָס איך האָב בגניבה אַרויסגעטראָגן פאַר־קויפן) און איך וואָלט זיך געקאָנט דערלויבן דאָס פאַרגעניגן אַריינגיין אויף די פּאָר פרייע שעה, וואָס איך האָב שבת געהאַט, און זיך געהייסן געבן אַ „פּארל טיי״. איך האָב עס אים געוואָלט זאָגן, אָבער איך האָב מיך געשעמט, און געזאָגט האָט איך עפּעס אַנדערש:

— איר מיינט, ס׳איז ביי מיר אין די הענט ?...

איך האָב דערביי אין זינען געהאַט, ווי דער באַלעבאָס האָט מיך פאַבריקן שבת באַשטראָפט איך זאָל אַ גאַנצן טאָג ניט אַרויס־גיין פון „ראַבאָטשע״ דערפאַר, וואָס איך האָב אָפּגעליאָפּעט די וואַנט אין פאָרהייזל מיטן ווייַן. ער, אליה, האָט עס, זעט אויס, פאַרשטאַנען, זיך צעשמייכלט, און שמייכלענדיק געזאָגט:

— נו, ניט אַלע פרייטיק טוסטו דאָך דאָס, וואָס דו האָסט יענעם פרייטיק צונאַכטס געטאָן.

איך האָב אים געענטפערט, אַז אפילו אַזוי טויג עס אויך אין דער ערד, אַז זיי גיבן מיר ניט גענוג צייט. איך זאָל זיך קאָנען זיצן רואיק אין טראַקטיר, דאָס איז אָפּהענגיק פון די געריכטן, וואָס זיי פרעסן אום שבת. אויב זיי פרעסן זיך אָן מיט רעטעך און געהאַקטן הערינג, בין איך שוין אויף געהאַקטע צרות, קאָן איך שוין אויף לאַנג ניט אַוועקגיין.

אליה האָט זיך ווידער צעשמייכלט, און געפרעגט ביי מיר וואָס זיי האָבן היינט געפרעסן. איך האָב אים געענטפערט, אַז גראָד היינט האָב איך גענוג צייט, ווייל אַלע גייען זיי אַוועק צו דער עלטערער טאָכטער זייערער, וואָס איז „אויף דער צייט״.

— איז ביז וואַנענט וועסטו דאָ קאָנען זיצן ? — האָט ער געפרעגט.

— ער צאת הכוכבים, און דערנאָכדעם ישיבו רשעים לשאולה...

— זשאַלקאָ ! (אַ שאָד) — האָט אליה אויסגערופן מיט אַ פאַרשאָטנט פּנים און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — ווען דו וואָלסט געקאָנט זיצן אַביסל שפּעטער, וואָלט איך דיך באַקאַנט מיט צוויי אַרבעטער פון בליאַכס פאַבריקע.

איך האָב גראָד געהערט פון דעם בליאַכס פאַבריקע. ווייל איינמאָל איז צו „אונדז" געקומען אַ מענטש פון דער פאַבריקע און געוואָלט פאַרזאָגן אַ טויזנט הענטלעך צו עמער (אָט די הענטלעך, ביי וועלכע איך האָב געהאַט דאָס גליק צו שטיין און אַרבעטן אַ קורצע צייט), נאָר דער באַלעבאָס האָט זיך פון דער אַרבעט אָפּגעזאָגט. איז דערפאַר האָב איך פון דער פאַבריקע געהערט... אָבער ווי, וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט אליה מיט פאַבריק־אַרבעטער, פון וואַנעט קאָן ער זיך מיט אַזעלכע, און באַזונדערס איז דאָס מיר אַ וואונדער געווען, ווייל, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט געווען, האָבן אין די פאַבריקן געאַרבעט בלויז קריסטן (אַן אויסנאַם זיינען געווען די טאַבאַטשנע און גילזן פאַבריקן און וויסאָצקיס טיי־פאַבריק, וואָס איז שוין געווען באַזעצט פון יידישע אַרבעטער).

— קריסטן? — האָב איך אַ פרעג געגעבן מיט גרויס נייגעריקייט.

— ביי מיר איז ניט קיין חילוק, ביי מיר זיינען אַלע אַר־בעטער אַלץ איינס און אַלע באַלעבאַטים אַלץ איינס! — האָט ער זיך אָפּגערופן און דערביי אַרויסגעשלעפּט פון דער אויבער־שטער קעשענע אַ צעבראָכענעם פּאַפּיראָס, אים צורעכט געמאַכט און פאַררויכערט, און פאַרציענדיק זיך מיטן רויך פאַרגעזעצט:

— האָסט מיר אַליין געהאַט דערציילט, ווי מ'הייסט דיך פריי־טיק צו־נאַכט אויסלעשן דעם לאָמפּ, און שבת אינדערפרי הייסט דיר די באַלעבאָסטע איינהייצן די פּליטע.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, הגם איך האָב ניט פאַר־שטאַנען צוליב וואָס דאָס איז צורייד געקומען. שפּעטער אַ ווײַלע האָב איך צוגעגעבן, אַז דאָס צווינגט מען מיר צו טאָן, כאָטש דעם באַלעבאָס בן רויכערט אום שבת, און אַז איך האָב אַליין ניט איין מאָל געזען, אַז דאָס טעכטערל נייט זיך עפּעס צו, ווען זי האָט נויטיק, איך דער געגנוואַרט פון דער מוטער פון איר־ער, און דאָך איז מיך די באַלעבאָסטעטשקע מכבד מיט די מלאכות.

אליה האָט מיר געקוקט גלייך אין פּנים אַריין. געקוקט מיט אַזאַ קוקן, ווי ער וואָלט אין מיר אַריין געוואָלט אַריינקוקן, און דערביי מיט אַ געוויסער נערוועזיטעט, אַלע ווײַלע אַ צי געטאָן

דעם פּאַפּיראָס און אַרויסגעבלאָזן פון זיך דעם רויך. און נאָך אַ לאַנגער פויזע, האָט ער זיך צעלאָזט:

— און אויב דו געדענקסט, האָסטו מיר געהאַט דערציילט, ווען איך האָב דיר אַמאָל געפרעגט צי דו דאַוונסט, האָסטו מיר געהאַט געזאָגט, אַז דו האָסט אויפגעהערט צו דאַווענען דערפאַר, ווייל דער באַלעבאָס איז דיר אַזוי לאַנג דערגאַנגען די יאָרן, אַז דו מאַלעסט זיך צו לאַנג, ביז וואַנענט דו האָסט פאַרלייגט די תפילין דיינע. איז וואָס קאָן מען פון דעם אַלעמען לערנען? אַז כאָטשע זיי זיינען יידן און דו ביסט אַ יידיש קינד, איז ווי באַלד די יידישקייט דיינע איז קעגן זייערע אינטערעסן, האָבן זיי אין דער ערד די יידישקייט דיינע, הייסט מען דיר טאָן וואָס פאַר זיי איז באַקוועמער. טאָ וואָר־זשע איז דער חילוק, פרעג איך דיר, פון אַ יידישן באַלעבאָס ביז אַ קריסטלעכן?

ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אין דער צייט האָט דער „מאַשיניסט" אָנגעדרייט דעם אויטאָמאַטישן „אָרקעסטער" און אַ ווילדער, גרילצנדיקער מאַרש האָט זיך געגעבן אַ צעטראָג איבער דער גאַנצער גרויס פון דעם גרויסן זאַל, וואָס איז געווען ענג באַשטעלט מיט טישלעך און מיט בענקלעך און פאַרהעלט־ניסמעסיק שיטערלעך געווען באַזעצט פון מענטשן. אָבער אויך די פּאָר צענדליק טיי־טרינקערס, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָבן אויכעט געגנוג געטומלט. פון דאָ און פון דאָרטן האָט זיך געלאָזט הערן דאָס קלאַפּן מיט די דעקלעך פון די טשייניקעס אָן די טשייניקעס, אַזוי, אַז סיי־ווי וואָלט אוממעגלעך געווען צו כאַפּן אַ וואָרט. איך האָב אויסגענוצט די צייט און באַטראַכט דעם סופיט, וואָס איז געווען באַמאָלן מיט ברוסטיקע ווייבער און „אָמורטשיקעס" צווישן זיי, לייביק־פלייִשיקע יאַטלעך, מיט בלאָנדע לאָקן און בלויע אויגן, מיט פליגל. יעדער איינער פון אָט די פלייִשיק־לייביקע מלאכים האָט געהאַלטן אַ פייל און בויגן און „געשאָסן ליבע" אין די ברוסטיקע און לייביקע ווייב־טשיקלעך.

אויך אויף די ווענט האָבן זיי ניט געפעלט, אָט די ווייבער. דאָ און דאָרטן האָט מען זיי געזען אויף גרויסע בילדער אין בראָנזענע ראָמען. אויף איין בילד איז געשטאַנען די מוטער

חוה אין דער מוטער חוה׳ס קליידער. בלויז מיט אַ פייגן־בלאַט. לעבן איר איז געלעגן אַ צעוויקלטע שלאַנג, מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ, מיט גרינע אויגעלעך און מיט אַ דין לאַנג צינגעלע אַרויס. דאָס האָט געמיינט, אַז ער רעדט זי צו, זי זאָל עסן פונם עץ הדעת... אויף אַ צווייט בילד איז געשטאַנען פרעהס טאָכטער מיט אַ טערקישן שאַל אויף איין זייט פלייצע פאַרוואָרפן, און אַרויסגעצויגן פונם טייך נילוס, וואָס איז געווען מיט גרינעם טשערעט באַוואָקסן, אַ פוכקע יאַטל, און דאָס האָט געזאָלט מיינען, אַז דאָס איז דער זון פון יוכבד, און דער צוקונפטיקער משה רבנו. און נאָך און נאָך בילדער זיינען געווען מיט נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע חוה׳ס. בלויז איין בילד איז געווען אַן איר און פון גאַלע מאַנסבילן, און קאָזאַקן דערצו, קאָזאַקן אויף פערד מיט פיקעס און די פערד אַלע ווי איינער, און איינער ווי אַלע, האַלטן אין גאַלאָפּירן, יאָגנדיק זיך נאָך אַ מחנה רויט־באַהיטלטע טערקן.

— דו האָסט מיט „אים" אַ געשריבענעם קאָנטראַקט ? — האָט אליה, נאָך אַ לאַנגן איבעררייס, ביי מיר אַ פרעג געטאָן.

פאַרשטאַנען, וואָס ער איז אויסן מיט דער פראַגע מיט זיינער, האָב איך אים געזאָגט, אַז מיטן קאָנטראַקט אפילו האָט ער צו מיר קיין צוטרוי ניט, און אַ ראיה האָב איך אים געבראַכט, וואָס ער האַלט מיך ביי דער נישטיקער אַרבעט פון די שטעקעלעך; אליה האָט זיך גלייך אָפּגערופן און געזאָגט, אַז ער אַליין האָט מיר שוין געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן, וואָס יענער האַלט מיך ביי דער נישטיקער אַרבעט, און אַן אויפגעברויזטער צוגעגעבן:

— דו קאָנסט אים פאַרקלאָגן ביי דער רעמעסליענע אופּראַווע ! ער האָט קיין רעכט ניט דיך צו האַלטן ביי דער אַרבעט.

מיין לאַגע איז דאָ געווען געגליכן צו אַ קריפּל, וואָס מאַכט אַ לעבן פון זיין פאַרקריפּלטקייט, און דאָ קומט צו גיין איינער און זאָגט אים, ער זאָל זיך מאַכן אַן אָפּעראַציע און פטור ווערן פון דעם מום פון זיינעם. אין אַן ענלעכער סיטואַציע האָב איך זיך געפונען. וויסנדיק וואָס אָט די שטעקלדיקע אַרבעט מיינט

פאַר מיר, האָב איך זיך דאָך ניט געקענט אָפּזאָגן פון איר, ווייל זי האָט מיר אַריינגעבראַכט אַ פּאָר גילדן אַ וואָך, און דערפאַר האָב איך דורכגעלאָזט מיט שטיל־שווייגן די עצה זיינע צו גיין זיך באַקלאָגן אויפן באַלעבאָס אויף דער אַרבעט, ביי וועלכער ער האַלט מיך.

— קיין אַנדער עצה זע איך ניט! — האָט זיך אליה אָפּ־גערופן אין אַ ווײַלע אַרום, זעענדיק, אַז די עצה זיינע האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין טויבע אויערן.

— און אפשר גאָר איינגאַנצן אַ שפּיי טאָן אויף „אים" און אויף דער מלאכה אויף „זיינער" און אַוועקגיין? — האָב איך געפּרואווט אַ טאַפּ געבן אין וואָגן.

ער האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ:

— ניין, דאָס ראָט ער מיר ניט.

— וואָס קאָנסטו דען עפּעס אַנדערש טאָן? — האָט ער מיט אַ טיפן צער אין די אויגן ביי מיר אַ פרעג געטאָן און איינצייטיק זיך פאַרנומען מיר אָנצוגיסן אַ גלאָז טיי.

דאָ האָב איך אים דערציילט ווי צוויי בחורימלעך פון מיין שטעטל, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג געקומען צו פאָרן, האָבן „פּאָסטופּעט" צו וויסאָצקין אין פאַבריק און נעמען דרייצן „קער־לעך" אַ חודש, אַחוץ וואָס מ'גיט זיי טיי צו טרינקען און צו־בייסן צו דעם טיי אַלע פרימאָרגן, און אַ פונט טיי אַלע חודש גיט מען זיי, און מ'וועט זיי געבן ווי מ'גיט אַלעמען דאָרטן סחורה אויף גאַרניטערס פאַר פּסח.

ער האָט זיך זייער פאַרקרימט. און אַרויסשלעפּנדיק דאָס אויס־געווייקטע שטיקל לימענע פון דער גלאָז פון זיינער און אַריינ־לייגנדיק דאָס אין שאָל אַריין, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט פיינט וויסאָצקין, האָט פיינט זיין פאַבריק און האָט פיינט די אינטעליגענטלעך, וואָס אַרבעטן דאָרטן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אָנגעקומען דורך אַ רעקאָמענדאַציע אָדער דורך אַ „חובב ציון", צי פון אַ ליבהאָבער פון לשון קודש, צי גאָר דורך אַ רע־קאָמענדאַציע פון אַ קלי קודש. און קענענדיק אָט די צוויי בחורים־לעך פון דערהיים, אַז זיי זיינען באַלעבאַטישע קינדער און גרויסע קענערס אין לשון קודש, האָב איך אים געזאָגט, אַז ס'איז טאַקע

אמת, אַז זיי, די צוויי חברה־לייט, זיינען טאַקע למדנים און בעלי תנ״ך. אליה האָט אָנגעקוואָלן:

— נו, זעסטו שוין, אַ?

און איך אַ ווײַלע אַרום:

— סײַ ווי, וואָס פאַר אַ מלאכה איז דאָס טיי־פּאַקן, צי וועגן... און אַז די מלאכה איז קיין מלאכה ניט, זיינען די אַרבעטער קיין אַרבעטער ניט... איך האָב ליב אַ פאַבריקע, טאַקע אַן אמתע, אַ פאַבריקע, וואו ס'קלאַפּט און ס'טראַסקעט!... דאָרטן פילט זיך, פאַרשטייסט, דאָרטן פילט זיך, פּאַנימאַיעש, סילאַ, קראַפט, מאַך. אָט מיט אַזעלכע אַרבעטער, פאַרשטייסטו מיך, מיט אַזעלכע אַרבעטער...

— איך אויכעט!... — האָב איך אַ מורמל געטאָן.

— וואָס דו אויכעט? — האָט ער מיט אַ מאָדנער האַמעטניקייט אַ פרעג געגעבן.

איך האָב אים געוואָלט זאָגן וועגן דעם גרויסן דרך ארץ, וואָס איך פיל צום פאַבריטשנעם אַרבעטער, הגם מיר איז נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען זיי בײַ דער אַרבעט. נאָר ווען איך האָב זיי אין גאַס באַגעגנט, האָב איך געטראַכט: „דאָס גייען פאַבריטשנע אַרבעטער", וואָס אַרבעטן אין יענע פאַבריקעס, וואו עס קלאַפּט און ס'טראַסקעט און גערדיכטע, שוואַרצע רויכן רייסן זיך פון די הויך־געמויערטע קוימענס אין הימל אַרײַן מיט געדיכטער, שוואַרצער ערנסטקייט.

אליה האָט, קאָנטיק, באַמערקט, אַז איך וויל עפּעס זאָגן און שעם זיך, האָט ער מיך געגעבן אַ טרייב אונטער:

— זאָג־זאָג! שעם זיך ניט, זאָג אויב דו האָסט וואָס צו זאָגן!

—עפּעס אַנדערע מענטשן!... אַנדערע... אַזוי דאַכט זיך מיר... גאָר אַנדערע...

אליה האָט ווידער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און שטאַרק פאַרצויגן דעם רויך, האָט ער, ווי מעכאַניש פאַר זיך אַ מורמל געטאָן:

— יאָ... אַנדערע מענטשן... אינגאַנצן אַנדערע...

אַדאַנק דעם, וואָס דער טאָג איז געווען אַ נעבלדיקער, און אַדאַנק ווידער דעם רויך פון די צענדליקער רויכערער, וואָס האָט זיך געשפּאַרט צום סופיט, האָט דאָרטן פּריצייטיק די נאַכט אָנגעהויבן צו־פאַלן און פאַרענדיקט מיטן טאָג האָט דאָס פייערל, וואָס האָט דאָרטן אויפגעטויכט לעבן דער גרויסער גאָלד־דיק־גלאַנציקער איקאָנע, וואָס האָט ווינקלדיק געשטעקט אין איינעם פון די ווינקלען אין גרויסן זאַל. דערזען דאָס פרום פאַר־געטערטע פּנים, וואָס פריער האָט מען ניט געקאָנט זען אַדאַנק דער ליכטיקייט פון טאָג, וואָס איז אויפן גלאָז געפאַלן, איז מיר אָן אַנגסטלעכער אומעט באַפאַלן...

— איך באַדאַרף שוין באַלד גיין! — האָב איך אַ מורמל געטאָן צו אליהון.

— האָסט נאָך צייט! — האָט ער זיך גלייך אָפּגערופן און אַרויסגענומען די „ציבעלע” פון זיין קאַמזויל־קעשינקע, אַ קוק געגעבן און געזאָגט: ס׳איז ערשט צוואַנציק נאָך פיר.

יאָ, איך האָב אַליין אויך געוואוסט, אַז ס׳איז נאָך פרי, און דאָך בין איך גערן געווען דעם גן עדן צו פאַרלאָזן... עפּעס אַ מאָדנע כאַנדרע איז מיך באַפאַלן פון דעם מאָמענט אָן, וואָס דער גויאישער אָפּגאָט האָט זיך מיט ליכט און גלאַנץ פון ווינקל באַוויזן און האָב דערפילט אַ מאָדנע ענגשאַפט צווישן מיינע קריסטלעכע שכנים, וואָס זיינען דאָ און דאָרטן אַרום די טיש־לעך געזעסן...

די אויגן מיינע זיינען געווען ווי געפּענטעט. איך האָב שוין ניט געקאָנט אַזוי פריי קוקן איבערן גרויסן פאַרנעם פון זאַל, ווי איך האָב ביז דעם געקוקט... די גאָלדענע גלאַנציקייט און גאָל־דענע הייליקייט פון גויאישן גאָט האָבן מיך פאַרפאָלגט, און אַ מאָדנע אומרואיקייט איז מיך באַפאַלן.

און ס׳איז זייער מאָדנע, וואָס אונטער דער ווירקונג פון דער עבודה זרה, האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך מיין גלויבן. יאָ, נאָך דעם זעלביקן „גלויבן”, אין וועלכן איך האָב שוין כמעט ווי ניט געגלויבט. איך האָב מיך דערמאָנט אינם נוסח פון דער שבת־פאַרנאַכטיקער מנחה פון „אתה אחד ושמך אחד”.

קאַנטיק, אונטערן איינדרוק פון אָט די געפילן האָב איך אַליין ניט באַמערקט, ווען איך האָב דאָס היטל מיינס גענומען און זיך פאַרנומען דאָס דרייען און קערעווען הין און צוריק. אליה האָט עס באַמערקט און, קאַנטיק, פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט מיין פאַרלאַנג דעם טראַקטיר צו פאַרלאָזן. אַז ער האָט מיך נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך האָב נאָך גענוג צייט, און מעגלעך, אַז איך וואָלט גאָך פאַר־בליבן. נאָר דווקא דערפאַר, ווייל ער האָט דאָ דערוואַרט די צוויי פאַבריטשנע אַרבעטער, וואָס איך בין זיכער געווען, אַז זיי זיינען קריסטן, דערפאַר אַליין האָב איך שוין ניט געקאָנט פאַרבלייבן, ווייסנדיק פאָראויס, אַז איך וועל מיך ניט פילן מיט זיי היימיש...

— טאָ טרינקט כאָטש אויס נאָך אַ גלאָז טיי, — האָט ער זיך געבעטן ביי מיר, באַמערקנדיק, אַז איך זיץ ווי אויף שפּיל־קעס.

אָבער איך האָב מיך דאָ גלייך געגעבן אַ הויב־אויף און אַ מורמל געטאָן:

— סאָלדאַטסקאַיא סלוזשבאַ !... —

אין די גאַסן האָבן שוין געברענט די גאַז־לאַמטערנעס, ווען איך האָב דעם טראַקטיר פאַרלאָזט, הגם ס'האָט זיך נאָך שטאַרק אָנגעזען דער גרויער בין השמשות. דער הימל איז געווען קאַליר־לאָז און האָט זיך נידעריק געשפּרייט איבער די גאַסן און הייזער. די לופט איז געווען ניט קאַלט און ניט וואַרם. ס'איז שווער געווען צו וויסן צי עס וועט קומען אַ שניי, צי אַ רעגן.

פון דאָ און פון דאָרט האָבן זיך געלאָזט הערן, ווי ס'הויבן זיך שטאַרן אַרויף מיט טראַסקענדיקן טומל. דאָס האָבן די יידן, וואָס האָבן געהאַלטן שבת פאַרמאַכט די קלייטן, זיי איצט גע־עפנט, און אָט דאָס טראַסקעריי איז באַגלייט געוואָרן מיטן קלאַנג פון קלויסטער־גלעקער, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אומ־באַשטימטע ווייטקייטן און נאָענטקייטן, און מיר דערמאָנט אָן אַ צווייטן דר־טאָג, אַ קריסטלעכן, אָבער וואָס יידן האָבן געמוזט האַלטן פאַר אַ רו־טאָג, באַגלייך מיט זייערע קריסטלעכע שכנים. דערפאַר האָבן זיך די יידן, וואָס האָבן געהאַלטן פון שבת, צו־

געאיילט צו עפענען די געשעפטן זייערע בכדי אַריינצוכאַפּן אַביסל פּדיון צווישן שבת־רו און זונטיק־רו.

איך האָב געשפּאַנט, פון צייט צו צייט אפילו אונטערגע־לאָפן. ס׳איז מיר אַזוי ביטער אויפן האַרצן געווען... יאָ, אַלע שבת צו־נאַכטס איז מיר גוט געווען, איצט טויזנט מאָל בעסער... דאָ און דאָרטן באַמערקט אַ יידן, אַ שבתדיקן, וואָס איז געשטאַ־נען מיט גרויסע שליסלען אין האַנט פאַר דער בלינד־פאַרמאַכטער טיר פון זיין קלייט. איך האָב מיך דערמאָנט, ווי די ערשטע צייט, וואָס איך בין אָנגעקומען קיין אַדעס, פלעגט אויף מיר אַ ווייע טאָן מיט יידישער היימלעכקייט, ווען איך האָב שבת געזען אַ פאַרמאַכטע קלייט. ווען איך בין די זעלביקע געשעפטן פאַרבייגעגאַנגען אינמיטן דער וואָך און זיי געזען אָפענע, האָב איך געפילט צו זיי אַ פרעמדקייט... יענע פרעמדקייט, וואָס איך האָב בכלל צו קלייטן געפילט, צו וועמען זיי זאָלן ניט האָבן באַ־לאַנגט... איצט אָבער איז דער סענטימענט ווידער געקומען... איך האָב דאָ דערזען, אַז עפעס שטימט עס ניט מיט דעם, וואָס אליה האָט מיר געוואָלט איינריידן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין חילוק צווישן יידן און קריסטן. אָט זע איך דאָך, אַז ס׳איז יאָ דאָ, אַז יידן ווערן געקרייוודעט דורך דעם, וואָס מ׳צווינגט זיי צו האַלטן די קלייטן זונטיק פאַרמאַכט, נאָכדעם, ווי זיי האָבן געהאַט זייער רו־טאָג...

איך בין געגאַנגען און געלאָפן. איך האָב נאָך גענוג צייט געהאַט, און דאָך... עפעס אַן אומרואיקייט האָט מיך געיאָגט און געטריבן ווייטער און פאָראויס. די טראָטואַרן זיינען געווען פול מיט שפּאַציר־גייער און אין דער מיט צווישן איין טראָטואַר און צווייטן זיינען געפלויגן שליטעלעך, באַגלייט מיט גלעקל־געקלאַנג, וואָס האָט הייזעריק אָפּגעקלונגען פון די פערדישע העלדזער, פון ווייטע און נאָענטע ערגעצן האָט זיך מיט מעכטיקער דראָ־ענדיקער פרומקייט, געטראָגן דאָס געקלאַנג פון קלויסטער גלע־קער, און פון דעם אַלעמען האָט זיך געוואָלט אַנטלויפן, אַנטרי־נען ווערן... ערשט איך האָב מיך דערמאָנט, אַז אין טראַקטיר זיצנדיק האָט מיך אַ באַגער באַהערשט זיך אַריינצוכאַפּן אין

אַ שול אַריין. איך האָב זיך טאַקע אַריינגעכאַפּט אין דער ערש־טער, וואָס מיר איז אויפן וועג געקומען.

געטראָפן דאָרטן אַ געדיכטן, אָבער היימלעכן חושך. ביי אַ לאַנגן טיש זיינען געזעסן געדיכט צונויפגעפּרעסט אַ פּאָר מנינים יידן, וואָס האָבן געפּראַוועט שלש סעודות. און ווייל אין חושך, און ווייל איך האָב זייערע פּנימער ניט געזען, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַלע זיינען זיי מיר באַקאַנט אומבאַקאַנטער־הייט... און אַלץ און אַרום... סיי דאָס, וואָס איך זע, און וואָס איך דערזע ניט, אַלץ זעט מיר אויס, ווי איך וואָלט עס שוין געזען... היימישקייט שפּאַרט פון אַלע ווינקעלעך סיי פון די, וואָס זיי־נען אָנגעגאָסן מיט חושך, און סיי פון יענע, וואָס זיינען ניט אַזוי געדיכט באַפינצטערט...

און דאָרטן, צווישן אַ ריי פענצטער, הויבט זיך דער ארון קודש אונטערן סופיט... עס גלאַנצן מיט גאָלדענער אויגיקייט די עשרת הדברות און נאָך העכער, וואו דער ארון קודש ענדיקט זיך — צוויי גאָלדיק־גלאַנציקע הענטעלעך... עפּעס אַזוי ווי אַריינגעפּאַסט אין פינצטערניש זעען זיי אויס... פון אַלץ ווייעט מיט אינטימער רואיקער היימלעכקייט... נאָר אָט האָט דער שמש אָנגעצונדן אַ ליכט און די גאַנצע אילוזיע איז פאַרשוואונדן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי עמיצער וואָלט די נשמה מיינע געגעבן אַ טו אויס נאַקעט, איך האָב מיך גענומען אַרויסשאַרן פון שולכל אַרויס, ווי דאָס קאָן טאָן איינער, וואָס איז נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהייט אַריינגעפאַלן אין פּאָטערס הויז, און דאָ קומט אים פּלוצים אָן די שטיף־מאַמע זיינע... און איך האָב פאַר־לאָזט די שול מיט די יידן מיט דער זעלבער דערשלאָגנקייט, וואָס איך האָב פאַרלאָזט דעם טראַקטיר מיט די קריסטן, מיטן גויאישן גאָט... און אַרויס אין גאַס, בין איך „אויפגענומען" גע־וואָרן פון אַ דורכדרינגענדיקער שנייאיקער קעלט און פון געקלאַנג פון קלויסטער גלעקער, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דאָ און פון דאָרט און פון אומעטום...

י,

אין איינעם אַן אָוונט, ווען איך בין געשטאַנען אַ פּיקס־און־פּאַרטיקער, אָנגעלאָדן מיט שטעקעלעך, גרייט זיך אַרויס־צושאַרן מיט דער סחורה אין דרויסן אַרויס — אַז דאָס מאַמ־זעלכל באַווייזט זיך מיר אַן אויסגעפּוצטע און גיט מיר אַ פרעג מיט אַ קאָקעטיש מינעלע, און אַ דריי מיטן קעפּעלע:

— פּאָדיאָש סאָ מנאָי גוליאַט? (וועסטו גיין מיט מיר שפּאַ־צירן?) — און אין אַ ווײַלע אַרום שוין ערנסט צוגעגעבן: — קום וועסט מיך באַגלייטן!

צוליב וואָס האָט זי מיך גאָר פּלוצים באַדאַרפט, איך זאָל איר באַגלייטן?

ווייל ס׳איז געווען אַ גרויסער גליטש אין דרויסן. אין אָדעס האָט עס אָפטער געטראָפן ווי אומעטום, וואָס רעגן מיט פראָסט האָבן זיך משדך געווען. דאָס מיינט ס׳איז זיך געגאַנגען אַ רעגן, און דער פראָסט האָט דעם רעגן אין אייז פאַרוואַנדלט. און אַזוי ווי מ׳האָט געקאָנט ברעכן ריק און לענד אויף די מיט אייז־באַ־דעקטע טראָטואַרן, האָט זי מיך דערפאַר „איינגעלאַדן" איך זאָל זי „פּראָוואַזשאיען" וואוהין זי גייט דאָרטן ערגעץ. און איך האָב שוין פאַרשטאַנען צו וואָס זי באַדאַרף מיך. האָב איך דאָך ניט איינמאָל געזען ווי גרויסאַרטיקע דאַמען זיי־נען זיך געגאַנגען „פּאָד רוטשקו" מיט זייערע לאַקייען, אין אַזעלכע וועטערן; אַן אָפיצערשע איז געגאַנגען אונטערן אָרעם מיטן „דיענשטשיק" און אַלטע און אפילו מיטל־יאָריקע הערן האָבן געשפּאַצירט מיט זייערע גוּוואָרנאַנטקעס (צי מיט דינסטן) אונטער די הענט, און די יעניקע, וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט קיין לאַקייען, גוּוואָרנאַנטקעס און דינסטן און האָבן אויך געוואָלט כאַפּן אַ שפּאַציר אין דעם טשיקאַוון וועטער, זיינען געגאַנגען מיט שטעקנס.

מעגלעך, אַז ווען איך אַליין וואָלט מיך אין וועג אַריין ניט געקליבן, וואָלט זי מיר דעם פאַרשלאָג ניט געמאַכט, און ווען אפילו יאָ, וואָלט ביי מיר געווען די ברירה אים יאָ אָנצונעמען,

צי ניט. דאָ אָבער, ווען זי האָט מיך געפּאַקט אין „ראַבאָטשע״ אַ גרייטן אויף אָוועקצוגיין, האָב איך דאָך ניט געקאָנט זיין קיין דבר אחר און זאָגן, אַז איך וויל מיט איר ניט גיין, בפרט נאָך, ווען איך האָב געוואוסט, אַז זי קאָן מיר דינען (צי זי האָט מיר שוין געהאַט געדינט) אַלס מליץ יושר, ווען מ׳וועט זיך כאַפּן (צי מ׳האָט זיך שוין געכאַפּט), אַז איך ווער פון צייט צו צייט אין די אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, פאַרפאַלן.

איז דאָס אַליין גענוג טראַגיש, ווען דו ביסט ניט גלייכגילטיק צו אַ מיידל און יענע רופט דיך אַרויס אויף אַ שפּאַציר און דו ווייסט צוליב וואָס פאַר אַ צוועק זי רופט דיך. ווען ניט דאָס (און ווען ניט די צוויי אָפּגעשטאַנענע פאַלעס מיט די שטעקעלעך), וואָלט עס דאָך געקאָנט זיין אַ גרויס גליק פאַר מיר. נו, יאָ, קאָן דען נאָך געבן אַ גרעסערער אומגליק ווען עפּעס, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ גרויס גליק פאַר דיר, ווערט איבער עפּעס אין אומגליק פאַרוואַנדלט?

אָבער מער פון אַלץ האָט מיך געפרעסן און געפּייניקט, וואָס איך האָב דאָך געהאַט הנאה פון איר פירן מיך אונטער דער האַנט. און וויפיל איך האָב מיך געסטאַרעט אָט די הנאה צו פאַרשטיקן האָט זיך עס מיר ניט איינגעגעבן.

איך האָב ערגעץ אין איינע פון מיינע דערציילונגען געהאַט געשריבן, אַז די בושה פון אַ שוואַנגעריק מיידל איז אָפּהענגיק פון ווען זי שוואַנגערט. וואָס גרעסער דער יחוס פון דעם וואָס האָט זי שוואַנגער געמאַכט, אַלץ גרעסער די חרפה. אַזאַ צי ענלעך אויף דער חרפה, האָב איך געפילט, ווען זי האָט מיך אונטערן אָרעם געפירט. ס׳האָבן דאָך אַלע געקאָנט דערקענען אין דעם הילוך אין מיינעם, אַז מיר זיינען ניט קיין פּאָרל. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף מיר מיט חוזק און מיט שפּאָט. און איך בין באמת געווען צופרידן, ווען זי האָט אויף אייניקע ערטער, וואו ס׳איז געווען אויסגעשאָטן אַש, אָדער ים־שטיינדלעך, מיין אָרעמען אָרעם באַפרייט פון איר האַנט. איך האָב מיך אָפּגערוקט פון איר אויף אַזוי ווייט, אַז זי זאָל צו יעדער צייט זיך קאָנען אָנכאַפּן אָן מיר, ווען דאָס וועט נוטיק זיין. סיי ווי, זי אַליין האָט אַכטונג געגעבן, איך זאָל ניט זיין ווייט אָפּגעשיידט פון איר. ווען

ס׳האָט געטראָפן, אַז איך האָב זיך שוין צופיל פון איר אָפּגע־רוקט, האָט זי ביי מיר געפרעגט:

— וואָסי, ס׳שטייט דיר ניט אָן צו גיין מיט מיר?...

און דערביי געוואָרפן אויף מיר אַ שוואַרץ־אַפּלדיקן בליק־קוק פון דער הינטער דער שוואַרצער וואואַלקע אַרויס, אין וועלכן איך האָב דערקענט ביטול און חוזק.

אויף איין אָרט האָט זיך לעבן אונדז געגעבן אַ גליטש אויס און אַ קער זיך איבער אַ יונג דאַמעלע, און גלייך האָבן זיך געגעבן אַ לאָז צו איר אַ טשאַטע יונגוואַרג, און יעדער איינער פון זיי האָט זיך אַ וואָרף געגעבן זי אויפצוהויבן, און יעדער איינער פון זיי האָט דעם מאַנטל אירן אַרומגעפוצט, ווער מיט דער בלויזער האַנט, ווער מיט אַ טיכעלע. איך מיט „מיין דאַמע״ און נאָך אייניקע פאַרבייגייענדיקע האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דער סצענע. און איך האָב ביי איר אַ פרעג געגעבן, צי זי וואָלט זיך געלאָזט פון מיר אויפהויבן אין פאַל זי וואָלט גע־פאַלן, און זי האָט מיר דאָ גלייך געגעבן אַ פאָר אָפּ:

— דו־דו, זיי נאָר ניט אַזאַ קלוגיטשקער!

און, קאָנטיק, אונטערן איינדרוק פון דער געפאַלענער דאַמע־לע, האָט זי מיך פעסט געגעבן אַ כאַפּ אונטערן אָרעם, מיך אַ צי און אַ שלעפּ געטאָן, און מיר האָבן זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין. ביי יעדן מאָל, וואָס זי האָט זיך געגעבן אַ „ספּאַטיקע״, האָב איך דערפילט אַ דריק אין מיין האַנט און מירביידע האָבן זיך געגעבן אַ טוליע צונויף. דאָס זעלבע האָט, נאַטירלעך, גע־טראָפן, ווען איך האָב מיך געגעבן אַ גליטש און אַ וואַקל אויף אומצופאַלן. איך האָב פון דעם הנאה געהאַט, און באַגערנדיק וואָס גיכער פטור צו ווערן פון אָט דער הנאה, האָב איך איינמאָל אַ פרעג געגעבן ביי איר, ווי לאַנג און ווי ווייט איך האָב נאָך מיט איר צו גיין, און זי האָט מיר אַ פרעג געגעבן:

— וואָסי, האָסט קיין צייט ניט? דיין „שיינע״ וואָרט דאָרטן אויף דיר?

די „שיינע״ ווי די „שיינע״, אָבער אָט די עטלעכע מאות שטעקעלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאָלעס פון מיין טיז־ליק, צוליב דעם אַליין האָב איך פון איר וואָס גיכער געוואָלט

פּטור װערן. װאָס טו איך, אַז זי דערפּילט דאָרטן אָן איר פּוס אָט די האַרטקײט. איך האָב מיר טאַקע געהיט, װי װײט דאָס איז מעגלעך געװען, איך זאָל װאָס װײניקער קומען מיט איר אין באַרירונג. דאָס אײנציקע שטיקל גליק מײנס איז באַשטאַנען אין דעם, װאָס דער מאַנטל אירער איז אונטן געװען אַרומגע־זוימט מיט אַ ברײטן קאַראַקולענעם זוים, און, קאָנטיק, אַז נאָר אַדאַנק דעם האָט זי ניט געקאָנט דערפּילן די האַרטקײט פון מײנע פּאָלעס, װאָס זײנען ניט אײנמאָל געקומען אין באַרירונג מיט דעם פּוטערנעם זוים.

מיר זײנען געגאַנגען גאַס־אויס, גאַס־אײן און אומעטום דאָס זעלבע בילד: אײז, אײז און אײז! אַ גלעזערנער דרויסן, װאָס האָט פאַרװאַנדלט די גאַסן מיט הײזער און מיט אַלץ און אַנאַנדער אין עפּעס אַ מין יום־טוב. די צװײ רײען בײמער (אין אײניקע גאַסן פיר רײען) האָבן אויסגעזען װי קאַנדעליאַבערס. דאָ און דאָרט האָט זיך געװאָרפן אין די אויגן אַן אָפּגעבראָכע־נער צװײג פון אַ בוים, װאָס האָט, קאָנטיק, ניט געקאָנט אויס־האַלטן אויף זיך די אײזיק־שװערע משא, און איז געבליבן הענגען אויף אַ חורבן־בראָך, אין דער צײט, װאָס דער גאַנצער איבערי־קער בוים איז זיך געבליבן שטײן אין זײן קאַנדעליאַברעדיקן גלאַנציקן יום־טוב.

די טעלעגראַף־דראָטן זײנען אַראָפּגעהאַנגען האַלב רונדיק און האָבן אויסגעקוקט װי דיקע שטאַנגען פון מאַטאָװן גלאָז. אײניקע סלופּעס זײנען געשטאַנען געבויגן אײנס צו דאָס אַנ־דערע. אויך זײ זײנען געװען היפּשלעך פאַרפּאַנצערט אין אײז. בײ אײניקע האָבן די פּאַנצערס דערגרײכט ביז אַ העלפט, אַנדערע דרײ פערטל. די זעלביקע פאַרפּאַנצערטקײט האָט מען געקאָנט זען אויף שילדן, װאָס זײנען אין דער לופטן געהאַנגען. פּלאַכ־טעס אײז זײנען געהאַנגען, ניט קײן שילדן. פון רינװעס און דע־כער זײנען אַראָפּגעהאַנגען שװער־װאָגיקע, דיקע צאַפּליעס און אפילו פון די לאַמטערנעס זײנען אראָפּגעהאַנגען קלײנינקע צאַפּ־ליקעס װי גראָשענע ליכטעלעך. פון צײט צו צײט האָט זיך אַמאָל דאָ, אמאָל דאָרטן, אַ דראָט איבערגעריסן, אַ דראָט פון אַ טעלע־גראַפן־סלופּ, זיך געגעבן אַ ריס איבער מיט אַ שריפּהדיקן בליץ,

און אַ שטאַנג פון אייז האָט זיך אַ צעשאָט געטאָן, חורבנדיק זיך צעברעקלט נאָך איידער ער האָט דעם אייזיקן באָדן באַ־רירט, איינצייטיק האָבן זיך פון אונטן דערהערט צענדליקער הייזעריקע קלאַנגען און קלאַנגעלעך.

איך האָב אַזוי ליב געהאַט דעם „משנה עתים“ און דאָך האָט זיך מיר דער וועג געצויגן ווי דער יידישער גלות און דאָ האָב איך נאָך געהלאַטן די נשמה אין דער זשמעניע, אויס מורא, איך זאָל זיך אַמאָל ניט אָנטרעפן מיט אליהן ? וואָס וואָלט ער געטראַכט וועגן דעם ? אפילו דאָס בעסטע, וואָס ער וואָלט גע־טראַכט, וואָלט דאָך ניט געטויגט פאַר מיר, אפילו, ווען אים וואָלט איינגעפאַלן, אַז איך גיי מיך „גלאַט“ מיט איר כאַפּן אַ שפּאַציר, אָבער נאָך ערגער וואָלט געווען, ווען ער וואָלט זיך אָנגעשטויסן, אַז איך דין איר בלויז ווי אַ שטעקן.

ווען איך בין מיט אָט די גערדאַנקען געווען פאַרנומען, האָט געטראָפן אַזאַ פאַל : אַ פערד, געשפּאַנט אין אַ שליטעלע, איז געפאַלן, און איינס און צוויי האָבן זיך אויף דעם בייז־וואונדער צונויפגעלאָפן עטלעכע צענדליק מענטשן, און צווישן זיי אַ פּאָר „דוואָרניקעס“, און זיי, די דוואָרניקעס, מיטן איזוואָשטשיק, האָבן זיך פאַרנומען צו באַברען אַרום פערדישן „שוכן עפר“. דאָס פאַרעלע, וואָס האָט זיך אין שליטעלע געפונען, איז זיך גאַנץ רואיק און געמיטלעך געזעסן, ווי דאָס אַלץ וואָלט זיך מיט זיי ניט אָנגעקערט. איך האָב זייער געגאַרט צו וויסן, צי האָט דער „פאַרשוין“ די זעלביקע הנאה פונם זיצן אין שליטעלע ווען ס'שטייט, צי ווען ס'גליטשט זיך אויפן מיט אייז באַדעקטן באָדן? און אַז ער האָט אַזוי אויך הנאה געהאַט פונם זיצן און ניט פאָרן, האָט באַוויזן די גלייכגילטיקייט זיינע, ווי ער האָט גע־קוקט אויף די מענטשן, וואָס פאָרקען זיך אַרום פערד און שלאָגן זיך אַרויס פון די כוחות אַרויס אים אויפצוהויבן. און דאָס פערד, נעבעך, סאָפּעט מיט געדיכטע קנוילן פאַרע פון די צעשפּרייטע נאָזלעכער, און פונם גאַנצן קערפּער פון זיינעם הויבט זיך אַ גע־דיכטער נעפּל.

די באַגלייטערין מיינע האָט מיך איין מאָל און אַ צווייטן אַ צי און אַ שלעפּ געטאָן ביי אַן אַרבל, מיר זאָלן פאַרזעצן

דעם וועג, אָבער איך בין געווען אַזוי פּאַרטראַסקעט סיי מיטן געפאַלענעם פערד, סיי מיט דעם פּאַרל, וואָס איז אין שליטעלע געזיסן, און מיטן גאַנצן טומל אַרום, אַז...יאָ, איך בין טאַקע אויסן געווען אָט דער מויד צו באַווייזן, אַז דאָס אינטערעסירט מיך מער ווי דאָס גיין מיט איר. דער סוף איז געווען, אַז זי האָט מיך איבערגעלאָזט, און איז אַוועק אָן מיר, איך האָב געוואַרט ביז וואַנען דאָס פערד איז אויפגעהויבן געוואָרן און „שוואַלאָם" אַוועק מיין וועג מיט אַ פאַרלייכטערטן געמיט, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון דער מויד, און פון דער הנאה, וואָס איך האָב געהאַט גייענדיק מיט איר...

## יא

איך האָב דאָרטן געהאַט אָנגעוויזן אויף די געפּאַרן, וואָס האָבן געשטעקט אין די „גניבות" אין מיינע, און ווי אַזוי איין געפּאַר איז באַזייטיקט געוואָרן אַדאַנק מיין „אָפּמאַך" מיטן באַלעבאָס' טעכטערל. האָב איך אויך שוין געהאַט דערציילט, ווי איך האָב מיך אָן עצה געגעבן מיטן איבעריקן „מאַטעריאַל", וואָס איז אַוועק אויף די איבעריקע שטעקעלעך, וואָס איך האָב געמאַכט אַריבער דעם „ציל", וואָס איך האָב אים באַדאַרפט צושטעלן. אַזוי, אַז אויך די געפּאַר איז באַזייטיקט געוואָרן, אָבער איין געפּאַר האָב איך ניט געקאָנט באַזייטיקן. דאָס איז די צייט, וואָס ס'האָט ביי מיר גענומען מאַכן די צוועלף מאות פּונקט אַזויפיל וויפיל ס'האָט גענומען, ווען איך האָב אַר־בעטנדיק די זעלבע שעהן געמאַכט מיט פינף, זעקס, זיבן און אַמאָל אַכט הונדערט מערער. ס'איז אַלע טאָג געווען גערעדט וועגן דעם, וואָס איך „שוויץ" און „שוויץ" און ווען ס'קומט צום ציילן, האָב איך אַלץ ווידער און אָבער געהאַט ניט מער ווי די „ציל" (אַמאָל אַ מאה, צי אַנדערהאַלבן מערער). דער באַלעבאָס האָט אַלע מאָל, נאָכן ציילן געוואָרפן אויף מיר אַזאַ קוק ווי אַ יידענע וואַרפט אויף דער הון אויף אירער, ווען זי טאַפּט אָן עפּעס ווייכס און וואַרעמס, אויפן אָרט

פונם איי, וואָס זי האָט פון איר דערוואַרט... און אַלעמאָל האָב איך פון אים איין און די זעלביקע ווערטער געהערט:

— יאָגט און יאָגט, דער פאַרשיוועץ, זעצט פון זיך די פּאַרע אַרויס, און קוים מיט צרות דערשלעפּט ער די צוועלף מאות.

אויך פונם באַלעבאָס סינאַק, ווען ער האָט די אַרבעט מיינע, נאָכן טאָג אַרבעט, איבערגעציילט, האָב איך אויך די זעלבע באַמערקונג געהערט, נאָר מיט זיינע ווערטער:

— סי שוויצן און סי קוים קאַם...

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב געהאַלטן די נשמה אין די הענט: וואָס טו איך ווען מ'גיט מיר דאָרטן אין מיין ווינקל אַ נישטער און מ'דערזעט דעם באַהאַלטענעם אוצר מיינעם, מיין לעבן וואָלט דעמאָלט קיין שמעק טאַבאַק ניט די ווערט געהאַט. אָבער דער נסיון איז געווען זייער גרויס, ווי ס'ניט־איז פלעגט מיר דורך דער וואָך אַראָפּפאַלן אַ פינף, זעקס, און אַמאָל זיבן גילדן, און וואָס אַזאַ סומע געלט האָט געמיינט פאַר מיר, איז איבעריק צו זאָגן, נו, האָב איך עס גע־קענט אויפגעבן?

ווייס איך ניט ווי לאַנג דאָס וואָלט געקענט אַנהאַלטן, אָבער ס'האָט געפּלאַצט פריער ווי ס'האָט געקענט געווען פּלאַצן, ווען דער שוואַרץ יאָר וואָלט ניט געווען אַנגעטראָגן עפּעס אַ יידן אַ ליטוואַק, אַ קאָמיסיאָנער, וואָס האָט צוגעשטעלט אין די גרעסערע מאַגאַזינען פאַרפּאַק־מאַטעריאַלן, וואָס יענע האָבן נויטיק געהאַט צו פאַרפּאַקן די פעקלעך סחורה פאַר די קונים פאַר זייערע. נעמלעך: פּאַק־פּאַפּיר, שפּאַגאַט און שטע־קעלעך, אָט די זעלבע שטעקעלעך, מיט וועלכע דער באַלעבאָס האָט מיך מזכה געווען.

דאָס איז געווען אַ וואָך צי צוויי פאַר פּורים. דער שניי אין הויף איז שוין כמעט ווי געהאַט פאַרשוואונדן, בלויז דאָ און דאָרטן זיינען נאָך געבליבן אַ פּאָר פאַרחושכטע קופּקעלעך שניי, וואָס דער „דוואָרניק" האָט געהאַט צונויפגעשאַרט. עס זיינען אויך נאָך געשטאַנען די פּאָר „מענטשן", וואָס קליינ־וואַרג האָבן געמאַכט אין די „שנייאיקע צייטן", עס זיינען

בלויז געבליבן קיילעכיקע קעפּ אויף די ברייטע אַקסלען. בקיצור אין אָט דער־אָ צייט האָט עס דעם ליטווישן ליטוואַק אָנגעטראָגן, זיך ברייט אַריינגערוקט מיטן פּוטער ווי גאָט ווייס וואָס פאַר אַ פּראָסט ס'וואָלט אין דרויסן געברענט, און ראשית זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער איז דער און דער, אַז ער שטעלט צו צו די גרעסטע פירמעס דאָס און יענס. מילא, וואָלט עס קיין עוולה ניט געווען, אַ ייד וויל זיך באַרימען, — זאָל אים וואויל באַקומען, וואָס מיר איז אין דעם יידן ניט געפעלן געווען איז, וואָס פאַר אַ פירמע ער זאָל ניט האָבן אָנגערופן, איז גלייך נאָך דעם געקומען אַזאַ פראַגע:

— מן האַשטאַמע ניט געהערט!?

און איז געקומען אַן ענטפער, אַז מ'האָט יאָ געהערט פון דער פירמע, האָט ער גלייך אָנגערופן אַ צווייטע, און ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער איז ער ווידער אַרויסגעפאָרן:

— אַוודאי און אַוודאי ניט געהערט!

איז דאָך ממה נפשך, אויב ער איז אַזוי זיכער געווען אַז מ'האָט ניט געהערט פון דער און פון יענער פירמע, טאָ צו־ליב וואָס זי אָנרופן? און אויב ווידער ער איז געווען פאַראינ־טערעסירט, אַז זיי זאָלן וויסן מיט וואָס פאַר אַ פירמעס ער פירט זיינע געשעפטן, וואָלט ער על־פי שכל באַדאַרפט זיין פאַראינטערעסירט אַז זיי זאָלן יאָ האָבן געהערט פון זיי, איז אָבער לא, וויבאַלד דער באַלעבאָס, צי דער בן זיינער, האָט געזאָגט אַז יאָ־געהערט, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט אָנרופן אַ צווייטע וואָס זיי זאָלן האָבן פון איר ניט געהערט. און געזען אַז ס'גייט אים ניט, אַז ביי יעדער פירמע, וואָס ער רופט אָן באַקומט ער אַן ענטפער, אַז מ'האָט פון איר גע־הערט, האָט ער זיי ענדלעך געפּאַקט:

—קאַלפּא, געהערט קאַלפּא, אַ גרויש מאַנופאַקטור גע־סעפּט?

— געהערט, געהערט! — האָט זיך דער באַלעבאָס אומגעדולדיק אָפּגערופן.

דער ייד האָט זיך אַ גלעט געגעבן די שיינע באָרד זיינע, פאַרדרייט דעם קאָפּ זיינעם אַ ביסעלע אין אַ זייט, ווי אַ

ייד אַ למדן פאַרטראַכט זיך אַמאָל, ווען ער דערטאַפּט אַ הארבע סוגיא און מיט אַמאָל אַזאַ פרעג געגעבן:

— וואָס איז ער אַ ייד צי אַ קריסט?

— אַ ייד! — האָט זיך דעם באַלעבאָס׳ בן אָפּגע־רופן.

— געטראָפן ווי אַ בלינדער פערד אין גרוב אַריין!

— ער האַלט „צי״ זיין געשעפט אום שבת.

— יע? — האָט דער ליטוואַק נצחונדיק אויסגערופן — פאַרסטאַנען, גלייך פאַרסטאַנען! נו, קען איך אייך זאָגן, אַז קאַלפא איז גאָר אַ קאַראַאים!

דאָ האָט שוין אליה ניט אויסגעהאַלטן און זיך אָנגערופן צום יידן:

— הערט רב ייד! איר זענט אַריינגעקומען צו אַ בעל מלאכה אין שטוב אַריין און דרייט אַ ספאָדיק. איר זענט דאָך נאָך עפּעס געקומען, זאָגט וואָס איר באַדאַרפט, און פטור!

דער ייד האָט זיך געגעבן אַ דראַדל אָן און מיט ביטול אַ פרעג געגעבן:

— און ווער איז דער פישקאַטער?

— איך וועל אייך בעטן האַלטן אייער פיסק! — האָט אליה מיט צאָרן אויסגערופן.

דער שיינער ייד מיט דער שיינער באָרד, מיט וועלכער, ווי עס איז קאַנטיק געווען אין זיין האַלטן זיך, אַז ער נעמט זיך מיט איר היפשלעך איבער, וואָלט דעם אַרבעטער זיכער קיין בעל חוב ניט געבליבן. נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעוויזן די באַלע־באָסטע און אַ וואָרף געגעבן די ביסטרע אייגעלעך אויפן אַרבע־טער, און גלייך אַ שטשירע געטאָן די ציין אירע צום יידן. אָבער דאָס האָט ניט געמיינט צום שלעכטן. איך האָב שוין פיל מאָל געהאַט באַמערקט, אַז ווען ס׳איז אַריינגעקומען אַ „ליי־טישער״ מענטש צו פאַרזאָגן אַ לייטיש „שטיקל״ אַרבעט, און וואָס יענער האָט באַדאַרפט האָבן צו אַ באַשטימטער צייט, און ער איז ניט געווען גאַנץ זיכער, צי קאָן ער זיך פאַרלאָזן אויפן מאַן אויף אירן, אַז די אַרבעט וועט געמאַכט ווערן ראַיעל און צו דער צייט, וואָס ער באַדאַרף די אַרבעט האָבן, האָט זי זיך

באַוויזן און אויסגעשטשירעט די פֿאַלשע ציין אירע, און אָט די פֿאַלשע ציין אירע האָבן באַדאַרפֿט יענעם איבערצייגן, אַז דער מאַן אירער איז אַ ראַיעלער מענטש. אַ סימן, אַז ער האָט זיך געלאָזט קאָסטן געלט און געלאָזט דער ווייב זיינער אַריינ־שטעלן ציין...

און זאָל מען דאָס ניט אָננעמען פֿאַר קיין וויץ. מ׳באַדאַרף וויסן וועגן וואָס פֿאַר אַ צייט דאָ רעד׳ט זיך. און וועגן וואָס פֿאַר אַ קלאַס מענטשן דאָ שרייבט זיך. צו יענער צייט איז געווען אַ זעלטנהייט, אַז אַ פֿרוי פֿון מיטלקלאַס, שוין אָפּגערעדט פֿון אַ בעל־מלאכהס אַ ווייב, זאָל זיך אַריינשטעלן ציין. און האָט זיך איינע אַזעלכע יאָ פֿאַרגונען, האָט זי זיך ניט באַהאַלטן דערמיט, פֿאַרקערט, זי האָט שוין געזען, מ׳זאָל זיך עס דער־וויסן, און זאָלן לייט וויסן, אַז זי איז ניט הפֿקר ביים מאַן, און במילא איז שוין פֿון זיך פֿאַרשטענדלעך געווען, אַז ער אַליין, אָט דער יידענעס מאַן, איז ניט קיין אַבי־ווער, ווייל „אַבי־ווער" אַ מאַן אַרט עס קנאַפּ־וואָס, אַז דאָס ווייב גייט אים מיט די הוילע יאַסלעס...

דעמאָלט האָב איך עס, נאַטירלעך, ניט פֿאַרשטאַנען. אָבער באַמערקט האָב איך פֿיל ניט געציילטע מאָל, אַז ווען דער, וואָס איז געקומען פֿאַרזאָגן אַ געוויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, און ער האָט זיך געקווענקלט צי זאָל ער זי יאָ פֿאַרזאָגן צי ניט, איז אַזוי גלייך ווי די באַלעבאָסטע האָט זיך אַריינגעוויזן און באַוויזן די פֿאַלשע ציין אירע, איז ער דרייסטער צוגעטראָטן צום עסק. און אויך דאָ, ביי דעם יידן, האָב איך דאָס נעמלעכע באַ־מערקט. ניט באַוויזן זיך אויסצוטשוכען פֿון דעם פּסק, וואָס ער האָט פֿונם אַרבעטער געקראָגן, און פֿאַרגעסן אין דער ראָלע אין זיינער, וואָס ער האָט אָקאָרשט געשפּילט אַנטקעגן די בעלי מלאכות, איז אַזוי גלייך ווי ער האָט זי דערזען, זי, דעם באַלעבאָס׳ ווייב, מיט איר ערנסטקייט און מיט אַריינגעשטעל־טע ציין מיט אירע (אין יענע צייטן איז דאָס געווען גענוג פֿאַר־טאַטשנע געמאַכט, אַז מ׳האָט עס גלייך געקאָנט דערקענען), האָט ער זיך פֿאַרנויגט פֿאַר איר, און איר גלייך צוגעטראָטן צום

עסק, נאָך וועלכן ער איז געקומען. און דער עסק איז געווען אַ גאַנץ היפשער, כמעט ווי אַ „פּאַדריאַד", קאָן מען זאָגן. ער האָט געוואָלט ניט מער און ווינציקער, אַז דער באַלעבאָס זאָל זיך אונטערנעמען אים צושטעלן וואָך ביי וואָך צען טויזנט „פּאַלעצקעס", און דאָ גלייך האָט דער באַלעבאָס געגעבן אַ דריי אויס דאָס פּנים זיינס צו מיר און ביי מיר אַ פרעג געגעבן:

— נו, וואָס זאָגסטו?

מיט אַזאַ טאָן געפרעגט, ווי ער וואָלט שוין פריער געוואוסט וואָס פאַר אַן ענטפער ער קאָן דאָ קריגן. אָ, געוויס, ווען איך וואָלט אים ניט געוויזן, אַז איך קען אַרויסוואַרפן אַזאַ שלל מיט שטעקעלעך וואָלט ער אפשר גאָר איינגאַנצן מיט דער פראַגע ניט אַרויסגעקומען. אָבער ווייסנדיק אַז איך קאָן יאָ און ווידער ווייסנדיק ווי ער האָט מיר געהאָט אָנגעפייפט, האָט ער עס דערפאַר געפרעגט מיט אַ האַלבן מויל. און כאָטש איך האָב אין דעם דערקענט, אַז דער כלב ווייס זייער גוט, וואָס ער האָט מיר אָפּגעטאָן, האָב איך דאָך ניט געוואַגט אַרויסצוקומען מיט אַ קאַטעגאָרישן ענטפער, אַז איך קאָן עס מיך מער ניט אונטערנעמען, און איך האָב געלאָזט די פראַגע זיינע הענגען אין דער לופטן.

— וויפיל „פּאַלאַצקעס" וואַרפט ער ביי אייך אַרויס אַ טאָג? — איז דער ייד אַרויסגעקומען מיט אַ פראַגע.

ווען דער באַלעבאָס האָט אים געענטפערט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ:

— צוועלף „שאָטניעס" (מאות) אַ טאָג? ניסט מערער? אַ סיינע מייסע כ'לעבן! און יענע סקאָצים וואַרפן אַרויש ווייִשט איר וויפיל? קאַזדי באַזי דיען (יעדן גאָטס טאָג) צוויי טויזנט, און אַמאָל נאָך מיט אַ האַלבן.

איך האָב אַלץ געשוויגן. דאָ האָט זיך די באַלעבאָסטיטשקע אַ וויש־געטאָן מיט צוויי פינגערלעךביידע מויל־ווינקלען אירע, און אָנשטעלנדיק אויף מיר אירע ביידע צוויי וואָראָנע אייגעלעך, האָט זי מיט געלאַסענער פאַרביסנקייט אַריינגעפרעגט אין מיר אַריין:

— איך פאַרשטיי ניט, קאָנסט דאָך ענטפערן יאָ, צי ניין?

גיי ענטפער, אַז וואָס איך זאָל ניט ענטפערן וועט עס טויגן אין דער ערד. זאָגן אַז איך קאָן ניט, האָב איך ניט גע־קאָנט, ווייל זיי ווייסן דאָך, אַז איך קאָן יאָ, נעמען ווידער און זאָגן, אַז איך קאָן און וויל ניט, האָב איך ניט „געזדרעפּעט", און דאָ זע איך ווי אַלעמענס אויגן זיינען אָנגעשטעלט אויף מיר און וואַרטן אויף דעם ענטפער.

— מילא, ענטפער: יאָ, צי ניין! — האָט זיך אליה אָפּגערופן, קאָנטיק, אַז אַפילו ער האָט שוין דאָס געדולד פאַרלאָרן. נו, יאָ, קיינער ווייס ניט וועמען דער שוך קוועטשט. און ס׳האָט מיר באַנג געטאָן, וואָס איך האָב אים ביז אַהער ניט דערציילט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, ווייל איך וואָלט אים שוין אויך געמוזט דערציילן פון די „גנבות" וועגן מיינע. אמת, איך האָב עס טאַקע ניט געהאַלטן פאַר קיין גנבה, ווייל איך האָב דאָך מיין אייגענע פּראַצע געטראָגן פאַרקויפן, דאָך האָב איך מורא געהאַט, ער זאָל אַמאָל ניט וואַרפן אַן אומחן אויף מיר דערפאַר.

— נו, סי באַלד זען ווי ער מיר סי ניט ענפערן! — האָט זיך אָפּגערופן די שטומע ליעליע, אַראָפּלאָזנדיק די לייסט פון וואַרשטאַט און זיך געלאָזט שפּאַנען צו מיר. דאָ האָט אליה אויך זיין לייסט אַראָפּגעלאָזט, און מיט איר טאַקע אים פאַרסטאָמפּעוועט דעם צוגאַנג צו מיר, און ביידע זיינען געבליבן שטיין איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן ווי צוויי הע־נער. ביי ביידן איז ניט געבליבן קיין טראָפּן בלוט אין פּנים. בלויז ביי איינעם פון זיי, ביים באַלעבאָס׳ בן, האָבן זיך די אויערן צעפלאַקערט.

— וואָסי, דו וויל סי שלאָגן מיט מיר? — האָט ער מיט די פלאַקערדיקע אויערן זיך אָפּגערופן צו אליהן.

און אליה האָט גאַנץ געלאַסן, הגם אויפגערעגט, אים געענטפערט אויף זיין פראַגע:

— ניין, איך וויל זיך מיט קיינעם ניט שלאָגן! פאַר־קערט, איך וויל אויסמיידן אַ געשלעג.

דאָ איז די באַלעבאָסטע צוגעקומען און גענומען שלעפּן דעם קדיש אירן און איינצייטיק דורכבויערנדיק אליהן מיט

אירע שטעכעדיקע אויגעלעך. דער אָבער האָט זיך עקשנותדיק געווערט און מיט פאַרביסנקייט אַ פרעג געטאָן ביי אליהון:

— דו מיט אים סי עפּעס קער אָן?

— אַ סיילע אַ ביסל! — האָט זיך דער ייד דער ליטוואַק אָפּגערופן מיט אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע, — „אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע".

אליה איז נאָך בלאַסער געוואָרן, ווי ער איז געווען ביז יענער האָט די אומפאַרשטענדלעכע ווערטער געזאָגט. ער אָבער האָט זיי קאָנטיק יאָ פאַרשטאַנען. און ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרענטפערן דאָס איינשטעלן זיך פאַר מיר, אַז ער מיינט ניט דאָס וואָס דער ייד מיינט, אַז ער נעמט זיך גאָר אָן פאַר עפּעס אַנדערש, האָט ער זיך אָפּגערופן צום קעגנער צו זיינעם, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען גרייט אויפצונעמען מיט אים אַ קאַמף:

— פאַר וואָס האָלט מען אים ביי דער אַרבעט, פאַר וואָס?

— וואָס איז דיין באַבעס דאגה? — איז אים די באַלעבאָסטע אַריינגעפאַרן און איינצייטיק זיך אַריינגערוקט צווישן זון און אים בכדי אויסצומיידן אַ בוטשע.

— איר זעט? — האָט זיך דער באַלעבאָס אָנגערופן צום יידן — ניט אומזיסט וויל איך „זיי" ניט האָבן ביי זיך אין שטוב! ס'איז שונאים אַ רוח אין זייערע פאָטער און מוטער אַריין!

— מסתמא פאַרדינט איר ניט בעסער! — האָט אליה נאָך מיט מער דרייסטקייט אָפּגעענטפערט.

אָנגערירט דעם טאַטנס האָנאָר האָט זיך דער בחור אַ וואָרף געגעבן אויף אליהן, אָבער אליה האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיקל געצייג פון וואַרשטאַט און געשטאַנען אַ גרייטער זיך צו באַשיצן. די באַלעבאָסטיטשקע האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בן אירן, אים געגעבן אַ שטופּ אַוועק, און מיט שרעק אויסגעשריגן:

— איציקל, גיי אַוועק פון אים! זעסט ניט מיט וועמען דו האָסט דאָ צו טאָן?

— קאָנסט זיך שוין זוכן אַ נייעם פּלאַץ! — האָט דער באַלעבאָס אויסגערופן און דערביי איז די אונטערשטע ליפּ זיינע, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צווישן באָרד און אונטער־געשוירענע וואָנצעס, געוואָרן בלאָס ווי אַ מילך.

— און אַן אַנדערער, מיינט איר, וועט זיין בעשער? — האָט דער ייד מעשה־ווייסער זיך אָפּגערופן צום באַלעבאָס, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — ניט אַמאָליקע צייטן! זיי לאָזן זיך היינט ניט ספּייען אין דער קאַשע... איר האָט דאָך געהערט, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, „אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע"...

— וואָס־זשע מיינט עס? — האָט דער באַלעבאָס ביי אים געפרעגט.

— פרעגט ביי אים! — האָט ער געענטפערט אָנווייזנדיק אויף אליהון, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — באַלד דערקענט, אַז ער מוז „פּרינאַדלעזשאַיען" צו יענער חברה...

— וואָסערע חברה? — האָט די באַלעבאָסטע צושטופּנ־דיק דעם תכשיט אירן צו זיין וואָרשטאַט, געפרעגט.

— חברה ציצאַליסטן ימח סמאָם (שמם), אַט די וואָס האָבן געהרגעט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אין „טיסאַצי וואָשעם שאָט פּערוויי גאָד", (אין 1881 יאָר) און דערנאָך זיינען געקו־מען פּאָגראָמען אויף יידן.

דערהערט אַזאַ מעשה האָט דער באַלעבאָס זיך אָפּגערופן אַ קוק־וואַרפנדיק אין הויף אַריין:

— אַ סוף — אַ — סוף זאָל עס נעמען!...

— אַלץ איבער דעם בופלאָקס! — האָט זיך דערהערט דער אַלטערס שטימע פון פּאָרהייזל.

אליה האָט זיך פאַרנומען צו דער אַרבעט, ווי גלייך ס'וואָלט דאָ גאָרניט פאָרגעקומען. די באַלעבאָסטע האָט איין וויש און אַ צווייטן געטאָן די מויל־ווינקלען, און זיך גיפטיק אַ ווענד געטאָן צו מיר:

—און דו ווילסט נאָך אַלץ ניט ענטפערן, דו פאַרשיוועך דו, וואָס דער באַלעבאָס האָט דיר דאָ געפרעגט.

קאָנטיק, אַז איר איז שוין ניט אין דעם געגאַנגען, נאָר זי האָט דורך מיין ענטפער, אַ וועלכער דאָס זאָל ניט זיין, געוואָלט פּטור ווערן פון דעם יידן, וואָס אַדאַנק אים איז די גאַנצע בהלה געוואָרן. אָבער איך, דערפילנדיק, אַז איך האָב דאָ ווער ס׳זאָל זיך פאַר מיר אָננעמען, האָב פון וויטן איר גע־קוקט גלייך אין פּנים אַריין. דאָס האָט שוין דעם באַלעבאָס אַרויסגעפירט פון זיין גלייכגעוויכט, וואָס ער האָט זיך, קאָנטיק, באַמיט אָנצוהאַלטן פאַר אַ פרעמדן מענטשן, און ער האָט געגעבן אַ וואָרף אַראָפּ די לייסט פון וואַרשטאַט, אָבער די באַלעבאָסטע האָט אים פאַרהאַלטן:

— גייט ער אין דער ערד מיטן קאָפּ! אַ שאָד די הענט דיינע!...

דער ייד האָט זיך מכיך־געוועזן אָוועקצוגיין, אָבער דער באַלעבאָס האָט אים פאַרהאַלטן:

— ניין, ער וועט ביי מיר ניט אויספירן, אָט דער ממזר! ער מאַכט מיר צוועלף מאות אַ טאָג מאַכט ער מיר, און ער האָט שוין געהאַט געמאַכט צוויי טויזנט! ער מיינט, איך ווייס ניט, פאַרוואָס ער טוט עס!... אָבער אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין! דאָס וואָלט מיר שוין אויך ניט געאַרט, איך זע אָבער, אַז ער שוויצט גאַנצע טעג, יאָגט פון זיך די נשמה אַרויס פונקט אַזוי ווי פריער, ווען ער האָט געמאַכט זיבעצן, אַכצן און צוויי טויזנט אַ טאָג, און ווען ס׳קומט צום ציילן, איז צוועלף מאות, אַמאָל מיט אַ מאה צי מיט אָנדערהאַלבן מערער... אָט וואָס איך קען ניט פאַרשטיין!

— אפשר גנבעט ער זיי אַרויס, דער גנב? — האָט זיך ווידער די אַלטע געלאָזט הערן פון פאַרהייזל — און טראָגט זיי אַרויס פאַרקויפן!

— עפּעס ווערט ער מיר טאַקע אָפּט פאַרפאַלן אין די אָוונטן — האָט זיך די באַלעבאָסטע גלייך נאָך יענער אָפּ־געררופן. איך האָב אים אַ פּאָר מאָל באַדאַרפט האָבן, איז ער אין „ראַבאָטשע" ניט געווען.

— איך סי טאַקע גיין אַ קוק־געבן צי ער ניט האָבן

דאָרטן „סחורה״ באַהאַלטן — האָט זיך אָפּגערופן דער בן אירער.

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך דאָס טעכטערל זייערס פון גאַס באַוויזן, זי איז געקומען פון אַ שליחות, וואָס זי איז געשיקט געוואָרן פון באַלעבאָס צו זיין שוועסטער צו פאַרהאַנדלען מיט איר וועגן צוריק צונעמען די אַלטע. מיט וואָס זי איז געקומען, האָב איך ניט געקאָנט וויסן, און אויך זיי, די איריקע אירע, האָבן ביי איר ניט געפרעגט, ווייל זיי זיינען אין דעם מאָמענט מיט עפּעס בילכערעס געווען פאַרנומען. די מויד, אַ פאַרפלאַמטע, פונם ווייטן שפּאַציר, וואָס זי האָט געמאַכט צו דער מומען, האָט אַ קוק געוואָרפן אויפן יידן, וואָס איז טאַקע ניט ווייט פון דער טיר געשטאַנען, נאָכדעם צו מיר אַ בליק געוואָרפן און געפרעגט וואָס דאָ איז, און דאָ איז דער ייד אַריינגעפאָרן:

— מאָיאָ פּאָצטעניע, זדראַסטיעטיע!

און דערביי געגעבן אַ הייב אויף די קאַראַקולענע קוטשמע זיינע און אַ פרעג געגעבןביים באַלעבאָס, צי דאָס איז זיין טאָכטער. דעם אָבער איז שוין קאָנטיק אין זינען ניט געלעגן דעם יידן צו ענטפערן און אַ וואונק געגעבן צום בן צו זיי־נעם, האָט ער געזאָגט:

— אַנוקאָ, גיי נאָר, איציקל, גיב דאָרטן אַ זוך ביי אים!

איציקל האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און אַראָפּגעלאָזט די לייסט פון וואָרשטאַט. דאָ אָבער האָט אים דאָס שוועסטערל אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף דער ברוסט און דערמיט אים אָפּ־געהאַלטן און געבעטן, ער זאָל איר דאָ דערציילן וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. ווען ער האָט איר דערציילט, האָט זי אַ וואָרף געטאָן אין מיין זייט אַריין אַ פאַרדעכטיקן בליק און פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— וועסט מיך לאָזן, איציקל, וועל איך גיין זוכן!

אַלע זיינען געווען איבערראַשט פון דעם מאָדנעם באַ־גער אירן, און איך ניט ווינציקער, און אפשר נאָך מער פון זיי. וואָסי־דאָ, וואָס זאָל זי דאָ האָבן אויסן געווען? צי וויל זי נעמען אויף זיך די מצווה פון באַגראָבן דעם קאָפּ מיינעם?

איך וואָלט עס געקאָנט אויף איר גלויבן ווען דאָס וואָלט גע־טראָפן צוריק מיט אַ פּאָר חדשים, אָבער...

— וואָס עפּעס דו — וואָס ? — האָט די מאַמאָטשקע ביי איר אַ פרעג געגעבן.

— מיר פעלט אויכעט עפּעס ! — האָט זי נאָך אַ קורצן ישוב געזאָגט.

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטער פון דער־שטוינונג : וואָס טוט זיך דאָ מיט דער מויד, וואָס ? צי פעלט איר טאַקע עפּעס ? און אויב אַפילו יאָ, קאָן זי דאָך זאָגן דעם ברודער ער זאָל שוין פאַר איין־וועגס אַ קוק געבן צי איז „דאָרטן" ניטאָ וואָס איר פעלט דאָרטן ? צו וואָס האָט זי נויטיק דווקא אַליין מיט אירע אייגענע הענט, זיך גיין רויען צווישן מיינע שמאַטעס ?

קאָנטיק, אַז זיי, די איריקע אירע, האָבן אויך געטראַכט דאָס אייגענע ווייל די באַלעבאָסטע האָט איר אין אַ וויילע אַרום געזאָגט, זי זאָל אים, איציקן, זאָגן וואָס איר פעלט, וועט ער שוין פאַר איין־וועגס אויך איר פאַרפאַלענע זאַך ביי מיר זוכן. נו, האָט זי אַ קוק געוואָרפן אויפן יידן, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט באַווייזן, אַז ס'איז עפּעס אַזאַ זאַך וואָס זי קאָן ניט זאָגן אין דער געגנוואַרט פון דעם פרעמדן יידן און זי האָט אַ מורמל געטאָן :

— מאַמע, איך קאָן דיר ניט זאָגן !

נו, דאָס איז געווען נאַטירלעך. אַ מיידל קאָן זיך דאָרטן האָבן אַזעלכע זאַכן וואָס מ'זאָל זיך שעמען אַרויסצוברענגען אַפילו פאַר אַן אייגענעם טאַטן.

זי האָט זיך געלאָזט שפּאַנען אין מיין ווינקל אַריין.

דער בראַטאַק האָט זיך געלאָזט גיין נאָך איר, אָבער זי האָט אים אָפּגעהאַלטן :

— דו שטיי דאָ, איציק ! דו טאַרסט ניט זען, וואָס פאַר אַ זאַך דאָס איז, אַ טאָמער געפין איך זי... שטיי דאָ... איך וויל ניט דו זאָלסט זען !

איציק איז שטיין געבליבן, און די מויד האָט זיך פאַר־זיכטיק, אַדורכגעקאָראַבקעט די לענג פון דער „ראַבאָטשע"

און צוגעקומען צום ווינקל, וואו מיין גאַרדעראָב האָט זיך געפונען, האָט זי זיך געגעבן אַ בויג איין און אַ רויע געטאָן איינס און צוויי און דער „אוצר" וואָס איך האָב דאָרטן געהאַט האָט זיך גלייך באַוויזן. גאָר, וואָס שווייגט זי? אמת, די „זאַך" איר זאַך, וואָס זי איז געגאַנגען ביי מיר זוכן, האָט זי נאָך ניט געפונען, אָבער דעם „אוצר", וואָס דער ברודער האָט זיך געלאָזט גיין זוכן ביי מיר, איז דאָך נאָך וויכטיקער!...

נאָך אַ רויע און נאָך איינעם און זי געפינט די מאַסקע אירע, די מאַסקע וואָס זי האָט זיך איינגעהאַנדלט אויף דער גויאישער חגא, און וואָס זי אַליין האָט מיר אָוועקגעשענקט נאָך יום־טוב. זי גיט זיך אַ הויב אַרויס מיט דער מאַסקע אין דער האַנט און שרייט אויס מיט פרייד:

— געפאַקט! איך האָב אים געפאַקט! איך האָב עס!...

זיינען אַלע געבליבן שטיין ווי אָפגעשמיסענע, און איך אַ דערשטוינטער און נאָך אַ קורצער פויזע איז געקומען פון באַלעבאָס אַ פראַגע:

— און מער האָסטו דאָרטן גאָרניט געפונען?

די מויד האָט געגעבן אַ קאַטעגאָרישן ענטפער:

— ניין! מער האָב איך ביי אים גאָרניט געפונען.

אַוודאי, דאָס איז אויך געווען אַ גנבה, אַ נישטיקע אַפילו, שוין דערפאַר אַליין, וואָס איך האָב עס מיר אַליין גענומען (ווי זיי האָבן געמיינט), קאָן עס שוין פאַררעכנט ווערן פאַר אַ גנבה, אַזוי האָט אַלנפאַלס די באַלעבאָסטע איינגעטענהט צום יידן, פאַר ווען ס'האָט איר קאָנטיק ניט געפאַסט, וואָס מ'האָט „דאָס יינגל" אַזוי פאַרשעמט. נאַטירלעך, וואָלט איך דאָ געקאָנט באַווייזן אַז זי אַליין, דאָס טעכטערל, האָט מיר די מאַסקע געגעבן אַ מתנה, אָבער ס'האָט זיך מיר ניט געלוינט, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען אַז די מויד איז דאָ אויסן געווען מיך צו ראַטעווען.

— כל המלבין את פני חברו ברבים אין לו חלק לעולם הבא! — האָט דער ייד אַ זאָג געגעבן.

ווען דער באַלעבאָס האָט אים געפרעגט וואָס דאָס מיינט, האָט ער זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ:

— אַזוי ווי איר ווייסט ניט, אַזוי וועט אייך ניט סאַטן.

— ס׳וועט יאָ שאַטן! — האָט זיך אליה אָפּגערופן מיט אַ ציטערדיק קול און אַליין איז ער געווען בלאַס ווי די וואַנט, וואָס האָט זיך געפונען הינטער זיין פּלייצע — ס׳וועט שאַטן זאָג איך! — האָט ער אויסגערופן מיט נאָך אַ העכער קול, — ווען מ׳פאַרגיסט אַ מענטשן בלוט אומזיסט און אומנישט!... ס׳וועט אים (דעם באַלעבאָס הייסט עס) נאָך שאַטן אויף דער וועלט, ניט אויף יענער!... ס׳האַלט שוין ניט ווייט דער־פון, און „זיי״ (דאָס זאָל ער האָבן געמיינט די באַלעבאַטים) וועלן אין גיכן שוין די וועלט אויך ניט האָבן!...

— אַ־אַ, באַלד דערקענט! — האָט זיך דער ייד אָפּגע־רופן, אויפשטעלנדיק דעם קאַראַקולענעם קאָלנער פון זיין פּו־טער גרייט אַוועקצוגיין — באַלד דערקאַנט, אַז דאָס מוז זיין פון יענע לייט... איי, האָב איך אַ ניוך! סען איינמאָל אַ ניוך!

— און אַוועקלייגנדיק די האַנט זיינע אויף דער קליאַמקע פון דער טיר, האָט ער זיך געווענדט דירעקט צו אליהן: — יע, ס׳וואָלט אַזוי סלעכט ניט געווען, ווען אונדזערע יידעלעך וואָלטן זיך אין דעם ניט געמיסט. זאָלן „זיי״, און מירן אויך געניסן; אַזוי וועט זיך עש אוישלאָזשן צו אונדזערע קעפּעלעך!...

אָפּגעזאָגט אַ ברייטן „דאָסווידאַני״, איז דער ייד אַוועק מיט גאַרנישט. איך האָב מיך ממש געפילט אויפן זיבעטן הימל. מער פון אַלץ האָט מיך געפרייט, וואָס דעם באַלעבאָס׳ טעכ־טערל, זי אַליין, איז מיר דאָ בייגעשטאַנען אין מיין עת־צרה. ווען ניט זי, וואָלט מען מיך אַוועקגעלייגט אַ טויטן, ווען מ׳וואָלט ביי מיר די שטעקעלעך געפּאַקט.

***

דעם זעלביקן טאָג, אין אָוונט, ווען אליה האָט אַוועקגע־לייגט די אַרבעט, און איך האָב זיך פאַרנומען צו רוימען די „ראַבאָטשע״, האָב איך געפרעגט ביי אים, צי איז ער זיכער, אַז אויב איך וועל דערלאַנגען אין „רעמעסלינע אופראווע״, אַז

דער באַלעבאָס האַלט מיך ביי אַזאַ נישטיקער אַרבעט, צי קאָן איך זיכער זיין, אַז מ׳וועט דאָרטן איינזען די טענה מיינע און הייסן דעם באַלעבאָס, ער זאָל מיך באַשטעלן ביי אַן אַנדער אַרבעט. אליה האָט אַ ווײַלע געטראַכט, אַ טרייסל געטאָן די גע־דיכטע טשופרינע זיינע, אויסגעטרייסלט די שפענדלעך פון איר, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אינגאַנצן זיכער קאָן מען אין דעם ניט זיין, ווייל דער „סטאַראָסטאַ״, וואָס האָט געהאַט אַזאַ צונאָמען ווי „ראָסלפלייש״, חיים ראָסל פלייש, איז אַ גרויסער שיכור און נאָך אַ גרעסערער „כאַבאַרניק״. איז רעכט, אַז דער באַלעבאָס זאָל אים עפעס אַריינשטופן אין האַנט אַריין, און אַזוי ווי דער „גאַלאָוואַ״ קוקט אים אין מויל אַריין, קאָן מעג־לעך זיין, אַז איך זאָל פאַרשפּילן.

— און וואָס קאָן ער מיר טאָן, אַז איך וועל אינגאַנצן אַוועק פון „אים״? — האָב איך ספּאָנטאַן ביי אים אַ פרעג געגעבן.

— און מיטן קאָנטראַקט, וואָס הערט זיך? — האָט ער ביי מיר אַ פרעג געטאָן. — און מיט אַ צייגניש, אַז דו האָסט געענדיקט די לערע?

און אַ קוק געכאַפּט צו איין פענצטער און צו אַ צווייטן, צי עמיצער שטייט דאָרטן ניט און הערט זיך ניט איין, האָט ער מיר געבראַכט צוויי קלוגע משלים, וואָס עס מיינט זיך אַרויסלאָזן זוכן אַרבעט אָן אַזאַ צייגניש:

— ס׳איז פונקט, אַ שטייגער, אַקוראַט ווי זיך אַרויסלאָזן כאַפּן פיש אָן אַ ווענטקע, צי אַ שטייגער, ווי אַ ווייבל, וואָס איז אַנטלאָפן פון איר מאַן וואַלט זיך, געהייסן ריידן אַ שידוך, ניט האָבנדיק קיין גט פונם ערשטן, פון וועמען זי איז אַנט־לאָפן. פאַרשטאַנען?

און ווייטער האָט ער מיר דערקלערט, אַז אויב אפילו עמי־צער וועט זיך אויף מיר דערבאַרעמען און וועט מיך שוין יאָ באַשטעלן ביי זיך אַרבעטן, וועל איך מוזן אַרבעטן בחצי חנם, ווייל אַנדערש, צוליב וואָס וועט זיך עס אים לוינען? אויב צאָלן די זעלבע פרייז, קאָן ער דאָך קריגן אַ כשרן אַרבעטער. ס׳איז פונקט דאָס אייגענע, אַ שטייגער, ווי מ׳וואָלט געפּאַ־

דערט פון איינעם, וואָס קויפט אָפּ ביי אַ גנב אַ גנבה, אַז ער זאָל פאַר איר באַצאָלן די זעלביקע פּרייז, וואָס מ׳צאָלט פאַר אַ כשר שטיקל סחורה.

— פאַרגעס ניט, אַז יענער ריזיקירט צו באַצאָלן אַ שטראָף, ווען מ׳פּאַקט ביי אים אַ טריפן אַרבעטער אַרבעטן! — האָט אליה מיט פּאַרדרוס און אימפּעט אויסגערופן און נאָך מיט גרעסערן אימפּעט צוגעגעבן, אַז דערפאַר אַליין מוז ער מיר שוין צאָלן אַ העלפט פון דעם פּרייז, וואָס ער צאָלט אַן אַנ־דערן...

— וואָס עפּעס פּלוצים מיטאַמאָל? — האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן.

איך האָב געשוויגן און אין ווײַלע אַרום האָט ער מיט פּאַרדראָס געזאָגט:

— צוליב וואָס? צוליב אַזאַ נאַרישקייט זיי געבן אַ גע־לעגנהייט זיי זאָלן דיך האַלטן פאַר אַ גנב? דו ביסט דאָך שוין ניט קיין קינד, וואָס טויגן דיר מאַסקעס, וואָס?

דאָ האָב איך שוין געמוזט דערציילן די גאַנצע מעשה פון א ביז ת. ער האָט מיך זייער נייגעריק אויסגעהערט. און ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט ער מיט אַ שמייכעל אַ פרעג גע־געבן:

— טאָ צוליב וואָס איז זי געלאָפן ביי דיר מאַכן דעם „אַביסק״? צוליב וואָס, ווען זי אַליין האָט דיר די מאַסקע געגעבן?

— ווייל זי האָט מורא געהאַט, איך זאָל זי ניט פאַרשיטן!

— איז מיין ענטפער געקומען.

און אַז דאָס איז אַזוי געווען, בין איך געוואויר געוואָרן אויפן צווייטן טאָג. ווען איך האָב מיך אינאָווענט, נאָך דער אַר־בעט, באַזעצט לעבן דער הרובע, האָט זי זיך באַוויזן און אַ פאַר־קוק געטאָן אין הרובע אַריין, האָט זי ביי מיר אַ פרעג געטאָן מיט שפּאָט:

—גייסט גאָר היינט ניט צו דיין „שיינער״?...

און ניט געוואַרט אויף מיין ענטפער, האָט זי דאָ גלייך פאַר־נומען מיר רייבן אַ מאַרדע, אַז ערשט איצט פאַרשטייט זי, אַז איך

האָב די גאַנצע מעשה מיט דער „שיינער" אויסגעטראַכט, בכדי צו קאָנען זיך אַרויסכאַפּן פון צייט צו צייט און פאַרשאַכערן די געגנבעטע שטעקעלעך, און נאָר צוליב דעם, ווייל זי האָט מורא געהאַט איך זאָל זי דאָ ניט פאַרשיטן, האָט זי דערפאַר מיך אַרויסגעראַטעוועט.

דאָס זיך אָפּגעזאָגט און צוגעגעבן:

— ביזט אַ רעכטער זלאָדי!

„זלאָדי" מיינט טאַקע אַ גנב. אָבער ס'קאָן נאָך אַ סך זאַכן מיינען. ס'קאָן אויך מיינען: אַן אַפּעריסט, אַ דריי־קאָפּ, אַ שאַ־כער־מאַכערניק. דאָס זאָל זי האָבן געמיינט, וואָס איך האָב איר אָפּגעאָפּערעוועט, אַז איך האָב אַ „שיינע". און מיט דער אַפּערע האָב איך זיך ניט ווינציקער געשעמט, ווי מיט דער גנבה, ביי וועלכער זי האָט מיך געפּאַקט. אויסגעטראַכט האָב איך עס טאַקע צוליב דעם, בכדי איך זאָל דורך דעם האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוטאַסקען די איבעריקע שטעקעלעך, וואָס איך האָב געמאַכט העכער פון דער נאָרמע, אָבער איינצייטיק האָב איך געוואָלט, אַז זי זאָל טאַקע מיינען, אַז איך האָב אַ „שיינע" און מיט דעם אויסן געווען צו פאַרמאַסקירן מיינע געפילן צו איר... אונטער אַנדערע אומשטענדן וואָלט איך אפשר זיך אונטערגענומען איר באַווייזן, אַז די גנבה (די שטעקעלעך) איז קיין גנבה ניט, אָבער דאָס, וואָס ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב זי אָפּגעפּריצעוועט מיט דער „שיינער", האָט מיר געהאַלטן דאָס מויל מיינס פאַרשלאָסן...

בקיצור, ס'איז מיר געגאַנגען דורך טיר און טויער. ניט אַרויס פון איין צרה, בין איך אַריין אין אַנדערע צוויי. און איידער איך האָב זיך באַוויזן אויסצוטשוכען פון די צרות, בין איך פרייטיק פון דער זעלבער וואָך, געוואויר געוואָרן פון נאָך אַ צרה. דאָס איז געווען ווען אליה האָט נאָכדעם, וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט, מיר דערקלערט, אַז ער קומט שוין מער ניט צו דער אַרבעט.

אַדאַנק זיין נאָבעלער האַנדלונג קעגן מיר, האָב איך געהאַט דאָס געפיל ווי אַ יתום, וואָס האָט געליטן פון זיין שטיפמאַמע און דער שטיפמאַמעס קינדער, ווען ס'פאַלט אים פלוצים אַראָפּ אַ ברו־

דער, וואָס ער האָט גאָר פריער ניט געוואוסט, אַז ער האָט אַזעלכן. נו, און איצט, ווען איך האָב דערהערט, אַז ער וועט שוין מער צו דער אַרבעט ניט קומען, האָב איך דערפילט דאָס זעלבע, וואָס דער יתום קאָן דערפילן, ווען דער ברודער זיינער לאָזט אים וויסן, אַז ער קלייבט זיך אַוועקצופאָרן. איך האָב אים ניט געפרעגט פאַרוואָס און פאַרוואָן... און טרערן האָבן מיך גע־נומען שטיקן אין האַלדז.

— כאַפּ זיך אַריין אַמאָל צו מיר אין טראַקטיר אַריין, ווען דו וועסט קאָנען — האָט ער פאַרן אַוועקגיין געזאָגט.

איך האָב מיך אָפּגעדרייט אין אַ זייט און האָב מיך שטיל צעכליפּעט.

## יב

אַז מ׳באַדאַרף דעם גנב, שניידט מען אים אָפּ פון דער תליה. געבליבן אָן אַן אַרבעטער, האָט דער באַלעבאָס מיר גע־הייסן אַוועקלייגן די שטעקעלעך און מיך געשטעלט ביי אַן אַנ־דער אַרבעט. אָבער קיין טרייסט אין איר האָב איך ניט געפונען. באַזונדערס שווער און פיינלעך איז מיר געווען די ערשטע עטלעכע טעג נאָך אליהס אַוועקגיין. איך האָב זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט, צי שוין כמעט ווי זיך געהאַט צוגעוואוינט צו די אַלע נגישות פון מיינע לייט, און דאָ האָב איך זיי איבעראַנייס אָנגעהויבן צו פילן מיט דער זעלבער שאַרפקייט, ווי איך האָב זיי צום סאַמע אָנהויב און אַ לענגערע צייט שפּעטער געפילט. איך האָב דאָ דער־פילט דאָס אייגענע, נו, וואָס אַן אַרעסטאַנט דערפילט נאָך אַ באַ־זוך פון זיינעם אַן אייגענעם, צי אַזוי אַ גוטן פריינט... יאָ, דאָס זיינען די פיינלעכסטע מאָמענטן פאַר די, וואָס זיצן הינטערן שלאָס, אָפּגעריסן פון דער ברייטער וועלט און פון מענטשן. נאָך די באַזוכן דערפילן זיי איבעראַנייס זייער איזאָלירטקייט און דעם גאַנצן שווערן לאַסט פון דעם טורמע־רעזשים. עפּעס ענלעכעס האָב איך דערפילט נאָך אליהס אַוועקגיין...

די איינציקע, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן לאָיאַל צו מיר,

איז געווען דווקא די, וואָס האָט געוואוסט פון דער גנבה פון מיינער. זי האָט זיך געהאַט אירע חשבונות. אָט ווי מיר וועלן עס באַלד זען.

אין איינעם אַן אויפדערנאַכט, נאָך איינעם אַ טאָג פון די טרי־בע טעג, וואָס איך האָב געהאַט איבערגעלעבט נאָך אליהס אַוועק־גיין, האָט זי זיך אַריינגעוויזן אין „ראַבאָטשע" אַריין, און מיך געפרעגט, צי איך וועל איר פאָלגן אַ גאַנג. און נאָך איידער זי האָט מיר געזאָגט וואוהין דער גאַנג איז, וואָס זי וויל איך זאָל איר פאָלגן, האָט זי זיך געגעבן אַ טו אָן די מאַסקע (יאָ, די זעלביקע מאַסקע, וואָס זי האָט ביי מיר קלאָמפּערשט געפּאַקט אַלס גנבה) און פון הינטער דער מאַסקע אַרויס געזאָגט, אַז אויב איך וועל איר פאָלגן און גיין וואוהין זי שיקט מיך, גיט זי מיר די מאַסקע. און זי אַראָפּגענומען פון איר פּנים, האָט זי זי גלייך געגעבן אַ טו אָן אויף מיין פּנים, באַרירנדיק דערביי די אויערן מיינע, און אַזוי ווי זי האָט ניט געקריגן פון מיר קיין ענטפער, האָט זי מיך אַ פּאָר מאָל אַ גלעט געטאָן, ס'הייסט ניט מיך, נאָר די מאַסקע, וואָס זי האָט אָנגעהאַנגען אויף מיין פּנים, און צולעצט אַ שנעל געגעבן אין דער האַרט־קאַרדאָנעווער נאָז פון דער מאַסקע, און אַ פרעג געטאָן:

— פּאָידיאָש?

און אַלץ ניט געזאָגט וואוהין, הגם דאָס איז ניט נויטיק געווען. זי האָט געוואוסט, אַז איך ווייס עס שוין אָן דעם, און אַזוי ווי זי האָט נאָך אַלץ פון מיר קיין ענטפער ניט געקריגן, איז זי געפאַלן אויף אַזאַ המצאה:

— דו מיינסט, אַז נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב מורא גע־האַט דו זאָלסט מיך ניט פאַרשיטן, האָב איך אָפּגעשטופּט אי־ציקן, אַז איך וועל אַליין גיין זוכן. ניין, ניט נאָר דערפאַר. ווייל איך האָב געוואוסט, אַז מ'וואָלט דיך דערהרגעט, ווען מ'וואָלט ביי די די שטעקעלעך געפּאַקט.

איך בין נוטה געווען צו גלויבן, אַז דאָ האָט געשטעקט אַ שטיק אמת, אָבער קיין חשק צו גיין וואוהין זי שיקט מיך, האָב איך אַלץ ניט געהאַט. אָבער אָפּזאָגן זיך, נאָכדעם, ווי זי האָט עס מיר געזאָגט, און איר ניט פאָלגן דעם גאַנג, וואוהין

זי שיקט מיך, האָב איך שוין ניט געקאָנט, און אויסגעשטרעקט די האַנט נאָכן פירעקיקן ראָזעווען קאָנווערט, וואָס זי האָט אין איר האַנט געהאַלטן, זי האָט דאָ גלייך נאָכדעם, ווי איך האָב ביי איר איבערגענומען דעם קאָנווערט, אַראָפּגעכאַפּט פון מיר די מאַסקע, און אַוועקגעלייגט אויפן קלעצל, וואָס האָט זיך לעבן אונדז געפונען, מיט דער אַריינגעהאַקטער האַק אין דעם, און מיך פאַרזיכערט, אַז איך קאָן זיין זיכער, אַז ווען איך וועל צוריקקומען, וועל איך דעם געשאַנק אויפן זעלביקן אָרט געפינען, און מיך באַגלייט ביז דער טיר, האָט זי פאַרזיכטיק געעפנט פאַר מיר און פאַרזיכטיק מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל זען זיך קערעווען צו־ריק ביז עלף אַזייגער, איך זאָל ניט באַדאַרפן קלינגען אין טויער און פאַרזיכטיק פאַרמאַכט די טיר הינטער מיר.

ווען איך בין צוריק פון מיין שליחות געקומען, בין איך גלייך צוגעגאַנגען צו מיין ווינקל, וואו מיין געלעגער האָט זיך געפונען, און זיך אַריינגעטאָסקעט מיט מיין שטרוי־זאַק אין פאַרהייזל, האָב איך געטראָפן די צווייטע העלפט מיינע ליגן פאַרזונקען אין איר אָפענעם שלאָף. יאָ, אַזוי האָט עס אויסגע־קוקט, דער שלאָף אירער, אַז זי שלאָפט מיט אַן אָפענעם שלאָף, ווייל דאָס מויל איז ביי איר געווען אָפן און פון די אויגן האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גרויסע שפּעלטעלעך. איך בין קיינמאָל ניט געווען זיכער, צי שלאָפט זי, צי ניט. און אָט דאָס ניט וויסן, און דער באַגער צו וויסן, וואָס פאַר אַ מין שלאָף דאָס איז, האָט מיך אַלעמאָל אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. מיר איז שוין ניט איינמאָל איינגעפאַלן עפּעס צו טאָן אַזעלכעס, איך זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל געוואויר ווערן וואו איך האַלט מיט איר, און ניט געוואוסט דורך וואָס פאַר אַ מיטל איך קאָן עס געוואויר ווערן. דאָ אָבער, אַריינקריגנדיק אין מיין רשות די מאַסקע, איז מיר איינגעפאַלן, אַז מיט דעם חפץ קאָן איך דאָ עפּעס אויפ־טאָן. וואָס ? האָב איך נאָך אַליין ניט געוואוסט.

דערווייליע האָב איך מיך אויסגעמאָסטעט דעם „סיעניאַק“, וואָס האָט געשורשעט מיט זיין שטרויענעם איינגעווייד, ווי די

שטילקייט אַליין וואָלט פון אים אַרויס אַרויסגעשורשעט, דערנאָכ־דעם בין איך אַוועק נאָך די רעשט שמאַטעס, וואָס איך האָב דאָרטן געהאַט, און פאַר איינוועגנס שוין פאַרכאַפּט די מאַסקע, וואָס איז געלעגן אויפן זעלביקן אָרט, וואו די מויד האָט זי אַוועקגעלייגט, און אַ וואָרף געגעבן די שמאַטעס אויפן „סע־ניאַק", האָב איך געגעבן אַ טו אָן די מאַסקע און זיך אַוועקגע־שטעלט איבער דער אַלטער, אַנטקעגן איר ברייט צעעפנטן מויל, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ לאָך, ווייל זי האָט שוין דאָרטן קיין איין צאָן ניט געהאַט, און גענומען קוקן אין די האַלב אָפענע און האַלב פאַרמאַכטע אויגעלעך, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעקוקט צוויי גלאָנציקע שפּעלטיקלעך, וואָס האָבן גע־מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז זען זעען זיי אַלץ, נאָר „דאָרטן" ביי איר, ווייס מען ניט דערפון.

אָפּשטייענדיק אַן אומבאַשטימטע צייט, האָב איך באַמערקט, אַז דער אַלטערס מאָרדעטשקע האָט זיך אַ באַוועג געטאָן, אַ באַוועג, אַ ציטער און אַ שטיי. און שפּעטער אַ ווײַלע דאָס זעלביקע: אַ ציטער און אַ „שטיי", אַ שטיי און אַ ציטער, און וואָס ווייטער, אַלץ אָפטער און אָפטער, און נאָך יעדן ציטער, וואָס די מאָרדיטשקע האָט געגעבן, איז דער מויליקער חלל אַלץ קלענער און קלענער געוואָרן און די האַלב־אָפענע אויגן זיינען פאַרקערט אַלץ אָפענער און אָפענער געוואָרן און פון צייט צו צייט האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר אַרויס אַ קרעכצעלע. דער אָטעם אירער איז פון צייט צו צייט איבערגעהאַקט געוואָרן. צולעצט האָט די גאַנצע לענג פון איר קורצן גופל אַ ציטער גע־טאָן, און אַן אויסגעשריי ווי אַ קאַץ לאָזט אַרויס, ווען מ'גיט איר אַ שטאַרקן טראָט אָן אויפן עק, האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן. איך האָב רגע כמימרא געגעבן אַ כאַפּ אַראָפּ פון זיך די מאַסקע, זי געגעבן אַ רוק אַרונטער אונטערן שטרוי־זאַק, און אַ זעץ געגעבן צו „זיי" אין טיר אַריין און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך די טיר געגעבן אַ שליס אויף און דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע און דאָס טעכטערל האָבן זיך באַוויזן (דער בן איז נאָך אינדערהיים ניט געווען), און אַלע דריי האָבן זיך ביי אונדז (ביי מיר און ביי דער

אַלטער) גענומען בחפזונדיק אויסצופרעגן וואָס דאָ איז געשען. נאָר גיי ענטפער זיי, אַז ס׳קלאַפּט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן. איך האָב מורא געהאַט, אַז אָט־אָט וועט די אַלטע קומען צו זיך און וועט דערציילן, אַז זי האָט עפּעס אַזעלכעס און אַזעלכעס געזען און מ׳וועט זיך באַלד אָנשטויסן, אַז איך האָב איר דאָ עפּעס אָפּגעטאָן.

געזען, אַז זיי קאָנען פון אונדז ביידן קיין ענטפער ניט באַקומען, האָבן זיך אַלע דריי איינס נאָך דאָס אַנדערע צוריק אַריינגעשאַרט אין שטוב אַריין. ערשט אויף מאָרגן האָב איך איינגעזען, אַז די מורא מיינע, די אַלטע זאָל ניט אויספּלאַפּלען, וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען, איז געווען אַן אומזיסטיקע. די אַלטע האָט איר לשון ניט באַקומען צוריק. ווען מ׳איז דאָ ווידער צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל זאָגן, וואָס מיט דער אַלטער איז פאָרגעקומען, האָב איך, נאַטירלעך, געענטפערט, אַז איך ווייס ניט פון גאָרנישט צו זאָגן. מעגלעך, אַז זיי האָבן מיך דאָ אין עפּעס חושד געווען, אָבער ס׳איז ניט געווען צו דערקענען, אַז זיי זאָלן האָבן אויף מיר גרויס תרעומות. מעגלעך, אַז אין די הערצער ביי זיך זיינען זיי גאָר צופרידן געווען מיט מיר, אויב אפילו זיי האָבן מיך חושד געווען, אַז איך האָב דער אַלטער עפּעס אָפּגעטאָן אַזעלכעס, וואָס האָט זי צו דעם צושטאַנד געבראַכט, ווייל דאָ האָבן זיי געקאָנט זען דעם נאָענטן סוף אירן. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט פאַרטראַגן, איז געווען די קרעכצעלעך אירע. זי האָט אָן אויפהער געקרעכצט, אָן וואָס איז קאָנטיק געווען, אַז עפּעס מוטשעט זי „דאָרטן״, און ווי איך בין זיך משער, האָט מען צוליב דעם גערופן דעם דאָקטאָר, בכדי פון אים צו הערן ווי לאַנג זי קאָן זיי מוטשען מיט איר מוטשען זיך...

געשיקט נאָכן דאָקטאָר האָט מען מיך, פאַרשטייט זיך. און איך, זייענדיק שטאַרק פאַרגלויבט אין דאָקטוירים, בין איך געווען זיכער, אַז ווי נאָר ער וועט זי „באַטראַכטן״, וועט ער געוואויר ווערן, וואָס מיט איר איז געשען, און מ׳וועט זיך גלייך אָנשטויסן, אַז דאָס איז געקומען דורך מיר, און זיי וואָלטן מיר שוין געגעבן פּולווער צו שמעקן.

יאָ, אָפּגערעדט וועגן דעם שרעק, טאָמער גיט זיך דעם דאָק־

טאָר איין אויסצוגעפינען וואָס ס׳האָט זי געבראַכט צו דעם, וואָס זי איז אָן לשון געבליבן, בין איך זייער געווען באַזאָרגט, טאָמער שטאַרבט זי טאַקע דערפון און דאָס וואָלט דאָך געמיינט, אַז איך בין אַ מתחייב בנפשה. אמת, איך בין עס טאַקע ניט אויסן געווען, אָבער דאָך... דאָס וואָלט דאָך שוין געווען אַ צווייטער מאָרד מיינער. אמת, דער ערשטער האָט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן אַ היגטל, אָבער אַן עבירה איז דאָס דאָך, און עבירה גוררת עבירה.

דער דאָקטאָר איז געקומען אין אַ שעה אַרום, און ביז זיין קומען, איז דאָרטן געווען אַן אמתע סומאַטאָכע אין שטוב. דער טאַטע מיטן זון האָבן געוואָלט אַריבערטראָגן די באָבע מיטן בעטל אין שטוב אַריין, מיינענדיק, אַז ס׳איז ניט שיין (פאַרן דאָקטאָר) צו האַלטן אַ מאַמע אין פאָרהייזל, ווען זי געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד. אָבער דאָס טעכטערל האָט דערפון הערן ניט געוואָלט, און דאָס מאַמאָטשקעלע אירס האָט זי אונטערגעהאַלטן. די אַלטע, ווי זי וואָלט געהערט, וואָס דאָרטן אין שטוב טוט זיך, האָט געהאַלטן אין איין קרעכצן און אונטערמרוקען. אַמאָל העכער, אַמאָל נידעריקער, אָבער אַלץ מיטן זעלביקן טראַגיזם, ווי זי וואָלט זיך געבעטן רחמים, ס׳זאָל שוין גיכער נעמען אַ סוף צו אירע ליידן.

געקומען דער דאָקטאָר. געקומען מיט יענער היימישקייט, ווי יעדער איינער פון זיי קומט אַריין אין אַ שטוב, וואו זיי ווערן גערופן צו אַ חולה. אַריינגעקומען און מיך דערזען, און מיך דערקאָנט, האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן ווער ס׳איז קראַנק, און איך האָב געגעבן אַ קלאַפּ אָן אָן איינעם פון די פענצטער און אָנגעזאָגט, אַז דער דאָקטאָר איז געקומען. גלייך האָט זיך דאָס טעכטערל באַוויזן און ער האָט ביי איר די אייגענע פראַגע געפרעגט און זי האָט אים גלייך געענטפערט:

— מאַיאַ באַבושקאַ!

איך ווייס ניט ווי לאַנג ס׳האָט דאָרטן גענומען דאָס באַטראַכטן דעם חולה, איך ווייס נאָר, וואָס איך האָב פאַר דער צייט איבערגעטראַכט און איבערגעלעבט. ווי איך האָב געהאַלטן די נשמה אין די זשמעניעס, מורא האָבנדיק, אַז אָט־אָט וועט דער

דאָקטאָר אויסגעפינען וואָס מיט דער אַלטער האָט פּאַסירט.

נאָך לאַנגער וואַרטעניש האָב איך דערהערט, ווי דער דאָק־טער האָט געזאָגט, אַז די אַלטע איז ניט קראַנק, אַז זי איז בלויז אַלט, די אַלטע, און האַלט ביים אויסגיין פון עלטער, און אַזוי פאַרענדיקט:

— אָנאַ דאָגאָראַיעט קאַק סאַלנאַיאַ סוויעטשקאַ! (זי צאַנקט און גייט אויס ווי אַ חלבן ליכטל).

---

זייענדיק זיכער, אַז די אַלטע וועט שוין לאַנג ניט ציען, האָט דאָס מאַנסבילשע פּאָרל מיט דער דערלויבעניש פון ווייַ־בערשן פּאָרל אין אָוונט אַריבערגעטראָגן די אַלטע מיטן בעטל אין שטוב אַריין. איך האָב זיך פאַרנומען ריין צו מאַכן דאָס אָרט, וואו דאָס בעטל איז געשטאַנען. איך האָב דאָרטן געקראַצט, גע־ריבן און געוואַשן, אַט פּונקט, ווי דאָס ווערט געטאָן אין אַ הויז, פון וואַנענט מ'האָט אָקאָרשט אַ בר מינן אַרויסגעטראָגן. דער איינציקער חילוק איז בלויז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אומע־טום ווערט עס געטאָן שוין נאָך אַלעמען, דאָ איז דאָס געווען „פאַר־אַלעמען", ווייל דער „מת" איז נאָך אין שטוב געווען.

זאָגן, אַז מיר איז שטאַרק גוט געווען אויפן האַרצן, כאָטש איך בין שוין פּטור געוואָרן פון מיין צווייטער העלפט, קאָן איך ניט, און אַלץ דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַט האַרץ־פּרעסעניש, וואָס איבער מיר גייט די אַלטע אַוועק פון דער וועלט. אַנדערש וואָלט איך זי געהאַט אין דער ערד, נאָך איידער איך האָב זי אין דער ערד געהאַט.

ווען איך האָב געהאַלטן אין רוימען דאָרטן, האָט זיך מיר אַ פּאָר מאָל די מויד פון שטוב באַוויזן און מיט אַ כיטרע פּנימל מיר געלאָזט הערן, אַז ס'איז נאָך זייער מעגלעך, אַז די אַרבעט מיינע איז אַרויסגעוואָרפן, אַז די באָבע וועט נאָך לעבן און לעבן. צי האָט זי עס טאַקע געמיינט, צי זי האָט זיך גלאַט גע־וואָלט אַ רייץ געבן מיט מיר, ווייס איך ניט. איך אָבער האָב איר צוגעבאָמקעט:

— אַוודאי וועט די באָבע נאָך לעבן!

זי האָט געגעבן אַ קוק אויף מיר, און מיט אַ טראָצע־וואָטן טאָן געזאָגט:

— קוק אים נאָר אָן!...

בין איך דאָך שוין געווען זיכער, אַז דאָס פּאַרדריסט איר. האָב איך מיר אַזוי, ווי איך בין געשטאַנען איבערן עמער, האָב איך מיר אויסגעדרייט די שמאַטע, און מיר אַ זאָג געגעבן:

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

— בייס זיך בעסער אָפּ די צונג! — איז זי אַרויס מיטן אָפּענעם אמת.

— אָט וועט איר זען!

זעט אויס, אַז דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג. ווייל גלייך נאָכדעם איז זי אין שטוב אַריין און בקול רם געזאָגט, אַז זי וויל ניט אַנדערש, מ׳זאָל די באָבע אַרויסטראָגן פון שטוב און זי אַריינטראָגן צוריק אין פּאָרהייזל אַריין.

מיר איז זייער קאַלעמוטנע געוואָרן אויפן האַרצן. נו, יאָ, ס׳האָט זיך מיר טאַקע געלוינט אַוועקצולייגן אַזויפיל כוחות צוצורוימען דאָס פּאָרהייזל. אַזוי ווי אויף פּסח האָב איך דאָרטן ריין געמאַכט, און דאָ וועט מען מיר צוריק אַריינטראָגן דעם חמץ.

איך בין געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך איינגעהערט ווי מ׳האָט דאָרטן איינגעטענהט אין איר, אַז דאָס טאָר מען ניט טאָן, אַז דער אַלטערס שעהן זיינען געציילטע, און, אַז דאָס וואָלט געווען אַ גרויסער אומכבוד פאַר איר צו שטאַרבן אין פּאָרהייזל. אָבער זי איז דורכאויס באַשטאַנען אויף אירן, אַז נאָר מ׳זאָל די באָבע צוריק אַריינטראָגן אין פּאָרהייזל, אַניט גייט זי ערגעץ אַוועק נעכטיקן.

דאָ האָב איך מיר שוין דערשראָקן. מ׳האָט אפילו בייטאָג צו איר ניט געהאַט קיין צוטרוי, ווען זי איז ערגעץ אַוועק, און טאָמער איז זי אין אָוונט ניט געקומען אין צייט, זענען די נשמות פון זיי אַרויס, און דאָ „סטראַשעט” זי מיט אַוועקגיין אויף אַ גאַנצער נאַכט... און כך הוה: עס עפנט זיך אַ האַלבע טיר, און איך זע, ווי דער טאַטע מיטן זון טאַסקען שוין דאָס בעטל, פון

װעלכן עס צייכנט זיך אַרױס פון דער סאָלדאַטסקער קאָלדרע אַרױס דאָס קלײנע אײנגעשרומפּן גופל פון דער אַלטער, און איך, ניט לאַנג געטראַכט, האָב מיך געגעבן אַ מעסט אַרײַן אין טיר אַרײַן און אַ פרעג געגעבן:

— און װאָס װעט זײַן, חלילה וחס, אױב זי װעט הײַנטיקע נאַכט...

די צװײ טרעגערס זײַנען שטײן געבליבן מיט דער „משא" מיט זײערער, אָבער דאָ איז צו זײ צוגעקומען „דאָס טעכטערל", און זיך אַ װערפּעלע געטאָן, האָט זי האַסטיק און אימפּעטיק אַ זאָג געגעבן:

— נאָר װאָס פריער האָט ער מיר אַלײן געזאָגט, אַז די באָבע קאָן נאָך לעבן און לעבן, ביז הונדערט און צװאַנציק יאָר.

— אומעטום שטעקט ער דאָס צינגל זײַנס — האָט זיך די באַלעבאָסטע אָפּגערופן פון איר זיצעכץ בײַם טיש מיט די שפּאָקולן אױף דער נאָז איבער עפּעס אַ געניי, װאָס זי האָט אין די הענט געהאַלטן, און געזאָגט האָט זי דאָס מיט אַזאַ טאָן, װי זי װאָלט מורא געהאַט, אַז מײַנע רײד זאָלן אַמאָל ניט מקוים װערן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אױף דער אַלטער און דערזען, אַז פאַר די עטלעכע שעה, װאָס איך האָב זי ניט געזען, איז געקו־מען אױף איר אַ גרױסע פאַרענדערונג צום בעסערן. עפּעס אַזאַ מאָדנע, אַזאַ צערטלעכע בלאַסקײט האָט זיך באַװיזן אױף איר פּנים.

— קוקט! — האָב איך אױסגערופן, אָנװײַזנדיק אױף איר:

— אױף איר רוט שױן די שכינה!

צי אַלע האָבן געװאוסט פון דעם אַבערגלױבן, אַז פאַרן טױט װײַזט זיך די שכינה צו יעדן אײנעם, װײס איך ניט. דער באַלע־באָס אָבער האָט עס, קאָנטיק, יאָ געװאוסט. װײַל ער איז זײער בלאַס געװאָרן און דורך דעם האָבן זיך די איבעריקע גע־קאָנט אָנשטױסן. די איבעריקע האָבן, קאָנטיק, פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ פון מיר געזאָגט געװאָרן אַ שװער־װאָגיקע זאַך. דאָ האָט דער בן זײַנער בײז אַ זאָג געגעבן:

— דו שוין ווידער דאָ דיינע שטיק ?

און איך זעענדיק, אַז ס׳האָלט שמאָל, אַז איך וועל טאַקע האָבן די ביישלעפערין מיינע צוריק, האָב אַ פּרואוו געטאָן דאָס לעצטע, וואָס איך האָב געקאָנט :

— ס׳וועט טאַקע זיין אַ שיינער כבוד פאַר איר צו שטאַרבן דאָ, וואו ס׳ליגט און ס׳כראָפּעט דער לערן־יונג...

און באַמערקט ווי ס׳האָט געמאַכט די געהעריקע ווירקונג אויפן באַלעבאָס, האָב איך גלייך נאָכדעם אַ נייעם זעץ גע־געבן :

— וואָס־וואָס, נאָר דאָס וועט זי אייך קיינמאָל ניט מוחל זיין !...

אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט זיך פון דער אַלטער דער־הערט אַ שווערער קרעכץ, ווי זי וואָלט אָקאָרשט געקומען צו זיך און זיך דערוואוסט, אַז זי לעבט נאָך און ס׳איז שוין צייט אויפ־הערן צו לעבן, האָט זי טאַקע גלייך נאָכדעם אַ צווייטן קרעכץ געגעבן און האָט אָנגעהויבן צו כאָרכלען. אַלע פיר האָבן זיך איבערגעקוקט מיט צעשטרייטע אומרואיקע בליקן. נאָך אַ לענ־גערער פויזע האָט זיך דער באַלעבאָס אָפּגערופן מיט אַ האַלב שטילן קול :

— מיר דאַכט זיך, אַז זי גוססט !

און אַ קוק געגעבן אויף מיר, ווי ער וואָלט געזוכט מיין הסכמה אויף דעם, און אין אַ ווײַלע אַרום מיר געהייסן אַרויס־גיין, און געזען, אַז איך ריר זיך ניט, האָט ער מיט אַ קידער־ווידער אַ זאָג געטאָן צו מיר, און אַ פרעג געגעבן :

— האָסט געהאָט געזאָגט, אַז דו ביסט אַ כהן, אַ ?

ס׳איז מיר אינגאַנצן אַרויס פון זינען. איינצייטיק ווי איך האָב מיך מכיון געווען די שטוב צו פאַרלאָזן, האָט זיך דאָס טעכטערל אָפּגערופן צו מיר, ווי זי וואָלט גערעדט צו אַ דריטער פּערזאָן :

— ער וואָלט געמאָגט ביי איר מחילה בעטן, איידער ער גייט אַרויס !

צי האָט זי דאָס געמיינט ערנסט, צי האָט זי גלאַט אַ לעצטן מאָל געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט און מיר אַריינלאָזן אַ

שפּילקע וועגן מיין „פּאַרלדיק" לעבן מיט דער אַלטער, דאָס ווייס איך ניט. סיי ווי, איך בין איר קיין בעל חוב ניט געבליבן און גלייך אויפן אָרט אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער:

— איך ווייס ניט ווער ס'באַדאַרף ביי דער באָבען בעטן מחילה, איך, צי איר? איר מיינט, אַז איך האָב ניט געהערט, ווי איר האָט זיך צעזונגען נאָך דעם, ווי דער דאָקטאָר איז אַוועקגעגאַנגען, און דער באַלעבאָס האָט אייך געהייסן אויפהערן...

איך האָב עס געזאָגט הויך, אַזוי, אַז ס'זאָל זיך ביי איר און ביי זיי שאַפן דער איינדרוק, אַז די אַלטע הערט וואָס איך זאָג, און אַז מיין השערה איז געווען אַ ריכטיקע, באַווייזט דאָס, וואָס איך האָב גלייך נאָך אָט די ווערטער געקריגן אַן „אונטערקלעצל" פונם בראָטאָק פון אירן, און דאָס איז זיכער געטאָן געוואָרן אויס מורא, איך זאָל נאָך עפּעס אַזעלכעס ניט זאָגן. און איך בין איינס און צוויי געווען פון יענער זייט טיר, וואָס האָט זיך גלייך צוגעמאַכט הינטער מיין נאָז...

---

אויס מיט דער אַלטער. אָבער איך האָב נאָך וואָס צו דערציילן וואָס האָט שוין אפילו דירעקט מיט איר ניט צו טאָן, נאָר מיטן טויט מיט אירן, צי מיט איר נאָכן טויט.

ווי באַוואוסט, מאַכט מען ביי אַן אבל די צייט פון „שבעה־זיצן" מנינים צוויי מאָל אין טאָג, אינדערפרי און אינאָוונט, און דער „שליח ציבור", דער חזן, איז טאַקע דער אבל אַליין. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז דאָס געווען מיין באַלעבעסל. איך האָב געהאַט תענוג הערנדיק, ווי דער ייד האָט „געזעצט עברי" און ווי אָפט ס'האָט אים איינער און אַ צווייטער פון די פאַרבעטענע יידן צום מנין, אונטערגעכאַפּט דעם גרייז, וואָס ער האָט געמאַכט. איך אַליין האָב איך מיך אויך פיל מאָל דאָס דערלויבט. און אויך ער האָט זיך ניט הערנדיק געמאַכט. האָב איך זיך ניט געפוילט און טאַקע נאָכאַמאָל איבערגעזאָגט דאָס פאַרגרייז זיינעם, האָט ער זיך ניט הערנדיק געמאַכט און איך האָב

גרייזטע וואָרט זיינס, און ער נעבעך, האָט געמוזט איבערזאָגן דאָס וואָרט, ווי איך האָב עס פֿאַרריכט. און מיר איז צוגעקומען אַ שטיק געזונט.

און וואָס הערט זיך מיטן בון (בן) זיינען? וויפֿיל מאָל האָב איך אים צורעכט געמאַכט דעם של ראש אויף זיין קאָפּ? אַמאָל האָב איך אים (דעם של ראש) געגעבן אַ צי אַראָפּ, ווייל ער (דער של ראש) איז געווען צופֿיל פֿאַררוקט אַרויף, און אַמאָל האָב איך אים (דעם של ראש) געגעבן אַ שלעפּ אַרויף, ווען ער איז געווען צופֿיל אַראָפּגערוקט אַראָפּ. און דער יונג האָט געשוויגן. אפֿילו, ווען דאָס תפֿילין־קעפּל איז שוין ריכטיק אויף זיין קאָפּ געזעסן, האָב איך אויכעט אַ פּאָר מאָל אויסגעשטרעקט די האַנט מיינע און געגעבן אַ קערעווע אַמאָל אַהער, אַמאָל אַהין, גלאַט אַזוי זיך, אים אויף צופּוקעניש. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס מוז אים זייער קאַראַבען.

אויך אויפֿן ווייבערשן פּאָרל האָב איך געזען אויסצושפּרייטן מיין מאַכט. איך האָב דער און יענער איין מאָל און אַ צווייטן געלאָזט הערן, אַז ס׳וואָלט גלייכער געווען זיי זאָלן זיך וואָס ווינציקער דרייען אין שטוב בעתן דאַוונען. „ס׳איז ניט כדאַי, האָב איך געזאָגט, ווען אַ אשה דרייט זיך צווישן מאַנסבילן בשעת התפֿילה, ווייל ס׳איז זיי מבלבל דאָס דאַוונען״. די באַלעבאָסטע האָט ניט געמאַכט קיין שאלות. מעגלעך, איר איז דאָס אויך באַוואוסט געווען, אָבער דאָס טעכטערל האָט געוואָלט וויסן פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי. נו, האָב איך געזען איר געבן צו פֿאַר־שטיין:

— איר פֿאַרשטייט... ווייל ביים דאַוונען באַדאַרף מען האָבן ריינע געדאַנקען און וויבאַלד פֿאַר דיינע אויגן דרייט זיך פֿאַרביי אַן אשה, קאָן מען שוין דעמאָלט אַ טראַכט געבן וועגן דער אשה, און דאָס איז שוין אַ גרויס עבירה!

זי האָט געשמייכלט. קאָנטיק, די גאַנצע מעשה איז איר גע־פֿעלן געווען. אַ פֿאַקט, זי האָט זיך ווייטער געדרייט איבערן שטוב. ס׳איז קאָנטיק געווען, אַז איר ווילט זיך דווקא די מתפּללים ברענ־גען צו זינדיקע געדאַנקען... און איינמאָל ווען דער באַלעבאָס האָט

געזאָגט די הויכע שמונה־עשרה, האָט זי פאַרבייגייענדיק אַ וואָרף געגעבן מיר אַזאַ פראַגעלע:

— דו, ביי דיר אויכעט ?...

אין דעם מאָמענט האָט זיך אַ ייד מיט לאַנגע פּיאות, וואָס איז זעלטן געווען צו זען אין אָדעס, „צענוקעט" אויף מיר: „נו, אָ, נו !". ווען זי האָט מיר געפרעגט וואָס דער ייד בייזערט זיך, האָב איך איר אַזאַ מין ענטפער געגעבן:

— ער מיינט, אַז ס'איז אַן עבירה וואָס איך רייד מיט אייך !...

די מויד האָט געגעבן אַ לאַך און זיך אַ שטיק געגעבן מיטן געלעכטער. איך האָב מיך געפילט געגנוג תקיף, איך זאָל מיר ניט מאַכן קיין ווערן פונם געלעכטער פון אירן. איך האָב מיך געפילט היימישער אין שטוב ווי זי. זי, די היימישע, איז בטל געוואָרן צווישן די זיבן פרעמדע יידן (מיט אונדז דרייען איז גע־ווען צען), און ביי מיר, דעם פרעמדן, איז בטל געוואָרן די פרעמד־קייט. ווען וואָלט איך עס געקאָנט האָבן די זכיה פאַרברענגען ביי זיי אין שטוב אַ שעה־אַנדערהאַלבן, זיצן און פאַרברענגען מיט די זעלביקע מענטשן, וואָס דער באַלעבאָס האָט פאַרבראַכט (צווישן מנחה און מעריב, אַ שטייגער) און טאַקע געזעסן אויף אַ בענקל, אין דער צייט, ווען דער באַלעבאָס איז געזעסן אויף אַ פוס־בענקעלע, אין דער נידער. און ווער רעדט שוין ווען מ'האָט געהאַלטן אינמיטן דאַוונען, אָ, דעמאָלט האָב איך מיך שוין גאָר געפילט ווי אַ גאַנצער בן בית, ווייל לאָמיר נאָר אויף אַ ווייליג־קע אַרויסגיין, ווערט דער מנין אויס מנין ווערן. טאַקע דערפאַר בין איך געווען זייער פאַרזיכטיק ביים „צונויפשלעפן" דעם מנין. ווען ס'האָט מיר בלויז איין פאַרשוין געפעלט, איז ווען ס'זיינען פאַרבייגעגאַנגען צוויי יידן, ס'הייסט צוויי יידן זיינען זיך באַנאַנד פאַרבייגעגאַנגען, האָב איך שוין מורא געהאַט איי־נעם פון זיי אָפּצושטעלן, טאָמער כאַפּן זיי זיך ביידע אַריין, און דעמאָלט וואָלט שוין ניט דער איבעריקער געווען איבעריק, נאָר איך...

***

דאָס איז געווען, איך געדענק ניט אויף זיכער, צי אויפֿן פערטן, צי אויפֿן פינפטן טאָג פון באַלעבאָס׳ „שבעה־זיצן״, נאָכדעם, ווי די יידן זיינען זיך צעגאַנגען און איך האָב געהאַלטן אין וואַשן די פּאָדלאָגעס, טאַקע נאָך די יידן, וואָס האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק אויסצוטאָן די קאַלאָשן זייערע. איז ווען איך האָב געהאַלטן אינמיטן דער אַרבעט, האָט דאָס „טעכטערל״ זיך פאַרנומען אויסצופרעגן פאַרוואָס ס׳באַדאַרף ברענען אַ לעמפּל די גאַנצע צייט פון שבעה־זיצן, און צוליב וואָס איז דאָס גלאָז־וואַסער מיטן שמאַטקעלע? האָב איך איר געענטפערט און דערציילט, אַז די נשמה פונם פאַרשטאָרבענעם קומט זיך טובלען נאָכן טויט, און מיטן שמאַטקעלע ווישט „זי״ זיך אָרום נאָכן אָפּטובלען זיך.

— נו, און דעם שפּיגל? נאָך וואָס פאַרהענגט מען? — האָט זי גלייך נאָכדעם אַ פרעג געגעבן.

אויף דעם האָב איך שוין ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. ערשט נאָך אַ קורצן ישוב הדעת, האָב איך איר געזאָגט, אַז די נשמה, נאָכדעם ווי זי וואַשט זיך אָרום, און ווישט זיך אָרום, וויל זי זיך אָפּשפּיגלען און זען, ווי זי זעט אויס, דערפאַר פאַר־הענגט מען דעם שפּיגל. ווייל מ׳קאָן אַמאָל דאַרטן דערזען די נשמה פונם פאַרשטאָרבענעם.

האָט זי זיך אַזוי אונטערגעשמייכלט און שפּעטער אַ ווייליני־קע זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ:

— טשעפּוכאַ!

דאָס מיינט אַ נאַרישקייט, אַן אומזין. און איך טראַכט ניט לאַנג און גיב זי אַ נעם אויף דער האַצקע:

— טשעפּוכאַ, זאָגט איר? נו, לאָמיר זען, אַז איר זאָלט צוגיין און פאַרהויבן דאָס שוואַרצע און אַריינקוקן אין שפּיגל אַריין?

און געזען, אַז דאָס רירט זיך ניט פון אָרט, בין איך טריט־ביי־טריט צוגעגאַנגען צום שפּיגל און פאַמעלעכקע אונטערגעהויבן אַ ברעג־שפּיצל פון דעם שוואַרצן שטיק קאַלינקאָר, און מאָ־מענטאַל זיך געגעבן אַ וואָרף אָפּ פון שפּיגל.

— אַ ליגן! — האָט זי זיך געגעבן אַ מורמל אָפּ, און

איינצייטיק האָב איך באַמערקט ווי אויפן פּנים האָט זיך אַ בלאַסקייט צעגאָסן.

— אַ ליגן, זאָגט איר? — האָב איך אַ שטאַמל געטאָן, — נו, לאָמיר טאַקע זען, איר זאָלט צוגיין אַ קוק געבן!

ס׳איז אויף איר קאָנטיק געווען, אַז זי האָט קיין חשק ניט דאָס צו טאָן. ערשט נאָך אַ ווײַלע קווענקלעניש, איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיגל און אַזוי גלייך, ווי זי איז צוגעגאַנגען, האָב איך אָנגענומען דאָס שפּיצעלע, וואָס איך האָב פריער אַ ווײַלע געהאַלטן און אַראָפּגעלאָזט, האָב עס לאַנגזאַם גענומען אונטערהויבן, און זי האָט זיך איינצייטיק דערנענטערט מיט איר פּנים צו מיין האַנט און צו מיר און איך האָב דערפילט דעם „דוך" אירן און אין זעלבן מאָמענט, וואָס זי האָט געגעבן אַ בויג אַריין דאָס קעפּל אירס צום שפּיגל, האָב איך איר אריינגעוואָרפן אַ קוש אין באַק אַריין, און זי האָט זיך געגעבן אַ וואָרף־אָפּ, ווי זי וואָלט ווירקלעך דערזען די באָבע אירע פון יענער וועלט, און איז מיר דאָ גלייך „פאַרפאָרן" אין באַק אריין, און מיט אַ צו־גאָב נאָך דערצו:

— דו סמאָרקאַטש דו! האָר אויס! דער באַלעבאָס וועט באַלד אַריינקומען, וועט זיין אַז אָך און ווי צו דיר!

דער באַלעבאָס איז „פּופּטירנע" אַריינגעקומען און טאַקע דערהערט די ווערטער אירע און געפרעגט וואָס דאָ איז געשען, און זי האָט אויפן אָרט געענטפערט:

— אַזאַ סמאָרקאַטש! רופט מיך צו און זאָגט מיר, אַז ער וועט מיר ווייזן, זאָגט ער, אַז די באָבע שטייט דאָרטן...

און מער גאָרנישט? מער גאָרנישט. דאָס איבעריקע האָט זי פאַרשוויגן. דערפאַר קומט איר נאָך אַ גרעסערער יישר כוח, ווי פאַר דעם, וואָס זי האָט מיך אויסגעהיט מ׳זאָל ניט פּאַקן די גנבה ביי מיר, ווײַל דאָ וואָלט איך זיכער ניט אַרויס קיין לעבעדיקער פון זיינע הענט.

## יג

יעדעס מאָל, וואָס איך בין אַריינגעגאַנגען שלאָפן אין פּאָרהייזל, האָב אָך געפילט, אַז ס'קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. און דאָ האָב איך נאָך צוריק דעם וואָרשטאָט אַריינגעקריגן, און איך האָב אויף אים אָנגעהויבן צו שלאָפן ביינאַכט און צו עסן בייטאָג ווי „אין די אַמאָליקע גוטע צייטן". איך האָב „זיי" שוין אַפילו מוחל געווען די ביינאַכטיקע וויזיטן, וואָס, זיי די לייט מיינע, האָבן מיר געמאַכט אין פּאָרהייזל, גייענדיק אין קיך אַריין צו טאָן דאָרטן זייערע באַדערפעניש... סיי־ווי האָב איך געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז לאַנג שלאָפן אין פּאָרהייזל וועט מיר שוין ניט אויסקומען, ווייל דער ווינטער איז שוין אַזוי גוט ווי געווען אַריבער, און ס'האָט שוין געשמעקט מיט פרי־לינג.

דאָס איינציקע, וואָס מיר איז ניט איינגעגאַנגען, איז גע־ווען דער נחת, וואָס זיי, די לייט מיינע, האָבן געהאַט, וואָס זיי זיינען פון דער אַלטער פּטור געוואָרן. מ'האָט איינס און צוויי פאַרגעסן אָן איר. גאָרניט, אַזוי ווי אויף דער וועלט ניט געווען. קיינער האָט דעם נאָמען אירן ניט דערמאָנט. בלויז איין מאָל, ווען עס איז צו רייד געקומען וועגן דער עלטערער טאָכטער, וואָס האָט זיך „געקליבן אין בעט אַריין", האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, אַז ס'וואָלט געווען אַ יושר מ'זאָל אַ נאָמען געבן נאָך דער פאַרשטאָרבענער, אויב זי, די טאָכטער, וועט געלעגן ווערן מיט אַ מיידל.

אָבער די אַלטע (צי די פאַרשטאָרבענע) האָט אפילו נאָכן טויט אויך קיין מזל ניט געהאַט. די טאָכטער איז דווקא געלעגן געוואָרן מיט אַ ייִנגל.

דאָס איז געווען אַ פּאָר טעג פאַר פּורים. און עטלעכע טעג נאָך פּורים איז געווען דער ברית, און דער באַלעבאָס, די באַ־לעבאָסטע, און דער בן זייערער, האָבן זיך גאַנץ פרי אויסגעפּוצט און זיינען צום ברית אַוועק.

גלייך נאָך זייער אַוועקגיין האָט זיך די מויד צעטאַראַליי־

קעט. וואו עפּעס אַ גאַסן־לידל פון אַ ליבע, און דווקא אַ רוסישע, האָט די מויד אויסגעזונגען. בכלל איז זי מיר געוואָרן זייער בגילופנדיק גלייך נאָכדעם, ווי זי איז איינע אַליין אין שטוב געבליבן.

צי דאָס איז געווען ווייל זי איז אינגאַנצן געוואָרן אַנגעוויזן אויף זיך, צי האָט עס אויך געהאַט אַ שייכות מיט דער שוועס־טערס געלעגן ווערן. מעגלעך, אַז די ביידע „זאַכן" האָבן גע־האַט אויף איר אַט די השפּעה. און טאָמער איז דאָס אַלץ איר ווינציק געווען, איך מיין אַט די געזאַנגען אירע, האָט זי אפילו די פענצטער צעפּראַלט, כאָטש ס'איז נאָך ניט געווען אַזוי וואַרעם, זי זאָל עס האָבן נויטיק געהאַט צו טאָן. און אפילו דאָס איז איר, קאָנטיק, ווינציק געווען, ווייל זי האָט זיך אַלע ווייל אין „ראַבאָטשע" באַוויזן, זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר, וואָס האָט געפירט אין הויף אַריין, האָט זי „צוגעאַרבעט" מיט די היפטן, און געהויבן מיט די אַקסעלעך צום טאַקט פונם לידעלע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין זינגען, און אין יעדער באַ־וועגונג אין אירער האָט זיך געפילט אַ ים מיט תאוה.

יאָ, איך האָב עס געפילט, און זי האָט מיך אַנגעשטעקט מיט דעם, און דאָס האַרץ מיינס האָט גענומען „בעכען" מיט אַ מאָד־נער אומרואיקייט, פילנדיק, אַז דאָ וועט מיר פאַרשטיין אַ שווערן נסיון בייצושטיין... און בכדי צו פאַרטראַסקען אָט דאָס האַרץ־קלאַפּעניש, האָב איך זיך צעפּוזשעט מיטן וואַרשטאַט. אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. איך האָב געפילט, ווי די געבליטן מיינע צעברויזן זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

—פאַרוואָס זייט איר ניט געגאַנגען אויפן ברית? — האָב איך איינמאָל ביי איר אַ פרעג געגעבן.

— נישט דיין עסק! — האָט זי מיך געגעבן אַ פּאָר אָפּ.

און איך בין דאָ גלייך אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער:

— דיווקאָ נאָ ברית ניע אידע!...

אין יידיש מיינט עס, אַז אַ מיידל גייט ניט אויף קיין ברית.

— נו־נו, דו זיי מיר נאָר ניט אַזאַ קלוגיטשקער! — האָט

זי זיך צעבייזערט אויף מיר. און איך גלייך נאָך איר צעביי־זערן זיך:

— ברוך אתה אדוני אלהנו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצוונו על ברית מלה.

זי האָט אויף מיר אַ פאַרשנד־נייגעריקן קוק געוואָרפן און געפרעגט וואָס דאָס מיינט. האָב איך איר ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן און איר געענטפערט, אַז דאָס איז די ברכה, וואָס מ׳מאַכט ווען מ׳איז מל דאָס יינגעלע. האָט זי גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיקל האָלץ און מיר אַ וואָרף געגעבן, און אַ סטראַשע געטאָן, אַז זי וועט דערציילן דעם באַלעבאָס, אַז איך רייד דאָ מיט איר „אַזעלכע רייד״, און גלייך נאָך דעם זיך געגעבן אַ קערעווע אָפּ פון דער טיר און איז אַריין אין שטוב אַריין. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך ווידער געלאָזט הערן מיט די ניגונים מיט אירע.

ווען זי האָט דאָרטן געהאַלטן אין זינגען די לידעלעך אירע, האָט זיך מיט רעש און מיט גלעקל־געקלאַנג געעפנט די טיר און ס׳איז אַרייגעפאַלן אַ יונג פּריצל אין אַ בעקעש און מיט לאַקירטע שטיוועלעך. אין איינער פון זיינע הענט האָט ער געהאַלטן אַ כליסטיק. אַריינגעקומען און ביי מיר אַ פרעג געטאָן וואו דער באַלעבאָס איז, און איידער איך האָב באַוויזן צו ענט־פערן, האָט דאָס מאַמזעלכל געגעבן אַ שטעק אַרויס דאָס קעפל אירס פון איינעם פון די אָפענע פענצטער אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך באַוויזן מיט אַ קליין טערקיש שאַלכל אויף די אַקסלען, בכדי צו פאַרהילן די סטאַרטשנדיקע ברוסטן אירע, כאָטש נאָכן אַרויפוואַרפן אויף זיך דאָס שאַלכל, האָבן „זיי״ זיך נאָך מער ארויסגעצייכנט, ווייל זי האָט געהאַלטן צוויי שפּיצן פון שאַלעכל מיט ביידע הענט אַראָפּגעצויגן.

דאָס פּריצל האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס קאַראַקולן קיטשמעלע פון זיין קאָפּ, ריטעריש זיך פאַרנויגט, און שוין גאָר מיט אַ גאַנץ אַנדער טאָן, ווי ער האָט עס ביי מיר געפרעגט, האָט ער ביי איר אַ פרעג געגעבן:

— גדיע כאָזיאַאין? (וואו איז דער באַלעבאָס).

זי האָט זיך שטאַרק פאַררויטלט און נאָך אַ קורצער פויזע געענטפערט:

— נאָ כריסטיני פּאָשלי!...

דאָס קריסטלעכע פּריצל האָט אויסגעדריקט פאַרוואונדע־רונג: „נאָ כריסטיני?" ווי איז דאָס מעגלעך? אויב ער מאַכט קיין טעות ניט זיינען זיי דאָך יידן, און ביי יידן, ווי ווייט אים איז באַקאַנט, „כרעסטעט" מען דאָך ניט קיין קינדער.

די מויד איז געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן. פון גרויס פאַרווירטקייט האָט זי איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אַ צי געטאָן די צוויי שפּיצן פונם שאַלכל. איך האָב מיך געטראַכט, וואָס וועט דאָ זיין: צי וועט זי אים ענטפערן, אַז דער אויף וועמען דער קריסט־פּריץ פרעגט, איז אַוועק אויף אַ ברית, צי וועט זי אים ניט ענטפערן. און געזען, אַז דער ענטפער פאַרציט זיך שוין צו לאַנג, בין איך אַרויסגעקומען מיט אַן ענטפער פאַר איר:

— כאַזיאַאין נאָ ברית פּאָשאָל! (אַוועק אויף אַ ברית).

— אַך, וואָט קאַק (אַזוי גאָר) — האָט ער מיט אַ מאָדנער פריילעכקייט אויסגערופן — נאָ ברית פּאָשלי (מ'איז אויף אַ ברית אַוועק), טאַק אי סקאַזשיטע! (אַזוי זאָגט!).

כאָטש געזאָגט האָב איך עס, ניט זי, פונדעסטוועגן האָט ער צו איר געזאָגט „אַזוי־זשע זאָגט" און איינצייטיק געגעבן אַ כוואָטשעּ מיטן כליסטיק איבער אַ כאַליאָוקע פון איינעם פון זיינע באַשטיוולטע פיס.

די מויד האָט זיך געררויטלט, און געאַרבעט מעשים מיטן שאַלכל. אַ צי געגעבן איין עק מיט איין האַנט, אַ צי אַ צווייטן מיט אַ צווייטער האַנט. אין מיר האָט דאָס האַרץ געקוואָלן: אַ מצוה אויף איר, האָב איך געטראַכט. מיר האָט זי דאָס מויל פאַרמאַכט, ווען איך האָב גענומען ריידן וועגן ברית, און דאָ מוז זי נעבעך שווייגן.

אָבער מיט די רייד האָט זיך עס ניט געענדיקט. דער חברה־מאַן האָט איר נאָך דעם דערציילט אַ מעשה, אַז פאַראַן ערגעץ אַזאַ „עם ולשון", וואָס איז אויך מל מיידלעך... איך בין געוווען זיכער, אַז דער זשוליק טראַכט עס אויס. קאָנטיק, אַז אויך זי האָט אַזוי געטראַכט. דאָס איז געווען צו דערקענען אין

דעם, וואָס זי האָט זיך אָנגעדראָלט און אָנגעבלאָזן די ליפּלעך. דאָס פּריצל, ווי דאָס וואָלט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט שוין איבער־געכאַפּט די מאָס, און ווי ער וואָלט געוואָלט באַגיטיקן פאַר די רייד, וואָס ער האָט גערעדט און ניט באַדאַרפט געווען ריידן, האָט איר געזאָגט, אַז ער איז געקומען מיט אַ גרויסער באַ־שטעלונג.

מילא גרויס ווי גרויס. וואָס מיך האָט פאַראינטערעסירט, איז די אַרבעט, די אַרבעט אַליין. טאָקן שטיינער, דאָס איז פאַר מיר געווען אַ נייעס. איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז מ׳קאָן טאָקן שטיינער. וואָס שייך איר, האָט זי יאָ געוואוסט אַז מ׳קאָן דאָס.

— אייך האָט עמיצער רעקאָמענדירט אַהערצו? — האָט זי אין זיין לשון געפרעגט מיט אַן אָנשטעל פון גרויסהאַל־טונג.

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן אַ וואָנסע מיט איין האַנט, זיך אַ כוואָשטשע געטאָן מיט כליסטיק מיט דער צווייטער, און אַ דריי געטאָן מיטן קעפּל, האָט ער געענטפערט, אַז דאָס האַרץ זיינס האָט אים גראָד אַ צי געטאָן, ער זאָל אַריינגיין אַהערצו און גלייך נאָכדעם צוגעגעבן אין זיין לשון:

— איך מיין, אַז דאָס איז די בעסטע רעקאָמענדאַציע... דענקט איר ניט אַזוי, באַרישניאַ?

אויסגעהערט, אונטערגעשמוכעט, און דאָך געמאַכט אַן אָנ־שטעל, ווי זי וואָלט ניט געהערט, און פּלוצים ביי אים אַ פרעג געגעבן:

— ווי זנאַיעטע מאָנאַסטיר נאַ מאָנאַסטירסקאָי? (קאָנט איר דעם מאָנאַסטיר אויף מאָנאַסטירסקער גאַס).

דאָס פּריצל האָט אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג אויף אָט דער פּלוצלומדיקער פראַגע און שפּאַסיק אַ פרעג געגעבן, צי קלייבט זי זיך ניט אַריינצוטרעטן אין אַ מאָנאַסטיר אַריין. און ניט באַקומען קיין ענטפער, האָט ער שוין אַ פרעג געגעבן מיט אַן ערנסטן טאָן:

— אַ ראַזווע טשטאָ?

אַנטקעגן וואָס, הייסט עס, פרעגט זי עס. און זי האָט אים

ניט געלאָזט וואַרטן אויף קיין ענטפער און דערציילט, אַז די שטיינער ביי דער „קאַלאָקאָלנע" איז דאָס איר טאַטנס מלאכה.

— אַך וואָט קאַק!... — האָט דער קריסט אויסגערופן און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — אויב אַזוי האָב איך אָנגע־טראָפן אויפן ריכטיקן אָרט... אָטשען ראַד (זייער צופרידן).

און גאָר פּלוצים אַ פרעג געגעבן:

— עטאָ דאָלגאַיאַ היסטאָריאַ?... (אויף לאַנג איז דאָס דער עיסק?).

זי האָט, קאָנטיק געכאַפּט, וואָס ער מיינט, ווײַל זי האָט אים אויף דער פראַגע ניט געענטפערט און געזאָגט, אַז ער קאָן לאָזן דעם אַדרעס זיינעם, וועט שוין דער פאָטער אירער קומען צו אים אָננעמען די אַרבעט. דער קריסט־פּריץ האָט אַרויסגעכאַפּט אַ נאָטיץ־ביכעלע פון בוזים־קעשעניע, אָבער ער האָט עס גלייך צוריק אַריינגלייגט און געזאָגט, אַז ער וועט זיך שפּעטער מיט אַן אַכט טעג, צי מיט צוויי וואָכן, אַליין אַריינכאַפּן אַהערצו. ער האָט נאָך געגנוג צייט מיט דער אַרבעט, אַז ער וועט זי ערשט באַדאַרפן נאָך פּסח, ווײַל דאָס הויז, צו וועלכן ער באַדאַרף אָט די שטיינער האָבן, איז נאָך ווייט פון צו זיין פאַרטיק. ווען זי האָט אים געפרעגט, וואו אָט דאָס הויז, וואָס האַלט זיך אין בויען, געפינט זיך, האָט ער איר געענטפערט, אַז דאָס הויז גע־פינט זיך ווייט הינטערן שטאָט אויף אַ „דאַטשע־אָרט", וואוהין מענטשן פון שטאָט פאָרן זומער אַרויס אויף פרישע לופט.

— ווען איר טאַקע קומען? — האָט די באַרישניע צווייפּ־לענדיק געפרעגט.

— זייט זיכער! — האָט ער איר געענטפערט — איך וועל קומען. כ׳וועל אומבאַדינגט קומען. צוליב אייך אַליין וועל איך קומען!

דאָ האָט ער איר די האַנט געגעבן און איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אַ טרייסל געטאָן די האַנט אירע, האָט ער איר אַ פּאָר קאָמפּ־לימענטן געמאַכט, צולעצט האָט ער אַ קוש געגעבן איר האַנט, געזאָגט „דאָסווידאַניע" און איז אַוועק.

דאָס טעכטערל האָט נאָכן קריסטס אַוועקגיין, געוואָרפן אויף מיר אַ נצחונדיק־פריילעכן בליק. איך האָב פאַרשטאַנען

וואָס דאָס מיינט: נאַ, זע, דו גאַרנישט דו, ווי מ'באַקומט פאַר מיר די נכפּה.

— שוין איינמאָל אַ קראַסאַוועץ! — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו איר אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן די „ראַבאָטשע", און זי האָט אַ זאַפּטיקן שמייכל געטאָן און קאָקעטיש אַ פרעג געגעבן:

— האָסט געזען?...

— איר האָט שוין אַן אייגענעם קלויסטער! — האָב איך אַ מורמל געטאָן.

— וואָס? — האָט זי מיט ברייט צעעפנטע אויגן גע־פרעגט.

— דעם מאָנאַסטיר מיין איך, וואו דער באַלעבאָס...

ערשט דאַ האָט זי זיך אָנגעשטויסן וואָס איך מיין און מיר אויפמערקזאַם געמאַכט אויף מיין אומוויסנקייט, אַז אין אַ מאָנאַ־סטיר נעמט מען קיין „שלוב" ניט. אין מאָנאַסטיר אַריין גייען נאָר אַזעלכע וואָס האָבן ניט חתונה.

און דאָס אָפּגעזאָגט האָט זי זיך צעזונגען:

נאַדיענו יאַ טשאָרנאָיע פּלאַטיע,
מאָנאַשקאָי זשיט פּאָידו!

— פּאָלאָזשים! — האָב איך זיך אָפּגערופן. — איר וועט שוין פאַר אַ מאָנאַשקע ניט גיין!...

— נו־נו! — האָט זי זיך גוטמוטיק אויף מיר אָנגעביי־זערט. — ניט דיין עיסק, דו אַרבעט דו! —

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך פון שטוב דערטראָגן די פאָלגנדע צוויי סטראָפן:

— ליובילאַ יאַ, קאָכאַלאַ יאַ,
אַ אָן פּאָדליעץ זגוביל מעניאַ!

קיין גרויסער קענער פון רוסיש בין איך טאַקע ניט געוועזן, אָבער די באַדייטונג פון אָט די ווערטער האָב איך זייער גוט

פאַרשטאַנען... באַזונדערס אָט די לעצטע סטראָפּע, וואָס גיט אַן אָנדייטונג אויף דער פאַרניכטונג פון דער העלדין, וואָס האָט געליבט, און זיך פאַרטרויט דעם, וואָס זי האָט געליבט. און דאָס האָט מיך שטאַרק אויפגערעגט.

געזען, אַז איך הויב אָן צו פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך, האָב איך גענומען דעם האַנטוך און זיך געלאָזט גיין אין הויף אַריין צום קראַן זיך אָפּגיסן דעם קאָפּ מיט קאַלטע וואַסער. ערשט, אַז די מויד פּאַקט מיך ביי דער טיר מיט אַ ליידיקן עמער און הייסט מיר אַריינברענגען אַן עמער וואַסער. ווען איך בין צוריק אַריינגעקומען מיטן עמער וואַסער, האָב איך זי געטראָפן שטיין אין קיך אָן אַ בלוזקע, מיט אַ קוואַרט אין האַנט. און געגעבן אַ שעפּ אָן אַ קוואַרט וואַסער, האָט זי זי מיר איבער־געגעבן, איך זאָל איר אויפגיסן אויף די הענט. זי האָט זיך דאָ גלייך פאַרנומען צו וואַשן און צו פּלויסקען דאָס פּנים. זי האָט יעדע זשמעניע וואַסער, וואָס איך האָב איר אויפ־געגאָסן, צוגעלייגט צום פּנים און געהאַלטן אַ ווײַלע האָט זי דאָס אויסגעוואַרעמטע וואַסער אויסגעגאָסן און אונטערגעשטעלט די זשמעניע, איך זאָל איר אָנגיסן פרישע וואַסער. אַזוי עטלעכע מאָל, און דאָ זע איך די געדיכטע קוסטיקעס שוואַרצע האָר אונ־טער אירע פּאַכוועס, און די ברוסטן אַראָפּגעפּאַלענע פון איר אין העמד אַריין, זעען אויס, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען.

איך האָב זיך אָבער קאָנטראָלירט.

אָבער ווען זי האָט נאָכן וואַשן אַרויפגעלייגט דעם האַנטוך אויפן פּנים מיטביידע הענט, האָב איך זי געגעבן אַ כאַפּ אַרום און אַ ברעך געטאָן זי אַרונטער... אָבער זי האָט זיך גלייך געגעבן אַ דריי און אַ ריס אַרויס פון מיינע הענט, און אַ כאַפּ געטאָן דאָס האַק־מעסער, וואָס איז אויף איינער פון די ווענט געהאַנגען צווישן טעפּ און אַנדערע קיך־מכשירים, האָט זי דראָענד און דווקא מיט אַ גאַנץ געמיטלעכן קול געזאָגט:

— אויב דו וועסט פּרואוון צוגיין צו מיר, קריגסטו ביי מיר מיטן האַק־מעסער איבערן קאָפּ!

אַ קאַלטע רעזיגנאַציע איז מיך באַפאַלן. דאָס האַרץ האָט זיך באַרגיק געהויבן און שווערמוטיק געקלאַפּט. די קני האָבן גענומען

ציטערן און זיך בויגן, און שפּיץ־פינגער פון די הענט האָבן גע־גומען פרירן און גליווערן.

— איר וועט דערציילן ? — האָב איך נאָך אַ לענגערער פויזע געפרעגט מיט אַ שמאַטעדיק קול.

זי האָט מיט אַ זשעסט פון דער זעלבער האַנט, וואָס האָט דאָס האַק־מעסער געהאַלטן, אַ מאַך געטאָן צו מיר איך זאָל מיך פאַר־נעמען און איינצייטיק געזאָגט :

— גיי, גיי, פאַרנעם זיך פריער ! — דאָס וועסטו שוין שפּעטער זען !...

יד

די פיר וואָכן צייט פון פורים ביז פסח האָב איך אַזוי שווער און ביטער געאַרבעט, אַז איך בין געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד. איך האָב געאַרבעט צוועלף, פופצן שעה אין מעת לעת, און די לעצטע וואָך נאָך מערער.

מ׳איז טאַקע געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, חוץ דעם האָב איך באַדאַרפט אָפּאַרבעטן פאַר די אַכט טעג פסח וואָס מ׳האָט אין אונדזער פאַך ניט געאַרבעט. יאָ, דער באַלעבאָס האָט מיר געזאָגט, אַז נישקשה, אַז איך מעג צושוויצן אַ ביסל, ווייל איך וועל רוען אַכט טעג, די נאַכט וואָס פאַר פסח האָב איך געאַר־בעט אַ גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג, ווען איך בין פאַרטיק גע־וואָרן מיט דער אַרבעט, האָב איך זיך ערשט פאַרנומען צוצור־רוימען די „ראַבאָטשע", וואָס האָט אויך ביי מיר פאַרנומען דריי־פערטל טאָג, און דאָס האָט זיך שוין פאַר קיין אַרבעט ניט גערעכנט.

אַרבעטנדיק אַזוי שווער און ביטער, האָב איך אַפילו ניט אויסגענוצט די פאָר פרייע שעה, וואָס איך האָב די שבתדיקע טעג געקראָגן, און איך בין אין ערגעץ ניט געגאַנגען. איך בין די צייט געשלאָפן, און וואָלט אַזוי געקאָנט אַוועקשלאָפן ביזן צווייטן מעת לעת, ווען מ׳וואָלט מיך ניט אויפגעטאָרעט אַרום פיר אַ זייגער, איך זאָל גיין „פאַרען" טיי. בלויז דעם לעצטן שבת,

שבת הגדול, האָב איך מיר גענומען מיינע פּאָר פּרייע שעה און אַוועק אויפן „טאָלטשאָק" מיט מיין ברודער. ער האָט פאַר מיר איינגעהאַנדלט אַן אַנצוג, אַ פּאָר שיך, אַ קאַפּעליוש און דריי פּאָר וועש. אָט דער גאַנצער גאַרדעראָב מיינער האָט באַטראָפן פינף רובל מיט קאָפּיקעס. דאָס געלט האָב איך געהאַט צונויפגעזאַמלט פון די איבעריקע שטעקעלעך, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן פאַרקויפן, און ס'איז געווען אָפּגעמאַכט מיט מיין ברודער אַז ער זאָל זאָגן, אַז דאָס געלט האָט ער מיר געגעבן, אַנדערש וואָלט עס אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט, וואו האָב איך עס גענומען אַזוי פיל געלט זיך אויסצופּוצן ווי אַ חתן.

איך מיין, ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אַלע זאַכן וואָס איך האָב איינגעקויפט זיינען געווען פון דער „צווייטער האַנט" און די שיך זיינען געווען פון „צווייטן פוס" און אויך דאָס וועש איז געווען געניצטע, אָ, נאָך ווי גענוצט, אַפילו פאַררּיכטע. איין פּאָר גאַטקעס האָט געהאַט אַ מאָנאָגראַם אויף זיך אַ „בע" מיט אַ „קאַ", אויסגענייט מיט רויטער פאָדים, און מיין ברודער האָט וועגן די בוכשטאַבן געזאָגט אַ וויץ וואָס איך קען דאָ ניט ברענגען...

יאָ, פאַרגעסן, אַפילו אַ „מאַנישקע" האָב איך מיך איינגעהאַנדלט, ניט קיין ווייסע, ניין, נאָר אַ פּליושענע, וואָס האָט זיך געשפּיליעט אין אַ זייט מיט צוויי קנעפּעלעך, און אין פראָנט האָט זי געהאַט דריי קנעפּעלעך צוליב שיינקייט וועגן. אָט דעם מין מאַנישקעס האָבן געטראָגן די פּראָלעטאַריער, ווייל זיי האָבן זיך ניט געקויטיקט, ס'הייסט געקויטיקט האָבן זיי זיך יאָ, נאָר מ'האָט אויף זיי ניט געקאָנט אָנזען דעם קויט...

אַלזאָ, דאָס מאָל בין איך שוין געזעסן ביי די סדרים מיט גאַנץ אַנדערע געפילן ווי איך בין געזעסן פאַראַיאָרן. אָבער געפילט האָב איך מיך ניט ווינציקער פרעמד מיט די לייט מיט מיינע ביי זייער טיש ווי פאַראַיאָרן, כאָטש איך האָב מיך שוין געפונען אַנדערהאַלבן יאָר מיט זיי אונטער איין דאַך, דערפאַר האָב איך ניט געהאַט יענע בזיונות, וואָס איך האָב געהאַט פאַראַיאָרן, ווען איך בין געווען פאַרפּוצט אין דער גימנאַזיסטישער טוזשורקע און דעם גימנאַזיסטס ברודערל האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף

מיר. אָבער אײנגאַנצן אָן חרפּות איז דאָס מאָל אויך ניט אָפּגע־גאַנגען װײל דעם ערשטן סדר בין איך אַ פּאָר מאָל אײנגעשלאָפן, און זיך אויפגעכאַפּט פון עמעצנס אַ געלעכטער.

דערפאַר אָבער בין איך שוין צום צװײטן סדר געװען מיט מענטשן גלײך, װײל איך בין דעם גאַנצן טאָג געשלאָפן. אויפגע־שטאַנען אינדערפרי, אָפּגעטרונקען טײ מיט מצה און אַװעק־געפאַלן, האָט מען מיך אויפגעװעקט װען דער באַלעבאָס איז פון שול געקומען.

זיך אויסגערוט די בײנער דעם ערשטן טאָג פּסח, האָב איך מיך דעם צװײטן טאָג געפילט װי נײ־געבוירן. איך האָב זיך אויסגעפּוצט אינעם קאָסטיום װאָס איך האָב אײנגעהאַנדלט, אויפן „טאַלטשאָק”, געגאַנגען אין „פאַבריקמאַכערסקי” און זיך אָפּגע־גאָלט, און זיך געלאָזט פאַרדרײען די װאָנסעלעך מיט „פיקס־טואר”, װאָס אַחוץ דעם װאָס זײ זײנען געװאָרן דראַטיק האָבן זײ נאָך באַקומען עפּעס אַ מין מיתה משונה קאָליר, און גלײך פונם פאַבריקמאַכער, האָב איך מיך געלאָזט שפּאַנען אין דער ריכטונג, װאָס האָט געפירט צום טראַקטיר „אַריאַל” מיט דער האָפענונג דאָרטן צו טרעפן אליהון, הגם זיכער אין דעם בין איך ניט געװען, װײל פון דער צײט אָן װאָס ער איז פון „אונדז” אַװעק, האָב איך זיך אַ פּאָר מאָל אַרײנגעכאַפּט אין טראַקטיר אַרײן און אים דאָרטן ניט געטראָפן. דאָס מאָל אָבער האָט עס מיר אָפּגעגליקט, איך האָב אים יאָ געטראָפן, ער האָט זיך אַזױ דערפרײט מיט מיר און איך מיט אים נאָך מערער.

— איך זיץ דאָ די גאַנצע צײט און טראַכט װאו נעמט מען דיך ? — זײנען די ערשטע װערטער זײנע געװען, גלײך װי איך בין צוגעקומען צום טישל, בײ װעלכן ער איז געזעסן. מיך אָנגע־כאַפּט מיט בײדע הענט בײ אַ האַנט, האָט ער מיך באַזעצט אויף אײנעם פון די דרײ לײדיקע בענקלעך, װאָס זײנען אַרום טישל געשטאַנען, און דאָ גלײך האָט ער אָנגעקלאַפּט מיטן דעקל פונם טשײניק אָן טשײניק. און װען די „שיסטיאָרקע” איז צוגעקומען, האָט ער אים געהײסן ברענגען אַ טשײניק װאַסער און אַ גלאָז, און אַזױ גלײך װי יענער איז אַװעק מיטן טשײניק

האָט ער זיך געגעבן אַ רוק צו צו מיר און מיט אַ געדיכטער ערנסטקייט געזאָגט:

— הער! איך וויל, אַז דו זאָלסט מיט מיר ערגעץ צופאָרן, ווילסט?

— וואוהין? — האָב איך מיט באַהאַלטענער פרייד און נייגיר געפרעגט.

— ע, אַז דו וועסט מיר שטעלן פראַגן, וועט עס ניט טויגן — האָט ער אַן אָנגעכמורעטער געזאָגט און נאָך אַ קורצער פויזע צוגעגעבן מיט אַ מילדערן טאָן: — אפשר שפּעטער, ווען ס׳וועט שוין זיין נאָך אַלעמען, ווען אַלץ וועט דורכגיין גלאַט, אָבער ביז דעמאָלט אַני־איטש דו הערסט?... ניט פרעגן, ניט רעדן, נאָר זען, הערן און שווייגן...

ביי די לעצטע ווערטער איז דער שייגעץ צוגעקומען מיטן טשייניק וואַסער און מיט אַ גלאָז. אליה האָט איילנדיק מיר אָנגעגאָסן אַ גלאָז טיי, אַריינגעוואָרפן צוויי גרויסע שטיקער צוקער, און מיר צוגערוקט די גלאָז טיי אונטער דער נאָז, האָט ער איילנדיק געזאָגט:

— נעם גיב אַ טרונק אָפּ גיך און מירן זיך פאַרנעמען אין וועג אַריין.

און אַ קוק געגעבן אויף זיין „ציבעלע״־זייגער, האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

— ווען דו וואָלסט געקומען מיט פינף מינוט שפּעטער, וואָלסטו מיך דאָ שוין ניט געטראָפן.

דאָ גלייך האָט ער אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ פּעקל, וואָס איז אויפן טישל געלעגן, און אַרויפגעלייגט אויף דעם ביידע הענט, האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און געזאָגט צו מיר מיט אַ מאָדנער צעשטרייטקייט:

— דו וועסט נעמען אָט דאָס פּעקל, וועסטו נעמען, און איידער מירן צוקומען אַהין, וואוהין מיר קלייבן זיך איצטער צו פאָרן, וועל איך דיר הייסן אַראָפּקריכן פון דער דראָשקע און דו וועסט נעמען דאָס פּעקל מיט זיך און דו וועסט מיך נאָכשטאַטעווען וואוהין איך גיי, אָבער מ׳זאָל ניט באַמערקן, אַז דו גייסט מיר נאָך... פאַרשטאַנען?

יאָ, איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס ער זאָגט, אָבער ניט אָנגע־הויבן צו פאַרשטיין וואָס דאָס אַלץ זאָל באַדייטן, אָבער אַז מ׳האָט אָקאָרשט שטרענג אָנגעזאָגט איך זאָל קיינע קשיות ניט שטעלן, האָב איך טאַמעוואַטע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אויף גיך אויסגעזשליאָקעט די טיי, און געגעבן אַ לעק אָפּ די וואָנצע־לעך פון דער זיסער פליסיקייט האָב איך גלייך אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל אונטערן אָרעם, און בין שוין געשטאַנען אַ פּיקס און פּאַרטיקער אין וועג אַריין, ער האָט פאַר דער צייט געגעבן אַ קלאַפּ אָן מיטן דעקל פונם טשייניק אָנם טשייניק, און אַזוי גלייך ווי דער טראַקטיר־בחור איז צוגעקומען, האָט ער אים אַריינגערוקט אין האַנט די עטלעכע קאָפּיקעס, וואָס די טיי האָט באַטראָפן, און אימפּעטיק דעם טראַקטיר פאַרלאָזט און איך מיט אים נאָך אים, און אַזוי גלייך ווי ער איז אַרויס אין דרויסן, האָט ער גע־וואָרפן אַ צעטראָגענעם קוק אַרום זיך און אָפּגעשטעלט דעם ערשטן „איזוואָשטשיק״, וואָס איז פאַרבייגעפאָרן מיט ליידיקן, האָט ער אים בחפזונדיק אַ פרעג געגעבן:

— פאַבריקאַ בליאַכאַ זנאַיעש? (ווייסט די פאַבריק פון בליאַכן).

אָפּגעפאָרן אַ פופצן מינוט, זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין שטרוי אַריין, יאָ אין שטרוי וואָס איז געווען אין מיטן גאַס אויסגעשפּרייט. איך האָב עס שוין ניט איינמאָל באַמערקט ווי אויף די גאַסן, וואו עס האָבן געוואוינט רייכע מענטשן, איז פּלוצים אינמיטן דרינען אַ שטיקל גאַס אויסגעשפּרייט געוואָרן מיט שטרוי, אָבער איך האָב ניט געוואוסט ווער דאָס טוט און צוליב וואָס דאָס ווערט געטאָן. דאָ, פאָרנדיק מיט אליהן, האָב איך עס אים אַ פרעג געטאָן, און אליה ווי ער וואָלט נאָר אַרויס־געקוקט אויף דעם אַז איך זאָל עס פרעגן, האָט מיר דאָ גלייך געלאָזט וויסן, אַז דאָס פאַרגינען זיך די רייכע לייט ווען עמע־צער ווערט ביי זיי פאַרשלאָפט, בכדי ס׳זאָל ניט זיין קיין טומל פון די דורכפאָרנדיקע דראָזשקעס און בינדיוגעס, וואָס קען זיך שלעכט אָפּרופן אויפן חולה...

אָט די אַנטדעקונג האָט געמאַכט אויף מיר זייער אַ מאָדנעם איינדרוק: הער נאָר וואָס גבירים קענען זיך דערלויבן, אויס־

שפּרייטן אין מיטן גאַס שטרוי וואָסי בכדי... איך האָב געהאַט אַ מער ווינציקערע פאַרשטעלונג וועגן לוקסוס, נאָר אַזאַ מין לוקסוס ?... און איך האָב שוין דאָ אַפילו צום קראַנקן גביר אַ קנאה דערפילט...

— וואונדערסט זיך ? — האָט אליה ביי מיר אַ פרעג געטאָן, און דערביי אַזוי אינטים מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין.

— פאַרוואָס קומט עס „זיי״ ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— וואָס, אַט די שטרוי מיינסטו ? — האָט ער ביי מיר געפרעגט אַנווייזנדיק מיט אַ פינגער אַראָפּ צו שטרויענער ווייכקייט און שטילקייט, אין וועלכער מיר זיינען געפאָרן — צי דו מיינסט עפּעס אַנדערש ?

איך האָב אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער אין דעם מאָמענט איז די דראָזשקע שוין אַרויס פון שטרויענער שטילקייט און די געשמידטע רעדער האָבן שוין געטראַסקעט אויף די פיר־עקיק־לענגלעכע שטיינער, מיט וועלכע די אָדעסער גאַסן זיינען געווען געברוקירט, און אַזוי זיינען מיר שוין געפאָרן דעם גאַנצן איבעריקן וועג, אין דער קנאַקעריי, אין וועלכער ס׳איז אוממעגלעך געווען אויפצוכאַפּן אַ וואָרט, סיידן מ׳האָט דיר דאָס וואָרט אַריינגעשריגן אין אויער אַריין.

מיר זיינען געפאָרן גאַס־אויס, גאַס־איין, און וואָס ווייטער מיר האָבן זיך דערווייטערט פון שטאָט, זיינען די גאַסן אַלץ ערגער ברוקירט געווען, און די דראָזשקע האָט אַלץ ערגער געטאַראַראַכקעט און אונטערגעשפּרונגען, און פון אונטער די געשמידטע פערדישע פיס האָבן זיך אַלץ אָפטער פונקען געוויזן. אויך די הייזער האָבן וואָס ווייטער פון צענטער שטאָט, אַלץ שפלער אויסגעקוקט, און גאָר אַן אַנדער פּאַנאָראַמע האָט זיך פאַר מיינע אויגן אויסגעשפּרייט, ווען מיר האָבן זיך אינגאַנצן אַרויסגעטרייסלט פון שטאָט אַרויס. אמת, די הייזער זיינען דווקא ניט געווען אַזוי געדיכט געבויט איינס אָן דעם אַנדערן ווי אין שטאָט, און ניט אַזעלכע הויכע און וואָס קאָנטיק אַדאַנק דעם האָבן די גאַסן און געסלעך אויסגעזען ברייטער, דערפאַר אָבער האָבן זיי געמאַכט אַזאַ קלאָגעדיקן איינדרוק, אַט די הייזלעך וואָס האָבן זיך

געפונען אויסער דער שטאָט. פאַרחושכטע אַזעלכע, ברודיק פאַר־ליאַפּעטע פון שטורעמדיקע רעגנס און פענצטער „פאַרלאָזטע", וואָס האָבן מיט ברודיקן אומעט געקוקט אויף גאַטס ברייטער און ליכטיקער וועלט...

איך ווייס ניט, אפשר טאַקע דערפאַר ווייל ס'איז געווען אַזאַ שיינער זוניקער טאָג, האָבן אפשר דערפאַר אָט די הייזער און הייזלעך אַזאַ בראָכעדיקן איינדרוק געמאַכט, און ווייל דער הימל האָט זיך געשפּרייט אַזאַ הויכער און אַזאַ ריינער, האָבן די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרטן אַרום די הייזער געדרייט און זיך געפּאָרקעט, האָבן זיי אויסגעקוקט ווי זיי וואָלטן אָקאָרשט פון די הרי־חושך געקומען.

דאָ און דאָרטן האָט זיך הויך אין הימל אַריין געריסן אַ קיילעכיק געמויערטער קוימען פון אַ פאַבריק, און דער רויך, גע־דיכט און גרויזיק, האָט זיך געריסן נאָך העכער און נאָך טיפער אין דער דורכזיכטיקער לופט אַריין. דאָס האָט צוגעגעבן סיי דעם קוימען, פון וועלכן אָט דער רויך האָט געזעצט, סיי דער פאַבריק, עפּעס אַ מין גדלותדיקן, גרויסהאַלטנדיקן אויסקוק...

צו דעם בלאָכס פאַבריקע, וואוהין אליה האָט זיך געהייסן פירן, איז נאָך געבליבן אַ היבש שטיקל וועג. ער האָט מיר אָבער פון ווייטן נאָך אויף איר אָנגעוויזן, אַז אָן דאָרטן, אין יענער פאַ־בריק מיטן הויכן קיילעכיק־געמויערטן קוימען, וואָס הויבט זיך אַרויס פון אַ פיר־שטאָקעדיקער געביידע, אַז דאָרטן איז דאָס. און באַצייטנס געהייסן דעם „איזוואָשטשיק" זיך אָפּשטעלן, און זיך געגעבן אַ שטעל אויף נאָך איידער די דראָזשקע האָט באַוויזן זיך אָפּצושטעלן, האָט ער אַריינגערוקט דעם „איזוואָשטשיק" אין האַנט אַריין די שכר עגלה און מיר געגעבן אַ וואונק, איך זאָל בלייבן פון הינטן.

ניט ווייט פון דער פאַבריק האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שמאָל, האַלב טונקל געסל און איידער ער האָט זיך אַהינצו אַריינגעכאַפּט, האָט ער ווידער געגעבן אַ וואונק צו מיר, און גלייך ווי איך בין צו צו אים, האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון אונטער מיין אָרעם דאָס פּעקל, און דאָס געגעבן אַ וויקל אויס, האָב איך צו מיין גרויסער איבערראַשונג דערזען אַ „ראסע", אַ גלחישע ראסע

און אַ גרויסן צלם אויף אַ לאַנג זילבערן קייטעלע און אַ שוואַרצע פּעסקע, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ יאַרמאַלקע. ער האָט אַרויפֿ־געוואָרפן אויף זיך די ראַסע, פאַרוואָרפן דאָס קייטעלע פונם צלם אויפן האַלדז, און אָנגעטאָן אויפן קאָפּ דאָס יאַרמאַלקעלע. האָב איך דערזען פאַר זיך אַן אמתן „דיאַטשאָק״, צי עפּעס אַן אַרמעניש גלחל, וואָס פּרעמפּלט ערגעץ אין אַן אָרעם אַרמעניש קלויסטערל.

ער איז געווען שרעקלעך בלאַס און צעטראָגן. די אויגן זיינע האָבן אויסגעקוקט טונקעלער און ביי מיין גאַנצן ברענעדיק־פיבער־רישן נייגיר צו וויסן וואָס ער קלייבט זיך דאָ צו טאָן, האָב איך אַפילו קיין פּיפּס ניט געגעבן, איך האָב געדולדיק און מיט גרייט־קייט געוואַרט דורכצופירן זיינע ווייטערדיקע באַפעלן.

— דו בלייב דאָ אַ ווײַלע שטיין ! — האָט ער מיט אַ האַלב־שטילן קול געזאָגט, איידער ער האָט זיך געלאָזט אַרויסגיין פון געסעלע אַרויס, און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן : — דו וועסט זיך קענען שטיין ביי אַ זייט, צי נאָכגיין און זען וואָס דאָ וועט זיין... און טאָמער ווער איך אַרעסטירט, איז געדענק דעם אַדרעס מיינעם... דער אַדרעס מיינער איז....

און אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ גאַס און דעם נומער פון אַ הויז, וואָס האָט זיך אויף יענער גאַס געפונען. ער האָט מיר געהייסן אַריינגיין אין דעם הויז אַריין און פרעגן אויף אַזעלכן און אַזעלכן, אַז איך וועל אַריינקומען אַהין, זאָל איך גאָרניט דערציילן, נאָר איך זאָל בלויז זאָגן, אַז ער איז אַרעס־טירט געוואָרן (אויב ער וועט אַרעסטירט ווערן).

דאָס אָפּגעזאָגט האָט ער אָנגעשטעלט דעם בליק זיינעם צו בליאָכס פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער, געקוקט אַהין מיט אַ שטאַר אָנגעשטרענגטן בליק, ווי ער וואָלט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אַז דאָ לעבן אים געפינט זיך אַ לעבעדיק וועזן, ווען ער האָט דאָ אָקאָרשט נאָר־וואָס עפּעס אָנגעזאָגט. ער איז געשטאַנען אַ גרייטער און געוואַרט. איך בין געשטאַנען אַ ביסעלע זייטיק, אַ ביסעלע הינטער אים און אָנגעצויגן מיט „אָנגעצויגנקייט״ ביז צום פּלאַצן, האָב איך געוואַרט וואָס דאָ וועט זיין...

פון דער פאַבריק האָט זיך געהערט אַ גוואַלדיקער טומל פון די מאַשינעס. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איך האָב גע־וואוסט אַז ביי די מאַשינעס, צי אַרום די מאַשינעס אַרבעטן מענטשן פאַבריק־אַרבעטער, האָט זיך עפּעס ניט געלאָזט גלויבן אַז אַזעלכע געפינען זיך דאָרטן, דער טומל האָט געמאַכט צוויי פֿלען אין דעם... און ניט דאָס בלויז, אויך אָט די גרויסע לאָמ־טערנדיקע פענצטער, וואָס זיינען געווען פאַרכליאַסקעט ווי אין אַ באָד, און די פאַרכליאַסקעטע ווענט פון רעגן און שטורעמס, עפּעס אַלץ אינאיינעם האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ ריזיקע פאַסטקע פאַרלאָזט פון מענטשן, וואו ס'האָבן זיך אַריינ־געכאַפּט מחנות „ניט־גוטע" און ווילדעווען דאָרטן, לאָזן זיך וואוילגיין אויף זייער „ניט־גוטן" אופן.

היינט דער ריזיק־הויכער טויער וואָס איז אין דער פאַ־בריק געווען, וואָס ניט נאָר פאַר דער וואוקס פון אַ מענטשן איז ער ניט געווען צוגעפּאַסט נאָר אַפילו פאַר אַ רייטער איז ער גע־ווען צו הויך, עפּעס ווי נאָר בכדי צוליב באַווייזן די אָפּגע־זונדערטקייט פון גאַס און פון מענטשן האָט מען אַזאַ טויער געמאַכט, און „געקוקט" האָט דער טויער מיט האַרטער אייזער־נער בלינדקייט צום גאַס און צו דער פרייער דרויסנדיקער וועלט.

און אָט האָבן זיך פון אַ זייטיק געסעלע צוויי זשאַנדאַרן אויף פערד באַוויזן. לאַנגזאַם און זיכער זיינען די צוויי זשאַנדאַרן מיט די אַכט פערדישע פיס צוגעריטן צום טויער און שטיין געבליבן. אליה האָט אַרויסגעוויזן אומרואיקייט און נערוועזיטעט, ווען ער האָט אָט־די צוויי חברה־לייט דערזען, אָבער ער איז אַלץ גע־שטאַנען און געוואַרט, ערשט ווען עס האָט זיך דערהערט אַ גריל־צנדיקער פייף פון דער פאַבריק, איז אליה פון זיין באַהעל־טעניש אַרויס, געהילט אין דער ראָסע מיטן צלם אויף דער ברוסט. ער איז זיך געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט, געמיטלעך צוגעגאַנגען צו די צוויי זשאַנדאַרן, זיי באַגריסט, אַ רעד געטאָן צו זיי עפּעס, וואָס האָב איך ניט געהערט, און שפּעטער אַ ווייל־ע האָט ער אַ הויב געטאָן דעם צלם אין דער הויך און מיט דער זעלבער געמיטלעכקייט ווי ער האָט אָקאָרשט געפירט דעם

שמועס מיט זיי, אָבער מיט אַ פיל העכערן טאָן צו זיי געזאָגט:
— ס׳באַגאַם, ס׳באַגאַם!... (מיט גאָט!)

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דער טויער לאַנגזאַם צעעפנט און ס׳האָט זיך באַוויזן אַ קליינע גרופּקע אַרבעטער. אייניציי־טיק האָב איך געזען ווי פונם פאַבריק־הויף שטראָמען און קומען צו נאָך און נאָך אַרבעטער און באַהעפטן זיך צו דער קליינער גרופּע, וואָס זײַנען פון פריער געשטאַנען, איינער פון זיי נעמט די און יענע און שטעלט זיי אויס אין שערענגעס, צו פיר, איינע הינטער דער אַנדערער, ווי זעלנער, און ווען אַלע זײַנען שוין געווען אויסגעשטעלט אין פולער אָרדנונג, האָבן זיך פון אינ־וויייניקסטן דרויסן, וואָס איז געווען אַרומגעמויערט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן, באַוויזן פיר זייעריקע מיט אַ פינפטן, וואָס איז געלעגן אין אַ שוואַרצער טרונע פון וועלכער ס׳האָט בלויז אַרויסגעקוקט אַ טויט פאַרגעלט פנים און אַזוי גלייך ווי די פיר מיטן פינפטן האָבן זיך באַוויזן, האָבן די אַלע, ביי אַ הונדערט פּערזאָן, מעכאַניש אַראָפּגעכאַפּט די היטלען פון די קעפּ און אין זעלנערישן ריטם זיך אַרויסגעלאָזט פונם טויער. די צוויי זשאַנדאַרן האָבן אַ ביסעלע אָפּגעקערעוועט אין אַ זייט, אָבער „אַוועקגיין מיט גאָט", ווי אליה האָט זיי געבעטן, האָבן זיי קאַנטיק ניט בדעה געהאַט. ערשט ווען אליה איז אַ צווייטן מאָל צוגעגאַנגען צו זיי און זיי ווידער אַמאָל גע־זאָגט דאָס אייגענע דריי מאָל אויפהויבנדיק דעם צלם צו זיי, האָבן זיי זיך אָפּגעטראָטן מיט אַ לאַנגזאַמען גאַלאָפּ. דערנאָך האָט דער גלח אליה זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער טרויער־פּראָצעסיע און אַלע ווי איינער האָבן זיך פון די ערטער גע־רירט. אליה האָט פון הינטער דער גלחישער טענדע־ווערענדע אַרויסבאַקומען אַ קליין ביכעלע מיט שוואַרצע טאָוועלעך און גע־נומען אַרויספּרעמפּלען פון דאָרטן מיט אַזאַ שטימע ווי ער וואָלט פון אָבות אבותינו געשטאַמט פון גלחים. דאָס אָבער האָט לאַנג ניט געהאַלטן. אין אַ צען מינוט אַרום, אַזויפיל וויפיל דאָס איז נויטיק געווען אַז די צוויי זשאַנדאַרישע משחיתים זאָלן זיין גענוג ווייט אָפּגעשיידט, האָט אליה זיך פּלוצים געגעבן אַ דריי אויס מיטן פנים און מיט דער באַצלמטער ברוסט צו דער פּראָצעסיע,

האָט ער אַ הויב געגעבן אַ האַנט אין דער הויך און ווי דורך אַ שפּרונג האָט פון אָט דער מחנה באַגלייטער, וואָס האָבן דעם אָרון און דעם וואָס איז אין אָרון געלעגן באַגלייט, האָט זיך באַוויזן אַ רויט פענדל און איינצייטיק האָבן אַלע ווי איינער גענומען זינגען:

„ווי זשערטוואַי פּאַלי וו' באָרבע ראָקאָוואָי" — (איר זענט געפאַלן אַ קרבן אין קאַמף אין לעצטן).

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אַלץ האָט זייער פיל צייט גענומען, און ווען אַפילו איך וואָלט ווי אַ „קוריער" געלאָפן, וואָלט איך שוין ניט געקענט באַווייזן קומען אַהיים אין צייט. דאָ האָב איך נאָך געהאַט די נייע שיך מיינע, איך מיין די אַלטע שיך, וואָס איך האָב מיך איינגעהאַנדלט אויף יום טוב, און ווי יעדער נייער שוך, איך מיין, אַפילו ווי יעדער אַלטער שוך, וואָס דו טוסט אָן אויף דיין פוס פון אַ פרעמדן פוס, איז מאַכן פאַרן ערשטן טאָג שנעלע טריט ניט אַזוי באַקוועם, בפרט נאָך אַז מ'האַנדלט איין אַ פּאָר שיך אויפן „טאָלטשאָק". איך האָב באַלד דערפילט, אַז דאָ וועלן זיין געבראָטענע צרות, אַז ווייט פאַרגיין מיט די פּאָר שיכיילעס וועל איך ניט, אַז הלוואי זאָל איך אָנקומען אַהינצו מיטן טאָג גלייך (צי מיט דער נאַכט גלייך).

געזען, אַז איך וועל דאָ גאָרניט אויפטאָן מיט מיין שנעלן גאַנג, אַז די פיס מיינע וועלן דורך דעם גיכער פאַרפייניקט ווערן אין די שיך, האָב איך אָנגעהויבן צו גיין פּאַמעלעך, און גענומען צוטראַכטן עפּעס אַ תירוץ, וואָס איך זאָל זאָגן פאַר אָט דעם פאַרשפּעטיקן מיינעם.

אָנגעלאָדן מיט די געדאַנקען אין קאָפּ און מיט די „טשאָ־באָטעס" אויף מיינע פיס, בין איך מיר ווייטער געגאַנגען אין דער ריכטונג, וואָס האָט געפירט „אַהין", צו „זיי", הגם איך בין ווייט ניט געווען זיכער צי איך גיי אַהינצו, זיכער אין דעם האָב איך ניט געקענט זיין, ווייל אָן אַ תירוץ האָב איך אַהין ניט גע־קאָנט קומען, סיידן איך וואָלט זיך מכין געווען אַריינצוכאַפּן עטלעכע פעטש און קולאַקעס פאַר דעם פאַרשפּעטיקן זיך אויף

אַזאַ לאַנגער צייט. דאָס איז מיר קיינמאָל ניט אָנגעגעמען געווען בפרט נאָך ווען איך בין אַזוי אויסגעפּוצט געווען (משטיינס־געזאָגט) און די וואַנצעלעך זיינען ביי מיר געווען פאַרדרייט מיט „פיקסטואר״...

בינו לבינו האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט, אַ מאָדנע אומהיימלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן צו נעסטעווען אין מיר. אָט יענע אומהיימלעכקייט, וואָס נאָר אַ היימלאָזער קען פילן ווען די נאַכט הויבט אָן צוצופאַלן, און קיין געלעגער איז אין ערגעץ ניט גרייט פאַר אים.

איך בין אַלץ ווייטער געגאַנגען, ערשט ווען איך האָב מיך אַריינגעשניטן אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דער מאָלדאָוואַנקע, וואָס איז געווען באַזעצט פון גאָלע יידן, און דערפילט דעם יום טוב אויף יעדן שריט און טריט, האָב איך ערשט דאָ די אמתע אומהיימלעכקייט דערשפּירט, אָט ווייל איך בין דאָרטן אַ היימישער געווען.

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין פּלוצים אַ דרויסנדיקער געוואָרן, אַן אַרויסגעריסענער פון מיין היים און פון מיין סביבה. אַ דאַנק דער קריסטלעכער לוויה וואָס איך בין ביי־געווען, האָב איך מיך דערפילט אַרויסגעריסן פון יידן און פון יום טוב. איך האָב געקוקט מיט גרויס קנאה אויפן יונגוואַרג, וואָס האָבן שפּאַצירט איבער די גאַסן. מ׳איז געגאַנגען פאָרלעך־ווייז, אין דרייען, אין פירן, און אין גאַנצע כתות, מיט מיידלעך און אָן מיידלעך. מ׳איז געגאַנגען האַנט אויף אַקסל, און זיך צוגעשפּילט אויף מויל־האַרמאָנקעס, אויף דרימבעס און בלעכענע פלייטלעך. דאָ און דאָרטן האָט זיך איינער אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקודל און אַ צווייטער האָט אים צוגעשפּילט אויף אַ האַרמאָנקע. אויף איין אָרט האָב איך געזען ווי אַ טשאַטע חברה, יונגוואַרג אין מיינע יאָרן, האָבן זיך געוואָרפן מיט אַ מיידל און אַ פּאָר אַנדערע מיידלעך, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער זעלביקער „טשאַטע״ האָבן אויף אָט דער מיידל געקוקט מיט קנאה ווייל די מיט וועלכער די חברה־לייט האָבן זיך געוואָרפן איז געווען שענער פון זיי.

אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר מינוט האָב איך ווייטער זיך גע־

לאָזט אין וועג אַריין. איך האָב טאַקע שוין ניט געהאַט וואוהין צו גיין, און טאַקע דערפאַר ניט געקאָנט איינשטיין. אַ מענטש איז ניט נאָר צו אַ בהמה געגליכן נאָר אַפילו צו אַ הונט (איך מיין ניט לגנאי). אַ היימלאָזער הונט האַלט אין איין אַרומ־לויפן, אַט טאַקע דערפאַר ווייל ער איז היימלאָז און ווייל ער האָט ניט וואוהין צו לויפן, לויפט ער... אויך איך האָב שוין געפילט מיין היימלאָזיקייט ווייל פון גיין אַהיים נאָך אַזאַ פאַרשפעטיקונג, האָב איך שוין ניט געקאָנט טראַכטן.

איך האָב אַפילו געהאַט מיין אייגנס אַן אייגן געשוועסטער־קינד אויף דער מאַלדאַוואַנקע, אַ יונג ווייבעלע, וואָס האָט ערשט דעם ווינטער חתונה געהאַט. געזען האָב איך זי ניט, דאָס האָט מיר מיין ברודער דערציילט אַז זי, אונדזער געשוויסטערקינד, האָט חתונה געהאַט פאַר אונדזערן אַ בן עיר אַ שטיוול־פוצער.

מילא, וואָלט איך שוין מוחל געווען דעם כבוד מיינעם און וואָלט זיך אַריינגעכאַפּט צו איר, נאָר גיי זוך זי, אַז דו ווייסט ניט וואו זי צו זוכן. איך האָב אַפילו געוואוסט אַז זי געפינט זיך אין „וואולפס פערעאולאָק”, נאָר אין וועלכן הויז פון די הייזער וואָס האָבן באַלאַנגט צו אַט דעם וואולפן, האָב איך ניט גע־וואוסט.

דערווייל איז די נאַכט צוגעפאַלן, און ס'איז מיטאַמאָל קיל געוואָרן, אַט ווי עס טרעפט אָפט אין דער צייט פון יאָר: שיין און וואַרעם אַ גאַנצן טאָג, און אַזוי גלייך ווי די נאַכט פאַלט צו ווערט עס קיל און נעבלדיק. איך האָב שוין גענומען האַסטיקער שפּאַנען טאַקע ווייטער צו שטאָט־צו, אָבער ניט אַהיים, נאָר צו מיין ברודער. אַזוי ווי ס'איז יום־טוב בין איך זיכער געווען אַז איך וועל אים טרעפן אין דער היים, און ס'איז ניט מער ווי יושרדיק איך זאָל אָפּשטעקן ביי מיין ברודער אַ וויזיט, און דערווייל וועט מיך די שוועגערין מכבד זיין מיט אַ לאַטקעלע, צי מיט אַ ניסל און אפשר טאַקע מיט ביידע זאַכן, דערביי וועל איך שוין דערציילן מיין ברודער וואָס מיט מיר האָט געטראָפן, און זיך אַן עצה האַלטן מיט אים וואָס צו טאָן אַז איך זאָל זיך אויסדרייען פון דעם סילוק וואָס מיך דערוואַרט...

בין איך שוין געגאַנגען מיט דער דעה אַהין צו אים צו

גיין, ערשט אַרויפקומענדיק אויף סערעדניע גאַס, האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אויף דער גאַס געפינט זיך די „רעזידענץ" פון דער יידענע, וואָס האָט ביי מיר די „גנבות" מיינע אָפּגעקויפט און אַזוי ווי זי איז מיר געבליבן שולדיק עטלעכע קאָפּיקעס, פון דער לעצטער קניה, וואָס זי האָט ביי מיר געמאַכט, איז מיר איינגעפאַלן בעטן ביי איר זי זאָל מיר סילוקן דעם חוב, און דערוויילע וועל איך שוין דאָרטן כאַפּן אַ נאַש.

אָבער דער פּלאַן איז מיר ניט געפעלן געוואָרן. ווייל קו־מען מאָנען אַ חוב אויף דער „פולער וואָך" איז ניט אָנגענעם און מיר איז דאָ גלייך אַ נייער געדאַנק איינגעפאַלן: אַריינ־גיין בעטן ביי איר אַ ביכל צו לייענען. ווי קומט צו מיר פּלוצים אַזאַ געדאַנק, ווי קומט צו אָט דער יידענע ביכער? וועל איך טאַקע דערציילן, ווי דער געדאַנק איז געקומען צו מיר און ווי אַזוי צו דער יידענע זיינען „געקומען" ביכער. די יידענע האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז זי קאָן זיך מיט איינעם אַ שרייבער, וואָס הייסט „מענדעלע מוכר ספרים". פון וואַנעט קומט אָט די יידענע קענען דעם שרייבער, וואָס האָט אַזאַ מאָדנעם נאָמען? ווייל איר זון (מירן זיך שפּעטער באַקאָנען מיט אים) האָט געלערנט אין דער תלמוד תורה, וואו אָט דער מענדעלע איז געווען דער „זאַוועדואישטשי" (דער משגיח), איז האָט איר אָט דער מענדעלע מוכר ספרים געגעבן זיינס אַ ביכל מיטן נאָמען „די קליאַטשע", זי זאָל עס לייענען. איז דאָס איין מאָל אַוועק, היינט האָט זי זיך געקאָנט מיט נאָך איינעם אַ שרייבער וואָס האָט געשריבן לשון קודש, און דער שרייבער האָט געהייסן משה לייב לילענבלום. ווי קומט זי צו משה ליב לילענבלום? איז ווידער די אייגענע מעשה: דער מאַן אירער איז געווען אַ „מאַלאַטשע" (אַ „חברה קדישא־מאַן" און פאַרוואָס דאָס האָט געהייסן „מאַלאַטשע" איז מיר נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט קלאָר). ווי באַוואוסט איז משה לייב לילענבלום געווען גבאי פון אָדעסער חברה קדישא, האָט ער איר אויך זיינס אַ ביכל געגעבן, הגם דאָס האָט זי שוין ניט געקאָנט לייענען. דערפאַר האָט זי זיך שוין פאַסמאַקעוועט מיט אַ צווייט ביכל „דאָס פּוילישע יינגל" פון יצחק יואל לי־נעצקי, וואָס איז אויך געווען אַן אָדעסער תושב.

איך האָב דאָס ערשטע מאָל פון אָט דער יידענעס מויל גע־הערט, אַז ס׳זיינען פאַראַן אַזעלכע שרייבער, און בכלל פון דעם גאַנצן מין שרייבער און פון דעם „פאַך“ ניט געוואוסט. יאָ, איך האָב געוואוסט, אַז ס׳זיינען דאָ ביכער אויף דער וועלט. אָבער ס׳איז מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן, אַז דאָס האָבן מענטשן אָנגעשריבן, אָט פונקט ווי איך האָב ניט גע־טראַכט וועגן די פיל ספרים, מיט וועלכע איך בין געווען באַקאַנט, אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן פון מענטשן... אַ ספר און גענוג...

טאָ ווי קום איך גאָר פלוצים צו אָט דער יידענע, און ווי אַזוי קומט אָט די יידענע פלוצים צו מאַכן אָט די קניות ביי מיר? נו, גאַנץ פשוט: אירס אַ בחורל איז אַליין געווען אַ „שטעקעלע מאַכער“, אָט פון יענע שטעקעלע מאַכערס, וואָס איך האָב געהאַט דערציילט ווי אַזוי אַזעלכע זיינען אַזעלכע געוואָרן, איז האָט עס אים די מאַמע זיינע איינגעהאַנדלט אַ וואַרשטאַט, און זי אַליין האָט עס געטראָגן דעם זונס אַרבעט אין די קלייטן צו פאַרקויפן פאַר איין־וועגס האָט זי שוין פאַרקויפט די פאָר טויזנט שטעקעלעך, וואָס איך האָב איר פאַר אַ ריי וואָכן וואָך־איין, וואָך־אויס, געבראַכט.

איך האָב זיך מעשה היימישער אַריינגעשניטן אין הויף אַריין. אַריינגעפאַלן אין דעם טונקעלן קאָרידאָר, וואָס איז געווען הפקר־דיק אָפן, האָב איך מיך גלייך גענומען אַרויפהויבן אַרויף צום צווייטן גאָרן, מיט די הילצערנע טרעפ, וואָס האָבן געטרעשטשעט אונטער מיינע פיס. צוגעקומען צו דער טיר, האָב איך זי גלייך געעפנט. (פון אָנקלאַפן אין טיר האָב איך ניט געוואוסט) און בין טאַקע אַריינגעפאַלן ווי אַ יון אין סוכה.

אַזוי גייט עס איינעם, ווען ס׳גייט אים ניט. האָב איך באַ־דאַרפט אָנקומען פונקט אין דעם מאָמענט, ווען די מאַמע מיטן זון האָבן זיך געהאַלטן אין קריגן. איבער וואָס זיי האָבן זיך געקריגט? איבער עטלעכע קאָפּיקעס, וואָס ער האָט געוואָלט די מאַמע זאָל אים געבן, און די מאַמע האָט אים ניט געוואָלט געבן (צי ניט געהאַט צו געבן). ער איז געשטאַנען אַן אויסגעפוצטער ביי זיין וואַרשטאַט, קאָנטיק ער האָט זיך געקליבן גיין „גור־ליאַען“ און גיין גוליאַען אַן אַ פּיאַטאַק אין קעשענע איז נאַטירלעך

זייער ניט קיין אָנגענעמע זאַך, און אפשר האָט ער נאָך געהאַט אַ „ראַנדעוואו” מיט אַ מיידל, האָט ער דאָך אַוודאי געמוזט האָבן אַ פּאָר קאָפּיקעס אין קעשענע.

יאָ, ס׳איז זייער טראַגיש ווען אַן אויסגעפּוצט בחורל, אין עסיק און אין האָניק, באַדאַרף אָנקומען צו דער מאַמען נאָך עט־לעכע קאָפּיקעס. דאָס האָב איך זייער גוט באַנומען, אָבער קיין מיטלייד האָב איך מיט אים ניט געהאַט, זעענדיק דעם הויכן סטאָס לאַטקעס, וואָס האָט זיך געהויבן פון אַן ערדענע שיסל, און די מאַמע זיינע איז ביי דער פּליטע געשטאַנען (דער וואַרשטאַט איז אין קיך געשטאַנען) און געהאַלטן אין פּרעג־לען נאָך און נאָך, האַלטנדיק אַ מעסער אין האַנט און איבער־וואַרפנדיק איין לאַטקעלע און אַ צווייטס פון איין זייט אויף דער אַנדערער. וואָס וואָלט מיר געפעלט, ווען איך וואָלט אַריינגעקריגן אַ פּאַרציע פון אָט די פּאַרברווינטע לאַטקעלעך, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן מיט זייער ריח ניחוח איבער דער גאַנצער קיך.

איך בין שטיין געבליבן ניט אַהער, ניט אַהין, און געהערט, און זיך ניט הערנדיק געמאַכט אַז זיי קריגן זיך. זיי, ווידער, האָבן זיך ניט וויסנדיק געמאַכט אַז אַזעלכער וואָס איז אַריינ־געקומען איז אַריינגעקומען, און אַז אַזעלכער וואָס שטייט ביי דער טיר, שטייט ביי דער טיר.

דער פּאַרביטערטער יונגערמאַנטשיק איז געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט אָן זיין פּאַרפּוצטן וואַרשטאַט (יאָ, דער וואַרשטאַט איז אויך געווען פּאַרפּוצט לכבוד יום טוב, ער איז געווען אי־בערגעדעקט מיט אַ לעכערדיקער צעראַטע און מיט אַ לעכער־דיקן טישטוך), וואָס איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער און דער טשאַד פון די לאַטקעס, וואָס די יידענע האָט געהאַלטן אין פּרעגלען, האָט בלויז געשטראָמט פון קיך אין דרויסן אַרויס, און פון דרויסן אין קיך האָט געשטראָמט אַ פייכטע קילקייט און פון דיביידע שטראָמען האָבן זיך די פלעמלעך פון די ליכט וואָס האָבן דאָרטן געברענט, זיך שטאַרק באַוועגט און זיך געשמאָלצן.

ווי קומט ליכט אין אַ קיך אַריין? נו, דאָרטן האָט אַלע

נעכט פון אַ גאַנץ יאָר ליכט געברענט. צוליב עקאָנאָמיע? פאַרקערט, ליכט קאָסט דאָך טייערער ווי קעראָסין, אָבער „זיי" האָט עס גאָרניט געקאָסט. דער יידענעס מאַן ווי איך האָב שוין געהאַט געזאָגט, איז געווען אַ „מאָלאָטשע", געדינט אין „פאָגרעבאַלנע קאָנטאָר" און אַזוי ווי מתים האָבן ליב אַז ביי זאָלן ברענען ליכט צוקאָפּנס אַזוי לאַנג ווי זיי געפינען זיך אויף דער וועלט, נו, האָבן שוין דערפון אויך הנאה געהאַט די חברה־קדושה־לייט... ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל אָט די ליכט אילומינאַציע דערזען, האָט עס געמאַכט אויף מיר אַ מאָדנעם איינדרוק ווייל ס'איז דאָך געווען אַ מיטן וואָכעדיקן טאָג (צי נאַכט) און דאָ זע איך אומעטום ליכט ברענען. איצט אין דעם מאָמענט, ווען וועלכן דאָ רעדט זיך, האָט דאָס ליכט־ברענעניש מער אָדער ווינציקער זיך אַריינגעפּאַסט, ווייל אינגאַנצן קיין וואָכעדיקער אויף־דער־נאַכט איז דאָס דאָך ניט געווען, חול המועד איז אויך אַ שטיקל יום טוב, ניט מער וואָס די פנימער זייערע, דער מאַמעס און דעם זונס, זיינען גאָרניט געווען קיין יום טובדיקע, כאָטש זי איז געווען אויסגעפוצט אין אַ נייעם פאַרטוך און ער אין אַ נייעם קאָסטיום אָקאָרשט פון דער נאָדל אַרויס.

איך בין געשטאַנען אַ היבשע צייט, ביז וואַנען איך בין באַמערקט געוואָרן. איך מיין צו זאָגן, ביז וואַנעט מ'האָט עס מיר אַרויסגעוויזן. דער ערשטער דאָס אַרויסצואווייזן איז געווען דאָס פאַראומערט יום־טובדיק בחורל. ער האָט גלייך אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר, און מיר געזאָגט, אַז אויב איך טראַכט אַמאָל צו מאַכן פליטה פון מיין באַלעבאָס, זאָל איך זיך גוט באַטראַכטן, איידער איך וועל עס טאָן, ווייל סיי־ווי וועל איך בלייבן אַן עבד כנעני, און צו וועמען איז שוין קיין חילוק ניט, צו אַן אייגענער מאַמע אַז מ'איז פאַרקויפט טויג עס אויך אין דער ערד.

דאָ איז שוין אַרויס מיט טענות דער צווייטער צד. די מאַמע זיינע איז דאָ גלייך צו צו מיר מיטן שפיציקן שמאַלציקן מעסער, וואָס זי האָט אין האַנט געהאַלטן, און מיט דער צווייטער האַנט אין וועלכער זי האָט גאָרניט געהאַלטן, האָט

זי מיך אָנגענומען פאַר אַ שפּיצל פון איינעם פון די לאַצן, און גענומען אין מיר אַריינטענהן אירע טענות ומענות, אַז זינט זי האָט אים געמאַכט פאַר אַ מענטשן איז זי אויס מענטש געוואָרן, אַז רק זי איז פאַרבאָדן אין חובות, אַז איידער זי באַווייזט אויסצאָלן איין חוב פאַר „אים”, איז שוין ווידער דאָ אַ נייער חוב... זי האָט אָקאָרשט באַוויזן אויסצוצאָלן דעם „וואָכערניק” וואָס זי האָט געליען אויפן וואַרשטאַט, איז זי שוין נאָך אַמאָל אַריינגעקראָכן אין אַ נייעם חוב.

— דו זעסט ווי דאָס איז אויסגעפּוצט ווי אַ מאַנאַך (אוודאי געמיינט צו זאָגן „מאָנאַרך”), דאָס האָב איך אים ערשט אויף יום טוב געמאַכט... גלויב מיר, אַז איך האָב בילכערס פון אים... אינם קליינוואַרג וואָלט געווען מער מצווה...

די טענות זייערע זיינען מיר געקראָכן אין דער לינקער פּאה אַריין. ווי האָב איך געקענט אין זינען האָבן זייערע טענות, אַז דאָרט אַנטקעגן איז געשטאַנען אַ סטאָס מיט לאַטקעס, און אין דער גרויסער סקאַוואָראָדע האָבן זיך נאָך געפּרעגלט. דאָך בין איך געווען צופרידן וואָס זיי טענהן זיך פאַר מיר אויס, דאָס האָט מיר געגעבן צו פילן אַז איך בין דאָרטן ניט איבעריק. ניט אָנגענעם איז מיר נאָר געווען, וואָס רעדנדיק האָט זי מיר געטאַנצט מיטן שפּיציקן פעטן מעסער אין פּנים אַריין, און כאָטש דאָס האָט גאָרניט געמיינט איז דאָך ביי מיר געווען אַזאַ איינדרוק, אַז איך וועל קריגן אַ „שטע־כעניש” ניט קיין לאַטקע, אויב איך האָף אַזעלכע צו קריגן...

פאַר דער צייט וואָס זיי האָבן אָנגעפירט די טענות צווישן זיך, האָט זיך פיל מאָל די קיך־טיר געעפנט און ס׳האָט זיך וועד פונם קליינוואַרג אַריינגעריסן אין קיך אַריין. אַמאָל אַ גרעסערס, אַמאָל אַ קלענערס, אַמאָל איז דאָס געווען אַ מיי־דעלע, אַמאָל אַ ייִנגעלע און אַמאָל האָט זיך די גאַנצע כאָפּ־טע מיט אַמאָל אַריינגעריסן, אין דער שפּיץ פון אַ זעכצן, זיבעצן יעריק מיידעלע וואָס איז געווען דין און שלאַנק און בלאָנד ווי אַ בערעזקעלע, זיי אַלעמען האָט דער „פּאַרצוקטער” געטריבן פון קיך אַרויס, איז דאָס קליינוואַרג ווי דאָס קליינ־וואַרג, אָבער די „פּאָדראָסטקע” האָט זיך ניט געלאָזט וואַרפן...

קאַנטיק אַז זי אַלס דערוואַקסענע מיידל האָט זיך געפילט מער בר מצרה צו זיין אין קיך ווי ער דער ברודער אירער, כאָטש ער איז געווען עלטער פון איר און קעמפנדיק האָט זי אים געפרעגט צי ס'איז זיין קיך, אָבער ער האָט ניט באַנומען די טענות אירע, און האָט זי אַן צערעמאָניעס אַרויסגעפּערעט פון קיך אַרויס פונקט ווי ער האָט עס געטאָן מיט אַלע איבעריקע שוועסטערלעך און ברידערלעך. און צו איר געטענהט די זעלביקע טענה וואָס ער האָט צו אַלע איבעריקע געטענהט:

— גיי, גיי, די מאַמע וועט די לאַטקעס ניט טראָגן פאַרקויפן!

זעענדיק ווי ער וואַרפט די חברה פון קיך אַרויס, האָב איך מיר געטראַכט אַז ווער־ווער איך בין דאָך זיכער דאָ אייבעריק און טאַקע דאָס האָט מיך געצוואונגען אַרויסצוקומען מיט לשון:

— איר ווייסט נאָך וואָס איך בין געקומען?... איך בין געקומען, איר זאָלט מיר לייען דאָס פּוילישע יינגל... דאָס יינגל... דאָס פּוילישע יינגל וואָס איר האָט מיר געהאַט געזאָגט אַז...

די יידענע, וואָס אַדאַנק איר אָפּגעלאָזנקייט האָט זי אויסגעזען פיל עלטער ווי זי איז אַלט געווען, האָט זיך אַ קראַץ געטאָן מיט ביידע הענט אין איר בלאָנדן, צעשויבערטן קאָפּהאָר, און ניט געקוקט אויף מיר (בכלל אַזאַ טבע געהאַט ניט קוקן אין פּנים אַריין ווען זי האָט מיט עמעצן גערעדט) האָט זי צום אַראָפּ, וואוהין זי האָט געקוקט, זיך געכאַפּט פאַר „אים" פאַרענטפערן, אַז זי הויבט ניט אָן צו וויסן און געדענקען וואו דאָס ביכל געפינט זיך, אַז פאַר פּסח האָט מען גערוימט, האָט מען דאָס ערגעץ פאַררוימט... אפשר נאָך פּסח...

האָב איך דאָך שוין אַוודאי ניט געהאַט מער וואָס צו טאָן דאָרטן און האָב געמאַכט „בואי בשלום", מיט דער דעה צוגיין, ערשט איך קוק זיך אום און זע אַז דער ערשטער קריגערישער צד איז שוין ניטאָ, אויסגערונען געוואָרן, קאַנטיק אייַנגעזען, אַז ער וועט שוין ביי דער מאַמען גאָרניט קריגן, איז ער

אָוועק, און גלייך נאָך זיין אַוועקגיין האָט זיך געגעבן אַ שאָט אַריין די גאַנצע „טשאַטע“ קליינוואַרג און די „פּאַדראַסטקע“ האָט איבערגענומען די ממשלה אין די הענט און אַרויסגעוואָרפן איינעם נאָך דעם אַנדערן, איז זי געבליבן שטיין ביי דער פאַר־מאַכטער טיר און זי צוגעהאַלטן, אַז דאָס קליינוואַרג זאָל זיך צוריק ניט אַריינרייסן. ווייל איך עפענען די טיר אויף אַרויס־צוגיין שמייכלט מיר דאָס מיידעלע אין פּנים מיט אַ ליב טייער האַרציק שמייכעלע, אַז ס'ווערט מיר ליכטיק אין יעדן אבר... זי האַלט צו די טיר און איך ווייס שוין ניט פאַר וועמען, צי מיינט זי ניט אַריינצולאָזן די קאָמאַנדע, צי מיינט זי מיך ניט אַרויסצולאָזן. יאָ, ס'וואָלט מיר קיינמאָל ניט געקענט איינפאַלן, ווען זי וואָלט צו מיר אַזוי מוילּיק־אָפן ניט געמייכלט.

— העלפט מיר! — האָט זי פּלוצים אַ זאָג געגעבן צו מיר, אַ וואָרף־געבנדיק אויף מיר אַ פאַרשייטן בליק — העלפט מיר צוהאַלטן די טיר!...

אַ שיינע סיטואַציע: איך דער פרעמדער, דער אומגעבעטענער, זאָל עס צוהאַלטן די טיר פאַר די קינדער פון דער שטוב, זיי זאָלן ניט אַריין אין קיך אַריין, אין דער צייט ווען איך אַליין פיל זיך דאָ איבעריק... און וואָלט זי כאָטש אויך מיט מיר געשטאַ־נען! אַ נעכטיקער טאָג, אַזוי ווי איך האָב מיך געגעבן מיטן הינטן אַ שטעל אַוועק צו דער טיר און זי אונטערגעשפּאַרט, איז דאָס מיידל צוגעשפּרונגען צו דער שיסל מיט לאַטקעס און גע־נומען רייבן איינס נאָך דאָס אַנדערע, און דווקא מיטן פּנים צו מיר, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט רייצן מיט מיר... חלילה, ניט מיטן עסן די לאַטקע, נאָר ווי אַזוי זי עסט זיי. און ס'איז טאָקע געווען וואָס צו זען, ווי זי האָט זיך איינגעביסן מיט די ווייסע ציין אירע אין יעדן ביס און ס'האָט זיך דערהערט אַ טרישטש, די ליפּעלעך אירע זיינען געווען ראָז און גלאַנציק און דערביי האָט אָט דאָס מיילכל נאָך אונטערגעשמייכלט. איך בין ווירקלעך צע־רייצט געוואָרן, אָבער איך האָב ניט געוואוסט פון וואָס, צי פון די לאַטקעס וואָס האָבן געטרישטשעט אונטער אירע ציין, צי פון אירע ציין וואָס האָבן געטרישטשעט די לאַטקעס, צי פונם שמאַלץ

וואָס האָט באַדעקט אירע ליפּן, צי פון אירע ליפּן, צי פון אַלץ צוזאַמען...

און „פון אַלץ צוזאַמען" האָב איך געפילט ווי כ'וועל אָוועק־חלשן, ממש איך האָב געפילט אַז די כוחות פאַרלאָזן מיך, און דאָ שטיי און האַלט אויס די אַטאַקעס פון יענער זייט טיר. צולעצט, ווען די יידענע איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט און גענומען טאַסקען צו דער טיר דעם סטאָס לאַטקעס, האָט זי געזאָגט צו מיר:

— קום, וועסטו כאַפּן מיט אונדז אַ לאַטקעלע!

האָב איך אָפּגעלאָזט די טיר, און די חברה האָט זיך געגעבן אַ שאָט אַריין אין קיך אַריין, און איינצייטיק האָט מיך אָט דאָס ווייבלעכע מיידעלע אַרונטערגעכאַפּט אונטערן אָרעם, מיך אַ צי און אַ שלעפּ געטאָן און געזאָגט:

— קומט, קומט! שעמט זיך ניט!...

און האָט מיך מיט פאַראַד אַריינגעפירט אין עס־שטוב אַריין, וואו ס'האָבן אַזוי ווי אין קיך ליכט געברענט, אַ ליכט אויפן בופעט, אַ ליכט אויפן קאָנסאָל־טישעלע אַנטקעגן שפּיגל, אַ ליכט אויף דער עטאַזשערקע, וואו עס זיינען געלעגן אַ פּאָר, כ'ווייס ניט צי ספרים, צי ביכער און דריי ליכט זיינען געשטאַנען אויפן טיש, וואו ס'איז געזעסן אויבן־אָן דער באַלעבאָס אַליין, וועמען איך האָב שוין געהאַט פיל מאָל געזען. זייער אַ שטילער ייד, אַ מחיהדיק וואוילער, שטילער ייד. איך האָב אַפילו ניט זייער גערן געהאַט אָט די „חברה", דעם יידן אָבער האָט מען ניט געקאָנט ניט ליב האָבן. זיין שטילקייט האָט געוועקט צו זיך שטיל־קייט און דרך־ארץ.

איך ווייס נאָך ביז היינטיקן טאָג ניט, צי האָט ער גע־וואוסט וועגן דער ווייב זייערס מסחרים, וואָס זי האָט געפירט מיט מיר, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געפרעגט, אַלנפאַלס ניט אין מיין געגנוואַרט וואָס דאָס יינגל טוט אין די שפּעטע אָוונט־שעהן. דאָך איז דאָס פאַר מיר געוועזן ניט קיין קליינע איבעררעשונג, ווען ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ פריינד־לעכן בליק ווען דאָס טעכטערל זיינס האָט מיך אַריינגעפירט

„אונטערן האַנט" איך שטוב אַריין און געהייסן דאָס קליינ־וואַרג מאַכן אַ פּלאַץ פאַר מיר, גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— זיץ!

און ווען די יידענע זיינע האָט מיר צוגערוקט אַ טעלערל מיט עטלעכע לאַטקעלעך, האָט ער איר אויפמערקזאַם געמאַכט פאַרוואָס זי פרעגט ביי מיר ניט צי וויל איך ניט אַ ביסל באַרשטש פריער. זי האָט מיר גלייך אַנגעגאָסן אַ טעלער מיט רויטן באַרשטש פון דער וואַזע, וואָס איז אויפן טיש געשטאַנען, דאָס מיידעלע האָט אים גלייך צוגערוקט צו מיר, און דערביי אונטערגעשמייכלט מיט מיידלשער פריינטלעכקייט, פון וואָס איך האָב מיך זייער פאַרווירט דערפילט און טאַקע דערפאַר זיך געקווענקלט, צי זאָל איך זיך נעמען צום באַרשטש, צי ניט... אַ לאַטקעלע — יאָ, דאָס איז אַ נאַשעריי, אָבער נעמען עסן אַן עסן וואָס איז שוין אַן עסן, דאָס האָט מיר שוין פאַר דער זעלביקער ניט געפּאַסט...

— נעם עס, שעם זיך ניט! — האָט דער טאַטע אירער מיט זיין געוויינלעך שטילער בנעימותדיקער שטימע געזאָגט.

— אַ דאַנק, איך בין ניט הונגעריק... — האָב איך אַ מורמל געטאָן און דערביי אַריינגעשטאָכן דעם פיר־ציינערדיקן גאָפּל אין איינער פון די לאַטקעלעך. אָבער דאָס צאַרטע מיידעלע האָט פון אונטער מיין נאָז אַוועקגערוקט דאָס טעלערל מיט די לאַט־קעלעך. און מיר אונטערגערוקט דעם טעלער מיטן באַרשטש און איבערגעחזרט דעם טאַטנס ווערטער:

— עסט, עסט! שעמט זיך ניט!

פאַר דער זעלבער צייט האָט דער טאַטע אירער געגעבן אַ גיס אַן אַ כוס ווייַן פונם גרויסן גענשער, וואָס איז אויפן טיש געשטאַנען, און אויסגעשטרעקט די האַנט מיטן כוס האָט זי אים איבערגענומען פון פאָטערס האַנט און איינצייטיק ווי זי האָט אים אַוועקגעשטעלט לעבן מיר האָט זיך יענער אָפּ־גערופן:

— נעם, טרינק אויס, ועסטו באַקומען אַפּעטיט!

אַזוי גלייך ווי איך האָב אויסגעטרונקען דעם כוס וויין, איז מיך עפּעס אַ מאָדנע הפקר־געפיל באַפאַלן און טאַקע אַדאַנק אַט

דעם הפקר־געפיל האָב איך מיך אַ נעם געטאָן צו דער אַכילה, און פאַרטיק געוואָרן מיטן באָרשטש, האָט מיר דער ייד אָנגעגאָסן אַ צווייטע כוסה, נאָך וועלכער איך אַליין האָב שוין אויסגעצויגן די האַנט מיינע, און האָב עפּעס געוואָלט זאָגן, זאָגן אַ גוטע זאַך, אַ גוטע און אַ קלוגע, און בין אַרויסגעפאָרן מיט אַ פּשוטן — „לחיים“.

— לחיים! לחיים! — האָט זיך דער ייד גלייך אָפּגערופן נאָך פּשוטער, און נאָך פּשוטער צוגעגעבן: — טרינק געזונטערהייט!

און אויסגעטרונקען דעם צווייטן כוס, האָט מיר דאָס מיידעלע, טאַקע אַלץ דאָס זעלבע (געווען נאָך צוויי מיידעלעך, אָבער יענע זיינען נאָך געווען קינדערשע מיידעלעך) געגעבן אַ שטעק אָן אויף איר גאָפּל אַ לאַטקעלע און פריידיק אויסגערופן:

— נאַט, פאַרבייסט!

און נאָך איר האָבן אַלע איבעריקע קליינע חברה מיר גענומען שטעקן לאַטקעלעך פון אַלע זייטן אין דער צייט וואָס איך האָב נאָך מיינע ניט געהאַט גערירט און די זעלביקע (פריידעלע האָט זי געהייסן) האָט אויסגעכאַפּט פון יעדן קינדס הענטעלע דאָס לאַטקעלע און, קוועלנדיק, זיי מיר אַריינגעוואָרפן אין מיין טעלערל אַריין, און ס׳איז געוואָרן „ליהודים“ביים טיש און איך אַליין האָב מיך אויך דערפילט היבשלעך בגילופנדיק. איך האָב געפילט ווי דער ווייַן וואַרעמט מיך אינעווייניק, שלאָגט מיר אין קאָפּ אַריין, אין פּנים אַריין, און האָב געטראַכט וועגן דעם ווי איך האָב זיך געפילט נעכטן און אייערנעכטן זיצנדיק מיט „זיי“ דאָרטן ביים טיש, און ווי איך פיל זיך דאָ, דאָ בין איך דאָך אויך ביי אַ פרעמדן טיש און דאָך מיט וואָס פאַר אַ היימלעכער וואַרעמקייט איך ווער אַרומגערינגלט, און איך בין זיי אַזוי דאַנקבאַר און איך פיל אַ דראַנג אויסצודריקן מיין דאַנקבאַרקייט, נאָר איך ווייס ניט ווי, און אויף וועלכן אופן דאָס צו טאָן...

דער ייד האָט גענומען בענטשן, אַלץ אויף זיין שטילן שטייגער. איך האָב דערזען, ווי דאָס געשווירענע בערדל האָט זיך גענומען באַוועגן, האָב איך איבערגעריסן דאָס עסן און אויך

זיך פאַרנומען בענטשן, הגם איך האָב שוין ניט געהאַלטן דער־פון, און דער ייד האָט זיך דאָ גלייך אָפּגערופן צו זיין יידענע:

— זעסטו, אָט האָסטו, אַן אַ טאַטן, אַן אַ מאַמע, קיינער צווינגט עס אים ניט צו טאָן... זעט אויס פון אַן איידעלן שורש!

— מיין טאַטע איז געווען אַ שרייבער! — האָב איך זיך גלייך אָפּגערופן.

— אַ שרייבער? אַ פּיסאַטל? — האָט דאָס מיידעלע זיך אָפּגערופן מיט גרויס פאַרוואונדערונג.

דאָ האָט איר די מאַמע אירע, וואָס האָט געהאַלטן אין אויס־רייניקן די טעלער פון די באַרשטש־שריים אין וואַזע אַריין, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויף דער פּראָווינץ מיינט ניט אַ שרייבער וואָס זי מיינט אַ „פּיסאַטל", נאָר דאָס מיינט איינער, וואָס לערנט קינדער שרייבן. וואָס פאַר אַן אונטערשייד דאָס איז, האָב איך ניט געוואוסט, און במילא ניט געוואוסט, צי שטייט אָט דער מין שרייבער נידעריקער פון „יענעם" מין. בלויז אין דער אַנטוישונג, וואָס דאָס מיידלס פּנים האָט אויסגעדריקט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז ניט איינס און דאָס זעלבע, אַז אַ „פּיסאַטל" איז אַ גרעסערע חשיבות פון אַ „שרייבער", און בכדי ניט צו פאַרלירן אָט די חשיבות ביי איר, די חשיבות וואָס זי האָט געמיינט, אַז מיין טאַטע איז געווען אַ „פּיסאַטל", האָב איך אַ מורמל געטאָן:

— מיין טאַטע האָט געקאָנט גוט לערנען אויך... יאָ און דייטש האָט ער געקאָנט, ער פלעגט אַפילו זינגען די הגדה אויף דייטש!

און צו איבערצייגן זיי, אַז איך טראַכט עס ניט אויס, האָב איך אָנגעכאַפּט איינעם אַ „פּסוק", וואָס איז אין מיין זכרון פאַרבליבן פון זיין זינגען די הגדה אויף דייטש, און זיך גלייך געלאָזט הערן מיט אים:

— דער הענגל שאר זינגט אימערדאר, דיינעס גראָס און פּראַכט, דיינעס גראָס און מאַכט, ערבוי דעם טעמפּל ווידער!

דאָ האָט דאָס מיידעלע אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און נאָך איר האָבן זיך צעלאַכט און זיך צעכיכיקעט די גאַנצע טשאַטע קליינוואַרג. איך האָב דערפילט, אַז ס'צאַפּן זיך פון מיר „ריקעס" בלוט, און דאָס וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געשריגן אויף דער חברה

זיי זאָלן אויפהערן צו לאַכן, דאָס האָט נאָך ערגער געמאַכט די מערכה מיינע, איך האָב דערפילט, אַז ס'נעמט מיך שטיקן אַ שטי־קעניש אין האַלדז, און איך האָב זיך צעכליפּעט אויף אַ קול... —

און ווייטער וואָס איז געווען, געדענק איך שוין ניט. ווי דורכן חלום געדענקט זיך מיר, אַז הענט האָבן מיך אונטער די הענט גענומען, און מ'האָט מיך אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן חדר. די הענט האָבן מיך דאָרטן באַלייגט און נאָכדעם האָב איך געפילט ווי אַ וואַרעמע געמיטלעכקייט נעמט זיך צו צעגיין איבער מיין גאַנצן קערפּער, צוזאַמען מיט רו און פאַרגעסעניש... און אַזוי בין איך איינגעשלאָפן.

## טו

„כאשר אָבדתי אָבדתי", מיט דעם געדאַנק האָב איך מיך אויף מאָרגן אַרום עלף אַזייגער אַרויסגעלאָזט זוכן אַרבעט. קיין אַנדער געלעגנהייט האָב איך דאָך ניט געהאַט. דאָ אַזוי ווי איך האָב מיך אַזוי אומדערוואַרט אַרויסגעגליטשט פון „זייער" רשות, איז האָב איך געוואָלט אויסנוצן אָט די געלעגנהייט און געבן אַ טאַפּ אין וואָגן צי מען וועט מיך צונעמען צו דער אַרבעט, ווען מ'וועט געוואויר ווערן, וואָס פאַר אַ פויגל איך בין (דערציילן, אַז איך בין אַ „דעזערטיר") און אויב יאָ, אויף וואָס פאַר אַ באַדינגונגען וועט יענער מסכים זיין מיך צוצונעמען.

און כאָטש ס'איז ביי מיר ניט באַשטימט געווען, צי בין איך שוין טאַקע אַן אַנטלאָפענער, און צי וועל איך אָנטרעפן אויף אַזאַ אָרט, וואו מ'בויטיקט זיך אין אַן אַרבעטער (וואָס דאָס איז ניט אַזוי לייכט געווען אָנצוטרעפן) האָב איך שוין געהאַט דאָס געפיל ווי אַ גנב וואָס לאָזט זיך אַרויס מאַכן אַ גנבה און וואָס נאָך איידער וואָס־זוער־וועז, פילט ער שוין, אַז ער איז ניט כשר.

ס'איז אַפילו געווען נאַריש, אָט דאָס ציטערן מיינס אין גאַס צו גיין. איך האָב באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז קיין נאָכשפּירער האָט מען פון „דאָרטן" ניט אַרויסגעשיקט, בפרט נאָך ווען ס'איז יום־טוב (צי חול־המועד) און מ'אַרבעט דאָרטן אַלצאיינס ניט.

אָבער ווי זאָגט אַ רוסיש ווערטל: „או סטראַכאַ גלאַזאַ וועליקי״, — פּחד האָט גרויסע אויגן. דאָס איינציקע וואָס מיך האָט יאָ באַרואיקט איז געווען דער געדיכטער נעבל, וואָס האָט געהויערט אין די גאַסן, און בכדי צו זיין נאָך מער זיכער האָב איך זיך געשאַרט ביי די זייטן פון די טראָטואַרן, זיגזאַגיש זיך געדרייט צווישן די נאַקעטעביימער, פון וועלכע עס זיינען אָפּט געפאַלן קאַלטע טראָפּנס און אייניקע פון זיי האָבן מיר געטראָפן אין האַלדז־און־נאַקן אַריין.

דערווייל איז געוואָרן צוועלף אַ זייגער. פון פאַרשיידענע ווייטקייטן און נאָענטקייטן האָבן זיך פאַבריקן און פאַבריקלעך געלאָזט הערן מיט זייער פייפן און קוויטשען. און דערמיט גע־לאָזט הערן דעם אַרבעטער־עולם, אַז ס׳איז צייט מיטאָג צו עסן. און אויך מיין צייט, נאָר ווייל איך האָב מיך אַרומגעדרייט „שלינק און שלאַנק״, האָב איך ניט געקאָנט באַרעכטיקן דעם הונגער מיינעם.

איך האָב דווקא געהאַט עטלעכע קאָפּיקעס ביי זיך, וואָס מיר איז פאַרבליבן נאָך דער גרויסער קניה, וואָס איך האָב געמאַכט אינעם „גרויסן״ שבת (שבת הגדול), און וואָלט ניט געווען פּסח, וואָלט איך מיך אַריינגעכאַפּט אין אַ „בובליטשנע״ (וואו מ׳באַקט בייגל) און וואָלט מיר אונטערגעלענט דאָס האַרץ מיינס. איך אַליין וואָלט עס מיר אפשר מתיר געמאַכט, נאָר גיי פּרעס חמץ בפרסיה. איך בין ניט געווען זיכער, אַז ס׳וואָלט זיך ניט גע־פונען אַ גאָטס סטראַפּטשע, וואָס וואָלט מיר אַרויסגעריסן דעם ביסן פון מויל. און דאָס האָט ניט געמוזט זיין דווקא אַ פרומ־מער ייד, דאָס האָט אַפילו געקאָנט טאָן אַ מאַרוויכער, און אַפילו אַן אַלפאָנס (סופּניק — אויף אַדעסער לשון), און איך זאָל נאָך קריגן גוט אָנגעבראָכן דיביינער.

גייענדיק האָב איך דאָ און דאָרטן באַמערקט אַ קלייט פון ברויט, וואָס זיינען נאַטירלעך געווען פאַרמאַכט, ווייל אַלע ברויט־קלייטן האָבן באַלאַנגט צו יידן. אָבער די שילדן מיט די אויסגעמאָ־ליעוועטע ברויטן האָבן געררייצט דעם אַפּעטיט מיינעם. און דאָ האָב איך מיך דערמאָנט ווי דעם ערשטן פּסח, דעם ערשטן פּסח וואָס איך בין געווען אין אַדעס, האָט מיר דאָס האַרץ געקוואַלן זעענדיק

די־אַ קלייטן פֿאַרמאַכט. איך האָב זיך דאָך אַזויפֿיל אָנגעהערט, נאָך איידער איך בין קיין אָדעס געקומען, וואָס פֿאַר אַ גאָט־לאָזע שטאָט דאָס איז, און דאָ זע איך... נו, כאָטש גיב אַ רענדל פֿאַר אַ שטיקל חמץ. הײַנט אָבער האָט עס מיר שוין גאָרניט הנאה געטאָן, פֿאַרקערט, ס׳האָט מיך פֿאַרדראָסן. אַזוי וואָלט איך מיך געקאָנט אַרײַנכאַפּן אין איינער פֿון אָט די קלייטן און מיר אײַנגעהאַנדלט אַ פֿונט ברויט און טאַקע אויפֿן אָרט אים „אַרײַנ־רײַבן”...

גייענדיק האָב איך זיך דערמאָנט אָן אליהס ווערטער, און אָן דעם משל זײַנעם, וואָס ער האָט מיר אַמאָל געגעבן, אַז אַרויס־לאָזן זיך זוכן אַרבעט אָן אַן אַטעסטאַט, איז פּונקט אַזוי ווי אַ ווײַבל קאָן ניט האָבן קיין אויסזיכטן צו קריגן אַ מאַן, ניט האָבנדיק קיין גט פֿון יענעם וואָס זי האָט פֿאַרלאָזט. און מיר האָט שוין באַנג געטאָן וואָס איך האָב שוין דאָ אונטערגענומען די גאַנצע אַוואַנטורע. ווען ניט דאָס וואָלט איך דאָך איצט גע־קאָנט זיצן ביי אַ טעלער צעריבענע קאַרטאָפֿליעס מיט שמאַלץ (וואָס איך האָב געדענקט פֿון פֿאַראַיאָרעדיקן פּסח) און וואָלט געריבן אויף ביידע באַקן.

אָבער איך האָב מיך ווייטער געשפּאַנט און אַזוי שפּאַנענדיק, האָב איך באַמערקט אַ שילד פֿון אַ טאַקער, אויף וועלכער ס׳איז געשטאַנען אָנגעשריבן „טאָקאַרנאַיאַ מאַסטערסקאַיאַ”, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך האָב מיך אַזוי געפּלאָגט ביי דער אַרבעט, האָט אַ ווייע געטאָן אויף מיר מיט היימלעכקייט, דערזעענדיק די שילד.

איך בין צוגעגאַנגען צום גרויס־גלאָזיקן פֿענצטער און דאָרטן דערזען אַלע יענע באַקאַנטע שאַלעמייז, וואָס מ׳זעט אין אַלע פֿענצטער פֿון דעם פֿאַך וואָס האָבן אַ טיר צום גאַס. עס מאַכט ניט אויס וואָס פֿיל אַנטיקן, וועלכע האָבן זיך אין די שוי־פֿענצטער פֿון אַזעלכע „מאַסטערסקאַיעס” געפֿונען, וואָס מ׳האָט זיי דאָרטן ניט געמאַכט, אָבער קויפֿן זיי דאָרטן האָט מען יאָ געקאָנט, האָט אַ שייכות מיט דעם פֿאַך. קיין גרויסע ווערק־שטיבער האָבן אַזעלכע ניט געהאַט. הינטן ערגעץ, הינטער די קלייטן, אין קאָ־

נורעס, איז געשטאַנען אַן אַרבעטער, אָדער צוויי, און האָבן זיך געפּאָרעט ביי פאַרשיידענע אַנטיקעלעך און גערופן האָבן זיך אַזעלכע אַרבעטער „גאַלאַנטעריי אַרבעטער״, — דאָס איז געווען פאַרשטייט זיך, אַ מער איידעלע, מער קאָמפּליצירטע אַרבעט, זיי האָבן בעסער פאַרדינט ווי די „פּראָסטע״ אַרבעטער.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך מיט מיינע קענטענישן האָב ניט געהאַט קיין אויסזיכט אין אַזאַ פּלאַץ צו קריגן אַר־בעט (מיין באַלעבעסל האָט שוין געזאָרגט וועגן דעם) און טאַקע אפשר דערפאַר, ווייל איך בין אַזוי זיכער געווען אין דעם, בין איך מיך דערפאַר געשטאַנען מיט אַ גרינג געמיט ביים גרויס־גלאָזיקן פענצטער און באַטראַכט די אַנטיקן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, ווייל איך האָב געוואוסט אַז אַהערצו האָב איך סיי־ווי ניט נאָך וואָס אַריינצוגיין, און טאַקע דערפאַר איז מיר אַזוי גרינג געווען אויפן האַרצן.

איך בין געשטאַנען מיט אַ גרינג געמיט און ווי אַ היי־מישער באַטראַכט די אַלע באַקאַנטע אַנטיקן, וואָס זיינען גע־שטאַנען אויסגעשטעלט און געלעגן אויסגעלייגט אין שויי־פענצטער, און ווען איך האָב מיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין, ערשט אַז איך האָב דורך די זאַכן, וואָס זיינען געלעגן און געשטאַנען אָנגעשטעלט אין פענצטער, דערזען זיצן אַ מיידל איבער אַ בוך פאַרטיפט. זי איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און דערפאַר האָב איך ניט געקאָנט זען, צי דאָס מיידל איז אַ מיאוסע צי אַ שיינע. איך האָב בלויז געזען, אַז זי איז אויסגעפוצט, פיין פאַרקעמט, נאָך דער מאָדע־נאָך מיט אַ קוימענדל אין דער מיט־קאָפּ און דאָס קוימענדל איז אַרומגע־שטעקט מיט אַ גאַליאַרקע פון קאַמען און קעמערלעך אוןביי־נערנע האַר־שפּילקעס. אָבער מער פון אַלץ האָט מיך אינטע־רעסירט דאָס פאַרטיפט־זיין אירס אין בוך... שוין דאָס אַליין האָט געשאַפן אין מיר אַ מאָדנעם אינטערעס צו איר, אַזעלכן וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל צו קיין „פרויען־צימער״ ניט גע־פילט...

איך האָב באַשלאָסן אַריינצוגיין, און דווקא ניט צו פרעגן אויף אַרבעט, נאָר עפּעס צו האַנדלען ביי איר. אמת איך האָב

טאַקע ניט געהאַט מיט וואָס, אָבער ס׳איז דאָך ניט קיין מוז צו קויפן אַפילו ווען מ׳וויל עפּעס קויפן. איך וועל ניט איינ־גיין אויף דעם פּרייז, צי איך וועל גאָר מאַכן דעם אָנשעטל, אַז איך קריג ניט וואָס איך באַדאַרף.

ווען איך בין אַריין אין קלייט אַריין, האָט זיך דאָס מיידל געגעבן אַ הויב אויף פּונם בענקל און מיר אַנטקעגן געקומען מיטן בוך אין איינער פון אירע הענט און מיט אַ סבר פּנים יפות אַ פרעג געגעבן ביי מיר:

— טשטאָ נוזשנאָ, מאָלאָדאָי טשעלאָוועק?

איז שוין דאָס אַליין, וואָס זי פרעגט מיך אין רוסיש וואָס איך באַדאַרף און ניט אין יידיש, דאָס אַליין איז אַ סימן, אַז איך זע איר אויס ווי עס באַדאַרף אויסזען אַ קונה, און ניט ווי אַן אַרבעטער, אָבער דערזען פאַר זיך אַן אָרעם לייביק מיידל, האָט מיר דאָס האַרץ ניט פאַרטראָגן זי אָפּצונאַרן און איך בין דאָ גלייך אַרויסגעפאָרן מיטן אמת, אַז איך בין געקומען פרעגן אויף אַר־בעט.

ס׳איז ניט געווען צו באַמערקן, אַז זי זאָל האָבן געווען שטאַרק איבערראַשט דערפון. ניט מער וואָס דאָס שמייכעלע אירס, וואָס האָט געשמייכלט צו מיר אָקאָרשט אַ ווײַלע פריער אָננעמענדיק מיך פאַר אַ קונה, אָט דאָס שמייכעלע איז פאַר־שוואונדן געוואָרן, און קוקנדיק אַ ווײַלע אויף מיר מיט אירע אויגן וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי צוגעלעגערטע קאַרשן, האָט זי אַ פרעג געגעבן:

— אַזאַ יונגער אַרבעטער?

פאַר מיין עלטער, וואָס איך בין צו דער צייט וועגן וועלכער דאָ רעדט זיך, אַלט געווען, איז עס ניט געווען קיין קאָמפּלימענט, חוץ דעם, האָב איך מורא געהאַט איר זאָל אַמאָל דאָ ניט איינ־פאַלן, אַז אַזאַ יונג יינגל קאָן נאָך קיין אַרבעטער ניט זיין, אַז אפשר בין איך נאָך גאָר אַ לערן־יונג, און דערפאַר טאַקע בין איך טאַקע גלייך אַרויסגעפאָרן מיט פאָלגנדיקן ענטפער:

— איך בין שוין אַן איבערגעשטאַנענער!...

דאָס מיידל האָט אַ הויב געטאָן די שפּיציקע אַקסעלעך אירע,

און געזאָגט, אַז זי וואָלט זיך דאָס קיינמאָל ניט געקאָנט פאַר־שטעלן און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

— ק׳סאָזשאַלעניו (צום באַדויערן) קאָן איך אָן מײַן פאָטער גאָרניט זאָגן. אויב איר ווילט, קאָנט איר צוװאַרטן, מײַן פאָטער איז אַוועק אין שול, ער איז שוין לאַנג אַוועק, און ס׳קאָן זײַן אַז ער זאָל זיך אַ ליאַדע מינוט אָנכאַפּן, און אויב איר ווילט וואַרטן, „מילאָסטי פּראָסים!״

און דאָ גלײַך מיר אָנגעוויזן אויף אַ בענקל, וואָס האָט זיך געפונען אַנטקעגן דעם בענקל, אויף וועלכן זי איז פריער געזעסן, איך זאָל זיך זעצן, איך אָבער האָב מיך ניט געאײַלט דאָס צו טאָן. נו, יאָ, וואָס טו איך טאַקע, אַז דער טאַטע אירער וועט אויסגעפינען פאַר מיר אַן אַרבעט און וועט מיך דאָ אַ נעם טאָן אויפן צימבל, פון וואַנען און פון וועמען קומסטו, ביי וועמען געוועזן אין דער לערע, און צי האָב איך אַן אַטעסטאַט. און ס׳וועט זיך דאָ אַרויסווײַזן (דאָ פאַר דעם מיידל) אַז איך האָב זי אָפּגענאַרט, וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבן? אָט ווי דאָס מיידל האָט ביי מיר קיין פּנים ניט געהאַט (ווייל זי איז געוועזן אַ מיאוסע), האָב איך דאָך געוואָלט בלייבן ביי איר מיט אַ שטיקל פּנים, אָט טאַקע דערפאַר ווייל איך האָב דערקאָנט אין איר, אַז איך האָב עס ביי איר. אונטער די אומשטענדן וואָס איך האָב געלעבט, איז דאָס גאָר קיין קלייניקייט ניט. דאָס ערשטע מאָל, אַז אַ מיידל, און דערצו נאָך אַזעלכע, וואָס לייענט ביכער רעדט מיט מיר ווי מיט אירן אַ גלייכן, נו, איז דערפאַר אַליין, וואָלט איך מיך באַצייטנס באַדאַרפט אָפּטראָגן און צוליב דעם בין איך אַרויסגעשפּרונגען מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— אייער טאַטע, האָב איך מורא, וועט מיך סיי־ווי ניט צו־נעמען צו דער אַרבעט, ווען ער וועט דערזען אַזאַ קליינינקן און יונגיטשקן אַרבעטער... כאָטש ווי איר קוקט מיך אָן בין איך גאָר ניט קיין שוואַכינקער...

דאָס מיידל האָט זיך ברייט צעשמייכלט, באַווייזנדיק די פּראָנטאָווע ציין אירע, וואָס האָבן אויסגעזען עלטער פאַר איר. יאָ, ס׳טרעפט ניט זעלטן וואָס ציין, אַמאָל ניט קיין געזונטע, מאַכן אַזאַ איינדרוק, אַז זיי זיינען עלטער פאַר דער פּערזאָן,

וואָס האָט זיי אין מויל. און זי האָט באַדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר זעקס זיבן און צוואַנציק, אָבער די ציין האָבן אויסגעזען עלטער פון איר...

— מאַלענקי דאַ אודאַלענקי! (אַ קליינינקער און אַ גע־ראָטענער) — האָט זיך דאָס מיידל אָפּגערופן, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט באַשטעטיקן, וואָס איך האָב דאָ אָקאָרשט געזאָגט און מיך פאַרזיכערט, אַז אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן אַז ס׳וועט זיין פאַר מיר אַרבעט, וועט זי שוין זען אַז אין „דעם" זאָל קיין אָפּהאַלט ניט זיין.

זייער גוט, יאָ? וואָס קאָן נאָך זיין בעסער? אָבער צי וועט זי קאָנען עפּעס טאָן צו דעם וואָס איך האָב ניט קיין רעכט אויף אַרבעט? אָבער דאָך האָט עס מיר צוגעגעבן קו־ראַזש איך זאָל קאָנען מאַכן מיט איר אַ שפּאַס:

— איר ווייסט פאַרוואָס איך בין אַזוי קליין? ווייל איך בין פון אַ פּאָרל!...

דאָס איז אַ שפּיל פון ווערטער. קומען דאָך אַלע מענטשן, און אַלע באַשעפענישן אַרויס פון אַ „פּאָרל", וואָס דאָס מיינט פון אַ זכר און אַ נקבה, זי אָבער האָט עס אָנגענומען, אַז איך בין פון אַ צווילינג, און האָט זיך פריידיק צעלאַכט:

— טאַקע אַן אמת? — און גלייך נאָך דעם אַליין גע־ענטפערט אויף איר פראַגע: — נו, דאָס טרעפט זייער אָפט!...

— ס׳איז נאָך אַ גליק! — האָב איך ווייטער געשאָסן

— איך וואָלט נאָך געקאָנט זיין קלענער ווען איך וואָלט אין צוויי יאָר אַרום נאָך מיין געבוירן ווערן, געבוירן־געוואָרן.

— פאַרוואָס? — האָט זי מיט גרויס בייגעריקייט גע־פרעגט.

— ווייל אין צוויי יאָר אַרום האָט מיין מאַמע געהאַט אַ דריילינג, איז ווען איך וואָלט געבוירן געוואָרן מיט דעם דריילינג, וואָלט איך געווען נאָך קלענער...

זי האָט געגעבן אַ שיס אויס אַ געלעכטער און לאַכנדיק אַ זאָג געגעבן:

— נו, ווי שוטיטיע!

און בכדי צו באַווייזן איר, אַז איך מאַך ניט קיין שפּאַס,

האָב איך אָנגעצויגן אויף זיך אָן ערנסטע מינע, און ביי איר געפרעגט, צי הערט זי דען דאָס ערשטע מאָל אַז איינע זאָל „געלעגן־ווערן" מיט אַ דריילינג, און זי האָט לאַכנדיק צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אַז זי האָט יאָ געהערט, און אין איר אַריינקוקן מיר אין פּנים אַריין, האָב איך אין איר קוקן דערקענט, אַז עפּעס איינגאַנצן גלויבן אין דעם וואָס איך האָב איר דאָ געזאָגט, גלויבט זי מיר ניט, און די פראַגע אירע, מיט וועלכער זי איז שפּעטער אַ ווײַלע אַרויסגעקומען, האָט עס באַשטעטיקט:

— זאָגט דעם אמת!

איך וואָלט איר גערן געוועזן געזאָגט דעם אמת, אַז ס'איז ניט אמת. איך האָב אָבער געזען, אַז ס'געפעלט איר, כאָטש זי מיינט אַז כ'זאָג ליגן, און געטראַכט נאָך עפּעס אַזעלכעס איר צו זאָגן, זי זאָל ווידער מיינען אַז איך טראַכט עס אויס, אָבער אין דעם מאָמענט האָט עס אָנגעטראָגן אַ פאַרשוין פון גאַס, אַ מיטל־יעריקן מאַנספאַרשוין, וואָס האָט זיך געגעבן אַ שנייד אַריין אין דער אָפענער טיר. דאָס מיידל איז אים גלייך אַנטקעגן געקומען און געפרעגט וואָס ער באַדאַרף האָבן, און יענער האָט גלייך אַ כאַפּ געטאָן איינעם פון די שטעקנס, וואָס זיינען אויף איינער פון די פּאָליצעס געשטאַנען געוויקלט אין פּאַפּיר, דאָס מיידל האָט צירלעך־מאַנירלעך אַרויסגענומען דעם שטעקן פון זיין האַנט און פון אים אַראָפּגעצויגן דאָס פּאַפּירענע העמדל און איבערגעגעבן יענעם אין די הענט אַריין, האָט זי גלייך געכאַפּט אַ צווייטן און אים אויסגעטאָן נאַקעט, ווי דעם ערשטן, און אים געהאַלטן גרייט, אַז אויב יענער שטעקן וועט דעם קונה ניט געפעלן, זאָל זי אים ווייזן דעם צווייטן, און אַזוי איז טאַקע געוועזן: ער האָט איר אין אַ ווײַלע אַרום איבערגעגעבן דעם שטעקן וואָס ער האָט געהאַלטן, און איבערגענומען אירן וואָס זי האָט געהאַלטן, און דער צווייטער האָט שוין יאָ געפונען חן אין זיינע אויגן און ער האָט אַ פרעג געגעבן ביי איר וואָס ער קאָסט.

דורכגעקומען מיטן פּרייז, האָט ער אַרויסגענומען אַ דרייערל און זיך געהייסן געבן רעשט. דאָס מיידל איז געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. דער קונה האָט זיך גלייך אָריענטירט אין וואָס

דאָ האַנדלט זיך, האָט ער אַ קוק געוואָרפן אויף מיר און געפרעגט, צי קאָן זי מיך ניט שיקן אויסבייטן דאָס דרייערל, און ס׳האָט זיך גלייך אויפן אָרט געשאַפן זייער ניט קיין אָנגענעמע סיטואַציע פאַר אונדז ביידן.

די ניט־אָנגענעמע סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפן, איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי, זעענדיק מיך דאָס ערשטע מאָל, האָט מיר ניט געקאָנט פאַרטרויען אַזאַ שלל מיט געלט. איך האָב עס זייער גוט פאַרשטאַנען און ניט געקאָנט האָבן קיין פאַראיבל אויף איר, אָבער איך האָב שטאַרק חשק געהאַט, זי זאָל מיר דאָס געלט יאָ פאַרטרויען, אַדאַנק דעם ניט צוטרוי, וואָס די לייט מיינע האָבן מיר אַזוי ברוטאַל אַרויסגעוויזן אויף יעדן שריט און טריט, האָב איך אַליין שוין אויך אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם צוטרוי צו זיך...

נו, האָב איך טאַקע געוואָלט זען וואו איך האַלט אין דער וועלט און דאָ זע איך אַזאַ געלעגנהייט !...

ווי לאַנג אָט די קוועקלעניש אירע האָט אָנגעהאַלטן, ווייס איך ניט, אָבער דער סוף איז געווען אַז זי האָט מיר דאָס דרייערל יאָ פאַרטרויט :

— זייט אַזוי גוט... — האָט זי אַ מורמל געטאָן מיט אַ זויערער גרימאַסע, אין וואָס ס׳איז געווען צו דערקענען אַז ניט נאָר בעט זי מיך איך זאָל דאָס דרייערל אויסבייטן, נאָר איך זאָל טאַקע אַזוי פריינדלעך זיין און ברענגען דאָס אויסגעביטענע געלט. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס דרייערל, און איינס און צוויי בין איך שוין געווען פון יענער זייט טיר און האָב מיך הענדום־פענדום געלאָזט לויפן מיטן געלט און מיטן צוטרוי וואָס איז מיר אַרויסגעוויזן געוואָרן, און בין אַריין אין איין קלייט און דאָרט ניט געקראָגן, בין איך פון דער קלייט גלייך אַריבער אין אַ צווייטער און דאָרטן ווידער ניט געקראָגן, האָב איך זיך מיטן זעלבן אימפעט אַריינגעכאַפּט אין אַ דריטער קלייט און דאָרטן ווידער ניט געקראָגן, צולעצט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַן אַפּטייק אַריין און מיט גרויס דרך ארץ אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פאַרן קייסערס פאָרטרעט, וואָס איז דאָרטן געהאַנגען, און טאַקע פאַרן אַפּטייקער אַליין, הגם ער האָט מיר אויסגעזען אַ ייִד צו זיין (פאַר אַן אַפּ־

טייקער האָב איך געהאַט גרויס דרך־ארץ אַפילו ווען דאָס איז געווען אַ ייד).

דער אַפּטייקער איז געשטאַנען פון יענער זייט „סטאָיקע״ און מיט טויטער ערנסטקייט עפּעס געוואויגן אין אַ קליין ברע־קעלע וואָג־שאָלעלע. איך האָב ניט געוואָגט צו עפענען דאָס מויל מיינס און זאָגן נאָך וואָס איך בין געקומען און יענער האָט מיך ניט געפרעגט און ס׳איז פאַר מיר גאַנץ נאַטירלעך געווען וויסנ־דיק, אַז דאָרטן אין דעם וואָג־שאָלכנדל וועגט זיך דער גורל פון אַ מענטשן. אַ קליינער טעות און דער יעניקער פאַר וועמעס־וועגן דער וואָס וועגט דאָרטן דאָס וואָס ער וועגט, קאָן זיך אַרי־בערפּעקלען אויף יענער וועלט. אַזוי האָב איך אַלנפאַלס געמיינט... איז מילא, וועט „זי״ שוין אַ ביסעלע לענגער וואַרטן, וועט איר אַ ביסעלע אַרויספאַלן די נשמה... און זי האָט עס טאַקע די ווערט אויך פאַר דער קווענקלעניש פאַר אירער, וואָס זי האָט זיך געקווענקלט צי זי זאָל מיר פאַרטרויען דאָס דריידל צי ניט..

— וואָס וועט מען עפּעס זאָגן? — האָט ענדלעך דער אַפּטייקער געפרעגט, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אַר־בעט.

איך בין צו צו דער סטאָיקע מיטן דרייערל אין האַנט און אים געזאָגט וואָס איך באַדאַרף, און ער האָט דאָרטן אין דער קאַסע געעפנט אַ שופלאָדל און אַ שאַר געטאָן אויף הין און צוריק מיטן זילבער־געלט (געהערט אינם קלאַנג), האָט ער גענומען ביי מיר דאָס דרייערל, און אין אַ ווייל אַרום מיר אַריינגעציילט אין האַנט אַ גאַנצע זשמעניע מיט זילבער וואָס איז באַשטאַנען פון גילדנס, פערציקערס און גריוועניעס. איך בין שנעל פון אַפּ־טייק אַרויס, אָבער שוין פון יענער זייט טיר איז מיר איינגע־פאַלן אַז ס׳איז גאָר ניט נויטיק איך זאָל אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה. אַי זי וועט דאָרטן איבערטראַכטן? זאָל זי!... פאַר־קערט, ס׳קומט איר! אויב זי קאָן זיין אַזאַ נאַר און פאַרטרויען אַ יינגל, וואָס זי האָט צום ערשטן מאָל געזען, אַזאַ „מאַטניאַ״ מיט געלט. ס׳איז גוט וואָס זי האָט אָנגעטראָפן אויף מיר, ווען זי וואָלט

אָבער אָנגעטראָפן אויף אַן אַנדערן, וואָלט זי אים שוין אַזוי געזען ווי זי זעט די אויערן אירע...

איך בין זיך טאַקע געגאַנגען טריט ביי טריט, האַלטנדיק די האַנט אין קעשענע, וואו איך האָב געהאַט די קלינגערס און מיר אונטערגעקלונגען. דאָ האָב איך מיר געכאַפּט, אַז איך בין באַגאַנגען אַ נאַרישקייט וואָס איך האָב ניט איבערגעציילט דאָס געלט נאָך דעם וואָס דער אַפּטייקער האָט עס מיר איבערגעגעבן אין האַנט אַריין. איך האָב עס ניט געוואַגט צו טאָן, דאָס וואָלט דאָך געמיינט, אַז איך האָב צו אים קיין צוטרוי ניט. און וואָס וואָלט טאַקע געווען ווען ס׳וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳פעלט טאַקע אַ גילדן צי אַ פערציקער, וועט „זי" דען מיר גלויבן, אַז יענער האָט דאָרטן ניט דערגעבן, זי וועט דאָך גיכער מיך חושד זיין אַז איך...

און דאָ האָב איך מיך אין מיטן גאַס אָוועקגעשטעלט ציילן דאָס געלט. יאָ, ס׳האָט געשטימט, און האָב מיך אַ צופרידענער געלאָזט ווייטער גיין. און אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָב איך דערפילט ווי עמעצער פאַרקעט זיך ביי מיין קעשענע, יאָ, טאַקע ביי דער וואו דאָס געלט האָט זיך געפונען. און זיך געגעבן אַ קוק אום האָב איך דערזען אַ קליינעם מאַרעוויכער, וואָס האָט גלייך גענומען שטעלן פיס, און נאָכקוקנדיק אים, האָב איך מיט אַנגסט און צופרידנקייט איינצייטיק געטראַכט, אַז אַט וואָלט עס געווען אַ שיינע חתונה, ווען ער וואָלט מיך באַגנבעט. אי איך וואָלט געבליבן מיט אַ ליידיקער קעשענע, אי איך וואָלט פאַרבליבן דער גנב, ווייל ס׳איז דאָך אַזוי גוט ווי זיכער, אַז זי וואָלט געמיינט, אַז די גאַנצע מעשה מיטן גנב איז אַן אויסגעטראַכטע...

איז וואָס וואָלט איך טאַקע געטאָן, ווען איך וואָלט זיך ניט געכאַפּט און דער גנב וואָלט מיר אויסגעראַמט די קעשענע? דאָס בעסטע וואָלט געווען זיך איינגאַנצן ניט ווייזן... איז אויב אַזוי, איז זאָל מיר דאַכטן, אַז דעם גנב האָט זיך עס יאָ איינגעגעבן, און טאַקע לאָזן ביי זיך אָט די „מאַטניאַ" מיט געלט?...
אַ דערשראָקענער פון דעם געדאַנק, האָב איך זיך פאַרנומען

האַסטיקער צו שפּאַנען אין דער זעלביקער ריכטונג מיט דער דעה אָוועקצוגעבן דאָס געלט וואו איך האָב עס גענומען. דאָ אָבער האָט עס מיר מעשה שטן אָנגעטראָגן אַ יידענע מיט פּסחדיקע שעלעמייזן. און אַזוי ווי להוט נאָך אַ נאָש בין איך געווען, אפילו ווען איך בין ניט הונגעריק געווען, האָב איך געגעבן אַ שטעל אָפּ די יידענע און אַריינגעפּאַרן מיט אַ האַנט אין קויש אַריין, האָב איך געגעבן אַ כאַפּ אַרויס אַ שעלעמייזל און אַריינגעוואָרפן אין פּרעסער אַריין, אַ קיי און אַ שלונג, ס'צעגייט אין יעדן אבר. די יידענע האָט עס, קאַנטיק, באַמערקט און מיר גענומען צו צוריידן, איך זאָל נעמען נאָך, אַז וואָס מער איך וועל נעמען וועט עס מיר אַלץ קאָסטן ביליקער. אַזוי קאָסט עס אַ קאָפּיקע אַ שטיק, און אַז איך וועל נעמען פינף וועט זי מיר רעכענען פיר קאָפּיקעס, און אויב איך וועל נעמען צען...

זי רעדט, און איך וואַרף אין פּיסק אַריין איין שטיקל נאָכן אַנדערן, און וואָס מערער איך עס, רייצט עס אַלץ מער דעם אַפּעטיט, און אויפגעכלאַמעט צוועלף שטיקלעך, גיב איך אַ פרעג ביי דער יידענע:

— און פאַר די דריי קערלעך וויפיל וועל איך קריגן?

קוקט מיר שוין די יידענע אָן, און איך דערקען אין איר אָנקוקן מיך, אַז זי גלויבט ניט צי איך פאַרמאָג אַזויפיל געלט, צווייטנס, באַטרעפט ניט די גאַנצע סחורה אירע וואָס זי האָט אין קויש אַזאַ שלל מיט געלט, און דריטנס, ווער קאָן עס אַזויפיל אויפעסן? און בינו לבינו גיב איך אַ כאַפּ אַרויס אַ גאַנצע זשמעניע מיט זילבער און גיב איר אַ ווייז און די יידענע, ווי ס'איז געווען צו דערקענען אין איר קוקן אויף מיר, נעמט מיך אָן פאַר אַ שטיקל צעדרייטן, און הייסט זיך דערווייַלע באַצאָלן פאַר די וואָס איך האָב שוין אויפגעגעסן, און נאָכדעם וועט זי שוין זען... איז וויפיל קומט איר פאַר די, וואָס איך האָב אויפגעגעסן, נעמט זי און זי גיט זיך אַ זאָג דרייצן קאָפּיקעס. ווער איך אַ פאַרציטערטער: סטייטש, איך האָב דאָך אויפגעגעסן ניט מער ווי צוועלף שטיקלעך, וואָס נאָך איר אייגענעם חשבון

באַדאַרף איך אַנטרעפן ניט מער ווי צען קאָפּיקעס, זאָגט זי — ניין, איך האָב אויפגעגעסן פּופצן שטיקלעך, פּאַר וועלכע ס׳קומט איר דרייצן קאָפּיקעס, און פאַרענדיקט מיט אַ באַפעל:

— דו זאָלסט מיר שוין באַצאָלן די דרייצן קאָפּיקעס, דו „קאַרמאַנשטשיק” דו! (קעשענע גנב).

איז אין וויפיל האָט זיך דאָ געהאַנדלט? בלויז אין דריי קאָפּיקעס, איז אָבער די מעשה וואָס איך האָב מיין אייגנס בלויז געהאַט צען קאָפּיקעס, איז וואו זאָל איך נעמען די איבעריקע דריי קאָפּיקעס איר צו דערלייגן?

די יידענע וואָלט געקאָנט שרייען ביי מיר פון היינט ביז מאָרגן, און זי וואָלט געבליבן ביי איר שרייען, מער ווי דאָס וואָס איך האָב געהאַט אויף מיין פאַרמעג, וואָלט זי ביי מיר ניט גע־קראָגן. דאָ אָבער איז שוין אויסגעוואַקסן אַרום אונדז אַ גאַנץ רעדל, און די יידענע דערציילט זיי פון דער גרויסער עוולה פון מיינער, אַז איך האָב אויפגעפרעסן אַזויפיל און אַזויפיל, פאַר וועלכע איר קומט דרייצן קאָפּיקעס, און איך וויל איר באַ־צאָלן ניט מער ווי צען. און איך קאָן אַפילו דאָס מויל מיינס ניט עפענען און זאָגן אַז איך האָב ניט אויפגעגעסן אַזויפיל ווי זי זאָגט, און ס׳קומט איר ניט אַזויפיל וויפיל זי מאָנט, נאָר גיי באַווייז עס זיי. אמת, זי קאָן עס אויך ניט באַווייזן, אָבער ווי ס׳איז אויף די פּנימער פון דעם מענטשן־רעדל, צו דערקע־נען גלויבט מען איר, ניט מיר. יאָ, איינער פון זיי האָט זיך דאָ גלייך אָפּגערופן, און טאַקע מיט אַ גאַנץ שטרענגן קול, איך זאָל ניט מאַכן קיין פּוילע שטיק און באַצאָלן דער יידענע וואָס איר קומט, און איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט און באַצאָלט.

איך בין געבליבן שטיין אַ פּריטשמעליעטער: וואָס טוט מען דאָ? וואו נעמט מען די דריי קאָפּיקעס צו דערלייגן? אמת, קיין גוואַלדאָוונע סומע איז דאָס ניט, אָבער ווי פּאַסט עס?... אויב אַזוי זאָל שוין זיין אַז ס׳פעלט פינף... מיט פינף אַז ס׳וועט פעלן, וועט טאַקע ניט ווערן בעסער, אָבער זאָל כאָטש זיין אַ גליי־כע צאָל... אין ערגסטן פאַל וועל איך קאָנען זאָגן, אַז דער אַפּ־טייקער, וואָס האָט מיר דאָס דרייערל צעביטן, האָט מיר ניט

דערגעבן... שטימט עס אָבער ניט, ווייל דאָס גאַנצע געלט האָב איך געקראָגן אין זילבער, איז אויב פעלן, וואָלט שוין גיכער געקאָנט פעלן אַ גריוונע, אַ גילדן, צי טאַקע גאָר אַ גאַנצער פערציקער.

און איך האָב טאַקע דאָ גלייך גענומען די איבעריקע זיבעצן קאָפּיקעס וואָס די יידענע האָט מיר אַרויסגעגעבן פונם פערצי־קער און האָב מיר אַריינגעלייגט אין אַ באַזונדער קעשענע און האָב זיך געלאָזט גיין אָפּצוגעבן דאָס געלט מיט אַ חסר פון צוואַנציק קאָפּיקעס, און מיטן צוגעגרייטן תירוץ, אַז דאָס האָט מיר דער אַפּטייקער ניט דערגעבן... אַי וואָס זי וועט דאָרטן אױ־בערטראַכטן, זאָל זי!... סיי־ווי וואָס קאָן איך מיך דען העלפן, און אַז איך וועל איר ניט דערגעבן אַ גריוונע וועט דען בעסער זיין? וועט זי מיך אויך דאָ חושד זיין אַז איך האָב די גריוונע אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע, און ווינציקער מיט אַ גריוונע וועל איך איר דאָך שוין מוזן געבן!...

ניט אָנגענעם, אוי ווײ, נאָך ווי ניט אָנגענעם!... ווי אַזוי וועל איך איר קאָנען קוקן אין די אויגן אַריין... איז אפשר וואָלט גאָר געווען אַ פּלאַן, איך זאָל מיך גאָר אינגאַנצן ניט ווייזן, נו יאָ, נעלם ווערן מיט דער גאַנצער אַפּותיקא! אויב זי וועט מיך שוין האַלטן פאַר אַ גנב, טאָ זאָל כאָטש זיין איבער עפּעס!...

שטיין געבליבן, געכאַפּט אַ קורצן ישוב, און אַ מאַך געטאָן „בואי בשלום". און אַוועק אין אַן אַנדערער ריכטונג, און אַזוי ווי הונגעריק בין איך געווען, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אינם ערשטן טראַקטיר, וואָס איז מיר צו דער האַנט געקומען זיך אונטערצו־לענען דאָס האַרץ מיינס.

איך בין אַריין אין „דוואָריאַנסקי", וואָס דאָס מיינט אין יידיש אַ זאַל פאַר מפונקער, וואו ס'האָט געקאָסט מיט צוויי קאָפּיקעס טייערער ווי אין „אָבשטשי" (אַ זאַל פאַר אַלעמען), דאַכט זיך, אַ קליינער אונטערשייד אין דעם פרייז, אָבער וואָס פאַר אַ חילוק! אין „אָבשטשי" זיינען געלעגן רויטע טישטעכ־לעך מיט קעסטלעך, און געגעבן האָט מען דאָרטן בלייענע לע־פעלעך צו דער טיי און ס'איז דאָרטן געווען אַזוי ברודיק, אין דער צייט, וואָס אין זאַל פאַר די „דוואָריאַנעס" זיינען געלעגן

ווייסע טישטעכלעך, און מ׳האָט געגעבן פּראַזשעט־לעפּעלעך. אַפילו דער שפּאַליר אויף די ווענט, איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער. וואָס שייך דער באַדינונג, האָט מען דיך דאָ באַדינט, ווי אַ פּריץ, און די באַדינער האָבן געהאַט אַ מער לייטישן אויסקוק ווי אין יענעם זאַל.

ס׳איז מיר בלויז פון ערשטן מאָמענט ניט אָנגענעם געווען וואָס איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף דער פראַגע. איך האָב געוואוסט פון צוויי מאכלים, פון באָרשט און פון „סאָאוס״, איז באָרשט האָב איך דעם שייגעץ געקאָנט מוחל זיין, ווייל דאָס האָב איך געהאַט צוויי מאָל אַ וואָך ביי מיינע לייט. אמת, איך האָב געהערט, אַז דער גויאישער באָרשט האָט אַ גאַנץ אַנדערן טעם ווי דער יידישער, וואָס שייך דעם „סאָאוס״ וואָס אַ נאַש־בראַט האָט אָנגערופן „סאָוועסט״ (און דערפאַר איז אָנגעגאַנגען דאָס ווערטל „סאָוועסט אין טראַקטיר״ ס׳הייסט, אַז נאַר דאָרטן איז דאָ געוויסן!), צו דעם מאכל האָב איך שוין יאָ חשק געהאַט, ווייל אָט דאָס געריכט איז נאָך מער געליבט געוואָרן ווי דער באָרשט. חוץ דעם האָט עס טאַקע געפּאַסט צום גאַנצן „רומל״, ווייל איך האָב מיין „סאָוועסט״ פאַרלוירן און געקאָנט אָנפייפן אַ מיידל וואָס האָט מיר אַזוי פיל צוטרוי אַרויס־געוויזן, האָט זיך דאָס מאכל זייער פיין צוגעפּאַסט.

פאַר דער צייט פון מיין איבערלייגן זיך, וואָס פון דיביידע מאכלים צו נעמען, האָט די „שיסטיאָרקע״ באַוויזן אויסצושפּרייטן אַ ווייסע סערוועטקע אויפן ווייסן טישטעכל, און האָט שוין אַפילו באַוויזן צו שטיין און וואַרטן וואָס איך וועל באַווילִיקן זיך הייסן דערלאַנגען. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיר אויסרעכענען די מאכלים וואָס זיי האָבן דאָרטן, נו, אַזוי ווי איך האָב ניט גע־וואוסט „מיט וואָס מ׳עסט זיי״ אָט די מאכלים, וואָס ער האָט מיר אויסגערעכנט, האָב איך מיר געהייסן דערלאַנגען אַ פּאָרציע „סאָוועסט״. ער האָט מיר דאָ גלייך געגעבן אַ רוק אונטער דאָס סלאָאיקל מיט „גאָרטשיצע״, וואָס איז פריער געשטאַנען ביי אַ זייט טישל, און איינצייטיק זאַלץ און פעפער, וואָס איז געגאַנ־גען צוזאַמען מיט דער „גאָרטשיצע״ און איז אַוועק. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער מיר אַריינגעבראַכט אַ טעלער קאַרטאָפליעס

מיט פֿלייש, וואָס איז געווען באַשמאָלצן מיט אַ ברוינער פֿלי־סיקייט (דאָס איז געווען דער „סאָוועסט"), און מיר דאָס געגעבן אַ שטעל אונטער אונטער דער נאָז, האָט ער ביי מיר געפֿרעגט, צי איך באַגער עפּעס צו טרינקען. האָב איך אים דאָ ווידער גע־פֿרעגט, וואָס ער האָט צו טרינקען, האָט ער מיר אויסגערעכנט אַ פּאָר סאָרטן ווייַן, ביר, און בראַנפֿן און איך האָב מיר געהייסן דערלאַנגען אַ „סאָטקעלע" שנאַפּס (אַ הונדערטל פֿון אַן עמער).

ווען ער איז אַוועק דורכפֿירן דעם באַפֿעל מייַנעם, האָב איך, פֿאַסמאַקענדיק זיך מיטן „סאָוועסט", געטראַכט: וויפֿיל עבירות איך באַגיי דאָ מיט איין מאָל: איך עס טריפֿה, חמץ, גנבה (צי גזילה). אמת אין הילכות טריף־כשר בין איך שוין ניט געווען קיין גרויסער מקפּיד. וואָס שייך חמץ, איז כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז שמייסן אויף יענער וועלט וועט מען מיך ניט דערפֿאַר, ווייל איך האָב שוין צו יענער צייט ניט געגלויבט אַז ס'איז דאָ אַ יענע וועלט, איז פֿונדעסטוועגן איז דאָס מיר געווען פֿריקרע, ווייל דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געגעסן חמץ אום פּסח. אָבער דאָס איז בלויז געווען ביי די ערשטע פּאָר ביסנס. דערפֿאַר אָבער האָט זיך מיר ניט אייַנגעגעבן צו פֿאַרשטיקן דעם „סאָוועסט" מייַנעם, וואָס איך עס גזילה. און ווען דער שייגעץ האָט מיך אַרייַנגעבראַכט דאָס קליין פֿלעשעלע ספּירט, האָב איך זיך אַ כאַפּ געגעבן צו דעם, געמיינט, אַז מיר וועט זיך אייַנגעבן צו „פֿאַרגיסן" דאָס געוויסן, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפֿן. פֿאַרקערט, וואָס מער אַ זופּ איך האָב געגעבן, האָט עס מיר אַלץ מער און מער אָנגעהויבן צו קאָראָבען...

איך בין ניט געווען דער אייַנציקער „דוואָריאַנין" אין זאַל. דאָרטן האָבן זיך געפֿונען נאָך אַ פּאָר זייעריקע וואָס זייַנען זיך געזעסן בהרחבה ביי די טישלעך. ווער פֿון זיי ס'האָט געגעסן און געטרונקען. און ווער ס'איז זיך גלאַט געזעסן איבער אַ גלאָז ביר און זיך דערביי געררויכערט אַ פּאַפּיראָס. איך האָב זיי אַלע־מען מקנא געווען אויף זייער רואיקייט, און באַזונדערס אייַנעם פֿון די ביר־טרינקער, וואָס האָט „געדיכעט" איבער דער גלאָז ביר, ווי ער וואָלט ניט צוליבן טרינקען אין טראַקטיר אַרייַנ־געקומען, נאָר צוליבן זיצן בלויז. איך האָב מיר געטראַכט, אַז

דער מוז זיין זייער אַ לייטישער מענטש, אַט טאַקע דערמיט וואָס ער זיצט איבערן געטראַנק און טרינקט אים ניט... און ווי ער וואָלט געוואָלט באַווייזן, אַז ער איז טאַקע געקומען צוליבן טרינקען און ניט צוליבן זיצן, האָט ער פון צייט צו צייט אַ זופּ געטאָן און מיט גרויס ישוב־הדעת צוריק אַוועקגעשטעלט די גלאָז־ביר. איך האָב ניט געוואוסט אויף וואָס מער אים מקנא צו זיין, צי אויפן ניט טרינקען, צי אויפן יאָ טרינקען. אַז וואָס ער האָט געטאָן, האָט עס אויסגעקוקט אַזוי פיין, אַזוי לייטיש...

איז מיר באַפאַלן אַ חשק אים נאָכצוטאָן. ס'הייסט טרינקען ווי ער טרינקט, און ווידער ניט טרינקען ווי ער טרינקט ניט, און האָב מיר געהייסן דערלאַנגען אַ גלאָז ביר און פּאַראייניוועגס אַ האַלב צענדליק פּאַפּיראָסן „ציגאַנקאַ”, פּאַרוואָס עפּעס ציגאַנקאַ? ווייל דאָס ציגיינער־מיידל, וואָס איז געווען אָפּגעמאָלט אויפן פּידעלע פון די ציגאַנקאַ פּאַפּיראָסן, איז געווען זייער ענלעך צו מיין באַלעבאָס טעכטערל...

געגעבן אַ פּאָר זופּ ביר, האָב איך מיר פּאַררויכערט איינע פון די פינף „ציגאַנקעס”, וואָס האָבן זיך אין אַ פּידעלע גע־פונען אין מיין אָרגאַניזם, ניט געוואוינט צו אַלקאָהאָל און ני־קאָטין, האָט זיך מיר דער קאָפּ אָנגעהויבן צו דרייען. און דער גאַנצער טראַקטיר מיט „הכל בכל” האָט זיך מיר אָנגע־הויבן צו קערעווען אַרויף און אַראָפּ פונקט ווי איך וואָלט אויף אַ שיף געפאָרן, און ס'האָט מיך אָנגעהויבן צו „האָדען”... און וואָלט עס געווען אין „אָבשטשי” (זאָל פאַר אַלעמען) וואָלט איך זיכער „אָפּגעזאָגט מחזור”, אָבער אין „דוואָריאַנסקי” ? אַ שיינער „דוואָריאַנין” וואָלט איך געווען !...

יאָ, אָבער דער ביר און בראַנפן און דער פּאַפּיראָס ווילן זיך דערמיט ניט רעכענען... פון מינוט צו מינוט ווערט מיר ערגער. די איינציקע זאַך מיט וואָס איך וואָלט זיך געקאָנט ראַטעווען, איז אַרויסגיין אויף דער פרישער לופט (אַזוי האָב איך אַלנפאַלס געגלויבט), האָב איך אָבער מורא געהאַט... כ'ווייס, טאָמער זוכט מען מיך ערגעץ דאָ צי דאָרטן אַרום, און אפשר נאָך מיט אַ פּאָליציייסקן דערצו.

דאָ איז מיר איינגעפאַלן, אַז אַפילו איצט נאָך דעם וואָס

איך האָב געפּטרט די פּאָר גילדן איז נאָך אַלץ ניט שפּעט, איך קאָן עס נאָך גוט מאַכן, ווען איך זאָל קומען און דערציילן דעם גאַנצן אמת אַז אַזוי ווי איך גיי שוין אַרום אַ לענגערע צייט אָן אַרבעט, און האָב שוין אַ פּאָר טעג ניט געגעסן, האָב איך ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און האָב זיך אַריינגעכאַפּט עפּעס אָפּצועסן, און דאָ האָט איר די רעשט געלט און טוט מיט מיר וואָס איר ווילט.

און געזען, אַז דאָס איז דאָס בעסטע וואָס איך קאָן טאָן אונטער די אומשטענדן, האָב איך טאַקע דאָ גלייך אַ וואונק געגעבן צום שייגעץ, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר, און ביי דעם דיקן ברוינעם פּאָרהאַנג וואָס האָט אָפּ־געטיילט די „דוואָריאַנסקי" פון דער „אָבשטשי" און ווען ער איז צו צו מיר, האָב איך ביי אים געפרעגט וואָס מיין אַכילה ושתיה טרעפט אָן, און דערהערט אַז אַרום און אַרום טרעפט עס אײנ־גאַנצן אָן עטלעכע און דרייסיק קאָפּיקעס, האָב איך אים טאַקע דאָ אויפן אָרט באַצאָלט (און אים נאָך געלאָזט אַ „פּיאַטאַקל" אויף „טיי") און האָב מיך הענדום־פּענדום אַוועקגעלאָזט „אַהין", יאָ, דאָרטן אַהין וואו איך האָב דאָס געלט באַקומען. אָפּגייענדיק אַ שיינער וועג, איז מיר איינגעפאַלן אַ נייער פּלאַן: אפשר קאָן איך ערגעץ קריגן צו לייען אָט דאָס געלט, וואָס מיר פעלט צום דרייערל און איר אַוועקגעבן... ווייל אויב שוין יאָ בלייבן אַ פיינער מענטש, טאָ פאַרוואָס זאָל איך איבער אַ צוויקל קאַליע מאַכן אַ העמד... אַי וואָס וואו בין איך געווען אַזוי לאַנג ? אויך אַן עסק!... נו, האָט מען ביי מיר פון קעשענע דאָס געלט אַרויסגעגנבעט, (ווי איינער האָט זיך טאַקע פאַרמאָסטן דאָס צו טאָן), און דערפאַר האָט עס מיר גענומען אַזוי לאַנג, ווייל איך האָב באַדאַרפט גיין צו פריינט און באַקאַנטע צונויפצושטשאָבען דאָס געלט, וואָס איך האָב ביי איר גענומען... אָבער וואו און צו וועמען גייט מען לייען דאָס געלט, וואָס איך האָב פאַרטאַכליעוועט ?...

צוויי ערטער האָב איך געהאַט, וואו איך האָב דאָס געלט ניט געקאָנט קריגן... (איך מאַך ניט קיין טעות, איך מיין דאָס, וואָס איך זאָג — „וואו איך האָב עס ניט געקאָנט קריגן") איינער פון די צוויי איז געווען מיין בן עיר,

און דער צווייטער — מיין ברודער. איך האָב אָבער פּאַראויס געוואוסט, אַז ס'איז אַ שווערע הלכה. מיין בן עיר, אַט דער זעלביקער מיט וועמען מיר זיינען איינצייטיק אַרויסגעפֿאָרן פֿון אונדזער שטעטל, און דער זעלבער, וואָס האָט מיר אַ וויזיט געמאַכט, צו אים גיין לייען געלט, און טאַקע נאָך אַט דעם וויזיט, האָט זיך מיר ניט געגלוסט אַזוי ווי שטאַרבן, און וואָס שייך מיין ברודער, איז ערשטנס אַ גרויסע פֿראַגע, צי איך וועל אים אין דער צייט פֿון טאָג טרעפֿן אין דער היים, און אַפֿילו יאָ, וועט זיך אָנהויבן אויספֿאָרשונגען צוליב וואָס, צוליב ווען. בקיצור, דאָס זיינען די צוויי ערטער, וואו איך האָב געקאָנט ניט קריגן די פּאָר גילדן וואָס האָבן מיר געפֿעלט, און וועגן אַנדערע... יאָ, אַז איך האָב זיי ניט געהאַט, האָב איך במילא ניט געהאַט וועגן וואָס צו טראַכטן, און אַזוי אַרומער האָט דער גאַנצער גוטער וואונטש מיינער אָנגעהויבן אויסצערינען. איך בין געבליבן שטיין ווי אַ פֿישער בלייבט אַמאָל „שטיין" אין מיטן ים, ווען ער ווערט פֿאַרכאַפּט פֿון אַ שטורעם. און פּונקט ווי ביים פֿישער בלייבט עפּעס אַנדערש ניט צו טאָן ווי גאָרנישט טאָן, פּונקט אַזוי בין איך שטיין געבליבן ניט אַהין ניט אַהער... און אָפּגעשטאַנען, ווער ווייס דאָרטן ווי לאַנג האָט מיך אַ בליאַסק געטאָן אַ גליקלעכער געדאַנק—אַ שפּרונג צו טאָן צו דער יידענע, ביי וועלכער איך האָב די נאַכט גענעכטיקט. און ביי איר בעטן אַ האַלבן קערבל אַן אוואַנס אויף דער ביינאַכטיקער אַרבעט, וואָס זי אַליין האָט מיך פֿאָרגעשלאָגן, ווען איך האָב איר איינדערפֿרי דערציילט פֿון דעם גאַנצן צושטאַנד פֿון מיינעם. זי האָט מיר געזאָגט, אַז אויב מ'וועט מיך אין ערגעץ ניט וועלן באַשטעלן אַרבעטן, וועל איך קענען אַרבעטן אויף איר זונס וואַרשטאַט, נאָך דעם ווי ער וועט נאָך זיין טאָג אַרבעט, פֿריילאָזן דעם וואַרשטאַט. דאָס מיינט, אַרבעטן ביינאַכט. קיין גרויסן חשק האָב איך דערצו ניט געהאַט, איצט־אָ אָבער... נו, יאָ, איך האָב דען געהאַט אַן אַנדער ברירה? אויף וועלכן סמך האָב איך געקאָנט קומען צו איר, זי זאָל מיר אַוואַנסירן די פּאָר גילדן, אַז די „געשעפֿטן", וואָס איך האָב מיט איר געהאַט געפֿירט, זיינען איבערגעריסן געוואָרן.

בקיצור, איך האָב אַוועקגעדראַלעוועט אַהין, צו אַט דער

יידענע, און געקראַגן די פּאָר גילדן, וואָס מיר האָט געפעלט צום דריידרל. איך בין מיט די קלינגערס אַוועק אויפן ריכטיקן אָרט, אָבער שוין ניט געטראָפן דעם ריכטיקן מענטשן, וואָס האָט מיר דאָס געלט פאַרטרויט. געטראָפן דאָרטן האָב איך אַ יידן מיט אַן אַרומגעשוירן בערדעלע, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין „ער״, דער טאַטע אירער.

— וואָס ווערט מען עפּעס זאָגן גוטס? — האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן גלייך ווי איך האָב אַריבערגעטראָטן די שוועל.

— וואו איז די באַרישניע? — האָב איך ביי אים געפרעגט מיט אַזאַ טאָן ווי ער וואָלט ביי מיר גאָרניט געפרעגט.

האָט ער אַזוי אַרויסגעבויגן דעם קאָפּ זיינעם און דאָס פּנים זיינס פון אונטערן פּאַראַסאָלכל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין צו־רעכט מאַכן, מיך אַ באַטראַכט געטאָן פון קאָפּ ביז די פיס און מיר געפרעגט, צו וואָס איך באַדאַרף די „באַרישניע״. נאָכן טאָן ווי ער האָט עס געפרעגט, איז שווער געווען צו דערגיין, צי ווייס ער פון דער מעשה, אַז די טאָכטער זיינע האָט איינעם פאַרטרויט אַ דריידרל, און „יענער״ האָט זיך ניט געוויזן צוריק, צי ווייס ער ניט. ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז ער ווייס פון דער מעשה, וואָלט איך פּשוט און פּראָסט אים געענטפערט, אַז איך האָב גע־בראַכט דאָס געלט וואָס זי האָט מיר אָנפאַרטרויט איך זאָל עס אויסבייטן. אָבער ס'האָט גריילעך געקאָנט מעגלעך זיין, אַז זי זאָל זיך האָבן געשעמט דאָס אים צו דערציילן, און דאָ וועל איך פּלוצים אַרויספּאָרן און זאָגן... ניין, דאָס האָב איך ניט געקאָנט און דערפאַר בין איך געשטאַנען ווי אַ גלאָמפּ.

— איך באַדאַרף זי עפּעס האָבן! — האָב איך נאָך אַ לענגערער פּויזע אַ מורמל געטאָן.

דער ייד, ווי ער וואָלט ניט געהערט דעם ענטפער מיינעם, האָט זיך פאַרגעזעצט זיין אַרבעט, און דערביי האָבן זיך געטער־לעפּעט די ווייסע יום טובדיקע אַרבל זיינע. ערשט נאָך אַ היבשער פּויזע האָט ער געלאָזט הערן די שטים פון אונטערן פּאַראַסאָל־דעכל:

— סאָניע? סאָניע! גיי נאָר דאָרטן, עפּעס אַ „קאַוואַ־ליערטשיק״ פרעגט זיך דאָ אויף דיר!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי זיך באַוויזן פונם שמאָלן טיר־חלל, וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ ציצענעם פאָרהאַנג. דערזעענדיק מיך, איז זי געבליבן שטיין אַזאַ פאַרגאַפטע ווי איינער וואָלט געקאָנט בלייבן שטיין, ווען פאַר זיינע אויגן וואָלט פלוצים „דערשינען” אַ מענטש וועמען ער האָט גע־האַלטן פאַר טויט. דער ייד, וואָס איך בין שוין זיכער געווען, אַז דאָס איז דער טאַטע אירער, האָט אַרויסגעדרייט דאָס פּנים זיינס פון אונטערן פאַראַסאָל־דעכל און אַ ווײַלע אונדז ביידן באַטראַכט מיט נייגעריקייט און רואיקייט און צולעצט גאַנץ געלאַסן אַ פרעג געגעבן:

— דאָס איז ער ?...

דאָס מיידל האָט ניט געענטפערט. סיי־ווי, ס׳איז ניט נויטיק געווען, זי זאָל אים אויף דעם ענטפערן, ווייל אין דעם מאָמענט האָב איך אַראָפּגעלאָזט די האַנט אין קעשענע און איר דער־לאַנגט אַ זשמעניע זילבער. דאָס מיידל סאָניע, האָט אונטער־געשטעלט די הענט, אין וועלכע איך האָב איר דאָס זילבער אַריינגעשאָטן, און פריידיק געזאָגט צום טאַטן צו אירן:

— נו, טאַטע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט ?...

— אַז אַ נאַרישקייט געראָט, איז דאָס אויך אַ חכמה ! — האָט זיך דער פאָטער אָפּגערופן.

און מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ ביטול־קוק פון אויבן ביז אַראָפּ, האָט ער אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, און ווי פאַר זיך אַ מורמל געטאָן:

— וועמען האָט עס געקאָנט איינפאַלן, אַז אין אָדעס זיינען דאָ אַזעלכע יאָלדן !

אַ שיינער קאָמפּלימענט!... אמת, איך האָב געוואוסט, וואָס מיך האָט געצוואונגען אָפּצוברענגען דאָס געלט, אָבער ער האָט עס דאָך ניט געוואוסט ! דאָס מיידל האָט, קאָנטיק פאַרשטאַנען, אַז דעם פאָטערס באַמערקונג האָט געקאָנט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק אויף מיר, האָט זי זיך גלייך געלאָזט הערן און געזאָגט, ציילנדיק דאָס געלט, איך זאָל ניט לייגן קיין אַכט, וואָס דער פאָטער זאָגט, איר פאָטער האָט זיך ליב צו ווערטלען. און איינ־

צייטיק ווי זי האָט אים אַריינגעשאָטן דאָס זילבער אין איינער פון זיינע קעשענעס, האָט זי מיט אַ בייזערל געזאָגט:

— פיו קאַקאַי טי! ער קאָן מיינען, אַז דו מיינסט עס אויף אַן אמת!

און צו צו מיר, און זיך נאָענט אַוועקגעשטעלט, ווי אַ נאָענטע, האָט זי אַן אויפגעהייטערטע און אַ בייגעריקע ביי מיר געפרעגט, וואָס ס׳האָט ביי מיר אַזוי לאַנג גענומען ביז איך האָב מיך צוריק געוויזן מיטן געלט, האָב איך איר דערציילט, אַז אַ מאַרעוויבער האָט ביי מיר פון האַנט אַרויסגעריסן דאָס דרייערל, און איז ווי אונטער דער ערד פאַרשוואונדן געוואָרן, און איך האָב געהאַט אַן אַרבעט צו לויפן צו באַקאַנטע און פריינט און ביי דעם געכאַפּט אַ האַלבן רובל, ביי דעם אַ פערטעלע, ביי איינעם דרייסיק, ביי אַ צווייטן, ביז וואַנעט איך האָב צונויפגעקלאַפּט דאָס דרייערל, און דערפאַר האָט עס ביי מיר אַזוי פיל צייט גענומען.

— בעדניאַזשקאַ! (אָרעם יינגל) — האָט זיך דאָס מיידל אָפּגערופן, און די אויגן האָבן זיך ביי איר אָנגעפילט מיט טרערן. און דאָ גלייך איז זי אַריבער צום פאָטער, אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף אַן אַקסל און מיט געבעט און הכנעה אין קול ביי אים געפרעגט:

— פּאַפּאָטשקאָ, אפשר האָסטו פאַר אים אַרבעט?

נו, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אויב אַזוי האָט זיך עס מיר שוין געלוינט. נאָך דער נאָבעלער האַנדלונג נאָך מיינער, וועט דער ייד מיך שוין באַשטעלן ביי זיך אַרבעטן, מעג ער אַפילו זיך ניט נויטיקן אין קיין אַרבעטער. אמת טאַקע, ער האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע באַגייסטערונג פאַר מיין אָפּברענגען דאָס געלט צוריק, אָבער איינס מיטן דריטן איז ניט קיין מחותן.

— איין סעקונדע! — האָט דער פאָטער געענטפערט, און נאָך דער „סעקונדע" וואָס האָט גענומען אַ היבשע עטלעכע מינוט, האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ פּרואוו געטאָן דאָס שירעמל, צי ס׳פאַרמאַכט זיך און עפנט זיך, און איבערגעגעבן דאָס שירעמל דעם מיידל אין די הענט אַריין, האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פּאָר שפּיצן, וואָס האָבן באַדאַרפט אַרומגענייט

ווערן, ערשט נאָכדעם האָט ער אָראָפּגענומען די פּענסנע פון דער נאָז, מיך אַ שפּאָגל נייעם באַטראַכט געטאָן און מיך אַ נעם געטאָן אויף דער הענטשקע וואו געאַרבעט, און ביי וועמען איך בין אין דער לערע געווען, און איך בין געווען ניט ווינציק איבערראַשט וואָס ער האָט גאַנץ גלייכגילטיק אויסגעהערט די ווידוי מיינע און גאַנץ גלייכגילטיק געזאָגט:

— כ'ווייס? איצט איז דאָך יום טוב, קום אַריין נאָך יום טוב.

אין דעם „כ'ווייס" האָט געשטעקט אַ ניט זיכערקייט, אָבער איך האָב עס באַדאַרפט וויסן אויף זיכער, ווייל אַוועק־גיין פון „דאָרטן", ניט באַוואָרענענדיק זיך פריער מיט אַ פּלאַץ וואו צו אַרבעטן, וואָלט עס געמיינט דאָס זעלביקע ווי אַ גנב וואָלט זיך אַרויסגעלאָזט ערגעץ „מאַכן" אַ גנבה ניט באַוואָרענענדיק זיך פריער מיט אַ פּלאַץ וואו די גנבה אָפּצו־שטעקן. דערצו האָט זיך מיר געוואָלט וויסן אויף וועלכע באַדינגונגען ער דענקט מיך צו באַשטעלן אַרבעטן ביי זיך. אפשר וועלן זיי זיין אַזעלכע, וואָס דאָס גאַנצע עסק וועט זיך מיר ניט לוינען (דאָס וואָס אליה האָט מיר געהאָט גע־וואָרנט). איך האָב מיך טאַקע ניט געפוילט און ביי אים אַ פרעג געגעבן, נו, האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט אויפצוכאַפּן וואָס פאַר אַ תנועהלע אָט דאָס יידל האָט אין דעם מאָמענט אַ מאַך געגעבן, און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַזאַ קוק ווי ער וואָלט מיך אָקאָרשט נאָר־וואָס דערזען, האָט ער זיך ביי מיר אַזאַ פרעגעלע געגעבן:

— וואָס־זשע, ווילסט זיך מיט מיר דינגען?...

נו, האָב איך שוין דערזען וואו איך האַלט מיט אים, און האָב מיך גענומען שאַרן צו דער טיר, ערשט אַז דאָס מיידל גיט צו מיר אַ זאָג מיט אַ זויערער מינע:

— דאָך, כאַפּט זיך אַריין צו אונדז נאָך יום טוב.

איך האָב איר זייער פיין באַדאַנקט, און זיי פאַרלאָזט אָן אַ „זייט־געזונט".

איז וואָס איז מיר געבליבן ווייטער צו טאָן? גיין אין אַן אַנדער פּלאַץ זוכן אַרבעט? ניין, אַזוי ווייט נאַריש האָב איך

שוין ניט געקאָנט זיין. מה־דאָך מ׳האָט מיך דאָ געקאָנט באַ־
האַנדלען, ווי אַ גנב, ווען ער ברענגט דיר הינטער דער פּאָלע
אַ גנבה, דאָ וואו איך האָב אַזאַ אָרנטלעכקייט באַוויזן, טאָ
ווי קאָן שוין ערגעץ אַנדערש זיין? איז פאַר מיר קיין אַנדער
ברירה ניט געבליבן ווי גיין צוריק אין מיין רו אַריין. דאָ אָבער
האָב איך מיך דערמאָנט אינם האַלבן רובל, וואָס איך האָב ביי
דער יידענע געליגן און איר צוגעזאָגט ביינאַכט דאָס אָפּצו־
אַרבעטן, און ניט געזען קיינע אויסזיכטן ווי אַרום איך קאָן איר
דעם חוב אָפּגעבן, איז מיר דאָ ווידער געוואָרן זייער ביטער.
אָנפייפן איר סיי פאַר אָט דער טובה און סיי פאַר דער גאַסט־
פריינדלעכקייט, וואָס מיר איז אין דעם הויז אַרויסגעוויזן
געוואָרן, האָט מיר דאָס האַרץ ניט געלאָזט, האָב איך טאַקע
גלייך געענדערט דעם מאַרשרוט מיינעם, און זיך געלאָזט גיין
אַהינצו, הגם ס׳איז נאָך אַפילו פרי געווען צוגיין, ווייל פריער
ווי פאַר זעקס, צי זיבן אַ זייגער, האָב איך דעם וואַרשטאַט ניט
געקאָנט קריגן, אָבער ניט האָבנדיק סיי־ווי וואוהין צו גיין,
בין איך אַהין אַוועק. דאָ אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער
יונגאַטש האָט דעם טאָג גאָר אינגאַנצן ניט געאַרבעט, ער
האָט זיך אָנגעברוגזט אויף דער מאַמע אויף זיינער דערפאַר
וואָס זי האָט אים ניט געגעבן די עטלעכע קאָפּיקעס, וואָס ער
האָט געהאַט געבעטן. און די מאַמע זיינע האָט מיר געמאַכט
אַ פאָרשלאָג, איך זאָל פאַרנעמען דעם וואַרשטאַט זיינעם, און
אַזוי אַרום איז מיר דאָ פאַרגעשטאַנען צו ווערן אַ סטרייק־
ברעכער, נאָך איידער איך בין אַן אַרבעטער געוואָרן, הגם
דאָ האָט עס געטראָגן אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער, דאָ האָט
פאַרסטרייקט אַן אייגענער זון אַנטקעגן זיין אייגענער מוטער,
אָבער אָנגענעם איז מיר די געשיכטע ניט געווען, איך האָב מיך
דערוויילע פאַרנומען צוצוגרייטן צו מיין ביינאַכטיקער אַר־
בעט. איך האָב אַראָפּגענומען די לעכערדיקע צעראַטע, דעם
צעלעכערטן טישטוך, האָב אָנגעשמירט דעם וואַרשטאַט אָנ־
געגעצט די שטריק, אויסגעשליפן די דאַליטע און אין אַ פּופּצן מי־
נוט אַרום, ווען איך בין שוין געשטאַנען און „געקאַטשעט״
די שטעקעלעך, איז אָנגעקומען דער יידענעס מאַן אַ ביסל אַ

פאַרשנאַשקעטער, און זיך אויף אַ שטילן געמיטלעכן אופן, דער־ציילט, אַז ער האָט אָקאָרשט אַריבערגעפּעקלט אויף יענער־וועלט אַ גרויסן גביר, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסאַרטיקע לוויה, וואָס אַדעסער יידן האָבן נאָך ניט געזען.

טז

„איך פיל זיך ווי אַ נעכטיקער" — קאָן מען אָפט הערן איינעם זאָגן נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט. דאָס איז ניט קיין פּוסטע פראַזע גלאַט אין דער וועלט אַריין, און באַזונדערס פאַר יענע וואָס האָבן דורכגעלעבט אַ נאַכט־קאַטאַסטראָפע, ווי אַ שרפה צי עפּעס אַן אַנדער אומגליק, — ביי זיי בלייבט אַזאַ איינדרוק, אַז זיי זיינען פאַרבליבן שטעקן אינם נעכטן, ווייל זיי זיינען מיט זייער גאַנץ וועזן פאַרזונקען אינם נעכטן, און דאָס מיינט מיט דער נעכטיקער קאַטאַסטראָפע.

עפּעס ענלעכס האָב איך אויף מאָרגן איבערגעלעבט נאָך דער נאַכט וואָס איך בין אָפּגעשטאַנען ביי דער אַרבעט. ווען ס'איז אַמאָל אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַ נאַכט ביי דער אַרבעט (ניט קיין חילוק וועלכע אַרבעט), דער יעניקער וועט וויסן וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט. אָט ווי איינזאַם דו זאָלסט זיך ניט פילן ביי־טאָג, איז דאָס גאָר קיין פאַרגלייך ניט מיט דער איינזאַמקייט ווען דו איינער אַליין ביסט אויף, און די גאַנצע וועלט איז אין טיפן שלאָף פאַרזונקען. עס שאַפט זיך ביי דיר אַזאַ איינדרוק, אַז דו ביסט עפּעס אַן אָפּגעריסענער, אַן איזאָ־לירטער פון דער גאַנצער וועלט און פון אירע באַזיצער. ביזט אַ יתום, אַ וועלט־יתום, אָבער דו אַליין ווייסט עס בלויז, די גאַנצע וועלט וויים ניט דערפון, ווייל זי איז פאַרזונקען אין נאַכטיקער רו און אין נאַכטיקן שלאָף...

און וואָס נאָך מערקווירדיקער, — וואָס צו זיך אַליין פילט מען עפּעס אַ פרעמדקייט. סיי די געדאַנקען, סיי די געפילן גייען ביי דיר עפּעס גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג. דו טראַכסט טיפער, און פילסט טיפער ווי ביי־טאָג... דערטאַפּסט ביי זיך

אַזעלכע געפילן, וואָס זיינען ניי פֿאַר דיר, און במילא פרעמד... מאָמענטנווייז האָב איך אַפילו אַזאַ פֿאָרשטעלונג געהאַט, אַז אויפן פנים איז ביי מיר אַ פֿאַרענדערונג געקומען... און די הענט מיינע האָבן מיר אויסגעזען עפּעס ווי פרעמדע... איך האָב געקוקט אויף זיי, אויף די הענט אויף מיינע, ווי זיי אַרבעטן, און ווי זיי וואָלטן געאַרבעט אָן מיר... די אַרבעט, די שטעקלדיקע אַרבעט, איז געגאַנגען מעכאַניש און דערפֿאַר האָט מיין מוח פריי „געאַרבעט” און מיר געבראַכט איין בילד נאָך דער אַנדערער, בילדער און ערינערונגען פון מיין פריסטער יוגנט וואָס איך האָב שוין געהאַט לאַנג פֿאַרגעסן (צי געמיינט אַז איך האָב שוין לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן), און דאָ זעסטו צוויי ליכט אַנטקעגן זיך, צוויי ליכט אַריינגעשטעקט אין לייכטער. איך זע זיי, די ליכט, נאָר זע ניט אין וועלכער סביבה זיי געפינען זיך, איך בין אונטערן פולן איינדרוק, אַז אָט די צוויי ברענענדיקע ליכט האָבן עפּעס אַ שייכות מיט די אַלע בילדער וואָס זיינען ווי אויפגעשטאַנען תחית־המתים... אַפילו די געשטאָרבענע טאַטע־מאַמע געזען ווי זיי וואָלטן צו מיר אויף דער וואָר צו חלום געקומען...

דער שלאָף האָט ממש געצויגן דאָס חיות פון מיינע ביינער, און וואָס פֿאַר אַ מיטלען איך האָב ניט האָבן אָנגענומען צו פֿאַרטרייבן פון זיך דעם שלאָף, האָט דאָך אַ פּאָר מאָל געטראָפן, וואָס איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן אַזוי שטייענדיק ביים וואַרשטאַט. איך האָב אַפילו ניט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס אַנטשלאָפן ווערן מיינס איז צו מיר געקומען, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב זיך, אָט וויפיל מאָל דאָס האָט געטראָפן, זיך אויפגעכאַפּט מיט גרויס דערשרעק. איינמאָל האָט עס געטראָפן, ווען דאָס שטיקל געצייג איז מיר אַרויסגעפאַלן פון די הענט, אַ צווייט מאָל ווען איך האָב דערהערט ווי אַ קלויסטער־גלאָק האָט זיך ערגעץ צעקלונגען, און אַ דריטן מאָל ווען איך האָב פּלוצים דערהערט, ווי עס צאַפּט זיך וואַסער פונם קראַן, וואָס האָט זיך געפונען הינטער מיין פּלייצע אין איינעם פון די קיך־ווינקלען. אָבער נאָך גרעסער איז געווען מיין איבערראַשונג ווען איך האָב ביים קראַן דערזען דאָס בערעזע־מיידעלע, און

דאָס האַרץ האָט ממש אָנגעהויבן אין מיר צו „בעכען״ דער־זעענדיק זי שטיין ביים קראַן מיטן פּנים אין ווינקל אַריין, האַלטנדיק אין איינע פון אירע אַנטבלויזטע הענט, וואָס האָבן מיט אומשולדיקער בלאַסקייט אַרויסגעקוקט פון איר נאַכט־העמד, אַ גלאָז, אין וועלכער זי האָט געלאָזט לויפן דאָס וואַ־סער. צו מיר האָט געקוקט דער טיפער אויסשניט פון דעם העמד, וואָס האָט איר געגרייכט ביז די קנעכל, און די צוויי לאַנגע, האַרטע און געדיכטע פאַרפלאָכטענע בלאָנדע צעפּ, וואָס האָבן איר געגרייכט ביז העט אַראָפּ. און דאָ גלייך איז מיר איינ־געפאַלן: אפשר איז דאָס בלויז אַ מאַניפאַרגע אָט דאָס צו־קומען מיט דער גלאָז און דאָס לאָזן צאַפּן דאָס וואַסער פונם קראַן, אפשר האָט זי גאָר אַן אַנדער כוונה דערביי, וואָס זי איז אויסן צו פאַרמאַסקירן אָט דאָס פּלוצלומדיק דערשיינען אירס אינמיטן נאַכט. און אויב אַזוי, טאָ וואָס שטיי איך ווי אַ לאַמך?...

דערווייל האָב איך איבערגעריסן די אַרבעט, און בכדי זי זאָל ניט מיינען, אַז איך האָב די אַרבעט איבערגעריסן, האָב איך מיך פאַרנומען „ווערצווען״ די דאָליטע און דערביי געקוקט אויף דעם האַלב־רונדן אויסשניט פון איר העמד, פון וואַנעט ס׳האָט אַרויסגעקוקט דאָס מאַטאָווע פּלייצע־לייב אירס, און ס׳האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז די פּלייצע ווייס, אַז די פּלייצע פילט ווי ס׳קוקן אויף איר און פרעסן זי קוקנ־דיק צוויי מאַנסבילשע אויגן, און אויב די פּלייצע ווייס עס און זי פילט עס, פילט מען עס פון „יענער זייט״ אַוודאי און אַוודאי, נאָר מ׳מאַכט זיך ניט וויסנדיק, און מ׳צאַפּט זיך דאָרטן און מ׳לאָזט לויפן דאָס וואַסער פונם קראַן... און בכדי צו מאַכן אַ סוף דערמיט, האָב איך צו דער פּלייצע און צו יענער זייט וואָס האָט זיך געפונען פון יענער זייט פּלייצע געזאָגט:

—פריידעלע, איך האָב ערשט ניט לאַנג אָפּגעלאָזט דאָס וואַסער, איך האָב מיר געגאָסן וואַסער אויפן קאָפּ...

זי האָט גלייך דעם קראַן פאַרדרייט, און זיך אויסגעקערע־וועט צו מיר מיטן פראָנט מיט אירן און מיט אַ פאַרווירט שמייכעלע און מיט פאַרזשמורעטע אויגן, ווי ביי אַ יונג קעצל די ערשטע צייטן נאָך דעם וואָס האָט די אויגן געעפנט און

דערזען די ליכטיקע שיין, האָט זי גענומען טרינקען דאָס וואַסער פון גלאָז. דאָס פּנים אירס, וואָס איז געווען אַוואַל און ניט פיל גרעסער פון אַ גענדזן איי, איז געווען בלאַס, און איין לעפל פון אירע אויערן, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער אירע געדיכטע בלאָנדע האָר, איז געווען צינטער רויט. איך האָב געקוקט אויף איר און געזען ווי דאָס זופּט זופּנווייז דאָס וואַסער און האַלט דערביי אַראָפּגעלאָזט די אויגן אירע צום גלאָז און צום טרינקען און ס׳איז ממש צו זען ווי דאָס מיידל וואַרט אויף עפּעס...

איך האָב זי מיט ביידע הענט געגעבן אַ כאַפּ אָן ביים ווייכן פלייש פון די הענט פון אירע און איך בין געווען איי־בערראַשט דערפילנדיק, אַז אָט די בלאַסע הענטעלעך זיינען געווען זייער הייס. איך גיב איר אַ קוש אין אָט דעם ווייכן לייב, און זי, זי צעשמייכלט זיך נאָך ברייטער, און קוקט אַזוי אַראָפּ און וואַרט אויף דאָס ווייטערדיקע... איך פיל, אַז איך הויב אָן צו פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך. איך גיב איר אַ קוש אין איינעם פון די ברוסטלעך, וואָס צייכענען זיך אַרויס פונם העמד, און זי גיט מיר אין דעם מאָמענט אַ לייג אַוועק אַ הענטל אויף מיינעם אַן אַקסל, און איך גיב זי מאָמענטאַל אַ כאַפּ אַרום ביים דינעם טאַלעכל, און זי ווי זי וואָלט נאָר אַרויסגעקוקט און געוואַרט אויף דעם, גיט אַ פאַרוואָרף ביידע הענטלעך אַרום מיר, און גיט זיך אַ טוליע צו צו מיר מיט איר גאַנצן באַשטאַנד, מיר שטייען שוין צונויפגעגאָסענע ווי איין מענטש מיט איין באַגער און מיר אָטעמען איינס אויף דאָס אַנ־דערע מיט פייער, און ביידע ווי איינער הויבן מיר אָן צו פאַר־לירן די פיס אונטער זיך...

אין דעם מאָמענט האָט זיך פון אַ ווייטן ביינאַכטיקן ערגעץ דערהערט אַ קלאַנג „באַאום״ פון אַ קלויסטער גלאָק. דאָס מיידעלע האָט זיך ווי פון אַ בייזן חלום אויפגעכאַפּט און זיך געגעבן אַ טייל אָפּ פון מיר און נאָך איידער ס׳האָט אויפ־געהערט דאָס הודען פון דעם קלאַנג, איז זי שוין געהאַט פאַר־שוואונדן און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט אַ צווייטער קלאַנג, און דאָס מיינט אַז ס׳איז שוין געווען צוויי אַזייגער.

דאָס הודען האָט זיך לאַנג געלאָזט הערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, זיך געטראָגן אין די לופט־כוואַליעס ווי אַ בייז־ברומערײ פון אַ מאָנסטער־חיה. מיר איז אַזוי אומהיימ־לעך געוואָרן, דערפילנדיק אײנצײיטיק אַ וויסטיקע חרטה וואָס איך האָב אַרויסגעלאָזט אַזאַ געלעגנהייט פון די הענט אַרויס. און איך האָב אין מיין גאַנצן וועזן דערפילט, ווי אַלץ איז עפּעס ווי צעשאָקלט און צעטרייסלט אין מיר, פּונקט ווי אַ מאַשין מיט צעשרויפטע שרויפן, און זיך איינגעשפּאַנט צוריק אין וואַרשטאַט און אַזוי גלייך ווי איך האָב אַ דריי געטאָן די ראָד, האָב איך דערפילט אַז ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבעט וועל איך שוין ניט קאָנען. האָב איך שטאַרקער דאָס פענצטער צעפּראַלט און זיך ביים פענצטער אַוועקגעשטעלט, האָב איך מיך אין הויף פאַרקוקט, און געזען ווי אַלע פענצטער פון די צוויי־גאָרנדיקע פליגלען גלאַנצן מיט נאַכטיקן חושך, האָב איך זיי אַזוי מקנא געווען, אָט די מענטשן, וואָס רוען זייער נאַכטיקע רו, געשיצט פון אָט דער פינצטערניש. דאָ און דאָרטן געזען איינעם און אַ צווייטן פענצטער באַלויכטן מיט בלויער שיין פון בלויע נאַכט־לאָמפּן, וואָס האָבן דערציילט פון צופרידנקייט און מנוחה פון פאַמיליע לעבן. בלויז איך איינער אַליין, בין פאַרשאָלטן פון וועלט און פון מענטשן, פּייניק זיך דאָ מיט אויף־זיין אין די נאַכטיקע שעהן.

ס׳איז מיר קאַלט געוואָרן. איך האָב צוגעמאַכט דאָס פענצ־טער, און אָנגעשאָטן עטלעכע הויפנס שפענדלעך אין דער פּליטע, האָב איך זיי אונטערגעצונדן און זיך אַוועקגעשטעלט וואַרעמען. האָב איך געקוקט אויף די שמוציקע טעפּ, וואָס זיינען געווען אָנ־געפילט מיט וואַסער, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז די נשמה מיינע האָט דאָ צווישן די טעפּ איבערגענעכטיקט. נאָכ־דעם האָב איך איבערגעציילט די אַרבעט מיינע, און געזען אַז ס׳פעלט נאָך אַ קלייניקייט צו סילוקן דעם חוב מיינעם, האָב איך מיך אָנגענומען מיט כוחות און מיטן רעשט פאַרטיק געוואָרן מיטן טאָג גלייך.

אָבער דאָס טאָגן האָט מיר קיין ברעקל פרייד ניט פאַר־שאַפט, פאַרקערט, ס׳האָט נאָך גערדיכטער געמאַכט דעם אומעט

מיינעם און דער עיקרשט דער מאָדנער איינדרוק, אַז ס׳קומט ניט אָן קיין נייער טאָג, נאָר אַז דער נעכטן הויבט זיך מיר אָן אומ־צוקערן, נאָר פון אַ צווייטער זייט. אַוועק איז ער מיט מערב און דאָ קומט ער מיר אָן מיט מזרח. דאָס איז זייער אַ פיינלעך געפיל. ווייל וואָס קאָן זיין ערגער דאָס געפיל, אַז דער היינט איז ניט דיינער, אַז פאַר דיר איז דער נעכטן דער היינט...

---

ס׳איז ווייט ניט ריכטיק די אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונג, אַז מענטשן איז ניט קיין חילוק, וואָס זיי טוען, אַבי געלט צו פאַרדינען. אין דער נאַטור פון יעדן מענטשן, אין איינעם מער, אין איינעם ווייניקער, הויערט אַ געפיל פון עפּעס צו שאַפן, עפּעס ס׳זאָל זיין אויף וואָס צו קוקן. איינער זוכט עס צו דער־גרייכן מיט גייסטיקע כוחות, אַ צווייטער מיט די פיזישע. דאָס איז דער אינערלעכער אונטערבאַוואוסטזיניקער דראַנג פון איינ־שאַפן זיך אַ שטיקעלע אייביקייט, אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויס־דריקן. איך בין אין דער הינזיכט ניט געווען קיין אויסנאַם.

און דערפאַר, קאַנטיק, איז מיר אַזוי שווער געפאַלן די ביינאַכטיקע אַרבעט. ווען איך וואָלט געשטאַנען ביי אַ רעכטער אַרבעט, דעמאָלט אפשר וואָלט דער שלאָף ניט געהאַט אַזאַ שליטה אויף מיר. אַנדערש איז אַבער, ווען דו נודיעסט זיך ביי אַזאַ אַרבעט, ווי אַט די שטעקעלעך, וואָס דו ווייסט, אַז ס׳ווערט אַרויסגעוואָרפן אין מיסט אַריין באַגלייך מיטן שפּאַגאַטל, צו וועלכן דאָס שטעקעלע ווערט צוגעבונדן, און מיטן פּאַפּיר, וואָס די סחורה, וואָס דער קונה האָט איינגעהאַנדלט, ווערט פאַרפּאַקט.

און דאָס איז אויך געווען די אורזאַך, וואָס איך האָב מיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. איך מיין, ווען דער אייגנ־טימער פון וואַרשטאַט האָט מיר אויף מאָרגן, אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך באַוויזן אין קיך מיטן האַנטוך אויפן אַקסל און מיר פאַרגעשלאָגן איך זאָל ווערן דער ממלא מקומו, ס׳הייסט אַז איך קאָן אויף בייטאָג פאַרנעמען דעם וואַרשטאַט זיינעם.

און וואָס דענקט ער אַליין צו טאָן? איז מיר אינטערעסאַנט געווען צו וויסן.

האָט ער זיך אונטערגעשמוכעט מיט אַביסעלע פאַרווירט־קייט און געענטפערט, אַז ער ווערט אַ קאַסטן־מאַכער — קאַסטנס, אָרונס פאַר מתים.

ווען זיין טאַטע וואָלט ניט געווען קיין „מאָלאַטשע", וואָלט איך מיך געוואונדערט, וואָס אים איז גראָד איינגעפאַלן אָט די מלאכה אין קאָפּ אַריין. אַזוי אָבער בין איך ניט געווען שטאַרק איבערראַשט און אים באַדאַנקט, האָב איך אים געזאָגט „אַ גוטן טאָג" און בין אַוועק.

אין דרויסן איז געווען זוניק און וואַרעם. אָט ווי עס קאָן זיין וואַרעם אין דער צייט פון יאָר אין דעם דרומדיקן קלימאַט. ס'איז געווען צו האָפן, אַז שפּעטער, ווען די זון וועט זיך אַרויפ־הויבן העכער, וועט זיין נאָך וואַרעמער.

וואוהין איך האָב מיך געלאָזט גיין, האָב איך אַליין ניט גע־וואוסט, הגם איך האָב שוין איינגעזען, אַז איך וועל מיך מוזן צוריק אומקערן אַהין, פון וואַנענט איך בין אַזוי אומדערוואַרט אַוועק. צי מ'וועט מיך צוריק צונעמען? אָ, וועגן דעם האָב איך קיין זאָרג ניט געהאַט. וועגן וואָס איך האָב יאָ געזאָרגט, איז וועגן דעם קבלת פּנים, וואָס איך וועל דאָרטן קריגן.

קלאָר, אַז נעמען גלאַט אַזוי זיך און קומען, אָן אַ וועלכן עס איז תירוץ, וואָלט איך באַדאַרפט זיין אַ „מאבד עצמו לדעת", דאָס מיינט, פּשוט זיך מפקיר זיין, אויב ניט דאָס לעבן מיינס, איז די ביינער מיינע. טאָ וואָס טוט מען פאָרט? וואָס פאַר אַ תירוץ טראַכט מען אויס?

דערווייל בין איך געגאַנגען אין דער ריכטונג, וואָס האָט מיך געפירט „אַהין". און געגאַנגען בין איך מיט יענער ריכטונג בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ערגעץ אַנדערש וואוהין צו גיין, האָב איך ניט. אָט בין איך שוין אין צענטער פון שטאָט. און האָב נאָך אַלץ קיין תירוץ ניט צוגעטראַכט. יאָ, וואָס קאָן מען דען צוטראַכטן נאָך אַזאַ לאַנגער אָפּוועזנהייט? ס'האָט געמוזט עפּעס ערנסטעס מיט מיר טרעפן, איך זאָל נעלם ווערן אויף קאָרגע דריי מעת לעת. טאָ ווי — וואָס פאַר אַן

ערנסטקייט קאָן דאָס זיין, ווען איך וועל מיך ווייזן געזונט און שטאַרק?

קריסטן און יידן שפּאַצירן אין די גאַסן. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די ווינטערדיקע מלבושים, זעען זיי אויס דינער און לייכטער. אפילו די הייזער זעען אויס, ווי זיי וואָלטן רעדוצירט פון זייער שטיינערנער וואָג. יאָ, אַדאַנק די צעפּראַלטע פענצטער, און אַדאַנק די פאָרהאַנגען און פאָרהענגלעך, וואָס האָבן געפלאַ־טערט אַריין און אַרויס, האָב זיך באַקומען אָט דער איינדרוק. די גאַסן זעען אויס ברייטער, נאָכדעם ווי די הרובעס שניי, וואָס זיינען ביי די זייטן טראָטוואַרן געלעגן, זיינען אָפּגערוימט גע־וואָרן. אַרום די ריטל־ביימער דרייען זיך מיט פליגל און פליען מיטן דרייען זיך אַהין און אַהער הונדערטער פויגעלעך און באַ־קוויטשען דאָס אַריינפליען זייערס אין די ביימער און דאָס אַרויס־פליען. באַקוויטשען און באַזינגען דאָס פריי־פייגלדיק לעבן זיי־ערס. און דאָס אַלץ צוזאַמען וועקט אַזאַ ווייַנענדיקע בענקשאַפט אין האַרצן. איך בין מקנא די מענטשן, פון וועלכע ס'שיינט אַרויס דער נחת פון דעם אָנגעקומענעם פרילינג, און אפילו די הימלאָזע הינט, וואָס לויפן פאַרביי פון צייט צו צייט הין און צוריק, בין איך מקנא. מקנא אויף דעם, וואָס זיי איז קיין חילוק ניט וואוהין צו לויפן, און וואָס זייער היימלאָזיקייט איז זייער היים געוואָרן.

דאָ איז מיר איינגעפאַלן אַריינצוכאַפּן זיך צו מיין ברודער, וואָס האָט זיך ניט ווייט אין אָט דער געגנט געפונען און אים אַלץ דערציילן, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן. אפשר וועט ער מיר געבן אַן עצה. צי אפשר וועט ער אַליין צוגיין מיט מיר אַהינצו, וואָס דאָס אַליין וואָלט שוין געווען פאַר מיר אַ פאַר־לייכטערונג. אָבער דאָס איז נאָך ניט דאָס טראַגישסטע, איך מיין די שטראָף, וואָס איך האָב דאָרטן דערוואַרט. טראַגישער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ערגעץ אין מיר האָט גענאָיעט אַ שטילע, באַהאַלטענע בענקשאַפט נאָך... אָ, מ'שטויסט זיך שוין אָן נאָך ווערטער. נו, קאָן נאָך געבן עפּעס טראַגישערס? אויפן אָרט פון אַרומכאַפּן זיך מיט דעם מיידל (וואָס אונטער אַנדערע אומ־שטענדן וואָלט עס דאָך מעגלעך געווען), וועט מיך דאָ אַריינ־

כאַפּן אין זיינע אָרעמס אַריין (צי אין זיינע לאַפּעס אַריין) דער טאַטע אירער... און ווי שטאַרק מיין באַגער איז דאָרטן געווען זי צו זען, האָב איך שוין בעסער געוואונטשן איך זאָל זי אין שטוב ניט טרעפן, און זי זאָל ניט זיין ביי דער עקזעקוציע.

יז

ווען איך בין אַריינגעקומען צו מיין ברודער אין שטוב אַריין, האָב איך דאָרטן געטראָפן אַזעלכעס, וואָס איך האָב שוין גאָרניט דערוואַרט צו טרעפן. יאָ, איך האָב געוואוסט, אַז די שווענערין מיינע „קלייבט זיך אין בעט אַריין". דאָס וואָלט מיך ניט שטאַרק איבערראַשט. איבערראַשט האָט מיך, וואָס פונקט ביי אים האָט זיך באַדאַרפט „מאַכן" אַ פּאָרל, און נאָך אַ טויטס אויך. מיין שווענערין, וואָס איך האָב אין בעט געטראָפן, האָט מיך גלייך ווי איך בין אַריין מיט אַ פוס אין שטוב אַריין, באַגעגנט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער:

— וואָס זאָגסטו ניט צו דיין ברודערל? ער האָט זיך ספּראַוועט!

איך האָב לכתחילה ניט געוואוסט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. ערשט ווען איינע פון די ווייבער, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָט מיר געגעבן אַ ווייז אָן אויף דער טאַבורעטקע, וואָס איז אָן אַ זייט געשטאַנען, און איך האָב פון אונטער אַ שמאַטע אַרויס דערזען פיר פיסלעך אַרויסשטעקן, האָב איך שוין פאַרשטאַנען. הגם מיר איז אפילו נאָכדעם אויך ניט אינגאַנצן קלאָר געווען אין וואָס מיין ברודערס שולד באַשטייט.

איך האָב דאָרטן געטראָפן אַ פולע שטוב מיט ווייבער. וואָס דער ווייבערשער אָנגעלאָף האָט געטאָן פאַר דער שווענערין, ווייס איך ניט, אפשר האָבן זיי שוין געהאַט פאַר איר אַלצדינג אָפּגעטאָן ביז מיין קומען. סיי־ווי־סיי היימיש האָבן זיי זיך געפילט כאָטש זיי האָבן גאָרניט געהאַט פאַר איר צו טאָן. דערפאַר אָבער האָט דער באַלעבאָס פון הויז זיך געפילט ווי אַ פרעמדער. איך האָב עס דערקענט אויף אים אַזוי גלייך ווי איך האָב אים

דערזען אַרייַנקומענדיק פון קיך נאָכטעלעפּענדיק זיך נאָך אַ יידענע, וואָס האָט פון קיך אַרייַנגעבראַכט אַ שיסעלע מיט אַ ביסל געקעכץ פאַר מיין שוועגערין. האָט ער עס דאָך אַליין געקאָנט טאָן דאָס ביסל געקעכץ איר דערלאַנגען... נו, יאָ, פאַרוואָס האָט עס געטאָן די פרעמדע יידענע און ער האָט זיך איר נאָכגעשלעפּט? איז נאָר ווייל ער האָט זיך נעבעך אַזוי אומגליקלעך געפילט, דערפאַר האָט ער שוין געלאָזט די יידענע זאָל עס טאָן פאַר אים...

ער האָט זיך פאַרבייגעשאַרט לעבן מיר און האָט מיך ניט באַמערקט. צי ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער באַמערקט מיך ניט. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט צוגעפירט די יידענע צו דער בעט און צו דער ווייב זיינער, וואָס איז אין בעט געלעגן, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, און אויף אַ האַלב שטילן קול געפרעגט, פון וואַנעט איך האָב מיך דערוואוסט וועגן דעם אומגליק וועגן זיינעם. איך האָב אים אויף דער פראַגע אויף זיינער ניט געענטפערט. איך האָב אים בלויז געפרעגט, צי קאָן איך אים דאָ מיט עפּעס נוצלעך זיין.

ער האָט אַן אומבאַהאָלפענעם קוק אַרום זיך געוואָרפן, אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען אַריבער די אויערן זיינע און טיף אָפּגעזיפצט, האָט ער געזאָגט, אַז יאָ, אַז איך קאָן עפּעס טאָן פאַר אים, אויב איך וויל, קאָן איך צוגיין אין „פאָגרעבאַלנע קאַנטאָר" און זאָגן דאָרטן, מ'זאָל קומען פאַרנעמען...

ניט דערזאָגט וואָס, ווייל אין דעם מאָמענט האָט זיך צעגעשאַרט איינע אַ יידענע פון די יידענעס, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, און מיט אַ טראַנצעוואָטן דריי מיטן קעפּל מיט אירן, האָט זי אַ פרעג געגעבן:

— אַ ברודער?

צי האָט זי דאָס ביי מיר געפרעגט, צי ביי מיין ברודער, האָב איך ניט געוואוסט. און זי, ווי זי וואָלט עס שוין געוואוסט אַן דעם ענטפער, האָט מיט אַ „מאַך" מיטן קעפּל מיט אירן, צום טאַבורעט, חוצפּהדיק אַ זאָג געגעבן:

— צוויי יונגאַטשעס!...

צופרידן פון דער שליחות, צי פון דעם, וואָס דערווייל האָב איך אַ געלעגנהייט זיך אַרויסצוכאַפּן פון שטוב אַרויס, בין איך

טאַקע איינס און צוויי שוין געווען פון יענער זייט טיר, און זיך אַראָפּגעלאָזט פון די הילצערנע טרעפּ, וואָס האָבן געהאַט גרויסע פּליכעס אינדערמיט און ביי די זייטן, האָט די רויטע פאַרב ראַשיק געריסן די אויגן, האָב איך זיך פּנים אל פּנים באַגעגנט מיט מיין געשוועסטער־קינד, אָט מיט דער זעלביקער, צו וועלכער איך האָב געוואָלט אַריינגיין גייענדיק פון דעם קריסטס לויה, און ניט געוואוסט וואו זי אָפּצוזוכן. זי האָט זיך דערפרייט מיט מיר, אָבער אין אַ ווייל אַרום האָט זיך אַן אומעט אויסגעגאָסן אויף איר פריש יונג־ווייבלדיקן פּנים, און זי האָט אַ זאָג געגעבן צו מיר מיט א פרעג:

— וואָס זאָגסטו ניט צו דעם אומגליק, אַ?

איך האָב געשוויגן. און זי קוקנדיק אויף מיר מיט משפּחהדיקער איבערגעבנקייט, האָט ביי מיר געפרעגט, ווי ס׳גייט מיר. איך בין גלייך אַרויסגעקומען מיט מיין ענטפער:

— איך ליג אין דער ערד און באַק בייגל.

איז זי געוואָרן נאָך אומעטיקער, שטאַרק אָפּגעזיפצט און ווי פאַר זיך אַ מורמל געטאָן:

— עפּעס גייט עס ניט אונדזער משפּחה!...

פאַרשטאַנען, אַז דאָ נעמט זי זיך שוין אויך אַריין, אַז דאָס וויל זי אָנדייטן אויף איר אייגענער דאָליע, וואָס זי האָט אַריינגעכאַפּט אַ שטיוול־פּוצער פאַר אַ מאַן, אָבער איך האָב מיך גע־מאַכט „כלא ידע״. נאָך אַ לאַנגער פּויזע האָט זי מיך געפרעגט, צי איך גיי שוין אַוועק, האָב איך געענטפערט, אַז דער ברודער האָט מיך אַהין און אַהין געשיקט, און זי האָט אַ פּאַטש געגעבן איין האַנט אָן דער אַנדערער און אויסגערופן:

—ער האָט דאָך מיך אַהין געשיקט, און איך קום ערשט פון דאָרטן! ניט אַנדערש, אַז דער ברודער דיינער איז פון די פאַנטעליגעס אַראָפּ!

בין איך שוין געבליבן שטיין ניט אַהין, ניט אַהער. אַריינ־גיין צוריק צו מיין ברודער אין הויז אַריין, האָב איך קיין חשק ניט געהאַט, און גיין אַהין, וואוהין איך באַדאַרף גיין, האָב איך אויך ניט געקאָנט. מיין שוועסטער־קינד האָט באַמערקט מיין קווענקלעניש און זיך אָפּגערופן:

— איך זע, אַז דו האָסט קיין חשק ניט צוריק אַריינצוגיין. איז אויב דו ווילסט, וואַרט דאָ צו אויף מיר אַ פּאָר מינוט, און דערנאָכדעם, אַז דו וועסט וועלן, וועסטו צוגיין מיט מיר אַהיים. אַרבעטסט דאָך סיי ווי ניט, ס׳איז דאָך יום טוב!

— גוט! — האָב איך געזאָגט, — איך וועל וואַרטן אויף דיר פאַרן טויער!

זי האָט מיר געגעבן אַ לייג אַוועק אַ האַנט אויף אַן אַקסל, און מיר אַזוי אַ קוק געגעבן אין די אויגן אַריין, ווי זי וואָלט ניט געווען זיכער אין מיין צוזאָג. האָט זי מיר אַ טאָרקע געטאָן דעם אַקסל מיינעם, אויף וועלכן זי האָט די האַנט געהאַלטן, און מיט אַ ליבלעך שמייכעלע אַ זאָג געגעבן:

— וואָס אַרט דיר, וועסט קיין חרטה ניט האָבן, איך וועל דיך מכבד זיין מיט גוטע זאַכן, און אויב דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו קאָנען זיין ביי מיר איבער יום טוב.

אויף אַזאַ גליק האָב איך זיך שוין גאָרניט געריכט. איך האָב זי נאָכאַמאָל פאַרזיכערט, אַז איך וועל וואַרטן אויף איר. איז זי זיך אַוועק מיט קורצע ווייבערשע טריטעלעך, און איך, אַן אויפגעהייטערטער, בין מיך טריט ביי טריט אַרויס פאַרן טויער און מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף איר...

---

ווען עמעצן גייט ניט, איז אַפילו ווען ס׳מאַכט זיך אַמאָל, אַז ס׳גיט אים אַ „גיי", איז דאָס אויך ניט „געגאַנגען". איך זאָג עס אַנטקעגן דער „פיינער אויפנאַמע", וואָס מיין געשוועסטער־קינד האָט מיך אויפגענומען. נאָך מער קאָן עס געזאָגט ווערן אַנטקעגן דער גאַסטפריינטלעכקייט, וואָס דער מאַן אירער האָט מיר אַרויסגעוויזן אויפן צווייטן פרימאָרגן, איידער ער איז צו דער אַרבעט אַוועק, הייסנדיק מיר זיך באַלייגן אין זיין בעט, וואָס איז האַרט געשטאַנען לעבן זיין ווייבס בעט.

דאָס איז פאָרגעקומען אויפן צווייטן פרימאָרגן. ווען ער איז אַריינגעקומען אין קיך און דערזען, ווי דאָס געלעגער מיינס,

וואָס איז געווען אויסגעבעט אויפֿן דעכלדיקן קופערט, איז געלעגן אויף דער ערד, און ניט אונטער מיר, וואו ס׳האָט באַדאַרפט געווען ליגן. געדענקען דאָך אַלע די קופערטס, וואָס די דעקן זייערע זיינען געווען רונדיק ווי אַ מולטער אויף דער לינקער זייט. אָט אויף אַזאַ קופערט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך, פֿון אונדזער שטעטל, וואו זיי האָבן חתונה געהאַט, האָט מען מיך באַלייגט. קיין אַנדער מקום האָבן זיי ניט געהאַט וואו מיך צו באַלייגן. און דערצו האָבן זיי ניט געהאַט קיין איבעריקע מאַטראַצן מיר אונטערצולייגן. האָט מען צונויפגעקליבן וואו ערגעץ זיי האָבן געהאַט אַ ווינטערדיקן אָפּגעטראָגענעם מלבוש, זיינס אַ פּעלצל, אירן אַן אויבעררעָק מיט גוואַלדאָוונע גרויסע קנעפּ, און אַ שאַל אירן מיט פֿראַנזן, בקיצור, אַ „לאָסקוטנע" געלעגער. נו, איז עס זיך צעפֿלויגן ביינאַכט, זיך צעקראָכן אַהין און אַהער וואו ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט אַ בעסער פּלאַץ, אַ באַקוועמערס, וואו מ׳זאָל קאָנען ליגן במנוחה. און איך בין געבליבן ליגן אויף דער הוילער דעק, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט אייזנבלעכענע „טאַשמעס" און דאָ און דאָרטן אויסגעצאַצקעט מיט לעקאַכער און פֿויגעלעך (אַלץ פֿון בלעך). איך בין אויפֿגעשטאַנען דעם ערשטן פֿרימאָרגן אַ טאַטואירטער: אַ רויטער פּאַס דאָ, אַ רויטער פּאַס דאָרטן, דאָ אַ פֿליגל און דאָרטן אַ קעפּל פֿון אַ פֿויגל...

איך ווייס ניט, צי ס׳וואָלט ווער געקאָנט איבערשלאָפֿן אַ נאַכט אויף אַזאַ געלעגער. איך אַליין וואָלט אפשר אויך ניט געקאָנט, ווען איך וואָלט די פֿאָריקע נאַכט ניט אויף געווען. וואָס שייך דער צווייטער נאַכט, בין איך שוין ניט אַזוי רואיק געשלאָפֿן ווי די ערשטע, אַ סימן, וואָס דאָס געלעגער, אויף וועלכן איך בין געלעגן, איז זיך מיר צעקראָכן, און אפֿילו איך אַליין האָב מיך איינמאָל פֿון דאָרטן אַראָפּגעקייקלט, און וואָלט מן הסתם אַזוי זיך געווען אָפּגעמוטשעט די איבעריקע פֿאָר נעכט, וואָס איז מיר באַשערט געווען (ווען ס׳וואָלט באַשערט געווען) דאָרטן צו שלאָפֿן. נו, האָט עס אים, אָט דעם חברה־מאַן אָנגעטראָגן גאַנץ פֿרי, און אַזוי גלייך ווי ער האָט זיך באַוויזן, האָט ער ביי מיר אַ פֿרעג געגעבן:

— מיט וועמען האָסטו דאָס געהאַלטן מלחמה ביינאַכט מיט וועמען ?

דאָ האָט ער אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן טאַבורעט, וואָס איז געשטאַנען האַרט צוגערוקט צום קופערט, און זיך פאַרנומען אַרומבינדן די בענדלעך פון די גאַטקעס אַרום קנעכל פון זיין פוס. ער האָט עס געטאָן מיט רחבות... און אַזוי גלייך ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, האָט ער מיך אַ קיצל געטאָן, אַ שמאָרקע געגעבן מיטן נעזל, און מיט טענות צו מיר אַ טענה געטאָן:

— פאַרוואָס האָסטו ניט געזאָגט, אַז דיר איז דאָ ניט גוט צו שלאָפן ?

האָב איך אים, נאַטירלעך, געפרעגט וואָס וואָלט אַרויסגע־קומען ווען איך זאָג עס אים יאָ, ווייל קיין אַנדער מקום וואו מיך צו באַלייגן איז דאָך ניטאָ. האָט ער ווידער אַ שמאָרקע געגעבן מיט דער נאָז (מן הסתם עפּעס אַזאָ חנדל ביי אים געווען) און געענטפערט:

— יאָלד, וואָס דו ביסט ! איך וואָלט דיך באַלייגט ביי זיך אין מיין בעט !

האָב איך אים, פאַרשטייט זיך, אָנגעקוקט. ער האָט פאַר־שטאַנען דאָס אָנקוקעכץ מיינס. ער האָט מיר דאָ ווידער געגעבן אַ קיצל און געזאָגט:

— נו, פאַר אַזאַ יאָלד האַלט איך דיך ניט. אַז מ׳האָט חתונה, פאַרגרייט מען זיך טאַקע מיט צוויי בעטן, אָבער שלאָפן שלאָפט מען אין איינעם...

— נו, איז וואָס ? — האָב איך נאָך אַלץ ניט תופס גע־ווען.

— נו, וואָלסטו געלעגן אין צווייטן בעט !

איך האָב ניט געוואוסט, צי מיינט ער עס ערנסט, צי ער מאַכט שפּאַס מיט מיר. סיי ווי סיי האָט עס ניט געטויגט. איך מיין, אפילו אין דעם פאַל, ווען איך וואָלט עס אָנגענומען, אַז ער מיינט עס ערנסט. דאָס וואָלט מיך אַן איבעריקס מאָל אײ־בערצייגט, אַז מ׳רעכנט זיך מיט מיר ניט ווי מיט קיין מאַנס־פאַרשוין. דאָס איז פאַר מיר געווען אַן אָנגעווייטיקטע פראַגע.

האָט מען זיך דאָך מיט מיר „דאַרטן" ניט גערעכנט ווי מיט אַזעלכן. אמת, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אייגענער. אָבער, ס׳איז ביי מיר אַרויסגעשפּרונגען אַ פראַגע, צי וואָלט ער אַן אַנדערן אויף מיין אָרט, און דאָס זאָל אויך זיין אַ געשוועסטער־קינד, צי וואָלט ער צו אַן אַנדערן אויך אַזאַ גאַסטפריינטלעכקייט אַרויסגעוויזן ?

בקיצור, אויפן אָרט פון זיך פילן געשמייכלט פון אַזאַ גאַסט־פריינטלעכקייט, האָב איך מיר גאָר געפילט באַליידיקט. איך האָב גענומען די שטיקער גלעזער, וואָס ער האָט אויפגעהויבן פון דער ערד, און אַרויפגעוואָרפן אויף מיר, זיי גענומען אונטער־שטופן אונטער זיך. ער אָבער האָט מיך געגעבן אַ כאַפּ ביי די פּיס, און מיך געגעבן אַ שלעפּ אַראָפּ פון קופערט אַראָפּ. נאָך אַ גליק, וואָס איך בין געווען אין גאַטקעס ס׳האָט בלויז ניט געטויגט, וואָס זיי זיינען געצייכנט געווען מיט צוויי בוכשטאַבן, וואָס האָבן מיט מיין נאָמען און צונאָמען ניט געהאַט קיין שייכות. ער האָט זיי גלייך באַמערקט, און זיך אַ פרעגעלע געטאָן, צי האָב איך מיך דאָ ניט משנה שם געווען. ניט געקוקט אויף מיין גאַנצער פאַרלוירנקייט, האָב איך אים גלייך אויפן אָרט געענטפערט, אַז דאָס האָט מען מיר אין וועשעריי דאָס וועש פאַרביטן. ער האָט געגעבן אַ שטויס אַרויס לופט פון נאָז, ווי דאָס טוען פיל זייעריקע, וואָס האָבן עפּעס מיט די נעז מיט זייערע צו טאָן, און האָט זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ :

— כעפּסי !

וואָס דאָס איז פאַר אַ וואָרט ? גלאַט אַזוי זיך, אַ וואָרט וואָס איז קיין וואָרט ניט, אָבער ניט אָן אַ מיין. און געמיינט האָט עס, אַז „מיר" פאַרשטייען דיך, האָסט די גאַטקעס דיינע איינגעהאַנדלט אויפן „טאָלטשאָק". און אַז ער האָט עס געמיינט, קאָן מען אַרויסזען פון דעם שמועס, וואָס ער האָט פלוצים פון דער העלער הויט אַרויס פאַרפירט מיט מיר :

— האָסט שוין טאַקע אינגאַנצן איבערגעריסן מיט דיין באַלעבאָס ?

מיין ענטפער איז געווען, אַז איך האָב נאָך מיט מיין באַלעבאָס אינגאַנצן ניט איבערגעריסן, אַז איך וואָלט עס אוודאי

געטאָן, ווען איך וואָלט געקאָנט. און ער צוגייענדיק צום ווינקל, וואו ס׳איז געשטאַנען אויף צוויי פּסחדיק אויסגעשייערטע ברעט־לעך, דער נייער פּסחדיקער עמער, האָט ער מיר געעצהט, איך זאָל עס ניט טאָן, און אַ פּליוסק־געבנדיק זיך דאָס פּנים איין מאָל און אַ צווייטן פון דער בלעכערנער קוואָרט, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ קינד פונם בלעכענעם עמער, האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— טיערפּי קאַזאַק, אַטאַמאַנאָם בודיעש!

אַ גויאיש ווערטל, וואָס יידן האָבן זיך באַנוצט דערמיט ניט ווינציקער ווי די גוים, הגם קיין ייד איז נאָך קיין קאָזאַק ניט געווען און במילא קיינמאָל קיין אַטאַמאַן ניט געקענט ווערן. און שוין שטייענדיק לעבן מיר, און ווישנדיק זיך דאָס פּנים, האָט ער מיר דערציילט, אַז אויך מיט אים איז די זעלביקע מעשה פאָרגעקומען, אַז אויך ער איז געווען אין דער לערע און איז אַנטלאָפן ווייל דער באַלעבאָס זיינער איז געווען אַ גרויסער קאַט, אָבער ס׳טוט אים שוין באַנג. די צייט, וואָס ער וואָלט באַדאַרפט געווען אָפּזיין ביי זיין באַלעבאָס, וואָלט שוין לאַנג לאַנג געהאַט געווען פאַראיבער, און ער וואָלט שוין איצט אַן אַרבעטער גע־ווען (אַ שלאָסער ביים פאַך), צי ער וואָלט שוין אַליין געווען מייסטער, און אַזוי וואָס איז ער?

איך האָב אים געוואָלט באַרואיקן, אַז ס׳איז ניט אַזוי געפּער־לעך ווי ער מיינט. ער אָבער האָט קנאַפּ־וואָס אַכטונג געלייגט אויף מיינע ווערטער, און מיר שטילינקערהייט דערציילט ווי דאָס ווייבל זיינס שעמט זיך מיט אים אין גאַס צו ווייזן, אַז זי האַלט אים אין איין סטראַשען, אַז זי וועט אַנטלויפן פון אים, אויב ער וועט ניט אַוועקוואַרפן די בזיונותדיקע מלאכה זיינע. ער אָבער ווייס ניט צו וואָס זיך צו נעמען. ער האָט אפילו זיין אייגנס אַ פּאָר הונדערט רובל, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פון דער אַרבעט, אָבער עס ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיי.

—וואָס האָט ער זיך דאַרטן אַוועקגעשטעלט איבער אים און לאָזט אים ניט שלאָפן? — האָט זיך פון צווייטן חדר דער־הערט זיין ווייבלס, און מיין געשוועסטער־קינדס שטימע.

ער האָט מיר אַ וואָרף געגעבן דעם האַנטוך אין פּנים אַריין און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער

זיך באַוויזן אַן אָנגעטאָנענער און מיר אַ ווינק געגעבן איך זאָל אַריינגיין זיך לייגן ביי אים אין בעט, און שפּעטער מיט עטלעכע מינוט נאָך זיין אַוועקגיין, האָט זיך מיין געשוועסטער־קינד ווידער געלאָזט הערן:

— וואָס טוסטו דאָרטן? — האָט זי געפרעגט פריינטלעך אָנרופנדיק מיך ביים נאָמען.

— איך טו מיך אָן! — איז מיין ענטפער געווען.

— וואָס האָסטו קיין צייט ניט? — האָט זי פון דאָרטן געפרעגט.

איך האָב איר ניט געענטפערט און זיך פאַרנומען אויפצושטעלן דעם סאַמאָוואַר, ווי איך האָב עס געטאָן דעם ערשטן טאָג, ווייל ער, דער מאַן אירער, האָט מיך געבעטן איך זאָל עס טאָן, בכדי איינצושפּאָרן דעם ווייבל זיינעם אָט די אַרבעט. אָבער זי, דאָס ווייבל זיינס, האָט זיך מיר דאָ גלייך באַוויזן איינגעהילט אין דער פּיקענער קאָלדרע און האָט אַרויסגעשלעפּט דעם סאַמאָוואַר פון מיינע הענט, און בייז אַ מורמל געטאָן:

— אַנדערש שטייט אים ניט אָן! משרתים דאַרף ער!

ס'האָט זיך געשפּירט פון איר דאָס יונג־ווייבלדיקע צעוואַרימקייט פון דער נאַכט, און ווייל דאָס האָט מיך געררייצט, האָב איך דערפאַר געזען אויסצומיידן צו קוקן אויף איר, און קוקנדיק אָן אַ זייט, געענטפערט, אַז די אַרבעט איז ביי מיר קיין אַרבעט ניט, אַז איך אַליין באַדאַרף דאָך אויך טרינקען.

— דו ביסט אַ גאַסט! — האָט זי מיט ביסטרעקייט געענטפערט און מיט דער זעלבער ביסטרעקייט האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט אַ האַנט ביי די האָר, וואָס זיינען איר צעפּאַלן און אַ כאַפּ געגעבן אין מויל אַריין איין האָר־שפּילקע און אַ צווייטע, האָט זי באַפּוילעריש געגעבן אַ ווינק צו מיר איך זאָל אַריינגיין מיט איר אין שטוב, אויב איך דענק שוין צוריק זיך ניט לייגן, און גלייך צוגעגעבן:

— איך וועל לאַנג ניט ליגן, איך וועל באַלד אויפשטיין, וועל איך אויפשטעלן דעם סאַמאָוואַר און מיר וועלן טרינקען טיי.

די לעצטע ווערטער האָט זי געהאַט פאַרענדיקט, ווען זי איז שוין אין בעט געלעגן אַן איבערגעדעקטע מיט דער פּיקענער קאָלדרע, פון וועלכער ס׳האָבן זיך בולט געצייכנט די ווייבלעכע אברים אירע. איך בין געווען זייער צופרידן, וואָס איך האָב ניט געפאָלגט דעם מאַן אירן און ניט אַריין צו אים אין בעט. וואָס איז געשטאַנען האַרט לעבן אירער, ווייל איך וואָלט דאָרטן איינ־ליגן ניט געקענט... איך האָב מיך געטראַכט, אַז שיין וואָלט עס געווען, ווען איך וואָלט זיך דאָ פאַרמאָסטן אויף איר נאָכדעם, ווי זי האָט זיך אַזוי פיין געשטעלט קעגן מיר. די קאַרגע צוויי מעת לעת האָט זי מיך „געפילעוועט” מיט אַלעם גוטן, אפילו מיט וויין און דאָ וועל איך באַווייזן, וואָס פאַר אַ פויגל איך בין...

— דיר מוז דאָרטן זיין ניט גוט צו שלאָפן! — האָט זי געזאָגט מיט אַ מוטערלעך קול.

איך האָב מורא געהאַט צו ענטפערן, אַז מיר איז דאָרטן ניט גוט צו שלאָפן. טאָמער, ווער ווייס, אפשר וועט זי מיר אויך מאַכן אַ פאָרשלאָג, איך זאָל אַריין אין איר מאַנס בעט אַריין, און איך בין אַזוי גוט ווי זיכער געווען, אַז דעמאָלט וואָלט איך שוין דעם נסיון ניט געקענט ביישטיין. און אויפן אָרט פון אַרויס־צוקומען מיט אַן ענטפער, האָב איך זיך גאָר פאַרנומען צו קנאַקן די שאָלעכץ פון די ניס, וואָס איז געלעגן אויפן טיש אָנגעוואָרפן פון נעכטן, וואָס מיר אַלע דריי, איך, זי און דער מאַן אירער, האָבן נעכטן נאָך וועטשערע געקנאַקט און געגעסן. נאָך אַ לענ־גערער פויזע האָט זיך דאָס ווייבל ווידער געלאָזט הערן:

— אַיי יע יאַיי! ווען דער פעטער משה יאַנקל וואָלט אויפ־געשטאַנען פון קבר און דערזען ווי דער מיזיניק זיינער, וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער (איך הייסט עס) וועט זיין אַ רב, ווען ער וואָלט געזען ווי ער בידעוועט דאָ?

דאַכט זיך גוט און וואויל, האַ? נאָר וואו איך האָב ערגעץ אַ שונא וואָלט איך אים אַזאַ גוטסקייט און וואוילקייט גע־וואונטשן. ווייל וואָס קאָן דען נאָך זיין ערגער, ווי ווען אַ ווייבע־לע ליגט זיך אין בעט און באַדויערט די דאָליע דיינע אין דער צייט, וואָס דו טראַכסט גאָר אַנדערע געדאַנקען וועגן איר...

איך האָב געשוויגן. געקנאַקט איין שטיק שאָלעכץ נאָכן צווייטן מיט די בלויזע פינגער און נאָך אַ לענגערער פויזע האָט זי זיך ווידער אָפּגערופן:

— ס׳זאָל נאָך אַמאָל ניט ווערן פון דיר דאָס, וואָס פון מיין מאַן איז געוואָרן!...

ניט אָנגערופן דאָס, וואָס פון אים איז געוואָרן, הגם זי האָט געוואוסט, אַז איך ווייס. זי האָט בלויז צוגעגעבן אין אַ ווײַלע אַרום מיט פול אָנגעגאָסענע אויגן:

— ער האָט זיך שוין אויסגעהאַנדלט!...

— און איצט וועל איך נאָך באַדאַרפן האָבן זכות אבות מ׳זאָל מיך דאָרטן צוריק צונעמען — האָב איך געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום.

— נו, און ערגעץ אַנדערש? — האָט זי מיט אַ טרויעריק קול אַ פרעג געגעבן — ערגעץ אַנדערש?...

פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן צו פרעגן, און זיך דערמאָנט אינם טאָקער און אינם פרעג אין זיינעם, וואָס ער האָט מיך אַ פרעג געגעבן, צי איך וויל זיך מיט אים דינגען, בין איך טריט ביי טריט צוגעגאַנגען צו איר, שטיין געבליבן, און אַרויס מיט אַזאַ לשון:

— פאַרשטייסט, אַ גנב... אַ גנב גנבעט כאָטש עפּעס... ער גנבעט עפּעס איז ער אַ גנב... פאַרשטייסט? דאָ פאַרשטייסטו, איז קיין גנב בין איך ניט, ווײַל איך האָב גאָרנישט געגנבעט, און פונדעסטוועגן, אַז איך בין אַרויס פרעגן אויף אַרבעט, האָב איך זיך געפילט, ווי איינער לאָזט זיך אַרויס עמיצן באַגנבענען...

איך ווייס ניט צי זי האָט עפּעס פאַרשטאַנען פון אָט די רייד צי ניט, אָבער געזאָגט האָט זי:

— טאָ וואָס רעכנסטו איצטער צו טאָן?

— איין זאַך איז מיר געבליבן...

— וואָס? — האָט זי אַ פאַראינטערעסירטע אַ פרעג געגעבן.

— איינגעמען אַ מיתה משונה!...

זי האָט זיך געגעבן אַ זעץ אויף, אין זין האָבנדיק איינצייטיק מיטצושלעפּן די דעקע, וועלכע זי האָט געגעבן אַ צי אַרויף

ביזן האַלדז, און אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן, האָט זי אַ צעטומלטע אויסגערופן:

— צו מיינע שונאימס קעפּ!... ביי די געדאַנקען ביסטו?...

און זיך פאַרנומען מיר אויסריידן דאָס האַרץ, אַז ס'וועט מיר נאָך זיין גוט און וואויל, אַז איך וועל דאָס אַלץ אַריבער־קומען, האָב איך זיך גאָר פלוצים צעכליפּעט. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן איין מאָל און אַ צווייטן און געבליבן זיצן און מיר אָנגעוויזן אויפן בעט איך זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן איר, וואָס איך האָב אויטאָמאַטיש געטאָן. און זי, אָנהאַלטנדיק מיט איין האַנט די דעקע ביזן האַלדז, האָט זי מיט אַ ברעג פון דער זעל־בער דעקע מיר גענומען ווישן די טרערן פון די באַקן און פון די אויגן און איינצייטיק ווי זי האָט עס געטאָן, האָב איך זיך גע־בויגן צו איר, און קאָפּ און פּנים איז צוגעקומען צו איר אַלץ נעענטער און נעענטער, ביז איך בין געפאַלן מיטן פּנים מיט מיי־נעם צו איר ברוסט און בריסטן און ס'האָט מיר אָנגעהויבן צו טרייסלען ווי אין אַ קדחת... זי האָט מיך געגלעט, געגלעט דעם קאָפּ מיינעם, דעם האַלדז און נאַקן און איך האָב זיך אַלץ טיפער און טיפער געבויגן אין איר אַריין, און אַלץ טיפער גענורעט דעם קאָפּ מיינעם אין איר ברוסט און בריסטן...

וויפיל צייט דאָס האָט אָנגעהאַלטן קאָן איך ניט וויסן. איך וויים בלויז, אַז דאָס ווייבל האָט דאָ פלוצים אַ ציטער געגעבן און איבערגעריסן דאָס גלעטן מיך. ווען איך האָב אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ אַ קוק צו געבן אויף איר, וואָס מיט איר איז דאָ גע־שען, האָבן די אויגן מיינע מן הצד אויפגעכאַפּט אַ פיגור שטיין, אין וועלכער איך האָב איינצייטיק דערקאָנט דעם מאַן אירן. און איך האָב גלייך געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און געמאַכט אַ ויברח.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרלאָזט מיין געשוועסטער־קינדס רעזידענץ, האָב איך זיך געלאָזט לויפן. וואוהין? טראַכט דען איינער אַרויסכאַפּנדיק זיך פון אַ ברענענדיק הויז וואוהין צו לויפן? פונקט אַזוי האָב איך וועגן דעם געקאָנט טראַכטן. ערשט ווען איך בין אָפּגעלאָפן אַ

שטיק וועג און זיך איבערצייגט, אַז איך בין אויסער געפאַר, ערשט דעמאָלט האָב איך וועגן דעם אַ טראַכט געטאָן, און זיך גלייך דערטראַכט, אַז וואוהין צו לויפן האָב איך ניט, סיידן צו מיין ברודער. איך האָב אפילו געוואוסט, אַז ער איז אין טרויער, אָבער איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז גאָר שטאַרק צום האַרצן באַדאַרף ער זיך עס ניט נעמען, ווייל דאָס ווייבל זיינס וואָלט אים פונקט אַזוי דערגאַנגען די יאָרן ווען דאָס פּאָרל וואָלט געבליבן לעבן. און איך בין אַזוי גוט ווי זיכער געווען, אַז קיין אבילות פּראַוועט מען דאָרט ניט און שבעה־זיצן באַדאַרף מען אויך ניט. נו, קאָן איך גיין צו אים און אויסלייגן פאַר אים מיין בינטל צרות.

באַגעגנט מיין ברודער אַרויסרוקנדיק זיך מיטן קויש „צעלניק" פון טויער אַרויס, און אים אָפּגעגעבן „גוט־מאָרגן", האָב איך אים גענומען נאָכגיין. אויף זיין פראַגע וואָס איך טו דאָ אַזוי פרי, האָב איך אים גלייך גענומען דערציילן וואָס מיט מיר האָט געטראָפן און פאַרוואָס און ווי אַזוי עס האָט געטראָפן, און ווי אַזוי איך האָב זיך איצט מורא צו ווייזן „אַהינצו". און דערפאַר בין איך עס געקומען צו אים ער זאָל מיר אַן עצה געבן, צי ער זאָל גאָר צוגיין מיט מיר צום באַלעבאָס און זען פאַרגלעטן אָט דעם עסק!

מיין ברודער האָט מיך זייער אויפמערקזאַם אויסגעהערט, טאַסקענדיק דעם קויש אויפן אָרעם און דער אויער פון קויש האָט אונטערגעסקריפּעט. נאָך אַ לענגערער פּויזע האָט ער מיר געזאָגט, אַז איצט איז שוין שפּעט, אַז דאָס וועט מוזן אָפּגעלייגט ווערן אויף מאָרגן, און דערווייל, אַזוי ווי איך האָב סיי ווי ניט וואוהין צו גיין, זאָל איך אַריינגיין צו אים אין הויז און דאָרטן איבערזיין דעם טאָג, און איבערנעכטיקן די נאַכט און מאָרגן גאַנץ פרי, וועט ער צוגיין מיט מיר צום באַלעבאָס, און ער וועט שוין זען אַלץ גוט־מאַכן. און צולעצט צוגעגעבן:

— גיי טאַקע, מיין ווייב איז אַליין, וועט איר טאַקע זיין היימלעכער.

— גאַנץ פרי מיט דער ראָשטשינע! — האָט מיין שוועגע־

רין אויסגערופן, אַזוי גלייך ווי זי האָט מיך דערזען און גלייך צוגעגעבן: — וואָסי, וואָס האָט געטראָפן?

איז פון דערציילן וואָס מיט מיר האָט געטראָפן, האָב איך שוין אפילו ניט געטראַכט. איך האָב איר בלויז דערציילט, אַז דער ברודער האָט מיך געבעטן אַריינצוגיין און זיצן מיט איר ס'זאָל איר זיין פריילעכער. און זי האָט דאָ גענומען „באַלייגן" דעם ברו־דער מיינעם פאַר מיר:

— וואָס האָט ער געהאַט צו מיר אָט דער וויסטער קאַלי־קע? פאַרוואָס איז עס מיר געקומען, פאַרוואָס, חתונה צו האָבן פאַר אַזאַ שטיק אומגליק? וואָס בין איך געווען אָן הענט, צי אָן פיס?

און נאָך אַ לענגערער פויזע אַ צענעם געטאָן די הענט און אויסגעשריגן:

— פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, לעשט מיין פייער!

האָב איך געמיינט, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי מיר דערציילט, אַז דאָס האָט מיין ברודער אויסגעשריגן דערזעענדיק די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע פאַרבייפאָרן אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג זיי־נעם, זי זאָל מיט אים חתונה האָבן.

ס'איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, איך זאָל מיך דאָ אין מיינע אייגענע צרות דערמאָנען. כ'מיין מיין „פאַרליאַפּעט" זיין אין מיין באַלעבאָס' טעכטערל. איך האָב מיר געטראַכט, אַז איך וואָלט געקאָנט שרייען פון היינט ביז מאָרגן „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע, לעשט מיין פייער", וואָלט עס מיר געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. איך וואָלט אפילו ניט געוואַגט אַזעלכעס פאַר מיין מויל צו ברענגען... כאָטש איך בין ניט אַזוי געשטראָפט ווי מיין ברודער...

זיך אויסגעשטורעמט, האָט די שוועגערין מיינע אַ טאָפּ געגעבן דעם סאַמאָוואַר, וואָס איז אויפן טיש געשטאַנען און ביי וועלכן זי איז געזעסן געהילט אין אַ זיידענער ברייטער קימאָנאָ, וואָס האָט איר געהאַט געדינט צו פאַרדעקן די שוואַנגערשאַפט אירע. זי האָט מיר געהייסן, איך זאָל מיר אָנגיסן טיי און אָנ־געוויזן אויף דער מצה, וואָס איז דאָ און דאָרטן, איבערן טיש,

געלעגן צעוואָרפן, איך זאָל צובייסן צו דעם טיי. און אַליין איז זי אַריבער אין צווייטן חדר. איך האָב געהערט, ווי זי האָט זיך דאָרטן אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין, און אין אַ צוואַנציק מי־נוט אַרום, נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט אָפּגעטרונקען טיי, האָט זי זיך ווידער געלאָזט הערן:

— דו קאָנסט גיין, אַז דו ווילסט, דער שוואַרץ־יאָר וועט מיך דאָ ניט אויסכאַפּן!... „ער" האָט מיך שוין איין מאָל אויס־געכאַפּט!... „ספּאַסיבאָ" אים!

איך בין אַוועק, זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר שעה אין די גאַסן, אַוועק אין אַלעקסאַנדראָווער פּאַרק און דאָרטן אַנידערגעפאַלן אויפן יונגן, אָקאָרשט אַרויסגעשפּראָצטן גראָז און אַנטשלאָפן געוואָרן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אַ דורכגענומענער מיט אַ פייכטער קעלט. פאַרנאַכט בין איך שוין ווידער געווען מיין שווע־געריגס גאַסט. יאָ, איך האָב נאָך ניט דערוואַרט אין דער צייט צו טרעפן מיין ברודער. איך האָב געוואוסט, אַז ער קומט שפּעט אינאָוונט אַהיים. אָבער קיין אַנדער אָרט וואוהין צו גיין האָב איך ניט געהאַט, און דערצו בין איך געווען טויט־הונגעריק.

— וואָס ביסטו אַוועק און וואָס ביסטו געקומען? — האָט די שוועגערין, גלייך ווי איך בין אַריינגעקומען, מיך באַגעגנט מיט די צוויי פראַגעס. אויף דער ערשטער פראַגע וואָלט איך איר געקאָנט געווען ענטפערן, אַז זי אַליין האָט דאָך מיך געהייסן גיין. איך האָב איר אָבער ניט געקאָנט געבן קיין ענטפער אויף מיין קומען. האָב איך דערפאַר געמאַכט אַ שווייג. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי מיר געהייסן אַריינגיין אין קיך און מיר נעמען עסן, וואָס זי האָט געלאָזט פאַר מיר אין „דוכאָווקע" שטיין, און דערביי קאַפּריזנע אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב זיך געריכט אויף דיר אויף אָבעד (מיטאָג).

אַרום צען אַ זייגער אין אָוונט האָט זי מיר געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל, אַז ס'איז מיר צייט אַהיים צו גיין. ווען איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וואַרט אויפן ברודער (זאָגן, אַז איך האָב בדעה צו בלייבן נעכטיקן, האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן, ווייסנדיק אַז זי וועט עס ניט וועלן ליידן). זי האָט זיך גלייך אַ כאַפּ געטאָן און מיט גרויס פּאַליש אַ פרעג געטאָן:

— אויפן ברודער ווען וועסטו וואַרטן?—ס'מיר גוט! נו, דו ווייסט ווען ער קאָן קומען?

דאָ האָב איך שוין געמוזט אַרויסלאָזן די קאַץ פון זאַק און געזאָגט, אַז איך האָב בדעה צו נעכטיקן. נר־נו האָט זי עס גע־געבן אַ צוק מיט די אַקסעלעך, און די גרויע אויגעלעך אירע האָבן זיך צעבלינצלט ווי ביי אַ משוגענעם, ווען ער דערהערט דאָס ערשטע מאָל פון אַ מויל, וואָס זאָגט אים, אַז ער איז משוגע, און זיך אַזוי און אַזאַ פרעגעלע געטאָן:

— וואָס־זשע, דיין ברודער קלערט דען ניט צו קומען נעכ־טיקן היינט?...

פאַרשטאַנען, אַז אויב מיין ברודער וועט קומען נעכטיקן, און ער וועט דאָך זיכער קומען, איז במילא בין איך שוין דאָ איבעריק. האָב איך זיך טאַקע גלייך געגעבן אַ הויב אויף פון מיין זיצן און זיך גענומען שאַרן צו דער טיר. ווען איך בין שוין ביי דער טיר געשטאַנען, איז זי געשווינד צוגעגאַנגען צו מיר און גע־זאָגט צו מיר:

— מיינסט, מיך וואָלט געאַרט ווען דו שלאָפסט דאָ איבער אַ נאַכט? נאָר איך האָב מורא, דו וועסט מיר די שטוב פאַר־לייזיקן.

דערמיט איז זי דאָס אויסן געווען זיך צו פאַרענטפערן פאַר מיר. זייער פיין פון איר זייט. נו, בין איך אַזוי גערירט געוואָרן פון איר פיינקייט פון אירער, אַז איך האָב איר אפילו קיין גוט נאַכט ניט געזאָגט און בין פון שטוב אַרויס.

### יח

„וואָס טוט מען איצטער, וואוהין גייט מען?” איז ביי מיר געווען די ערשטע פראַגע, אַרויספאַלנדיק אין דער שפעטער אָוונט־שעה אין דרויסן אַרויס. און הגם איך האָב סיי ווי ניט געהאַט וואוהין צו גיין, איז אָבער דער געדאַנק, וואָס אַט־אַט וועט מען צומאַכן די טויערן, געווען פאַר מיר שרעקלעך, כאָטש

איך האָב אין די אָפענע טויערן פונקט אַזוי געקאָנט אַרײנשטעלן אַ פּוס ווי זײ וואָלטן געווען פאַרמאַכט.

איך בין געשטאַנען אַ ווײלע און זיך געלאָזט גײן צו דער פּרעאָבראַזשענסקער גאַס. פאַרוואָס עפּעס צו דער גאַס זיך גע־לאָזט און ניט צו קײן אַנדערער? ווײל זי איז געווען די לעבע־דיקסטע און באַוועגלעכסטע פון אַלע אַרומיקע גאַסן, וואָס האָבן זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט, און דערצו אַ יידישע גאַס וואו די יידישע האַלבע און גאַנצע שטיקלעך אַריסטאָקראַטן פלעגן כאַפּן אַ שפּאַציר אין די אָוונט שעהן. דאָרטן פלעגט אויך אַמאָל כאַפּן אַ שפּאַציר דעם באַלעבאָס טעכטערל, און אַזוי ווי ס'איז געווען יום טוב האָב איך געקאָנט דערוואַרטן, איך זאָל זי אַמאָל ניט אָנטרעפן מיט וועמען שפּאַצירן, דאָס וואָלט שוין גוט געווען, וואָלט איך אַוועק דאָרטן צו „אונדזער" הויז און אַזוי לאַנג זיך אַרומגעדרײט פאַרן טויער ביז וואַנען זי וואָלט אָנגעקו־מען, און איך וואָלט שוין אַרײן מיט איר, און וואָלט ביז וואָס־ווען, ביז וואַנעט דער משפּט וואָלט געקומען, דערווײלע איבערגע־שלאָפן די נאַכט אונטער אַ דאַך.

דערווײלע איז שוין געוואָרן עלף אַ זײגער. דאָס האָבן די „גאָראָדאָוואָיעס" געלאָזט וויסן מיט די פײפלעך מיט זײערע. אײן קלײט נאָך דער אַדערער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרמאַכן מיט טראַסק און טומל פון די אײזערנע שטאָרן. דער אוספּענסקי קלויס־טער, וואָס האָט זיך אויף דער זעלבער גאַס געפונען, האָט אָנגע־הויבן צו קלינגען: אײנס, צוויי, דרײ. ס'האָט גענומען צײט פון אײן קלאַנג ביזן צווייטן ווי געוואַרט (דער וואָס האָט דאָרטן געקלונגען) אַז די וויבריאַציעס, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן נאָך יעדער קלאַנג, זאָלן אַריבערגײן. איך ווײס ניט, צי ווײל איך האָב מיך געפילט היימלאָז זײנען זײ מיר אָט די וויבריאַציעס אַזוי שרעקלעך געווען, צי ווײל זײ האָבן זיך געטראָגן פון קלויסטער־דיקער פרעמדקײט, צי „בײדע" אײנצײטיק. וואָס שײך די יידישע שפּאַצירער האָב איך ניט באַמערקט, אַז אויף וועמען פון זײ זאָל האָבן געמאַכט אַ שווערן אײנדרוק דאָס געקלאַנג פון די קלויסטער גלעקער. דערפון האָב איך שוין געקאָנט דרינגען, אַז

דאָס האָט שוין גיכער צו טאָן מיט מיין היימלאָזיקייט, און ניט מיט מיין יידישקייט...

איך האָב מיך טאַקע דאָ אויפן אָרט דערמאָנט, אַז ביי אונדז אין שטעטל, ווען ס'איז געקומען „קייסאָך" (פסך) און די קלויסטער־גלעקער האָבן זיך צעקלונגען, האָבן די קבצנישע קינדער געציטערט מער ווי די פאַרמעגלעכע... און נאָך עפּעס האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דער „געמיינער" מאַן איז אַלע מאָל געווען פרימער פאַרן גביר, אַז אַזעלכער האָט אַפילו פאַר זיין אייגענעם גאָט מער געציטערט ווי דער פאַרמעגלעכער...

נאָך דעם ווי די קליינטן האָבן זיך פאַרמאַכט, איז אין גאַס טינקעלער געוואָרן, די שפּאַצירער — שיטערער, בלויז אויף איין אָרט איז געבליבן ליכטיק ווי געווען, דאָס איז געווען אַרום לייקאַכס בופעט. אין וואָס פאַר אַ שעה מ'זאָל דאָרטן ניט האָבן פאַרבייגעגאַנגען, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, איז ער אַלע מאָל גע־ווען באַלאַגערט פון מענטשן. אַחוץ אַ גלאָז סאָדע־וואַסער און אַ נאַש, וואָס מ'האָט געקאָנט קריגן אין אַלע בופעטן, האָט מען דאָרטן געקאָנט באַקומען אַ גוט שטיקעלע כאַרקאָווער קאָלבאַס, אַ וואויל שטיקעלע קערטשער הערינג, און טאַקע מיט אַ גלעזל ביר פאַרטרונקען. און קעפיר איז דאָרטן געווען, און פאַרשיידענע פרוכטן, אַפילו אַזעלכע וואָס זיינען געוואַקסן אין די טראָ־פּישע געגנטן. הייגט די „פּיראָזשנעס" און די לעקעכער, און פאַרשיידענע טאָרטן.

אין די פרייטאָג־צונאַכטסן און אין די שבת־צונאַכטסן איז מען דאָרטן קאָפּ אויף קאָפּ געשטאַנען, און אויך אויבן אויפן צווייטן גאָרן, וואָס האָט זיך איבערן בופעט געפונען, האָט מען געזעסן דורך די פענצטער, ווי מ'איז קאָפּ אויף קאָפּ געזעסן. אַפילו דער באַלעבאָס מיינער פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנדזשען אַהינצו טרינקען אַ גלאָז וואַסער, און דעם באַלעבאָס' בן, וואָס איז גע־ווען אַ גרויסער נאַשער, האָט אָפט דערמאָנט אָט דעם בופעט. דער זעלביקער האָט איין מאָל דערציילט, אַז דאָרטן, ביי דעם לעקאכן אין בופעט, קאָן מען אויפעסן דריי, פיר פּיראָזשנעס און באַצאָלן בלויז פאַר איינער, ווייל די מחיה איז דאָרטן אַזוי גרויס

אַז מ׳קאָן ניט האַלטן אַזוי פֿיל מענטשן, וואָס זאָלן קוקן אַלעמען אין די הענט אַריין.

ווען איך בין צוגעקומען צום בופֿעט, איז מיר איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק אַריינצוגיין אַהינצו און אויספּרואוון דעם גורל מיינעם, — אויסטרינקען אַ גלאָז וואַסער און אויפֿעסן עטלעכע פּיראָזשנעס און באַצאָלן בלויז פֿאַר דער גלאָז וואַסער און פֿאַר איין פּיראָזשנע, און אַזויפֿיל, און ניט מער, וואָס האָט באַטראָפֿן אַ פּיאַטאַקל, האָב איך געהאַט ביי זיך.

איך האָב מיך לכתחילה דערשראָקן פֿאַר דעם געדאַנק, אָבער אַריינקוקנדיק אין בופֿעט אַריין און דערזעענדיק ווי דער בופֿעט איז אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן ווי אַ בינ־שטאָק מיט בינען, און ווי אַלע האָבן דאָרטן גענאַשט און דערביי געטרונקען די סאָדעוואַסער, וואָס אַ פֿאָר געציילטע מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען פֿון יענער זייט „סטאָיקע״, האָבן אָן אויפֿהער געצאַפּט פֿון די צעפּלעך, האָב איך איינגעזען, אַז מ׳קאָן עס זייער לייכט טאָן, נאָך מערער: מ׳קאָן אַפֿילו גאָרניט באַצאָלן אויך, ס׳הייסט אַפֿילו פֿאַר איין גלאָז וואַסער, און פֿאַר איין פּיראָזשנע אויך ניט.

נאָך אַ לענגערן ישוב־הדעת בין איך אַריין אין בופֿעט, זיך אַריינגעשטופּט אין ענגשאַפֿט אַריין און זיך צוגעשטופּט צו דער סטאָיקע האָב איך מיר געהייסן געבן אַ גלאָז וואַסער, איינציי־טיק האָב איך אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיינע אין איינע פֿון די קעסטעלעך און מיר אַרויסגענומען אַ פּיראָזשנע און בין פֿאַרטיק געוואָרן מיט איר נאָך איידער דאָס מיידל וואָס איז געשטאַנען פֿאַרשפּאַנט אין אַ ווייסן פֿאַרטוך, האָט מיר דאָס גלאָז וואַסער דערלאַנגט. אַ זופּ געטאָן די שיפּענדיקע וואַסער וואָס האָט מיר אַ שטאָך געגעבן אין דער צונג, האָב איך פֿון אַ צווייטן קעסטעלע אַרויסגענומען אַן אַנדער פּסחדיק מאַכעראַיקע, און שפּעטער אַ ווײַלע אַ דריטע, און ביז וואַנען איך בין פֿאַרטיק געוואָרן מיטן טרינקען, בין איך פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַ פֿערטער פּיראָזשנע. און נעם מיר אַזוי אַרויס דאָס פּיאַטאַקל מיינס, און דערלאַנג אַ צווייטער מיידל, וואָס איז ביי דער קאַסע געשטאַנען: ערשט, אַז די יעניקע וואָס האָט מיר דאָס גלאָז וואַסער דערלאַנגט, גיט דער קאַסע־מיידל עפּעס אַ שושקע אין אויער, און יענע גיט אַ

וואָרף אויף מיר אַ מאָדנעם קוקעלע, איך האָב גלייך דערפילט, ווי די נשמה מיינע איז מיר אַראָפּגעפאַלן אין די פּיאַטעס אַריין, און יענע, די קאָסירשע, לאָזט העַנגען די האַנט מיינע מיטן פּיאַ־טאָקל, און גיט זיך אַ דריי אָפּ צום ברייטן פּאָרהאַנג, וואָס איז הינטער איר געהאַנגען, אַ פּאָרהאַנג ברייט ווי אַ וואַנט, פאַר־שווינדט דאָרטן אויף אַ ווײַלע, און באַווייזנדיק זיך צוריק, זעט זי מיך שוין ניט, ניט מיך און ניט די האַנט מיינע, און ניט דאָס פּיאַטאַקל, וואָס שטעקט צווישן דער האַנטס פינגער...

פאַרשטיי איך שוין, אַז איך בין אין פּאַסטקע, און אַ שווינדלעניש האָט זיך אין מיינע אויגן אַריינגעכאַפּט, די קני האָבן זיך מיר אָנגעהויבן טרייסלען, איך ווייס ניט וויפיל צייט ס'האָט גענומען, אַז איך האָב דערפילט ווי אַ פעסטע האַנט האָט מיך געגעבן אַ נעם הינטער „פּאָדרוטשקי". ווער דער הינטערפי־רער מיינער איז, ווייס איך ניט, איך ווייס ניט ווייל איך זע אים ניט, און אַ קוק געבן אויף אים האָב איך מורא. יאָ, צוליב וואָס? ס'איז מיר דען אַ חילוק ווי דער זעט אויס, דער וואָס פירט מיך „אונטערפירנס"? ווער דאָס זאָל ניט זיין, וועט ער מיר שוין באַלוינען ווי ס'באַדאַרף צו זיין. איך פאַרשטיי נאָר ניט אויף ווען וואַרט ער? צי וואַרט ער ביז וואַנען ער וועט מיך אַרויספירן פון בופעט, און ערשט אין דרויסן וועט ער מיר געבן די גאָב?

נאָר אָט האָט ער מיך שוין פון בופעט אַרויסגעפירט, און דאָס דערוואַרטעטע קומט אַלץ ניט, ער פירט מיך ווייטער, נו, טראַכט איך מיך, דאָ וועט שוין קומען מיין סוף, ער קלייבט זיך אַוודאי מיך צו פאַרפירן אין אַ געסעלע און דאָרטן וועט ער מיך אונטער־שלאָגן די כריפּעס.

מיך אָפּגעפירט אַ היבש שטיקל וועג, איז דער אונטער־פירער מיינער שטיין געבליבן און איך מיט אים, פאַרשטייט זיך, און אַ באַקאַנטע שטימע גיט צו מיר אַ זאָג בזה הלשון:

— טראָג זיך אָפּ! ס'איז דיין גליק, וואָס דו האָסט אָנגעטראָפן אויף מיר!

איך הויב אויף מיין קאָפּ און גיב אַ קוק: ס'איז ער, דער בן־עיר מיינער!

מיר איז וויסטיק און פינצטער געוואָרן אין מיינע אויגן, און אַ גרויסע יללה האָט זיך אויפגעהויבן אין מיר אויף מיין גרויסער ירידה. אַלץ אין מיר האָט געוויינט אויף אָט דער גע־פאַלנקייט מיינער. און געזען ווי דער בחורעץ שפּאַנט זיך און גייט זיך זיין גאַנג אויף צוריק, ווי ס'קאָן גיין בלויז אַזעל־כער, וואָס האָט אָקאָרשט אָפּגעטאָן אַ נאָבעלע זאַך, האָב איך עס אים ניט פאַרגונען און אַ חשק איז מיר באַפאַלן אים נאָכ־צולויפן און פּאַקן אים און פרעגן ביי אים, פאַרוואָס האָט ער מיך געשאַנעוועט פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט ער מיר ריק־און־לענד ניט צעבראָכן? איך האָב זיך אָבער פון אָרט ניט גע־קאָנט רירן. איך בין לאַנג אַוועקגעשטאַנען און געקוקט אין יענער ריכטונג, וואו יענער האָט זיך געשפּאַנט, און ערשט נאָך דעם ווי יענער איז פאַרשוואונדן, האָב איך מיך געלאָזט גיין, וואוהין? וועגן דעם האָב איך ניט געטראַכט. אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר ראָגן האָב איך אָנגעטראָפן די „באַרישניע" אָט די זעלביקע וואָס האָט מיר צוריק מיט אַ פּאָר טעג פאַרטרויט דאָס דרייערל. זי איז ניט געגאַנגען אַליין, נאָר מיט אַ סטודענט, אַ סטודענט מיט אַ בערדל און מיט אַ גרויסער טשופּרינע. איך האָב זי געוואָלט אויסמיידן, אָבער ס'איז געווען צו שפּעט, ווייל איך האָב געהערט ווי זי האָט אַ זאָג געגעבן צום קאַוואַליער צו אירן:

— וואָט אָן, טאָט סאַמי!

איך האָב זיך גלייך אָנגעשטויסן, אַז זי האָט אים געמוזט דערציילן וועגן אַזעלכן און אַזעלכן, וועמען זי האָט פאַרטרויט דריי רובל און ער האָט זיי איר געבראַכט, איצט־אָ דערזעענדיק מיך, האָט זי עס אים אָנגעוויזן אויף מיר, אַז „דאָס איז ער", און דער סטודענט, אין זיין פולער יוניפאָרם, ניט קענענדיק מיך, האָט מיך פאַרסטאַמפּעוועט דעם וועג ווי מיר וואָלטן שוין לאַנג באַקאַנטע געווען, און אַ זאָג געטאָן:

— זדראַסטוואויטיע!

האָב איך זיך שוין אָפּגעשטעלט, און דער סטודענט האָט גע־בומען קיבעצן די דאַמע זיינע. ער האָט איר אין רוסיש געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געווען אויף מיין אָרט וואָלט זי אים שוין

אַזוי אָנגעקוקט מיטן דרייערל, ווי זי וואָלט אָנגעקוקט די אויערן אירע. דאָס מיידל האָט זיך אָנגעבייזערט אויף אים:

— סאָלאָמאָן מאָיסייאיטש, טשטאָ עטאָ זאַ מאַניעראַ וויס־טאַוויט סעביאַ איוו טאַקאָם סוועטיע?

איך בין נאָך אַפילו קיין גרויסער ידען אין רוסיש ניט געווען, אָבער די ווערטער וואָס זי האָט אים אין דעם לשון געזאָגט, האָב איך זייער געהאַט פאַרשטאַנען, ס׳איז ביי אים אַן אָנשטעל אַזאַ זיך אַרויסצושטעלן, אַז ער איז ניט קיין לייטישער מענטש, און ער איז נאָכדעם אַרויסגעקומען מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— נו, זאָגט אייך וואָס איר ווילט, נאָר אַ האָרעפּאַשניק, אַ מענטש, אַן אַרבעטער (טשעלאָוועק טרודיאַשטשיסיאַ, האָט ער געזאָגט) קאָן אַזעלכעס באַווייזן, אַליין אַרומגיין אָן אַ גראָשן אין קעשענע און דאָך ביישטיין דעם נסיון און ברענגען דאָס געלט צוריק, כאָטש מ׳האָט עס ביי אים אַרויסגעגנבעט.

— דאַ דיעסטוויטעלנאַ! — האָט זיך די פריילין אָפּגע־רופן, און צו מיר דערביי אַ שמייכל געטאָן, און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל ניט גלויבן וואָס סאָלאָמאָן מאָיסייעוויטש זאָגט, ער וואָלט אויך געבראַכט דאָס געלט צוריק, און אַפילו מערער ווען מ׳וואָלט אים פאַרטרויט...

— אפשר יאָ, און אפשר ניט — האָט זיך דער סטודענט אין רוסיש אָפּגערופן, און... נו, דאָ ווילט זיך מיר איבערגעבן מיט זיינע ווערטער ווי ער האָט זיי געזאָגט: — נאָ פּאָווערטיע טשטאָ וסיע מי, אָדנאַ אוטשאַנאַיאַ סוואָלאָטש, אָדנאַ מערזאָסט!

איך בין געווען איבערראַשט דאָס צו הערן. ביי מיר — אַ סטודענט! איך האָב אויף אַזעלכן געקוקט ווי אויף אַ העכער וועזן פון דעם מענטשלעכן מין, און דאָ זאָגט ער, אַז אַלע גע־לערנטע זיינען „סוואָלאָטשעס" און אויסוואורפן. געקאָנט האָב איך זיי טאַקע ניט (דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב זוכה געווען צו שטיין פנים אל פנים מיט אַ סטודענט און ריידן מיט אים). נו, האָב איך דאָך געזען, אַז אַפילו גאָראָדאָוויעס גיבן אָפּ „טשעסט" אַזעלכן אין גאַס. דאָ הער איך גאָר ווי ביי דעם איז גאָר דער האָרעפּאַשניק דאָס אויבערשטע פון שטייסל.

זיך אָפּגעזאָגט דאָס זייביקע, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן

וועגן די געלערנטע מענטשן און וועגן די האָרעפּאַשניקעס, האָט ער מיך געגעבן אַ כאַפּ אונטערן אָרעם, און אַ זאָג געגעבן:

— אידיאָמטיע! (קומט) סאָניאַ פּישעליעוונאַ נאַס אוגאַסטיט מאָראָזשענים! (ווערא פּישלס טאָכטער וועט אונדז מכבד זיין מיט אייז־קרים).

איך האָב זיך אָפּגעטרייסלט פון דער איינלאַדונג. יאָ, ס'האָט מיר מער ניט געפעלט, נאָר זיך ווידער ווייזן פאַר מיין בן־עיר. „סאָניאַ פּישעליעווגאַ" האָט באַמערקט, אַז איך האָב קיין חשק ניט צו גיין, האָט זי מיך גענומען צוריידן איך זאָל מיטגיין, און דער סטודענט האָט מיט אַ געלעכטערל געזאָגט:

— ניטשעוואָ, ניטשעוואָ, אַז מיר שטייט אָן זיך לאָזן „אוגאָ־שטשאַיען" פון אַ באַרישניע, זאָל אייך אויך אָנשטיין!

און געזעגן, אַז ס'האַלט שלעכט, האָב איך געזאָגט, אַז איך קאָן זיך דאָרטן ניט ווייזן ווייל דאָרטן געפינט זיך מיינער אַ חבר, ביי וועלכן איך האָב געליגן פינף און צוואַנציק קאָפּי־קעס וואָס האָט מיר אויסגעפעלט צו די דריי רובל, און אַזוי ווי איך האָב זיי אים ניט אָפּצוגעבן, שעם איך זיך צו ווייזן פאַר אים. און דאָ האָט זיך דער סטודענט אָפּגערופן צו זיין באַגלייטערין מיט אַן איראָניע:

— נו, איך מיין, אַז אויב איר האָט אים פאַרטרויט אַ גאַנץ דרייערל, וועט איר אים פאַרטרויען אַזאַ נישטיקע סומע, נישט אַזוי?

זי האָט דאָ גלייך אַרויסגעכאַפּט פון האַנט־בייטל אַ פער־טעלע און אַ שטעק געגעבן אין מיין זייט אַריין, איך האָב עס גענומען נאָך אַ ווײַלע קווענקלעניש, און אַזוי ווי איך בין אַריינ־געקומען אין בופעט, האָב איך געלאָזט שטיין דאָס פּאָרל, וואָס האָט מיך אין בופעט אַריינגעפירט, און אָפּגעזוכט דעם בן־עיר מיינעם, און נאָך איידער איך האָב באַוויזן צו זאָגן אים נאָך וואָס איך בין געקומען, האָט ער דראָענד ביי מיר אַ פרעג געטאָן:

— וואָסי, וואָס טוסטו שוין ווידער דאָ?

איך האָב אים דאָ גלייך אָפּגעבאַקט אַ ליגן, אַז געהאַט האָב איך ביי זיך פופצן קאָפּיקעס, ס'הייסט אַזויפיל וויפיל איך האָב געהאַט אָנגעפרעסן, אַ פּיאַטאַקל און אַ גריוונע, אָבער אַזוי

ווי איך האָב אַ לעכל אין איינער פון מיינע קעשענעס, איז מיר די גריוונייע אַרויסגעפאַלן, אַזוי אַז איך בין דאָ אומזיסט און אומנישט אַריינגעפאַלן, איצט האָב איך דאָס געלט געקראָגן, אָט האָב איך עס!

ער האָט מיר געפרעגט, וואו איך האָב אין דער שפּע־טער שעה געקאָנט קריגן געלט צו לייען, האָב איך אים גלייך אָנגעוויזן אויפן סטודענט, וואָס איז מיט דעם מיידל געשטאַנען ביי דער „סטאַיקע״, און מיט גדלות אויסגערופן:

— אָן זעסטו יענעם סטודענט? דאָס איז מיינער אַ גוטער באַקאַנטער! איך האָב אים דערציילט פון דער מעשה, האָט ער אַרויסגענומען אַ פּערטעלע און מיר געליען.

דער בחור האָט געעפנט די אויגן, איך האָב דערקאָנט, אַז ער קוקט שוין אויף מיר גאָר אַנדערש. האָבן אַ סטודענט פאַר אַ באַקאַנטן איז גאָר קיין קליינינקייט ניט, און צי זאָל דאָס האָבן געווען טאָקע אין דעם זכות וואָס איך האָב אַ באַקאַנטן סטודענט, צי האָט ער מיר גלאָט אַזוי געוואָלט שענקען די עטלעכע קאָפּיקעס, ווייל קיין שלעכטער בטבע איז ער דאָך ניט געווען, בפרט נאָך אַז די עטלעכע קאָפּיקעס וואָס איך האָב אים געוואָלט אָפּגעבן זיינען דאָך ניט געווען זיינע, האָט ער מיר איין מאָל און אַ צווייט מאָל אַ קלאַפּ געגעבן אין פּלייצע און געזאָגט:

— גיי, גיי, אַ דאגה נו, — און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

— דאָס צווייטע מאָל אַז דו וועסט אַריינקומען ערגעץ טרינקען צי עפּעס עסן, זאָלסטו זיך פריער אַ טאַפּ געבן אין קעשענע... פאַר־שטייסט אַזוי אַז דו קומסט אַריין אין אַ קלייט און דו כאַפּסט זיך אַז דו האָסט ניט צו באַצאָלן פאַר דער סחורה, לאָזטו איבער די סחורה, דאָ אָבער, איז אַ בופעט, וואָס קאָן מען טאָן מיט דיר, קריגסטו אָנגעבראָכן די ביינער.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט אים, האָב איך אין געדרענג אָפּגע־זוכט דאָס פּאָרל מיינס, און געטראָפן דעם סטודענט אין דעם מאָ־מענט, ווען ער האָט געהאַלטן אין באַצאָלן פאַר דעם, וואָס זיי האָבן דאָרטן אויסגעטרונקען און אויפגעגעסן. דאָס געלט צו באַ־צאָלן פאַר דעם אָנגעגעסענעם און אָנגעטרונקענעם, האָט זי טאָקע געגעבן, אָבער געצאָלט האָט ער, און איך בין מיר מעשה פריץ, וואָס

איך גיי אי מיט אַ סטודענט, אי מיט אַ באַרישנע, אַרויס פון בור־פעט. און דער סטודענט האָט עס נאָך געמאַכט אַזוי אַז דאָס מיידל זאָל גיין אין דער מיט און מירביידע ביי אירע זייטן. און געטראַכט האָב איך, וואָס וואָלט געווען ווען מיין באַלעבאָס טעכטערל וואָלט מיך באַגעגנט אין דער שפּעטער שעה מיט דעם פּאָרל שפּאַצירן?

דאָס אַלץ וואָלט זייער גוט געווען, ווען וואָלט עס גערעדט געווען, ווען ערגעץ וואָלט אויף מיר אַ געלעגער געוואַרט. אָט וואָלט עס געווען פיין, ווען ווער פון זיי ביידע וואָלט מיך פאַר־בעטן אויף נאַכט־לעגער צו זיך. יאָ, איך האָב געטראַכט וועגן דעם, אָבער קיין האָפענונג ניט געהאַט אַז אַזאַ גליק זאָל מיך טרעפן.

ס׳איז געווען אַ היבש שטיקל וועג פון דעם לייקאכס בופעט ביז צו דעם מיידלס הויז, אָבער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער וועג איז צו שנעל איבערגעלאָפן. דער סטודענט האָט גערעדט די גאַנצע צייט, שטיל גערעדט, כמעט סודותדיק, הגם מ׳האָט זעלטן געזען אַ מענטשן פאַרבייגיין. אויף איין „אוגאָל" האָט אַ גאָראָ־דאָוואָי, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, געגעבן אַ לייג צו האַנט און פינגער צום דאַשעק זיינעם, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט אָפּגעגעבן „טשעסט" דעם סטודענט. אַ זיסע נקמה האָט דורכגענומען דאָס גאַנצע וועזן מיינס ווען איך האָב דאָס דער־זען. וויפיל האָט מיר דען געפעלט, אַז דער גאָראָדאָוואָי, דער צי אַן אַנדערער, זאָל מיך שלעפּן אין אוטשאַסטאָק אַריין פאַר די פּיראָזשנעס, וואָס איך האָב „דאָרטן" אָנגעפּרעסן און זיך גע־קליבן אַרויס ניט באַצאָלט, און דאָ באַגריסט ער איינעם מיט וועמען איך גיי, וואָס דאָס האָט שוין געמיינט, אַז אויף מיין חלק נעמט זיך שוין אויך עפּעס אָן פון דעם כבוד וואָס דער גיט דעם אָפּ.

און איבערראַשט האָט מיך וואָס דער סטודענט איז גאָר ניט צופרידן געווען פונם גאָראָדאָוואָי און פון זיין באַגריסן אים. ער האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן צו דעם מיידל און נאָכדעם אויף אַ העכערן קול איר דערציילט ווי ער האָט איינמאָל אַרויסגעריסן פון אַ גאָראָדאָוואָיס הענט אַ „קאַרמאַנשטשיקל" (אַ קעשענע גנבֿל) פון

אַ יאָר צען, וואָס יענער האָט געשלעפּט אין אוטשאַסטאָק אַריין און דערבײַ אים געבוכטשעט אין די זײַטלעך אַרײַן.

— און ווייסט איר, ווער אָט דאָס גנבל איז געווען? — האָט ער אויסגערופן נאָך העכער — אַ שפּייזער פון אַ פאַמיליע פון פיר פּערזאָן, אַ קראַנקע מוטער און צוויי פּיצלעך קינדער, וואָס זיינען אָן אַ שפּייזער געבליבן, ווייל דער פאָטער אַן אַלקאָהאָליקער, איז פאַרברענט געוואָרן פון טרינקען.

אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן:

— אָט דאָס זיינען זיי, אונדזערע היטער פון אָרדנונג און געזעץ!

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו איר הויז, אָט צו דעם זעל־ביקן וואו אויבן איבער דער טיר פון אַרײַנגאַנג, האָבן זיך געטונקלט אַנטקעגן דער שיין פון דער לבנה, די גרויסע ווערטער „טאָקאַרנאַיאַ מאַסטערסקאַיאַ", האָט ער איר די האַנט געגעבן, און איך בין געבליבן שטיין ניט אַהער, ניט אַהין, וויסנדיק אַז דאָ מיט איר קאָן איך ניט פאַרבלייבן, ווייל זי אַליין וועט דאָך באַלד ניט בלייבן דאָ, און מיט אים גיין, יאָ, וואוהין? סיי־ווי דערצו איז ניט גע־קומען, ווייל גלייך נאָך דעם ווי ער האָט זיך מיט איר אָפּגעזעגנט, האָט ער מיר די האַנט געגעבן, און איז זיך אַוועק. זי האָט גענומען אויפשליסן די טיר שטייענדיק צו מיר מיט דער פּלייצע, ווי איך וואָלט שוין אויך פאַר איר ניט געווען דאָ.

— מאַמזעל! — האָב איך אַ מורמל געטאָן צו איר, — אפשר וועט איר מיך אַרײַנלאָזן אין „ראַבאָטשע" צו אייך נעכטיקן, איך האָב ניט וואו צו נעכטיקן!

זי האָט זיך געגעבן אַ קערעווע אויס צו מיר, און ס'איז גע־ווען צו דערקענען אויף איר, אַז זי פילט זיך זייער פאַרלוירן, און נאָך אַ לענגערער פּויזע האָט זי מיט אַ מינאַרנעם טאָן געזאָגט, אַז זי וואָלט מיר ניט געזשאַלעוועט, נאָר אויף וואָס וועל איך דאָרטן שלאָפן, אויף וואָס, און ווען האָב איך געענטפערט, אַז אויף וואָס איך זאָל דאָרט ניט שלאָפן וועט מיר אַלץ זיין בעסער ווי שלאָפן אין דרויסן, האָט זי צוגעשוויגן און צולעצט מיר פאַר־טרויט אַ סוד אַז איך בין ניט דער ערשטער, וואָס בעט זיך אָן

אויף נאַכט־לעגער, אָבער מיט איין תנאי אַז ביז זעקס זאָל דאָרטן פון מיר קיין זכר ניט בלייבן.

מיך דורכגעפירט אַ פּאָר פינצטערע חדרים, האָט זי מיך אַריינגעפירט אין אַ קליינער קאַנורע וואו ס'האָבן מיך גלייך אַ וואַרף געטאָן אין די אויגן צוויי סילועטן פון טאָקאַרנע וואַרשטאַטן, און מיר אָנגעוויזן ביי דער טיר וואָס האָט געפירט אין הויף אַריין, ווי אַזוי איך זאָל זי עפענען, ווען איך וועל באַדאַרפן אַרויסגיין, האָט זי מיר געוואונטשן „אַ גוטע נאַכט" און איז אַרויס, איך האָב מיך גלייך נאָך איר אַוועקגעיין אַראָפּ־געלאָזט אויף דער ערד, אונטער איינעם פון די וואַרשטאַטן, אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אָן דער ראָד, און זיך פאַרנומען צו טראַכטן וועגן דעם „ברוך הבא", וואָס איך וועל קריגן, ווען מ'וועט מיך „דאָרטן" דערזען, און פאַרשטייט זיך, אַז אָט די זאָרג האָט מיך לאַנג ניט געלאָזט איינשלאָפן.

און אַפילו נאָכדעם וואָס איך בין שוין קלאָמפּערשט יאָ געשלאָפן, איז אויכעט בין איך ניט געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער וואָר. שוין דאָס אַליין וואָס איך האָב געפילט אַז איך געפין זיך ניט דאָרטן וואו איך באַדאַרף זיך געפינען, דאָס אַליין איז דער בעסטער באַווייז אַז דער שלאָף איז קיין שלאָף ניט געווען... אפשר איז דאָס אויף אַזוי ווייט געווען שלאָף אַז איך האָב דאָך ניט געקאָנט דערגיין וואו איך געפין זיך... איך האָב אַפילו איין מאָל געפילט ווי די ראָד, אויף וועלכער איך בין געלעגן מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט, האָט זיך מיר געגעבן אַ קי־רעווע, און כאָטש איך האָב געוואוסט וואָס דאָס איז, האָב איך דאָך געהאַט אַזאַ פאַרשטעלונג, אַז באַהאַלטענע כוחות, די כוחות וואָס האָבן עס בייטאָג געדרייט, זיינען דאָרטן געבליבן שטעקן, און האָבן זיך אויפגעכאַפּט און פאַרענדיקט דעם דריי וואָס „זיי" האָבן בייטאָג ניט באַוויזן צו דערדרייען...

מעגלעך אַז ניט געקוקט אויף די אַלע זאָרגן, וואָס זיינען אין מיר געבליבן שטעקן, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס איך בין געלעגן בוכשטעבלעך אויף דער הוילער פּאָדלאָגע, וואָלט איך דאָך געקאָנט געווען אַנטשלאָפן ווערן, אָבער איך האָב דאָרטן פיל מאָל געהאַט צו גאַסט די „אונטערוועלט־חברה" אָט ווי איך

האָב זיי „דאָרטן“ ביי זיך אין „ראַבאַטשע“ אָפט געהאַט צו גאַסט. צי זיינען זיי „דאָ“ געווען מער ווי „דאָרטן“ צי ווינציקער, דאָס קאָן איך ניט וויסן, איך ווייס נאָר, אַז פיל מאָל האָב איך דערפילט ווי עפּעס איז איבער מיר איבערגעלאָפן און אַ פינצטערע, וויסטיקע פאָרשטעלונג געהאַט, אַז עפּעס אַ סוד פון אַן אומבאַקאַנט, פרעמד לעבן איז איבער מיר איבערגעלאָפן. איך האָב מיך געסטאַרעט מיט אַלע מיינע פאַרדרעמלטע כוחות צו דערגיין וואָס פאַר אַ לעבן און וואָס פאַר אַ סודות דאָס זיינען, וואָס לויפן איבער מיר אַריבער מיט אַזאַ לייכטקייט, אַז כמעט ווי איך הער דאָס ניט, אָבער איך האָב עס ניט געקאָנט דערגיין.

יט

איך האָב פאַרלאָזט די „מנוחה“ מיינע נאָך פאַר זעקס אַזייגער, ביז אַכט זיך אַרומגעדרייט אין די פרימאָרגנדיקע פוסטע גאַסן, דערנאָך בין איך אַוועק צו מיין ברודער, און אָפּגעטרונקען טיי, און צוגעביסן מיט מצה, באַשמירט מיט שמאַלץ, האָט מיין ברודער מיט אַ געוויסער אַנטשלאָסנקייט, אַ מאַך געטאָן צו מיר מיטן קאָפּ, אַז ס'איז צייט צו גיין, און כאָטש איך אַליין בין דאָך געקומען צו אים, ער זאָל מיך פירן „אַהינצו“, האָב איך זיך דאָך ביי אים געבעטן ער זאָל מיך בעסער פירן אין דער ערד אַריין איידער „אַהין“.

— פונקט ווי דו וואָלסט מיך צו דער עקידה געפירט! — האָב איך צו אים אַ זאָג געגעבן גלייך ווי מיר זיינען פון שטוב אַרויס.

און גייענדיק האָב איך אים אַלץ דערציילט, וואָס איך האָב דאָרטן איבערגעלעבט פאַר די אַנדערהאַלבן יאָר וואָס איך בין דאָרטן, און ער האָט זיך אויף מיר אַרויפגעוואָרפן מיט טענות פאַרוואָס איך האָב אים ביז אַהער פון דעם אַלעמען ניט דערציילט. איך האָב אים גלייך אָפּגעהאַקט די פליגל:

— נו, אָט דערצייל איך דיר יעצט, נו, קענסטו מיר עפּעס העלפן?

ער האָט געשוויגן און שפּעטער אַ ווײַלע מיט די זעלבע תקיפות געזאָגט, אַז ער וועט „טרעבאָווען" מ׳זאָל מיך מער ניט „זאַסטאַווען" צו טאָן שטוב־אַרבעט, מ׳זאָל מיר ניט אויס־טיילן דאָס שטיקל ברויט און דאָס שטיקל צוקער, און נאָך און נאָך זאַכן, אַלץ אויף וואָס איך האָב מיך באַקלאָגט האָט ער מיר צוגעזאָגט וועט ער זען גוט־מאַכן. איך האָב אים צולעצט אַ פרעג געגעבן:

— און וואָס וועט זיין, אַז „ער" וועט ניט וועלן נאָכגעבן?

— וועל איך אים באַווייזן מיט וועמען ער האָט צו טאָן!— האָט מיין ברודער אויסגערופן מיט אַ פּאַרריסענעם טאָן. און איך האָב מיך געטראַכט, הלוואי גיט זיך עס אים ניט איין, ווייל נאָך אַלעמען האָט זיך דאָך ניט וועגן די אַלע דאָ אויס־גערעכנטע זאַכן געהאַנדלט, וואָס ער האָט מיך מבטיח געווען אַז ער וועט דאָס אַלץ זען ברענגען אין אָרדנונג. געווען פיל ערגערע זאַכן, וואָס איך האָב גאָר קיין ווערטער ניט געהאַט פאַר זיי... און צווישן די ערגסטע זאַכן, האָט זיך גאָר געבאָמבלט אַ „גוטע זאַך", וואָס איז געווען פאַר מיר טויזנט מאָל ערגער ווי די שלעכטע זאַכן, דאָס איז געווען מיין ליבע צו דער מויד. אָט פון וועמען איך האָב געוואָלט פטור־ווערן, ווייל אָט די צרה איז מיר געווען ערגער פון אַלע איבעריקע צרות, און וועגן דעם האָב איך דאָך מיין ברודער ניט געקאָנט דערציילן.

— דו וועסט מיט אים גאָרניט מאַכן! — האָב איך נאָך אַ לענגערער פּויזע אויסגערופן.

מיין ברודער האָט אויף מיר אַ ביסטרען קוק געוואָרפן, קאָנטיק צוליב דעם וואָס איך צווייפל אין זיינע תקיפות, און פאַרזעצנדיק דעם וועג אונדזערן, האָט ער שטאַרקער צעוואָרפן די הענט זיינע וואָס זיינען אין פּראָפּאָרציע מיט זיין וואוקס זייער לאַנג געווען, האָט ער אַמביציעז אויסגערופן:

— זאָל ער נאָר פּרוּוון ניט נאָכגעבן, גיי איך אַוועק אין „רעמעסליענע אופּראַווע" און דערצייל דאָס אַלץ און איינס און צוויי ביסטו אַ פרייער מענטש, און דער „סוקין־סין" וועט אַליין מוזן אונטערשרייבן דאָס פּאַפּירל אַז דו ביסט פריי, און דו וועסט קאָנען גיין אַרבעטן וואו דו וועסט וועלן.

איך האָב אים מקנא געווען, אים אָט דעם אומגליקלעכן קאַליקע, וויסנדיק אַז אויף דעם טאָקע שלאָגט ער די תקיפות זיינע. איך האָב מיך געטראַכט, אַז איידער צו זיין אַזאַ גאָרניט ווי איך בין, איז שוין אפשר גלייכער צו זיין אַזאַ „עפּעס״ ווי ער איז. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט געווען האָט דאָך אויס מיטלייד צו אים מיט אים חתונה געהאַט דאָס מיידל וואָס איז איצט דאָס ווייב זיינע... נו, אָט בין איך ניט קיין „געשטראָפטער״ און דאָך אַזוי געשטראָפט אַז ווען אַשטייגער איך וואָלט צען, צוואַנציק און הונדערט מאָל געשריגן „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע לעשט מיין פייער״, וואָלט די מויד ניט באַנומען די געשרייען מיינע.

אַזוי האָב איך געטראַכט דעם גאַנצן וועג, וואָס מיר זיינען געגאַנגען „אַהין״. ערשט ווען איך האָב פון וויטן דאָס הויז דערזען, מיט די שילדן וואָס זיינען געהאַנגען פאַרן טויער, מיט דער פאַמיליע פון מיין באַלעבאָס, וואָס איז געווען אָנגעשריבן אויף יעדער שילד, האָבן זיך אָט די געדאַנקען איבערגעריסן, איך האָב דערפילט ווי ס׳הויבט מיר אָן אין בויך צו גרימען פון דער פאָרשטייענדיקער באַגעגעניש מיט זיי, און גאַנץ באַזונדער מיט דער באַגעגעניש מיט איר, מיט דער מויד, וואָס איך האָב מיך ניט געקאָנט פונאַנדערקלייבן, צי איז דאָס פון ליבע צו איר, פון האַס, צי פון דעם און פון יענעם.

ס׳איז אָבער אַזוי באַשערט געווען, אַז ס׳איז גאָר קיין באַגעגעניש ניט געווען. מיר, איך מיט מיין ברודער, זיינען אַריין אין „ראַבאָטשע״, איבערגעגאַנגען די גאַנצע לענג אירע, און קיינער פון זיי האָט אונדז ניט באַמערקט, כאָטש אַלע פיר זיינען אין דעם מאָמענט אין „ראַבאָטשע״ געווען. וואָס האָט פּאַסירט? דאָס פּריצל איז דאָרטן געווען, אָט דאָס זעלבע פּריצל וואָס איז צוריק מיט אַ פּאָר וואָכן געהאַט געווען מיט דער באַשטעלונג מיט זיינער און דעם באַלעבאָס ניט געטראָפן, נו איז ער יעצט, קאָנטיק צוליב דעם געקומען. ניט „קאָנטיק״ נאָר זיכער, ווייל ווען איך בין אַריינגעקומען איז ער מיטן באַלעבאָס, און מיטן בן מיט זיינעם געשטאַנען, מיט די פּנימער צו דער וואַנט, און ער, דער פּריץ, האָט מיט אַ בליישטיפט געצייכנט דעם פאַסאָן פונם שטיין וואָס ער האָט געוואָלט האָבן, און זייטיק, אַ טריט ווייט פון

זיי, איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע מיטן טעכטערל, און זיי האָבן אונדז פונקט אַזוי ניט געזען, אָדער פונקט אַזוי זיך געמאַכט ניט זעענדיק, אַז מיר זיינען אַרייגעקומען ווי דער באַלעבאָס און דער בן זיינער.

דורכגייענדיק די גאַנצע לענג פונם קאָרידאָר, זיינען מיר געבליבן שטיין דאָרטן וואו דער קאָרידאָר האָט זיך געענדיקט און וואו מיין וואַרשטאַט איז געשטאַנען. ביידע האָבן מיר געקוקט ווי די דריי מאַנסבילן זיינען פאַרנומען מיטן געמעלעכץ, וואָס איז געוואַקסן אויף דער וואַנט, און ווי דאָס ווייבערשע פאָרל שטייט דערביי און קוקט צו ווי יענער מאָלט דעם מאָדעל ווי דער שטיין באַדאַרף געטאָקט ווערן און שמעלצן זיך פון נחת. די מויד האָט זיך געהאַלטן אין איין לאַשטשען צו דער מאַמען צו אירער, אָנהאַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט ביי איר אָרעם, און איינצייטיק געפרעסן דעם קריסטלעכן מאַנספאַרשוין מיט די אויגן, די פיס אירע זיינען ניט איינגעשטאַנען, אַ שאַר אַ פוס אַהער, אַ פוס אַהין ווי אַ יונגע קאָבילקע וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געגומען געוואָרן אין שפאַן, וואָס אי גיין וויל עס ניט, אי איינשטיין קאָן עס ניט, און ס׳האָט זיך באַקומען אַזאַ איינדרוק, אַז זי האַלט אין איין אַרויסגיין פון שטיין, און אַריינגיין אין שטיין אַריין...

— אָט די מויד וועט לאַנג קיין יידישקייט ניט אויסהאַלטן!
— האָט מיין ברודער מיר אַריינגערוימט אין אויער אַריין.

ווען דאָס פריצל איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער צייכענונג אויף דער וואַנט, האָט ער זיך אַ פיצקע געגעבן מיטן כליסטיק, וואָס ער האָט איצט אויך געהאַט מיט זיך, איבער די גלאַנציקע כאָליוועס פון זיינע שטיוועלעך, און אַ פרעג געגעבן דעם באַלעבאָס, וויפיל ער זאָל אים לאָזן האַנט־געלט. דער באַלעבאָס האָט שכל געהאַט צו זאָגן, אַז וואָס מערער ער וועט לאָזן וועט זיין בעסער, די באַלעבאָסטע האָט דערביי אויסגעשטשירעט די פרעמדע ציין אירע, ווי זי וואָלט מיט זיי, מיט די פרעמדע ציין מיט אירע, געוואָלט באַווייזן אַז נישקשה, אַז מען קאָן פאַרטרויען דעם מאַן אירן וואָס מערער. אָבער דער

קריסט האָט אין דעם מאָמענט גאָר אַ „קנאַס״ געטאָן אויפן טעכטערל, און אַ זאָג געטאָן:

— סלאַוונאַיאַ או וואַס דאָטשקאַ! (אַ פיין טעכטערל ביי אייך).

ס׳איז שוין במילא אַזוי אויסגעקומען, אַז אין איר זכות האָט ער אַריינגעצײילט דעם באַלעבאָס פינף און צוואַנציק קאַר־באָוויניצעס, זיך אָפּגעזעגנט מיט אַלעמען, געבנדיק יעדן באַזונדער די האַנט זיינע, האָט ער געזאָגט „דאָסווידאַניע״ און איז אַוועק. איך בין געווען זיכער, אַז גלייך נאָך זיין אַוועקגיין וועט מען מיך אַ נעם טאָן אויף דער האַצקע, און ס׳וועט זיך אָנהויבן אַן אויספאָרשונג וואו איך בין פאַרפאַלן געוואָרן אויף די עטלעכע טעג. אויך מיין ברודער האָט עס דערוואַרט, דאָס איז קאָנטיק געווען אין זיין הוסטעלע, אַז ער איז גרייט דערצו, אָבער געשען איז גאָר עפּעס אַנדערש: זיי האָבן גאָר איינס נאָך דאָס אַנדערע די „ראַבאָטשע״ פאַרלאָזט. די ערשטע האָט עס געטאָן די באַ־לעבאָסטע, נאָך איר דער באַלעבאָס, און נאָך זיי דאָס יונגע פּאָרל. אַלע פיר זיינען אַרויס, ווי קיינער וואָלט דאָ אַחוץ זיי ניט געווען, און ווי קיינס פון זיי וואָלט דאָ קיינעם ניט געהאַט וואָס צו זאָגן.

איך האָב אַלץ געקאָנט דערוואַרטן, אָבער אָט די „דעמאָנ־סטראַציע״ האָב איך ניט דערוואַרט. מיין ברודער אַוודאי און אַוודאי ניט, ווייל ער האָט גלייך נאָך דעם געגעבן אַ שטעל אָן אויף מיר זיינע גרויסע, גרינלעך־בלויע, שאַרפע אויגן, און נאָך אַ לענגערער פּויזע אַ פרעג געגעבן:

— וואָס איז דאָס?

ווייס איך ניט, צי די פּאָר ווערטער זיינען דאָרטן אין שטוב דערהערט געוואָרן, צי ס׳איז געווען אַ בלויזער צופאַל, וואָס אין אַ ווייל אַרום האָט זיך דעם באַלעבאָס׳ בן באַוויזן, און אַזוי אַ מאַך געטאָן צו מיר מיטן קעפּל און מיט דער מאָרדיטשקע מיט זיינער, און זיך אַזוי פון ווייטנס, ווי אויס בלויזן נייגיר אַ פרעג גע־געבן:

— וואו סי וען (געווען) גאַנצע צייט?

מיין ברודער האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט, אים אַ

גיי געגעבן אַנטקעגן אונטערוואַרפנדיק מיט די לאַנגע הענט מיט זיינע, און אַ וואָרף געגעבן אַ קוק אין איינעם פון די אָפענע פענצטער, האָט ער מיט סאַרקאַזם ביי דעם בחור אַ פרעג גע־געבן:

— קאָן איך האָבן די ערע צו זען דעם באַלעבאָס?

דאָ האָט די באַלעבאָסטיטשקע דאָס קעפל אירס פון איינעם פון די פענצטער אַרויסגעשטעקט, און מיט שטירדעס אַ זאָג גע־טאָן צו מיין ברודער:

— וואָסי, וואָס רעדט איר עפּעס מיט אַזאַ טאָן, ווי אייך וואָלט נאָך עפּעס אַרויסגעקומען!

— ווי איך פאַרשטיי, מאַדאַם — האָט מיין ברודער סאַר־קאַסטיש געזאָגט צו איר — טראָגט איר די הויזן, אָבער מיט אייך וועלן מיר שפּעטער...

ער האָט ניט געענדיקט, ווייל אין דעם מאָמענט איז דער בן אירער צוגעטראָטן צו מיין ברודער און אַראָפּקוקנדיק אַראָפּ אויף אים, האָט ער דראָענד געזאָגט:

— איך סי בעטן אַזוי ניט ריידן!

— יאָ? — האָט מיין ברודער, פאַררייסנדיק די אויגן אַרויף צו אים גיפטיק אַ פרעג געגעבן — וועסט מיר אפשר אָנפּאַטשן אַ? אַנו פּרואוו נאָר! — און געגעבן אַ כאַפּ אַרויס די האַק, וואָס איז געווען איינגעהאַקט אין קלאָץ אַריין, האָט ער זי געגעבן אַ הויב אויף אַנטקעגן אים, און נאָך שטורעמדיקער אויסגעשריגן: — דו הויב נאָר אויף אַ האַנט אויף מיר, צע־שפּאַלט איך דיר דעם מוח דיינעם!

דאָס האַרץ האָט אין מיר אָנגעהויבן צו בעכן, איך ווייס ניט צי פאַר שרעק צי פאַר פרייד, און איך ווייס ניט מיט וואָס אָט דער פאַרמעסט צווישן אָט דעם ניט גלייכן פּאָרל וואָלט זיך גע־ענדיקט, ווען די באַלעבאָסטע וואָלט זיך דאָ ניט אַריינגעכאַפּט צווישןביידן און אָפּגעשטופּט דעם זונדל אירס פון מיין ברודער, און גלייך נאָך דעם האָט מיין ברודער באַפעלעריש מיך באַ־פוילן:

— קום!

דער בן איז געבליבן שטיין ווי אַ פּגר אומגעוואָשן. סיי־ווי זיינס וואָס ער האָט געהאַט צו טאָן האָט ער שוין אָפּגעטאָן, און מער וואָס טאָן האָט ער שוין ניט געהאַט ווייל אין דעם מאָמענט האָט זיך דער באַלעבאָס באַוויזן אַ גריך־געלער און אַ יעזואיטיש שמייכעלע איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף דער שטיקל ליפּ, וואָס האָט פון צווישן באָרד און וואָנצעס אַרויסגעקוקט, אָנקוקנדיק אַ ווײַלע דעם ברודער מיינעם, האָט ער מיט אַ קאַלט לעבערל געזאָגט צו אים:

— און איך האָב שוין גאָר קיין דעה ניט איבער אים, אַ? „קום", זאָגט איר אים, אַ? צו וועמען באַלאַנגט ער, צו מיר, צי צו אייך? וועמעס ברויט און זאַלץ האָט ער אָנדערהאַלבן יאָר צייט געפרעסן, מיינס צי אייערס, און ווער לערנט אים די מלאכה—איך צי איר, אַ?... קום, אַ? הפקר אַ וועלט, מיינט איר?

— און צו מיר דירעקט: — נו, וואָס שטייסטו, אַ? פאַרוואָס גייסטו ניט?

מיין ברודער, ווי ער וואָלט אויף דעם אַרויסגעקוקט, איז אַרויסגעקומען מיטן גאַנצן באַגאַזש, וואָס איך האָב אים געהאַט איבערגעגעבן אויפן וועג, ער האָט זיך באַלד אַ נעם געטאָן צו די קעסט וואָס מ׳גיט מיר, צום ברויט, וואָס מיר ווערט אויסגעטיילט, און צום איינעם שטיקעלע צוקער וואָס מ׳גיט מיר צו דער גלאָז טיי, און דאָס שיינע געלעגער, וואָס איך האָב ביי זיי, זיי זיינען געשטאַנען ווי די קעצעלעך און אים אויסגעהערט, און צולעצט האָט ער געזאָגט:

— איר ווייסט, אַז ווען איך וועל קומען אין „רעמעסליענע אופראַווע" און אָט דאָס צעטל אויסרעכענען הייסט מען אייך אים באַפרייען איינס און צוויי?

דער באַלעבאָס איז געבליבן שטיין, כאָטש נעם און מעלק אים אויס און דערביי אומבאַהאָלפן אונטערגעשמוכעט. דערפאַר איז דאָ די באַלעבאָסטע אונטערגעשפּרונגען:

—פּע־פּע־פּע! מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע קנאַקערס!

— און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — מירן אויכעט האָבן וואָס צו זאָגן!

און דאָ האָט גענומען דאָס וואָרט דער בן זייערער. און

כאָטש „דאָס וואָרט" וואָס ער האָט „גענומען" איז געווען קעגן מיר, אָבער געזאָגט האָט ער „דאָס" מיט אַ געלאַסענעם טאָן, אויסגערעכנט אַ צעטל חטאים מיינע, און צוגעקומען צום ברו־דערס פּרעטענזיעס וועגן דאָס אויסטיילן דאָס שטיקל ברויט, וואָס מ'טיילט מיר אויס, האָט ער אַזוי געזאָגט:

—ער (איך הייסט עס) סי קלאָגן (באַקלאָגן מיינט עס) סי ניט ניג (גענוג) ברויט אים גיב? איך סי גרעסער אים, סי ניט אויפעסן מער!

דאָ האָט זיך מיין ברודער אַרויסגעוויזן מיט אַ „שטיק פּסי־כאָלאָגיע", אָנווייזנדיק אויף דעם, אַז אָט דערפאַר טאַקע וואָס מ'טיילט מיר אויס דאָס שטיקל ברויט, דערפאַר ווילט זיך מיר מער, און צולעצט צוגעגעבן:

— און אַז ער וואָלט אויפגעגעסן מער אַ שטיקל ברויט וואָלט איר בדלות געוואָרן?

דער בן האָט אַ קוק געוואָרפן אויף דער מאַמען אויף זיינער, און געמיטלעך געזאָגט:

— מאַמע, דו סי אים אַוועקלייגן אַ גאַנץ ברויט און זאָל עסן!

קיין ענטפער איז ניט געקומען. איך האָב ניט געוואוסט, צי מיינט עס, אַז זי נעמט אָן זיין פאָרשלאָג צי ניט. אָבער מיין ברודער האָט עס קאָנטיק אָנגענומען אָט דאָס שווייגן אַז דער פּונקט איז אָנגענומען געוואָרן און איז אַריבער צום צווייטן, און שוין מיט אַ גאַנץ מילדן טאָן:

— און ווי אַזוי גיט מען עס ניט אַ יינגל אַ זיסע גלאָז טיי, וואָסי ס'אַ גרויסער באַטרעף?

דאָ איז ווידער קיין ענטפער ניט געקומען. אין דעם מאָ־מענט האָט זיך דאָס טעכטערל געגעבן אַ שטעק אַרויס פון איינעם פון די פענצטער אַרויס, און אַ דריי געטאָן דאָס צע־שויבערטע קעפל אַהין און אַהער, האָט זי מאַניפעסטירנדיק אויסגערופן:

— פון אַלץ מאַכט מען אַ וועזן! איך נעם מיך אונטער אים געבן אַלע טאָג אַ זיסע גלאָז טיי.

מיין ברודער האָט אויף מיר אַ נצחונדיקן קוק געוואָרפן, אָבער

איך האָב מיך גאָרניט געפרייט מיט אָט דעם געווינס. איך ווייס ניט, אפשר ווען ס'וואָלט געקומען פון אַן אַנדער מויל וואָלט עס מיך אפשר געקאָנט פרייען, אָבער ניט פון איר... ווען מ'איז אָפּ מיט אַ מיידל אָנדערהאַלבן יאָר אונטער איין דאַך און מ'האָט פון איר גאָרניט, איז דאָס נאָך צו דערליידן, אָבער אָפּזיין אַזאַ צייט און קריגן אַזאַ הבטחה, איז טויזנט מאָל ערגער ווי גאָרניט.

מיין ברודער איז שוין גרייט געווען צו פאַרלאָזן די פּאָזיציע זיינע, ביי אים איז קאָנטיק אויסגעקומען, אַז די הויפּט־זאַכן האָבן מיר געוואונען, און וועגן די איבעריקע פּאָדע־רונגען לוינט זיך שוין ניט צו ריידן.

—און וועגן דעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, — בין איך אַרויס מיט לשון — פאַרוואָס זאָגסטו ניט? זאָג זיי אַז איך וויל מער ניט זיין קיין משרת ביי זיי!... און וויל ניט זיין קיין דינסט און וואַשן די פּאָדלאָגעס ביי זיי אין שטוב, און איך וויל ניט טראָגן די פּאָמאָיניצעס וויל איך ניט!...

— גערעכט! — האָט מיין ברודער אויסגערופן, — ביז וואַנעט איז טאָקע דער שיעור?

איך האָב דערקאָנט אין זייער איבערקוקן זיך, אַז דאָ האָב איך שוין צופיל אָנגעצויגן די סטרונע, יאָ, זי האָט טאָקע באַלד געפּלאַצט:

— ווייסט איר וואָס? — האָט זיך די באַלעבאָסטיטשקע אָפּגערופן צו מיין ברודער, אַ וויש געבנדיק זיך מיט די צוויי פינגערלעך ביידע מויל־ווינקלען — ווייסט איר וואָס? נעמט אים אייך און גייט אייך מיט אים געזונטערהייט!

מיין ברודער האָט געשוויגן, קאָנטיק דעם גאַנצן קוראַזש זיינעם פאַרלוירן. און אַ קוק געגעבן אויף מיר מיט אַזאַ קוק, וואָס האָט באַדייט, אַז צופיל אָנציען די סטרונע איז אַ געפאַר, האָט ער אַ מורמל געטאָן אַ „דאָסווידאַניע" און איז אַוועק און די באַלעבאָסטיטשקע האָט מיך, ווי אויף צו להכעיס, גלייך נאָך זיין אַוועקגיין, מכבד געווען אַרויסצוטראָגן די פּאָמאָיניצע, און שפּעטער האָט זי מיך אַריינגעשיקט אין שטוב אַריין וואַשן די פּאָדלאָגעס.

װען איך האָב געהאַלטן אין מיטן װאַשן די פּאָדלאָגעס, האָט דאָס „טעכטערל״ גאַנץ געמיטלעך און אַפילו מיט אַ געװיסער אינטימקײט מיר געלאָזט װיסן, אַז איך װעל פֿאַרן אַלע טאָג מיטן באַלעבאָס אויף דעם דאַטשע־פּלאַץ צו העלפֿן דעם באַלעבאָס אין דער אַרבעט. יאָ, איך האָב עס אַפילו אָן איר פֿאַרשטאַנען, װײל צװישן דעם באַלעבאָס און דעם פּריץ איז אָפּגעמאַכט געװאָרן אַז די אַרבעט זאָל געמאַכט װערן דאָרטן אויפֿן אָרט, װײל דאָס פֿירן די שטײנער הין און צוריק, איז געװען פֿאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות. חוץ דעם װאָלט עס אָבער געמאַכט אַזאַ שטויב אַז מ׳װאָלט אין שטוב ניט געקאָנט זײן. װאָס מיר איז ניט פֿאַרשטענדלעך געװען איז דאָס װאָס דאָס טעכטערל האָט געפֿונען פֿאַר נויטיק מיר אָט די בשורה אָנצו־זאָגן. ערשט שפּעטער װען זי האָט מיר באַװיזן אַ בריװעלע, װאָס דער פּריץ האָט איר אַרײנגעשטופּט אין האַנט אַרײן בײם געזעגענען זיך מיט איר, איז מיר אײנגעפֿאַלן אַז זי װעט זיך דאָ אװדאי מיט מיר װעלן באַנוצן אַלס בריװטרעגער.

— װאָס שטײט דאָרטן אין בריװעלע? — האָב איך מיט גרויס נײגיר געפֿרעגט.

זי האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן און גענומען אַרויסלײענען װאָס דאָרטן איז געשטאַנען געשריבן, און נאָכדעם מיר װאָרט אין װאָרט איבערגעזעצט אין ײדיש. געשריבן האָט ער דאָרטן, אַז די אויגן אירע גלאַנצן װי סאַפּירן, אַז די ליפּן אירע זײנען רויט װי צװײ קאָראַלן, און אַז דאָס קול אירס קלינגט װי אַ האַרפֿע, און טאָמער איז דאָס אַלץ געװען װײניק האָט ער זי פֿאַרגליכן צו אסתּר המלכּה, און צוגעגעבן אַז פּונקט װי דער מלך אַחשורוש האָט צוגעזאָגט אסתּרן אַ האַלבע מלוכה אַבי זי זאָל װערן זײן װײב, אַזוי איז ער גרײט איר אַװעקצוגעבן (דער מויד הײסט עס) אַ העלפֿט פֿון זײן פֿאַרמעגן װען ער װאָלט געװאוסט אַז ער װעט זי קאָנען דערגרײכן.

— נו? — האָב איך אַ פֿרעג געגעבן.

— װאָס נו? — האָט זי האָפֿערדיק איבערגעפֿרעגט און מאָמענטאַל זיך אַ קערעװע געטאָן צום שפּיגל און אַװעקגעשטעלט

די הענטלעך „פּאָדבאָטשקאָם” און גענומען דרייען די אויבערשטע העלפט מוידישאַפּט אירע אויף דער אונטערשטער. איך האָב געגעבן אַ טונק איין די שמאַטע אין עמער, און געלאָזט רינען פון איר די ברודיקע וואַסער וואָס האָט אָפּגעקלונגען אין עמער, האָב איך אַ זאָג געגעבן צו איר:

— שמד זיך!...

— נו־נו! — האָט זי טראַנצעוואַטע אַ זאָג געגעבן — ניט דיין עסק! — און גלייך נאָך דעם זיך צעזונגען: — באַ־דיענו יאַ טשאָרנאָיע פּלאַטיע, מאָנאַשקאָי זשיט פּאָידו!... (כ'וועל אָנטאָן אַ שוואַרץ קלייד און וועל גיין לעבן ווי אַ מאָנאַכין).

און זיך געגעבן אַ דריי אָפּ פון שפּיגל, זיך אַ גליטש גע־געבן אויף דער נאַסער פּאָדלאָגע, איז זי פאַרשוואונדן געוואָרן צו זיך אין חדרל אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שטימעלע אירס:

לִיובילאַ יאַ, קאָכאַלאַ יאַ,
אַ אָן פּאָדליעץ זגוביל מעניאַ!

און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: הלוואי, הלוואי „באַגראָבט” דיך עמעצער וואָלסטו מיר שוין ניט געווען אַזוי פאַרריסן ביי זיך ווי דו ביסט.

אַז איך האָב ניט געמאַכט קיין טעות אַז זי קלייבט זיך דאָ מיך אויסצונוצן אַלס בריוועטרעגער צווישן איר און דעם פריצל, האָט מיך איבערצייגט נאָך יום טוב, ווען איך האָב אַרויפ־געלייגט דעם לעצטן הילצערנעם אבר פונם וואַרשטאַט אויפן פורל, וואָס האָט אים באַדאַרפט אַריבערפירן אויף יענעם פלאַץ וואו די אַרבעט האָט באַדאַרפט געמאַכט ווערן. אין דעם מאָמענט האָט זי זיך באַוויזן און האָט מיר אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין אַ האַרט צונויפגעלייגטן קאָנווערט און דערביי מיר אַ פינטל געגעבן מיט אַן אייגל, און איך, איך וואָלט שוין אָן דעם פינטל מיטן אויג פאַרשטאַנען וואָס איך באַדאַרף מיטן בריוול טאָן... איך בין אַפילו זייער גערן געווען צו וויסן וואָס זי שרייבט „אים” דאָרטן, אָבער צום באַדויערן האָב איך דעם דראַנג מיינעם ניט געקאָנט באַפרידיקן, ערשטנס ווייל דער

קאָנוווערט איז געווען אַ פּאַרקלעפּטער, און חוץ דעם בין איך געווען שטומפּיק אין געשריבענער רוסישער עברי. סיי־ווי־סיי, איך האָב מיך מער אָדער ווינציקער אָנגעשטויסן וואָס זי שרייבט אים דאָרטן. קיין שלעכטס זיכער ניט, און דאָס איז שוין גוט. ווייל וואָס בעסערס זי שרייבט אים אַלץ ערגער פאַר איר.

אַזוי האָב איך געטראַכט דעם גאַנצן וועג, העצקענדיק זיך אין וועגעלע, וואָס האָט מיך און דעם צענומענעם וואַר־שטאַט געפירט אין יענעם מקום אַריין. און פון די געדאַנקען, און פון דעם פאַרן איז מיר זייער גוט געווען אויפן האַרצן...

כ

איך בין אָנגעקומען מיט אַ שעה אָנדערהאַלבן פריער פאַרן באַלעבאָס (דער באַלעבאָס איז שפּעטער אַרויסגעפאָרן מיט דער „קאָנקע") און דערווײַלע האָב איך באַוויזן צו באַטראַכטן דאָס נייע הויז, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין בויען, און דאָס גאַנצע פּלאַץ אַרום, וואָס איז געווען געדיכט באַזעצט מיט ביימער און קוסטעס. אייגנטלעך איז דאָס הויז נאָך קיין הויז ניט געווען, נאָר אַ סקעלעט בלויז, וואָס איז באַשטאַנען פון ווענט און לעכער פאַר טיר און פענצטער מיט רישטעוואַניעס, וואָס האָט צוויי מאָל אַרומגעגאַרטל דאָס סקעלעטיש הויז. אויף די ריש־טעוואַניעס זיינען געשטאַנען דאָ אַ מענטש, דאָרט אַ מענטש, געשטאַנען און געהאַנגען איינצייטיק, מיט זיכערקייט פון שטיין און ניט זיכערקייט פון הענגען, און דער און יענער, אַלע ווי־פיל זיי האָבן זיך אויף די רישטעוואַניעס געפונען, האָבן איין און די זעלביקע אַרבעט געטאָן: געוואָרפן ליים צי וואַפּנע און צעריבן אויף דער וואַנט און צעגלעט. יעדער איינער פון זיי האָט געטאָן די אַרבעט אַזוי פלייסיק ווי דאָס וואָלט זיין איינצי־קער ציל אין לעבן געווען, מאַכן דאָס הויז אַזוי שיין, אַז זיי אַליין זאָל עס פרעמד ווערן...

אויף די קראָקוועס, וואָס האָבן צעטיילט גלייך אויף גלייך דאַכיקע (צי בוידעמדיקע) חללים זיינען צוויי בלעכער

געזעסן און געדונערט מיט בלעך. זעט אויס, אַז אויך זיי האָבן ערשט די אַרבעט זייערע אָנגעהויבן, ווייל בלויז אַ קליינע צאָל קראָקוועס און אַ קליינע צאָל לעכער זיינען באַדעקט געווען, און אַ דריטער ווידער איז געשטאַנען אויפן שפּיץ דאַך און געצאַצקעט איינעם פון די צוויי אַרויסגעצויגענע קוימענס, מיט רויטער פאַרב און דורכגעפּאַסקעוועט מיט ווייסע פּאַסקעלעך, אַט דער מענטש, וואָס איז דאָרטן סאַמע אויפן רוקן פונם דאַך געשטאַנען, האָט געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַ מענטש פון אַ „העכערער" וועלט... נו, ווי ער וואָלט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיטן „אונטן" וואָס געפינט זיך אונטער אים... אַ דאַכיקער מענטש, אַן אויבערשטער, וואָס האָט בלויז מיט דעכער און קוימענס צו טאָן...

ווייטער אַוועק פונם סקעלעטן־הויז, צווישן ביימער און קוסטעס, האָט זיך געפונען אַ גרויסער קאַסטן אויסגעגראָבן אין דער ערד, און צוויי זייעריקע, אָנגעטאָן אין טראַנטעס, האָבן מיט לאַנגע קאָטשערעס געמישט אַ געדיכטע ווייסע פליסיקייט, פון וועלכער ס'האָט געזעצט אַ געדיכטע פּאַרע, די צוויי מענטשן זיינען אין דער פּאַרע געווען געהילט, און אַליין זיינען זיי געווען פאַרכליאַסקעט פון קאָפּ ביז די פיס מיט ליים און קאַלך, וואָס זיי האָבן דאָרטן אין דעם גרויסן קאַסטן געלאָשן.

ווען איך בין אַזוי געשטאַנען און צוגעקוקט, ווי די צוויי ווייסע „מתים" טוען זייער אַרבעט, האָב איך דערהערט אַ פייפן, זיך אומגעקוקט האָב איך דערזען דאָס פּריצל גיין, און ווי דאָס כליעסטשעט זיך מיטן כליסטיק איבער איינער פון די כאָליוועקעס פון זיינע באַשטיוולטע פיס. איך האָב מיך אים געלאָזט אַנטקעגן, אַראָפּגעמענדיק, איינצייטיק, דאָס היטל, אין וועלכער איך האָב געהאַט פאַרבאַהאַלטן דעם בריוו, וואָס „אסתר המלכה" האָט מיר מיטגעגעבן צו אים און ער, קאָנטיק מיינענדיק, אַז איך באַגריס אים, האָט מיר קוים געענטפערט, ערשט ווען איך האָב פון דאָרטן אַרויסגענומען דעם קאָנווערט און אים אַ ווייז געגעבן, האָט ער זיך דאָ ערשט געלאָזט דערקענען צו מיר, און מיט נייגיר און אומגעדולד אויפגעריסן דעם קאָנווערט, האָט זיך דאָס פּנים זיינס צעשטראַלט, שוין ביי דער ערשטער שורה

וואָס זיינע שמאַלציקע אויגעלעך האָבן געגעבן אַ לויף איבער. זיינע גרויסע שוואַרצע וואָנצעס פאַרדרייט ווי צוויי הערנער ביי אַ באַראַן, האָבן זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ. ווען ער איז פאַר־טיק געוואָרן מיטן לייענען, האָט ער אויף מיר קוק געגעבן, און הפקרדיק און וואויל־יונגעריש מיך אַ כוואַשטשע געטאָן מיטן כליסטיק מיט זיינעם, האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן אויף זיין לשון:

— מיט וואָס־זשע קאָן איך דיר דערפאַר באַלוינען, ליי־בינקער מיינער?

אויב ס'איז מיר נאָך אַליין אינגאַנצן קלאָר ניט געווען צוליב וואָס און צוליב וועמען איך האָב אַזוי גערן געהאַט אָט די שליחות דורכצופירן, איז אָבער זיכער אַז ניט צוליב אַ וועלכער עס איז געלט־באַלוינונג פון אים. דערפאַר האָב איך ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן אויף דער פראַגע אויף זיינער, און ער, זעענדיק אַז איך קווענקל זיך און גיב אים קיין ענטפער ניט, האָט זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ:

— כאַראַשאָ (גוט) נאַ סליעדוישטשי ראַז!

דאָס מיינט, אויפן צווייטן מאָל, ווען איך וועל אים ווידער ברענגען פון איר אַ בריוועלע, וועט ער מיך שוין באַלוינען. גלייך נאָך דעם האָט ער ביי מיר אַ פרעג געגעבן אויפן באַלעבאָס, צי דער באַלעבאָס איז שוין אויך דאָ, איך האָב אים געענטפערט אַז יענער וועט זיך מן הסתם איעדע מינוט אָנכאַפּן, אַז פריער האָט ער מיך מיטן וואַרשטאַט אַרויסגעשיקט, וואָס ליגט שוין דאָרטן אין שאַלאַש.

און איך בין טאַקע גלייך אַוועק אַהינצו, אָבער דעם באַלעבאָס האָב איך נאָך דאָרטן ניט געטראָפן. דערווייל האָב איך מיך אַוועק־געזעצט אויף אַ קליין פעסעלע, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט וואַפּנע, און גענומען באַטראַכטן אָט דעם „שאַלאַש", וואָס האָט מיט זיין גרויסן און הויכן פאַרנעם געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק ווי אַ שטיק דרויסן אָפּגעטיילט פון דרויסן מיט פיר ווענט און מיט אַ דאַך פון אויבן. אָט דעם איינדרוק האָבן מיר באַזונדערס געגעבן צו פילן די פויגעלעך, וואָס האָבן דאָרטן

אין טיף אַרויפיקער הויכקייט אַרומגעשוועבט און זיך אַרומגעדרייט מיט פליי און פלאַטער, און דערביי אונטערגעפישטשעט מיט אַ געוויסער אומרואיקייט, ווי זיי וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט און ניט געוואוסט דורך וואַנעט אַרויסצופליען פון אָט דער פאַרבלאָנד־דזשעניש, הגם די צוויי טיר־לעכער, וואָס האָבן זיך ווי־זאַ־ווי געפונען, זיינען געווען לעכעריק אָפן, און זיי האָבן דורך קיין אַנדערע ערטער ניט געקאָנט אַריינפליען. דאָך האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי זיינען באַזאָרגט וועגן דעם גורל זייערן, ווייל כאָטש זיי קאָנען זיך גאַנץ פריי אַרומפליען, איז דאָס עפּעס פאָרט ניט דער דרויסן, צו וועלכן זיי זיינען געוואוינט. דאָרטן איז געווען פיל טונקעלער ווי אין דרויסן, און באַזונדערס גאַנץ אויבן, אונטער דאַך און קראָקוועס.

אַ גאַנץ ניט היימלעכע אַטמאָספערע, יאָ ? דאָך האָב איך אין אָט דער אומהיימלעכקייט עפּעס אַ מאָדנע היימלעכקייט גע־פילט. פילט זיך דאָך אַן אַרעסטאַנט, וואָס איז אַנטלאָפן פון תפיסה, היימלעכער אין וואַלד ווי אין תפיסה, אין וועלכער ער איז געזעסן פאַרשפּאַרט אַ ריי יאָרן.

איך ווייס ניט, וואָס דאָס וואָרט „שאַלאַש״ באַדייט, איך ווייס נאָר, אַז דאָס וואָרט איז ריכטיק צוגעפּאַסט צו אָט דעם מין „געביידעס״, וואָס גאָרניט איז דאָרטן דאָ און אַלץ איז דאָרטן דאָ. און „גאָרניט״ מיט אַלץ גע־פינט זיך אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד. ווייל אַחוץ די פאַרשיי־דענע בוי־מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען און פיל אַנדערע נויטיקע און ניט נויטיקע זאַכן, האָט דער שאַלאַש דאָך אַלץ אויסגעקוקט ווי אַ ליידיקער. ווייל די אַלע זאַכן האָבן זיך דאָך אויף דער ערד געפונען, אָבער ווייטער אַרויף האָט געהויערט אַ ליידיקע פוסטקייט, וואָס האָט זיך אונטערן דאַך און קראָקוועס פאַרענדיקט מיט טונקלקייט.

איך בין אַפילו ניט געווען אַליין דאָרטן. אין דעם שאַלאַש האָבן זיך געפונען דריי קאַצאַפּעס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי טיר און פענצטער צו דער געביידע, וואָס האָט זיך דאָרטן, ווייטער אַוועק, געהאַלטן אין פאַרענדיקן. און כאָטש קריסטן, און דערצו

קאַצאַפּעס האָב איך זיך דאָך דערפילט מיט זיי היימלעכער ווי מיט מײַנע יידישע באַלעבאַטים, כאָטש איך האָב זיי דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן געזען. איך ווייס ניט, מעגלעך, אַז אָט דאָס געפיל פון היימישקייט וואָס איך האָב צו אָט די גויעצעס דערפילט, איז געקומען אַדאַנק דעם, וואָס ווען איך בין אָנגעקומען האָבן זיי געהאַלטן אין „באַלייגן" דעם בעל הגוף זייערן. איז דאָס געווען אויס פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט צי דאָ איז געלעגן עפּעס אַנדערש פאַרשטעקט?

די דריי קאַצאַפּעס זײַנען געשטאַנען ביז די קני אין סטרוזש־קעס, וואָס זײַנען אַראָפּגעפאַלן פון אונטער זייערע הענט, היבלי־ווענדיק ברעטער און ברעטלעך צו פענצטער־ראַמען און טירן, וואָס אַ טייל פון זיי זײַנען שוין געשטאַנען פאַרטיקע. די פרישע, פאַרטיקע טירן און ראַמען צו די פענצטער האָבן געצערטלט דאָס אויג מיטן צערטלעכן רויזן קאָליר פון דעם סאָסנע־האָלץ, וואָס האָט אויסגעקוקט אַזוי רויז און פריש ווי דאָס לייב פון אַ פּיצל קינד. ביי דער אַרבעט זײַנען בלויז צוויי פון זיי געשטאַנען, דער דריטער האָט געוואַשקעט אָט די פאַרטיקע אַרבעט, זיי „גע־גרונטעוועט" מיט אַזאַ פאַרב וואָס האָט געהאַט אַ מיתה־משונה קאָליר.

ווען דער באַלעבאָס איז געקומען איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג. מיר האָבן זיך גלייך פאַרנומען צו דער אַרבעט, און אַזוי גלייך ווי מיר האָבן זיך צו דער אַרבעט פאַרנומען האָבן מיר אָנגעהויבן צו ניסן פון דעם שטויב, וואָס איז געגאַנגען פון דעם ווייכן שטיין, וואָס ער האָט געטאָקט (און איך האָב „צוגעדרייט"). איך אַ ניס, ער אַ ניס, פיל מאָל האָבן מיר ביידע גלייכצייטיק „אויסגעשאָסן". דאָס האָט געשאַפן ביי מיר אַן אינטים געפיל צו אים. יאָ, דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב צו אים אַזאַ געפיל דערפילט. און אָט דאָס געפיל איז נאָך מער פילבאַרער געוואָרן, ווען מיר ביידע האָבן אָנגעהויבן גרוי צו ווערן פון דעם גרויען שטויב, אַזוי אַז אין פאַרלויף פון אַ שעה אומגעפער, האָבן מיר ביידע אויסגעקוקט ווי פון שטיין אויס־געהאַקט. ער אַ טאַטע־סטאַטוע, איך — זײַן קינד. מעגלעך אַז אויך ער האָט דאָס זעלביקע געזען, ווייל ער האָט זיך אַ פּאָר מאָל

צעשמייכלט צו מיר. און ווי נאַריש, צי ווי קינדעריש דאָס זאָל ניט אויסזען, אָבער ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפֿן ביי מיר וואַרעמע געפֿילן צו אים.

אָבער אַזוי גלייך ווי מיר האָבן די אַרבעט אַוועקגעלייגט און מיר האָבן זיך אַרומגעטרייסלט פֿונם שטויב, איז צוריק געוואָרן דאָס אייגענע, צווייי פֿרעמדע. איידער מיר האָבן דאָס פּלאַץ פֿאַרלאָזט, האָט זיך דאָס פּריצל באַוויזן. ער האָט באַטראַכט די אַרבעט, זי געלויבט און פֿאַר דער צייט האָט ער מיר בגנבה אַריינגעשטעקט אין האַנט אַריין אַ האַרט צונויפֿגעלייגטן קאָנווערט, וואָס איך האָב גלייך אַריינגעוואָרפֿן אין „פּאַזוכע" אַריין, און צום באַלעבאָס האָט ער געזאָגט, ער זאָל לאָזן גריסן די שיינע טאָכטער זיינע. „פּאַקלאָן וואַשעי קראַסיוואָי דאָטשערי" האָט ער געזאָגט.

פֿאַרשטייט זיך, דער באַלעבאָס האָט דער טאָכטער זיינער דעם גרוס ניט איבערגעגעבן, אָבער איך האָב עס שוין געטאָן פֿאַר אים. ווען איך האָב איר דעם בריוו איבערגעגעבן, האָב איך איר אויך איבערגעגעבן דעם גרוס. און זי האָט מיר דערפֿאַר דעם זעלבן אָוונט מכבד געווען מיט אַ גאַנצער זשמעניע ראָזשינקעס־קערלעך, און פֿאַרן שלאָפֿן־גיין האָט זי מיר שוין איבערגעגעבן אַ ניי בריוועלע צום קריסט, יענער האָט מיך שוין געטשאַטעוועט פֿון גאַנץ פֿרי אָן. איך האָב געהערט, ווי ער דרייט זיך אַרום הינטער די ווענט פֿון דעם שלאָס, ווי ער פֿייפֿט זיך אונטער און איך האָב זיך דווקא ניט געאיילט אַרויסצוגיין צו אים. ביי אים האָט, קאָנטיק, דאָס געדולד געפּלאַצט, ער איז אַריינגעקומען אין שלאָס אַריין, האָט אָפּגעגעבן דעם באַלעבאָס אַ ברייטן „גוט־מאָרגן" און זיך אַוועקגעשטעלט הינטער מיין פּלייצע, און דאָ האָב איך אים הינטן־אַרום דעם בריוו איבערגעגעבן.

ווען איך בין אויפֿן צווייטן טאָג פֿון דער אַרבעט געקומען, האָט מיך די מויד באַגעגנט אַן אויפֿגעהייטערטע, אַ שטראַלנדיקע און מיט אַן אויסדרוק פֿון נייגיר און אומגעדולד. איך האָב געוואוסט וואָס דאָס מיינט, אָבער איך האָב מיך ניט ווייסנדיק געמאַכט, ערשט ווען זי האָט זיך שפּעטער מיט עטלעכע מינוט באַוויזן מיט איר טאַטנס אַרבעט־הויזן און איז אַרויס פֿאַר דער

טיר זיי אויסטרייסלען פון שטויב, האָב איך איר דעמאָלט ערשט איבערגעגעבן דעם בריוו פונם קריסט.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען איין טאָג נאָכן אַנדערן. עס וואָלט מן הסתם ווייטער אַזוי געגאַנגען ווען ניט אַ גאַנץ צופעליקער צו־פאַל, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו מיין „טראַנספּאָרמאַטאָרישער" אַרבעט.

אין איינעם אַ טאָג פון די טעג וואָס מיר, איך מיטן באַ־לעבאָס זיינען דאָרטן ביי דער אַרבעט געווען פאַרנומען, צוועלף אַ זייגער, ווען ס'האָבן זיך פון פאַרשיידענע ריכטונגען דערהערט פייפערייען און קוויטשערייען פון גרעסערע און קלענערע פאַ־בריקן און פאַבריקלעך, וואָס האָבן געפייפט און געקוויטשעט מיט פאַרשיידענע קולות, האָט איינער פון די קאַצאַפּעס אַ וואונק געגעבן צו מיר. איך האָב מיך געלאָזט גיין גלייך נאָך אים. און ווען מיר זיינען אַרויסגעקומען פון יענער זייט שאַלאַש, האָט דער ערל מעשה ייד מיך אָנגענומען פאַר אַן אויער, און אַ שטעל געטאָן אַ פראַגע מיט פּרעטענזיע און מיט וואָרעניש און דראָעניש איינצייטיק:

— סלושאַי, הער זשידיענאָק (אידעלע) קענסט האַלטן אַ סוד?

און ניט געוואַרט אויף מיין ענטפער, האָט מיך די זעלבע האַנט, וואָס האָט מיך אַזוי גוט ברודעריש געהאַלטן ביים אויער, געגעבן אַ כאַפּ אָן ביי אַן אַקסעלע און געטאָן אַ פעסטן דריק ווי ער וואָלט מיר געוואָלט באַווייזן די כוחות זיינע, און מיך געגעבן א דריי אויס אין אַ צווייטער זייט אַריין, האָט ער מיר געגעבן אַ ווייז אָן דורך די שטאַמען פון די ביימער אויף אַ גרויסער פוסטקע, וואָס האָט זיך געפונען ביי אַ האַלבן קילאָמעטער ווייט אַוועק פון דעם אָרט וואו מיר האָבן זיך געפונען, ער האָט דערביי שטרענג געזאָגט אין זיין לשון:

— דו זעסט דאָרטן אָט יענע חורבה? ווי נאָר דו וועסט אָפּעסן, זאָלסטו גלייך אַריבערגעקומען אַהינצו...

מיר איז זייער געוואָרן „מלאָסנע" אויפן האַרצן... וואָס קאָן ער, צי אויך זיי, די איבעריקע צוויי ערלים, וואָס זיינען אַ פּאָר טריט ווייט אַוועק פון אים געשטאַנען און געוואַרט אויף אים (טרייסלענדיק דערביי די קאַצאַפּסקע היטלען זייערע מיט די

לאַקירענע דאַשיקעס). וואָס קאָן ער און זיי מיך באַדאַרפן האָבן? סיי ווי אָפּזאָגן זיך פון דער איינלאַדונג פון זיינער טאָר איך ניט, און טאַקע גלייך נאָך דער אַכילה בין איך אַוועק אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט. אַריינגעפאַלן אין אָט דער חורבה, האָב איך צו מיין גרויסער איבערראַשונג דערזען אליהן, וואָס האָט געהאַלטן אין רעדן... וואָס הייסט רעדן, ער האָט געשאָטן פעך און שוועבל (אויף וועמען האָב איך מיך פונם ערשטן מאָמענט ניט געקאָנט כאַפּן) און דערביי געוואָרפן מיט הענט, מיט קולאַקעס. און וועמען זיינען זיינע צוהערער געווען? ערלים, און ניט אַבי וואָסערע ערלים, נאָר קאַצאַפּעס, מיט בערד און אָן בערד, קאַצאַפּעס „קאַמענשטשיקעס" (אַזוי האָבן זיך גערופן די וואָס האָבן געבויט הייזער, אַלע כמעט זיינען זיי קאַצאַפּעס געווען). ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב מיך געכאַפּט, אַז ער רעדט וועגן אַרבעט און אַרבעטס־געבער, וועגן אונטערדריקער און אונטערדריקטע. און די גויעצעס מיט די אַנטבלויזטע, פאַרשטויבטע קעפּ, וואָס זיינען געווען אַ פּאָר מנינים, האָבן אים אויסגעהערט מיט אַזאַ יראת־הכבוד ווי זיי וואָלטן אין קלויסטער געשטאַנען און געהערט דעם גלח פּרעמפּלען. איינער און אַ צווייטער האָט פון גרויס ענטוזיאַזם קאָנטיק, זיך געגעבן אַ צלם איבער, און פון צייט צו צייט האָט איינער און אַ צווייטער אַ מורמל געטאָן:

— לאַדנאָ, לאַדנאָ!

ווען אליה האָט מיך דערזען, האָט ער אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן די פלאַמענדיקע רעדע זיינע און געגעבן אויף מיר אַזאַ קוק, וואָס האָט מיר געגעבן צו פילן, אַז איך באַדאַרף מאַכן אַ שווייג און זיך מאַכן אַז איך קאָן אים ניט. נו, בין איך געבליבן שטיין אויפן אָרט וואו איך האָב זיך באַוויזן. סיי־ווי גיין ווייטער איז ניט נויטיק געווען, ווייל די ווערטער זיינע האָבן זיך דייטלעך געלאָזט הערן אין דעם גרויסן פוסטן חלל, וואָס איז אַמאָל אַ זאַל געווען, און אויף איין אָרט, טאַקע דאָרטן וואו דער בעל־דרשן איז געשטאַנען און געדרשנט, האָט זיך געפונען אַ גרויסער קאַמין, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ שוואַרצער גרויסער פּיסק פון אָט דער וויסטעניש, דער איינציקער עדות, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס הויז איז אַמאָל געווען באַ־

וואוינט פון מענטשן, און ווייטער און אַרום און אַרום — אַ תוהו־ובוהו, אָנגעפילט מיט פוסטקייט און געשמעקט האָט דאָרטן מיט ווילגאָט מיט פוילעניש, און מיט פגירה פון אַ שטיק דרויסן וואָס איז ווער ווייס ווי לאַנג שוין געווען אָפגעצאַמט פון גאַס מיט ווענט און מיט אַ סופיט. די ווענט מיטן סופיט זיינען געווען פאַרחושכט און פאַרשוואַרצט. דאָ און דאָרטן זיינען פון די ווענט אַראָפגעהאַנגען שטיקער קאָלירלאָזע שפאַליר ווי גרויסע פאַרטוכער. פון די ווינקלען האָבן אַרויסגעקוקט אַזעלכע מאָדנע שוואָמען ווי ניט גוטע וואָלטן דאָרטן משתין געווען. בקיצור, אַן אַטמאָספערע פון אונטערגאַנג און פאַרפוילטן עיפוש, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז דער שוואַרצער חלל־פיסק פון דעם קאַמין שלינגט אַריין אין זיך די פייערדיקע ווערטער, וואָס האָבן זיך איינס נאָכן אַנדערן אַרויסגעריסן פון אליהס מויל, און טראָגט זיך אַרויס דורכן לאַנגן, פלאַטשיקן קוימען, וואָס האָט זיך פונם קאַמין געצויגן אַרויף ביזן סופיט, און אַריבער, איבערן דאַך אין דרויסן אַרויס...

אויפן צווייטן טאָג, נאָך אָט דער געהיימער פאַרזאַמלונג, האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ פלעם אין פיסק אַריין פון איינעם פון די קאַצאַפּטשיקעס, וואָס האָבן מיט אונדז צוזאַמען אין שאַ־לאַש געאַרבעט, און נאָך מיט אַ צוגאָב דערצו:

— יודאַ פרעדאַטעל! (יודאַ פאַררעטער).

יאָ, ס'איז געפאַלן אַ חשד אויף מיר, אַז דאָס האָב איך דעם פריצל איבערגעגעבן אַלץ, וואָס איך האָב געזען, ווייל דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט, האָט מיך ווער פון די אַרבעטער באַמערקט שטיין מיטן פריץ אונטער אַ בוים און ער האָט מיר עפּעס אַריינ־געשטעקט אין האַנט אַריין. און אַזוי ווי אָט דער חברה־מאַן האָט זיך אויף מאָרגן דערוואוסט פון דער געהיימער פאַרזאַמ־לונג, און ער האָט געסטראַשעט זיינע אַרבעטער מיט אַרעסט, איז דער פאַרדאַכט געפאַלן אויף מיר. ווייל וואָס פאַר אַ עסקים קאָן איך האָבן מיט אים, וואָס מיר זאָלן עפּעס אַזעלכע אינטימע זאַכן פאַרהאַנדלען, און ער זאָל מיר באַדאַרפן איבערגעבן געהיים עפּעס אַזעלכעס, וואָס קיינער זאָל ניט טאָרן זען?

נאַטירלעך האָב איך שוין געמוזט יענעם איבערגעבן וועגן

וואָס ס׳האַנדלט זיך. אָבער מיין „פּאַטשטאַליאָנסקע״ אַרבעט האָב איך געמוזט איבעררייסן. און ווען די מויד האָט מיר דעם זעלבן אָוונט איבערגעגעבן אַ בריוו אויף איבערצוגעבן דעם קריסט, האָב איך איר געזאָגט, אַז ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבעט קאָן איך ניט. פאַרוואָס פאַר ווען? נו, האָב איך איר דערציילט אַ פּזמון, אַז אויב ס׳וועט זיך עפּעס פאַרדרייען צווישן איר מיטן קריסט און די איבעריקע וועלן דערפון געוואויר ווערן, וועל איך זיין דאָס כפּרה־הינדל, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז איך האָב געפירט די קאָרעספּאָנדענץ צווישן איר מיטן פּריץ.

זי האָט מיר אַ ווײַלע אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און אַ מורמל געטאָן:

— סאַ ליגן, ס׳ניט דאָס!...

— נאָר וואָס דען?

— דו פאַרגינסט מיר ניט!... — איז איר ענטפער געקומען.

פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן דערמיט, און בין אַרויסגעפאָרן מיט דער פאָלגנדער פראַגע:

— וואָס־זשע, איך בין אפשר פאַרליבט אין אייך?...

אין איר צעטראָמפּלטן בליק איז קאָנטיק געווען, אַז אויף דער פראַגע האָט זי זיך ניט גערעכנט. און אַ מאַך געטאָן מיטן קעפּל, האָט זי טראָנצעוואַטע אַ זאָג געגעבן.

— קוקט אים נאָר אָן!..

— וואָס־זשע, איר מיינט, אַז אַלע מענער זיינען אין אייך פאַרליבט?...

און זי האָט נאָך אַ קורצער פּויזע סאַרקאַסטיש געזאָגט:

— קוק אים נאָר אָן!... ווער ס׳איז אין מיר ניט פאַרליבט!...

האָב איך האָך געזען, אַז דאָס אַרט איר יאָ. עפּעס אַ קליי־ניקייט, ווער ס׳זעט איר, ווערט צוגעזאָטן צו איר, און אַזאַ גאָר־נישט איז גלייכגילטיק צו איר! האָב איך מיר אַ זאָג געטאָן:

— נו, זעט איר!... און אין אַ ווײַלע אַרום צוגעגעבן: — ווען איך וואָלט געווען אין אייך פאַרליבט, וואָלט איך שוין געזען, אַז איר אין מיר וואָלט זיך אויך פאַרליבט...

— אפשר אַ כישוף וואָלסטו מיר אָפּגעטאָן ?

— אפשר יאָ. פאַרוואָס טאַקע ניט ?

—טשעפּוכאַ ! — האָט זי זיך געגעבן אַ זאָג אָפּ — אפילו קיין כישוף וואָלט דיר אויך ניט געהאָלפן !

— איר זייט שטאַרק זיכער אין דעם ?

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אומרואיקן בליק, און נאָך אַ לענגערער פּויזע בין איך אַרויסגעפאָרן :

— נו, דאָס וועלן מיר שוין זען !...

— דו זאָגסט דאָך, אַז דו ביסט ניט פאַרליבט אין מיר, טאָ נאָך וואָס־זשע ?...

איך האָב געזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן, און ס׳איז מיר דווקא אין דעם מאָמענט איינגעפאַלן צו עפענען דאָס האַרץ מיינס פאַר איר. אָבער איך האָב מיך גלייך געכאַפּט, אַז סיי־ווי וועט מיר דערפון גאָרנישט אַרויסקומען, און איך האָב געזאָגט צו איר :

— איך אַליין בין טאַקע אין אייך ניט פאַרליבט, נאָר וואָס אַרט עס מיר, אַז איר וועט זיין פאַרליבט אין מיר ?..

אַ שאָטן פון אומרואיקייט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר פּנים, און נאָך אַ קורצער פּויזע האָט זי געזאָגט :

— נו, פאַרוואָס־זשע טוסטו דאָס ניט ?

— פון וואַנענט ווייסט איר, אַז איך האָב עס ניט געטאָן שוין ?

— זעסטו דאָך ווי ס׳האָט דיר געהאָלפן ?...

איך האָב גענומען דרייען אויף צוריק. איך האָב איר געזאָגט, אַז געטאָן האָב איך עס נאָך ניט, אַז איך קלייב מיר עס ערשט צו טאָן...

— ביסט געוועזן ביי אַ וואָראָזשקע (טרעפערין), — האָט זי מיט נייגיר געפרעגט :

— נו, ווי דען, אַליין ? — אַוודאי אַ וואָראָזשקע. נו, ווי דען ?...

זי האָט מיט ביטול אַ פרעג געגעבן, אין וואָס דער כישוף, וואָס איך קלייב מיר איר אָפּצוטאָן, וועט באַשטיין. אָט דער טאָן אירער האָט מיך זייער געקאָראָבעט. וואָלט איך געוואוסט, אַז

זי גלויבט ניט אין די „זאַבאַבאָנעס”, וואָלט איך מיר ניט גע־פילט אַזוי געטראָפּן. נאָר די מעשה איז דאָ געווען, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, האָט זי אַפילו ניט געגלויבט, אַז דער כישוף זאָל מיר דאָ העלפן. איך האָב מיך דאָ געגעבן אַ כאַפּ אַרויף אויף אַ ניי פערדל:

— אָבער דעם קריסט, דעם פּריץ, אים וואָלט עס יאָ גע־האָלפן!

— איך בין סיי־ווי פאַרליבט אין אים! — האָט זי קאָקע־טיש אויסגערופן.

ווי ווייט ס'איז געווען אמת, ווייס איך ניט. ס'גלויבט זיך ניט, זי זאָל האָבן געווען אַזוי דום און פריילאָזן די געפילן אירע און זיך פאַרליבן אינם קריסט. זי האָט אים געקאָנט שיקן ברי־וועלעך, אָבער דאָס איז געווען, ווי איך בין זיך משער, בלויזע אַוואַנטורע... איך האָב עס אַפילו דעמאָלט ניט געגלויבט, ווייל איך געדענק ווי איך האָב נאָך דעם גלייך אַ זאָג געגעבן:

— הלוואי וואָלט עס אמת געווען!...

— טאָ וואָס וואָלט דיר אַרויסגעקומען? — האָט זי מיט טיפן נייגיר געפרעגט.

אָ, ס'וואָלט מיר שוין גאָר אַרויסגעקומען! איך וואָלט מיר געשמירט דאָס האַרץ מיט פּוטער, וואָס סיי איר, סיי „זיי” וואָלט אַרויסגעקומען צרות און שלעק דערפון... יאָ, איך האָב עס שוין געהאַט געזאָגט. אָבער ווען זי האָט מיר דאָ די פראַגע געגעבן אַ שטעל אַוועק, איז מיר איינגעפאַלן אַ מחשבה „זרה” אין קאָפּ אַריין, אַז, „דעמאָלט” וואָלט מיר שוין יאָ עפּעס געקאָנט אַרויסקומען... ווייל דעמאָלט, ווען זי וואָלט אַוועק אויפן „גליי־טשיקן וועג” און וואָלט זיך „אויסגעגליטשט”, וואָלט שוין רעכט געווען אַבי־ווער... און „אַבי־ווער” וועל איך דאָך אויך קאָנען זיין, ווען איך וועל האָבן פאַרענדיקט די לערע מיינע...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן אַ מעגלעכקייט זי צו דערגרייכן, אין פאַל ווען זי וואָלט „געפאַלן”. טרויעריק? אוי נאָך ווי!... סיי־ווי אַרויסגע־קומען בין איך נאָך איר פראַגע מיט אַ קאָנטער־פראַגע:

— ווער וויל דען ס'זאָל מיר עפּעס אַרויסקומען?...

מיט דעם וואָלט זיך זיכער דער שמועס געווען געענדיקט און אַלץ וואָלט מסתמא ווייטער אַוועק ווי ס'איז ביז דעם גע־גאַנגען. זי וואָלט זיך מן הסתם אָפּגעזוכט עמעצן אַנדערש, מיט וועמען אירע אַוואַנטיורעס צו פירן, און איך וואָלט ווייטער פאַרבליבן ביי זיי. און אַחוץ די אַלע נגישות, וואָס איך האָב ביז דעם געהאַט, וואָלט נאָך צוגעקומען אָט די נייע פּלאָג, מיין ליבע צו דער מויד, נאָר איבער אַ קלייניקייט, איבער אַזאַ קליי־ניקייט, ווי אַ מייזל, איז אויף דער מויד געקומען אַ מפּלה, און דאָס האָט איינצייטיק און אומדערוואַרט געבראַכט די אויסלייזונג מיינע פון דער קנעכטשאַפט.

איך האָב פאַרגעסן צו דערציילן, אַז ס'איז מיין מצוה גע־ווען אומצוברענגען די מייזלעך, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק זיך אַריינצוכאַפּן אין די שטייגעלעך, וואָס זיינען דאָ און דאָרטן געשטאַנען צעשטעלט. איך פלעג אָפּט, פאַר דער מוידס פאַרגע־ניגנס וועגן, ווען איר האָט זיך פאַרוואָלט, דאָס מייזל באַגיסן מיט קעראָסין, אַריינגעוואָרפן אַ ברענענדיק שוועבעלע אין שטייגל אַריין און אַרויסגעלאָזט דאָס מייזל, און די מויד, (און אויך איך, צו קיין חרפּה זאָל עס מיר ניט זיין), האָבן מיט פאַרגעניגן צו־געקוקט, ווי עס לויפט איבערן הויף אַ פלעמל. יאָ, פיל זייעריקע האָבן עס אַזוי געטאָן. דאָ, ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרלאָזן די „ראַבאָטשע" וואו אָט דער שמועס איז צווישן אונדז אָנגעגאַנגען האָט זיך פון פאָרהייזל, וואָס איז שוין געווען אָנ־געפילט מיט נאַכטיקן חושך, דערהערט, ווי עס גראַבלט זיך אַ מייזל אין דער דראָטענער פאַסטקע, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען. און אַ וואָרף געבנדיק זיך אין פאָרהייזל אַריין, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו דער מויד:

— יאָ!... מיט אַ מייזל!...

— וואָס מיט אַ מייזל? האָט זי אַ פרעג געגעבן מיט גע־וויסער צעטומלעניש.

— מיט אַ מייזל... מיט אַ מייזל, האָט מיר די וואָראָזשקע געזאָגט, באַדאַרף איך דעם כישוף אָפּטאָן.

— נו, דאָס וועלן מיר שוין זען! — האָט זי קריגעריש זיך געגעבן אַ שטעל אַוועק אַנטקעגן און מיר ניט געלאָזט אויפ־

הויבן דאָס שטייגל, וואָס איז איןווינקל ביי דער טיר געשטאַנען.

איך בין מיר צוריק אין „ראַבאָטשע" אַרויס און קאַלטבלוטיק אַ זאָג געטאָן:

— סיי־ווי וואָלט איך עס ניט געטאָן אַצינדערט. איר וואָלט מיר געשטערט !...

— טאָ זאָג מיר, וואָס דו ווילסט טאָן ! — איז זי צוגעשטאַנען צו מיר מיט אַ מילדן טאָן.

— וועט איר מיר לאָזן דאָס טאָן, אַז איך וועל אייך זאָגן ?

און נאָך אַ קורצן ישוב, האָט זי זיך ממש גענומען בעטן ביי מיר, איך זאָל עס ניט טאָן, אַז איך זאָג דאָך אַליין, אַז איך האָב זי ניט ליב, טאָ נאָך וואָס טויג עס מיר נאָך וואָס ? אָט זאָל איך איר בעסער אויסזאָגן דעם כישוף, וועט זי אים אָפּטאָן דעם פּריץ, ער זאָל זיך פאַרליבן אין איר, וועט ער שוין טאַנצן ביי איר אויפן שטריקל !

וואָלט איך זיך מיט איר שטאַרק ניט געאַמפּערט, און וואָלט איר „אויסגעזאָגט", און זאָל זי דאָס יענעם אָפּטאָן, ווען זי גלויבט אין דעם, אָבער גיי זאָג איר, אַז איך ווייס איר ניט וואָס צו זאָגן, און האָב מיר גענומען באַלעבעטשען:

— מ'באַגיסט דאָס מייזל... מיט קעראָסין, אָט אַזוי ווי איך טו דאָס אַלעמאָל... באַגיסן... אָנצינדן און... און, נו, און אַרויסלאָזן... און אַזוי ווי דאָס מייזעלע וועט נעמען לויפן, באַדראַף מען דריי מאָל אַריבערשפּרינגען איבער דעם און ביי יעדערס מאָל אויסשרייען... „אַזוי ווי דו, מייזעלע, טוסט ברענען און פלאַקערן, אַזוי זאָל... זאָל דאָס הערצעלע פון יענעם, וואָס איך האָב ליב טון ברענען און פלאַקערן... אַזוי ווי דו, מייזעלע...". דריי מאָל... דריי מאָל איבערשפּרינגען, און דריי מאָל אויסשרייען „אַזוי ווי דו, מייזעלע...".

די מעשה איז איר שטאַרק געפעלן געוואָרן, און נאָך אַ קורצן ישוב האָט זי געזאָגט:

— נו, נעם, טו עס !

איך בין אַרויס מיטן שטייגל אין הויף. זי האָט אין אַ ווײַלע אַרום אַרויסגעבראַכט אַ פלאַש קעראָסין און אַ פּעקעלע שוועַ־

בעלעך. איך האָב גלייך געגעבן אַ פליוך אַריין קעראָסין אין שטייגל, אַ רייב געגעבן אַ שוועבעלע און אַ טרייסל אַרויסגע־געבן דאָס פלאַמענדיקע מייזל. און זי האָט גלייך געגעבן אַ שפרונג אַריבער איבערן לויפנדיקן מייזל און אויף גיך אַ מורמל געבנדיק די שפרוך, וואָס איך האָב איר געזאָגט, און דאָ האָבן זיך מיידל און קליידל געגעבן אַ כאַפּ אָן מיט פלאַם און ליכטיקייט און אַ היסטערישער אויסגעשריי האָט דעם הויף פאַרקלונגען —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און איז פאַרברענט געוואָרן? ניין, זי איז געבליבן לעבן. נאָר וואָס דען, ס'איז געווען אַ געפאַר, זי זאָל בלייבן אַ בעל־מום. און ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען געקאָנט געוואויר ווערן, צי זי וועט בלייבן אַ בעל־מום, צי ניט. דערווייל איז זי צוגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל. אַזוי ווי די מעשה איז פאַר־געקומען מיטוואָך אין אָוונט, און גיין מיט אַ וויזיט צו איר, האָט מען ערשט געקאָנט גיין שבת, האָבן זיי אַליין, די לייט מיינע, ביז שבת ניט געקאָנט וויסן ווי ס'האַלט דאָרטן מיט איר.

אָט די אינפאָרמאַציע האָב איך באַקומען דורך מיין ברו־דער, ווייל איך אַליין האָב גלייך געמאַכט פליטה, הגם איך בין דאָ גאָט די נשמה שולדיק געווען. איך האָב אַלצדינג איבער־געגעבן מיין ברודער, ער זאָל דערציילן דאָרטן ווי אַזוי דאָס אומגליק האָט געטראָפן.

איך האָב אַליין פאַרגעלייגט מיין ברודער, ער זאָל צוגיין אַהינצו געוואויר ווערן וואָס „דאָרטן" טוט זיך. חוץ דעם האָב איך געוואָלט וויסן, צי קאָן איך זיך ווייזן דאָרטן. ווייל אויב מ'האָט זיך געקאָנט מיט מיר בלוטיק אָפּרעכענען פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט, האָב איך זיך משער געווען, אַז זיי וועלן מיך ניט אַרויסלאָזן קיין לעבעדיקן פון זייערע הענט. כאָטש איך בין דאָ אינגאַנצן ניט שולדיק געווען און נאָך דער תשובה, וואָס איך האָב דורכן ברודער געקריגן, האָב איך איינגעזען, אַז גוט האָב איך גע־טאָן, וואָס איך האָב אים געשיקט אַלס מרגל געוואויר ווערן וואָס דאָרטן טוט זיך. ווייל נאָך דעם אַלעם, וואָס מיין ברודער האָט

דאָרטן איבערגעגעבן ווי אַזוי די גאַנצע מעשה האָט פּאַסירט, האָט ערשט די באַלעבאָסטיטשקע געזאָגט, אַז דאָס האַרץ האָט איר די גאַנצע צייט געזאָגט, אַז איך וועל ברענגען עפּעס אַן אומגליק אויף איר הויז. און נאָך אָט דער תשובה, וואָס מיין ברודער האָט איי־בערגעגעבן, האָט ער מיר אַליין געראָטן איך זאָל זיך אַהין ניט ווייזן, ביז וואַנעט ס'וועט ניט קלאָר ווערן ווי ס'האָלט דאָרטן מיט דער מויד...

מיין שוועגערין איז אפילו זייער ניט צופרידן געווען מיט דעם גאַנצן עסק. אַזוי ווי אָבער ס'האָט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן אַ פּאָר טעג (און דער עיקרשט אַ פּאָר נעכט, וואָס זי האָט אַזוי מורא געהאַט איך זאָל איר ניט פאַרלייזיקן די שטוב), האָט זי אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און געשוויגן. און וויסנדיק ווי גערן זי איז מיך אין שטוב צו האָבן, האָב איך קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן ביז וואַנעט עמעצער וועט מיר צוברענ־גען די ידיעות פון שפּיטאָל, און שבת בין איך אַליין אַוועק אַהינצו.

ס'איז אפילו געווען אַ ריזיקאַלישע אונטערנעמונג, וויסנדיק, אַז איך וועל זיך דאָרטן טרעפן מיט די לייט מיט מיינע. אין קיין אַנדער צייט האָב איך דאָך ניט געקאָנט קומען. און אפילו ווען יאָ, וואָלט איך זיך פון איר אַליין, פון דער געליטענער, גע־קאָנט ריכטן אויף אַ פאַהיבעל.

און דאָך... איך האָב סיי־ווי ניט געהאַט וואוהין צו גיין, האָב איך מיך נאָך צוועלף אַזייגער אַרויסגעלאָזט אין גאַס, און זיך געלאָזט גיין מיט דער ריכטונג, וואָס האָט צום שפּיטאָל געפירט, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער מאַלדאַוואַנקע, אויף דער „שפּיטאָלנער" גאַס. אַריין אין מלכותדיקן הויף, האָב איך מיך דאָרטן גענומען אַרומשפּאַצירן אויף די אַלייעס, וואָס האָבן זיך געשניטן צווישן ביימער, קוסטעס און נידעריק־געשוירן גראָז.

איך בין ניט געווען דער איינציקער דאָרטן. צענדליקער און צענדליקער מענטשן האָבן זיך דאָרטן אַרומגעדרייט, און אַזוי פיל, צי נאָך מערער, זיינען געזעסן אויף די בענק, וואָס זיינען דאָ און דאָרטן אונטער ביימער געשטאַנען אויסגעשטעלט. און סיי צווישן די שפּאַצירנדיקע און סיי צווישן די זיצנדיקע,

האָבן זיך דורכגעוואָרפן חולאים אין לאַנגע כאַלאַטן און אין קאָל־פּאַקלעך אויף די קעפּ, וואָס האָבן זיי געמאַכט אויסצוקוקן ווי אַרעסטאַנטן.

אַט די קראַנקע זיינען שוין, קאָנטיק, אַרויסגעקראָכן פון זייערע קראַנקהייטן, אָבער נאָך ניט גענוג געזונט זיי זאָלן קאָנען דעם שפּיטאָל פאַרלאָזן. איך האָב אפילו אַ פּאָר פּאָרלעך געזען געאָרעמט. דאָ איז דאָס געווען אַ קראַנקער מאַן מיט אַ „גע־זונטער" ווייב, וואָס איז אים געקומען מבקר חולה זיין, און דאָרטן איז דאָס געווען אַ קראַנק ווייבל (אפשר פון אַ קינפּעט), צו וועלכער דער מאַן איז געקומען געוואויר ווערן. איך האָב אויך געזען אַ פּאָר זייעריקע, וואָס זיינען געגאַנגען אָנגעלענט אויף שטעקנס, און איינעם, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט קוליעס, כאָטש געגאַנגען איז ער גלייך. איך האָב געהאָט דעם איינדרוק, אַז די קוליעס גייען מיט אים, ניט ער מיט זיי...

גאַנץ באַזונדער האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אַ יונג פּאָרל. אַ בחורל, זיכער נאָך ניט קיין „איבערגעשטאַנענער" און אַ מיידל מיט אַן אַרומגעמאָטעטן פוס, וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטן. זי איז געגאַנגען אויף צוויי קוליעס, פרישע, נייע קוליעס, פון וועלכע ס'האָט אַראָפּגעגלאַנצט דער לאַק. ביידע זיינען געגאַנגען און גערעדט געמיטלעך און האַרציק. וואָס זיי האָבן זיך אָנגעקערט, האָב איך ניט געקאָנט וויסן. מעגלעך, אַ „שיינע" מיט אַ „שיינעם", מעגלעך אַ שוועסטער מיט אַ ברו־דער. סיי־ווי, וואָס זיי זאָלן זיך דאָרטן ניט האָבן אָנגעקערט, האָב איך פאַר זיך אין דעם מאָמענט ניט געזען קיין גרעסער גליק, ווי ווען, אַ שטייגער, איך וואָלט אַט אַזוי־אָ געקאָנט אַרומ־שפּאַצירן מיטן באַלעבאָס' טעכטערל. יאָ, טאַקע אַזוי, ווייל אויף קיין אַנדער אופן האָב איך אויף אַזעלכעס קיין אַרויסקוק ניט געקאָנט האָבן. און ווייל איך האָב דאָ אַרומעט, ס'הייסט אין פאַל זי וועט בלייבן אַ קריפּל, אַזאַ אויסקוק שוין יאָ געקאָנט האָבן, האָב איך ערשט דאָ דערפילט די אמתע ליבע צו איר...

פאַרבייגייענדיק האָב איך אַריינגעוואָרפן אַ קוק אין איין טיר און אין אַ צווייטער, וואָס האָט מיט מראַמאָרנע טרעפּ גע־פירט אין די פּאַלאַטעס, וואו די פאַרשיידענע חולאים האָבן

זיך געפונען. דאָ און דאָרט געזען „עולים ויורדים״, מענטשן, וואָס זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. און דאָ האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך ווייס אפילו ניט וואו, אין וועלכער אָפּטיילונג, זי געפינט זיך, אַזוי, אַז ווען אפילו איך וואָלט באַשלאָסן אַרייַנצוגיין צו איר, וואָלט איך אויך ניט געוואוסט וואוהין. דאָך האָב מיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן ערשטן גאָרן, און דערזען דעם לאַנגן קאָרידאָר, ווי אַ געסעלע די לענג, מיט טירן אָפענע, מיט טירן פאַרמאַכטע פון ביידע זייטן, דורך וועלכע איך האָב געזען (דורך די אָפענע טירן) בעטלעך שטיין, און אַרום יעדן בעטל אַ קופּקעלע מענטשן, האָט מיר שרעקלעך אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ מיינס, מורא האָבנדיק, אַז איך זאָל מיר דאָ, צי דאָרטן, ניט אָנטרעפן מיט די לייט מיט מיינע, און כאָטש איך האָב אַזוי מורא געהאַט דערפאַר, האָב איך דאָך פאָרגעזעצט דאָס זוכן זי און נישטערן. און געזען אַז איך זע זי ניט און זע זיי ניט, ניט דאָ און ניט דאָרטן, בין איך אַרויף אויפן צווייטן גאָרן און אויפן צווייטן גאָרן געזען דאָס אייגענע, וואָס אויפן ערשטן: טירן דאָ, טירן דאָרטן, און דאָ ווי דאָרטן געזען ווי עס שלייכן פון איין פּאַלאַטע אין דער צווייטער „באַרימהאַרציקע שוועסטער״ אין ווייסן אָנגעטאָן. און געמאַכט האָט עס אויף מיר דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זייערן עפּעס אַ ווייבערשן יום־טוב געפּראַוועט, ווייל ס׳רוב פון זיי, כמעט אַלע, זיינען געווען אַזעלכע יונגינקע, אַזעלכע פּריישינקע, און דערמיט אַזוי ענלעך איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי איין „גרויסע״ מאַמע וואָלט זיי פון זיך אַרויסגעשאָטן. איך האָב געפּרוּווט אָפּשטעלן איינע און אַ צווייטע און פרעגן ביי איר, אפשר ווייס זי וואו ס׳געפינט זיך איינע אַזעלכע און אַזעלכע, מיט וועלכער ס׳האָט צוריק מיט אַ פּאָר טעג אַזעלכעס און אַזעלכעס געטראָפן. נאָר גיי כאַפּ דעם ווינט אין פעלד. אַז איידער איך האָב באַוויזן דאָס מויל מיינס צו עפענען, איז שוין די יעניקע, ביי וועלכער איך האָב דאָס און יענס געוואָלט פרעגן, פאַרשוואונדן געוואָרן. ערשט ווען איך האָב שוין געפּאַקט איינע, וואָס האָט זיך געלאָזט אויספרעגן ביי איר, וואָס איך האָב געוואָלט, האָט זי מיך ערשט אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם, און זיך אָפּגערופן צו מיר:

— ניין, ליבינקער, דו וועסט זיך דאָ גאָרנישט דערשלאָגן.

דו מוזט װיסן אין װעלכער אָפּטײלונג און אין װעלכער פּאַלאַטע דײַן באַקאַנטע געפינט זיך.

געזען, אַז די שפּיל איז פֿאַרן טײװל, האָב איך מיך שױן געקליבן דעם שפּיטאָל צו פֿאַרלאָזן. ערשט איך באַגעגען זיך פּנים אל פּנים מיטן שװאָגער מיט אירן, מיט איר שװעסטערס מאַן. ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער באַמערקט מיך ניט, אָבער איך בין גלײך צו צו אים און אים דערצײלט װאָס ס׳איז פֿאָרגעקומען. ער האָט זיך צעשמײכלט און געפֿרעגט, צי בין איך איר געקומען געװאויר װערן. מיר האָט זיך אפילו געװאָלט אים אָפּטאָקן אַ ליגן, אַז געקומען בין איך צו מײן שװעגערין, אָט צו יענער, װאָס האָט דאָס טויטע פּאָרל געהאַט, אָבער איך האָב מיך באַצײטנס געכאַפּט, אַז דאָס װעט מיר קײן נוצן ניט ברענגען. סײַװי האָט ער מיר דאָ גלײך געהײסן, איך זאָל אים נאָכגײן. און אַרויף מיט אים אויפֿן דריטן גאָרן, האָט ער מיך אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט און אַרײַנגעפֿירט אין אײנע פֿון די פּאַלאַטעס, װאו עס זײנען, װי אין אַלע פּאַלאַטעס, אין װעלכע איך האָב אַרײַנגעקוקט, געשטאַנען בעטלעך מיט חולאים, און אַרום די בעטלעך און אַרום די חולאים גרופּקעלעך מענטשן, װאָס זײנען זײ געקומען מבקר חולה זײן. און צװישן זײ דערזען אַ באַקאַנטע גרופּקע מענטשן אַרום אַ בעטל, פֿון װעלכן ס׳האָט אַרויסגעקוקט אַ באַקאַנט פּנים, מיט אַ געדיכטן צעשױבערטן שװאַרצן קאָפּ האָר. איך האָב זיך גלײך געגעבן אַ צי אַװעק אויף צוריק און שטײן געבליבן, לאָזנדיק דעם שװאָגער אירן אַלײן אָן מיר צו גײן צו איר. און נאָך אײדער ער איז צו צו איר, האָט דאָס באַקאַנטע פּנים מיטן קאָפּ זיך געגעבן אַ הױב אַרויס פֿון קישן מיט אַ װילדן אויסגעשרײ:

— אָט איז ער דער קאָלדון (כישוף־מאַכער), אָט איז ער!

און איך האָב גלײך געכאַפּט די פּיס אויף די פּלײצעס און אָפּגעצויגן.

*
**

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מיין ברודער געקריגן צוגע־שיקט מיט אַ ספּעציעלן שליח אַ קוויטעלע, איך זאָל זיך ניט דערוועגן צו ווייזן זיך אויף זייער שוועל, אַז ניט, וועט מען מער אָפּשלאָגן די כריפּעס מיינע, און דערביי, איז צו דעם קוויטעלע, געווען צוגעלייגט די „אוסלאָוויע", וואָס דער באַלעבאָס האָט געשריבן מיט מיין ברודער, און דער פּאַס מיינער. און וואָס שייך דעם אַטעסטאַט, וואָס אַן אים וואָלט מיך קיינער ניט צו־גענומען צו דער אַרבעט, איז דאָרטן אין בריוועלע געווען גע־שריבן, אַז דאָס וועט מיר ווערן צוגעשיקט אַזוי גיך ווי מעגלעך. און אַפילו מיין ברודער איז אין קוויטעלע געבעטן געוואָרן זיך ניט צו ווייזן אויף זייערע אויגן.

איך וואָלט שוין דאָ געקאָנט זאָגן „תם ונשלם". ווייל אַלץ, וואָס האָט זיך אין פאַרלויף פון די אַנדערהאַלבן יאָר אָפּגעטאָן מיט מיר און אַרום מיר, האָב איך שוין אַלץ אָפּגעזאָגט, בפרט נאָך ווען איך האָב אַזוי פאַרענדיקט, אַז קיין בעסערע ענדע, אונטער די אומשטענדן, וואָלט ניט געקאָנט זיין, אפילו ווען איך וואָלט אַלץ וואָס אין בוך ווערט באַשריבן, אויסגעטראַכט. אָבער אַזוי ווי פיל זייעריקע זיינען גערן צו וויסן וואָס איז פאַרט מיט דעם מיידל געבליבן, צי איז זי פאַרבליבן מיט אַ חסרון, צי איז זי געגעזיגט געוואָרן נאָך אָט דעם פאַל, וועל איך עס טאָן פאַר זייערטוועגן.

אַלזאָ, דאָס מיידל איז אַרויסגעקומען אַן אומבאַשעדיקטע און דאָך ניט דאָס זעלביקע מיידל. אין וואָס איז באַשטאַנען אָט די „ניט זעלביקייט" אירע? עפּעס איז אין איר און אויף איר אַ מאָדנע פאַרענדערונג געקומען. די זעלביקע און דאָך אַן אַנדערע. דאָס האָט זיך מיר גלייך געוואָרפן אין די אויגן אַריין, ווען איך האָב זי אין אייניקע חדשים אַרום אין איינעם אַ שבת בייטאָג גאַנץ אומדערוואַרטעט אָנגעטראָפן אין גאַס. זי האָט זיך עפּעס ווי אַן עלטער געגעבן אויף אַ צענדליק יאָרן.

היינט די אויגן אירע. אַזעלכע אויגן קאָן מען אַמאָל באַ־מערקן ביי איינער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן קינפּעט, צי גאָר ביי איינעם אַ מענטשן, אַזעלכן, וואָס טראָגט זיך אַרום

מיט אַ כראָנישער קראַנקהייט, וואָס קיין געפאַר פאַרן לעבן שטעקט ניט אין דער קרענק, אָבער געזונט איז ער ניט.

איך האָב זי פון ערשטן אויגן־בליק ניט דערקענט. ס׳הייסט, דערקאָנט האָב איך זי יאָ, נאָר אויפן אָרט זיך ניט געקאָנט כאַפּן, וועמען איך האָב אין איר דערקאָנט, און זי האָט, זעט אויס, אויפגעכאַפּט אין מיר אָט דעם מאָמענט, ווייל אַזוי גלייך, ווי זי האָט מיך געגעבן אַ שטעל אָפּ, האָט זי ביי מיר אַ פרעג געטאָן:

— וואָסי, דו דערקאָנסט מיך ניט?

און סיי אין דער פראַגע און אויך אין דעם טאָן, ווי די פראַגע איז פון מיר געשטעלט געוואָרן, האָט זיך געפילט די ירידה אירע. איך האָב געהאַט אויף איר רחמנות, און איינצייטיק דערפילט אַ שטיק נקמה אין איר, אָט פונקט ווי דאָס קאָן פילן אַן אָרעמאַן צו אַ גביר אַ יורד, צו וועלכן ער איז אַמאָל געקומען בעטן אַ גמילת חסד און יענער האָט אים גראָב אָפּגעזאָגט; אָבער איינצייטיק האָט ער מיט אים מיטלייד אויך...

מיר זיינען געשטאַנען אַ ווײַלע און זיך אָנגעקוקט. ביז זי האָט מיר געהאַט וואָס צו זאָגן און ניט איך — איר. אָבער ס׳איז אויף איר געווען צו דערקאָנען, אַז זי וואָלט געוואָלט עפּעס הערן פון מיר, און איך בין צולעצט אַרויסגעפאָרן מיט פאָלגנדיקער פראַגע:

— איר האָט שוין אַן אַנדער לערן־יונג?

און זי איז גלייך אַרויסגעקומען מיט אַ קאָנטער־פראַגע:

— דו אַרבעטסט? — און גלייך נאָכדעם: — ביי וועמען אַרבעטסטו?...

איך האָב איר אָנגערופן דעם נאָמען פון אַ טאָקער, ביי וועמען איך אַרבעט. זי האָט אַ בלינצל געטאָן מיטן פרעמדן בלינצל אין אירע אויגן און האָמעטנע אַ פרעג געגעבן:

— בעטקא?...

— יאָ, דאָרטן איז דאָ אַזאַ מיידעלע, וואָס הייסט בעטקא.

זי האָט אַ דריי געטאָן מיטן שירמל, וואָס זי האָט געהאַלטן איבערן קאָפּ, הגם דאָס איז שוין ניט נויטיק געווען, ווייל די זון

האָט שוין מער געליכטיקט ווי געוואַרעמט. דערנאָך האָב איך אַ פרעג געטאָן ביי איר:

— איר געדענקט אליהן? אליהן, וואָס האָט געאַרבעט ביי אייך.

— אַרבעט ער דאָרטן?

— ניין... ניט דאָרטן... איך ווייס ניט וואו ער אַרבעט... איך ווייס נאָר, אַז ער „אוכאַזשעוועט“ נאָך אָט דער בעטקא. אָבער די בעטקא איז צו מיר אויכעט גוט... זי הייסט מיר איך זאָל אַלעמאָל מיט איר ריידן רוסיש, ווען איך רייד צו איר, וועט זי מיר ענטפערן רוסיש, וועל איך זיך אויסלערנען רוסיש ריידן... און זי האָט געזאָגט, אַז צו ווינטער צו וועט זי מיך מיט נאָך עטלע־כע פון אונדזער „רעמעסלאָ“, נעמען לערנען רוסיש... זעט איר און אייך איז ניט אָנגעשטאַנען צו ריידן רוסיש...

אַ שמוכעלע פון פאַרוווירטקייט און פון אומבאַהאָלפנקייט האָט בליציק אַ שוועב געטאָן אין דער לינקער זייט פון איר מויל. און פאַרוואָרפן דאָס אָפענע שירעמל אויפן אַקסל, און דאָס אַ דריי געטאָן, איז זי מיר אַרויסגעשפרונגען מיט צוויי פראַגעס, וואָס איז געווען איינע, און די איינע האָב איך אויך ניט פאַר־שטאַנען.

— האָסט דען געוואָלט?... דו האָסט דען געוואָלט? — און נאָך אַ קורצן איבעררייס צוגעגעבן: — ווען דו וואָלסט מיר געוווען זאָגן, אַז דו ווילסט!...

וואָס, ווער, ווען? איז דאָס געווען אַן ענטפער אויף מיין פאַרוואורף, וואָס זי האָט מיט מיר קיין רוסיש קיינמאָל ניט געוואָלט ריידן, צי איז דאָס געווען אַן אָנדייטונג אויף עפּעס אַנ־דערש... אָבער דאָס גלויבט זיך מיר ניט... אמת, ס׳איז טאַקע געקומען אַ גרויסע פאַרענדערונג אויף איר. זי האָט אויסגעקוקט ווי איינע וואָס האָט איבערגעלעבט אַ שווערן קימפּעט וואָס כאָטש אַלץ איז אַריבער בשלום, אָבער די פאַרענדערונג איז פאַרבליבן... יאָ, אָבער אַז זי זאָל זיך אַזוי ווייט שוין האָבן געפילט געפאַלן, אַז איר זאָל באַנג טאָן וואָס... וואָס דאָ האָט יאָ געקאָנט מעג־לעך זיין איז יענער סענטימענט וואָס קאָן זיך דערוועקן ביי אַ פרוי ווען זי טרעפט זיך צופעליק אָן מיט אַ באַקאַנטן וואָס געדענקט

זי פון יענע יאָרן, ווען זי האָט זיך געפונען אין איר פולער יוגנטלעכער גלאַנץ... אין אַזאַ פאַל איז מעגלעך, אַז זי זאָל צו אַזעלכן אַפילו ווען זי האָט צו אים אין יענע צייטן קיין אינטערעס ניט געהאַט, זאָל זי דאָך דערפילן אַן אינטערעס צו אים, אָט טאַקע דערפאַר ווייל ער געדענקט זי פון יענע גוטע צייטן...

יאָ, מעגלעך, אַז אויף אַזוי ווייט האָט זיך ביי איר דערוועקט אַ געפיל צו מיר. אָבער זעענדיק ווי איך האַלט מיך אַזוי רואיק, האָט זי מיך געגעבן אַ מעסט אָפּ מיט אַ קוק פול מיט האַס און שנאה, און אַ וואָרף געגעבן אַ „דאָסווידאַניע", האָט זי זיך געלאָזט אַוועקגיין, און איך האָב נאָכגעשריגן:

— דאָסווידאַניע מילאָיע סאָזדאַניע, צעלאָוואַטסאַ ניעקאָגדאַ!...

אויב ס'געדענקט ווער, האָט זי מיך געהאַט מיט די ווערטער אַרויסבאַגלייט, ווען זי האָט מיך אין איינער אַ ווינטערדיקער נאַכט, געשיקט מיט אַ בריוועלע צום „שיינעם" צו אירן. איך האָב זיי דאָרטן, אָט די ווערטער איבערגעגעבן אין יידיש, וואָס זיי באַדייטן. נאָר פאַר די יעניקע, וואָס האָבן שוין דעם טייטש פאַרגעסן, וועל איך עס דאָ נאָכאַמאָל פאַרטייטשן. דאָס מיינט: „צום ווידערזען, ליב באַשעפעניש, קושן זיך איז קיין צייט ניטאָ".

צי איז ביי מיר אַזאַ באַגער געווען אין דעם מאָמענט?

אָ, ניין, מיין ליבע צו איר איז שוין געווען טויט...